# לייענט דעם פערטן נומער
# „סאָוועטיש היימלאַנד"

■

דער נומער וועט זיך עפענען מיט מאַטעריאַלן, געווידמעט וו. אי. לענינען, פון א. לונאַטשאַרסקי און ב. יאַקאָוולעוו.

■

**אין דעם פּראָזע־אָפּטייל** ווערט געדרוקט די פאָרזעצונג פון אירמע דרוקערס ראָמאַן „קלעזמער", א גרעסערע דערציילונג וועגן פּאַרטיזאַנען־קאַמף „סאַסנעס און יאַדלעס" פון יוסף ראַבין, דערציילונגען פון מייער יעלין און יעשיָע אורבאַס (קאַנאַדע).

■

אין צוזאַמענהאַנג **מיטן יאָרטאָג פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ** טרעטן ארויס אין זשורנאַל מיט לידער די יידישע דיכטער פון פּוילן קאַלמען סעגאַל, דאַוויד ספּאַרד און מוישע שקליאַר.

■

**אינעם אָפּטייל פון פּאָעזיע** איז פאַרגעשטעלט מיט א פּאָעמע „דער טורעם פון באָוול" הירש אָשעראָוויטש, מיט לידער — מענדל ליפשיץ, שלוימע טשערניאַווסקי און דער קאַנאַדער דיכטער שאָלעם שטערן.

■

**צו שאָלעם־אַליינכעמס 50־טן יאָרצײַט** ווערן פאַרעפנטלעכט שאָלעם־אַליינכעמס בריוו צו דאַוויד מאַגידן. פּובליקאַציע פון הילעל אַלעקסאַנדראָוו.

■

**אין די אָפּטיילן „ליטעראַטור און קונסט", „שעפערישע לאַבאָראַטאָריע"**, „זיכרוינעס" ווערן געדרוקט אַרטיקלען, עסייען, מיטיילונגען.

# סאָוועטיש היימלאַנד

3

## צו דער פאַרטיי

דעם XXIII צוזאַמענפאָר
פון קפסס געווידמעט

אָט די פֿליגל פון די לײַנערס
אינעם הימל אונדזער קלאָרן,
אָט דער בוים באַם פענצטער מײַנעם,
וואָס איז מײַנער איצט געוואָרן,
אָט דאָס פעלד מיט די קאָמבײַנען
און פון נאַפט די טיפע קוואַלן,
פון לעוואָנע די סיגנאַלן —
דאָס איז זיסער מיר פון ווײַנען.
אַלע וואָלקנס האָסט צעריסן
און צעזייט מײַן ווינד־און־ווײ,
גלייב איך בלויז די קאָמוניסטן,
לענינס וווּנדער — דער פאַרטיי!

מאָטל גרוביאַן

מאַרט
1966

# אינהאַלט



## טריבונע פון לעבן



## ליטעראַטור און קונסט




„סאָוועטיש היימלאַנד“
ליטעראַריש־קינסטלערישער
כוידעש־זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַר־באַנד פון פססר

מאָסקווע


---

**70־טער געבורטסטאָג**
**פון מוישע קולבאַק**



## מוישע קולבאַק

# בויטרע

דראמאַטישע פּאָעמע
אין זעקס בילדער

### אַנטיילנעמער:

ארן־וואָלף — פּאַרנעס־כוידעש.
ביילע — זײַן ווײַב.
סטערע — זײַן טאָכטער, ביילעס שטיפטאָכטער.
מאָהילנער ראָוו.
יאָסעלע, זײַן זון.
ראָוו.
ערשטער דײַען.
צווייטער דײַען.
הילע מאַלווע — גאַבע פון קעהילע.
קאַלמען גיטעלעס — גאַבע פון קעהילע.
זימל שרײַבער.
כאַנטשע קאַט — לאַווטשי פון קעהילע.
בויטרע.
לעמעלע פּוט.
מעלקע.
מײַירים מארשאַלעק.
יעקל מיטן פידל.
ניסן מיטן פלייט.
שעוועך מיטן פּויק.
בערל מיטן באַס.
הויכער קרעטשמער.
קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ.
יישוּווניק אין ווינטערדיקן פּעלץ.
געלער קרעטשמער.
אַלטער יישוּווניק מיטן ציגענעם בערדל.
יישוּווניק מיטן הייזעריקן קאָל.
ערשטע ייִדענע.
צווייטע ייִדענע.
יונגער מעכוטן מיטן זײַדענעם טיכל.
מעכוטן מוישע־כאַיִם.
ראַכמיִעל באַלעגאָלע.
באַוואַקסענער אָרעמאַן.
אָרעמאַן מיט דער פאַרבונדענער באַק.
ייִדענע אין צירונג.
יאַנקל דער שוסטער.
א ייִד, אײַנגעריכט אין סאַזשע.
א קליין יישוּווניקל.
אַסעסער.
קליוטשוואָיט.
יישוּווניקעס, בעקער־יונגען, מעכוטאָנים, אָרעמעלײַט.

---

מוישע קולבאַקס דראַמע „בויטרע“ איז געווען געדרוקט און מיט גרויס דערפאָלג אופגעפירט אף דער בינע אין דער צווייטער העלפט פון די 30־ער יאָרן, קורץ פאַר דעם טראַגישן אומקום פונעם שרײַבער אין די צײַטן פונעם פערזאָנען־קולט.

פאַר די דרײַ צענדליק פאַרגאַנגענע יאָרן האָט „בויטרע“ אויסגעהאַלטן דעם אויספּרוּוו פון דער צײַט, און מיר האָפן, אַז אונדזער לייענער וועט זײַן צופרידן, וואָס הײַנט, ווען מיר גיבן אָפּ קאָוועד דעם ליכטיקן אָנדענק פון דעם גרויסן סאָוועטישן ייִדישן שרײַבער מוישע קולבאַק, אָפּמערקנדיק זײַן 70־טן געבורטסטאָג, לעבן מיר אוף אין זיקאָרן אָט דאָס ווונדערלעכע ווערק זײַנס.

# ערשט בילד

אן אסיפֿע פֿון קאָהאָל באם פּאַרנעס־כּוידעש אין שטוב. א גרויסער צימער מיט א ווענעציאַניש פּענצטער אין הינטערגרונט. א שווערער מעשענער הענגלײַכטער אינמיטן שטוב. בא דער מיזרעך־וואַנט אן אָמעד און אן אָרנקוידעשל. אינמיטן שטוב — א שווערער דעמבענער טיש, בענקלעך, איין טיר פֿון רעכטס, איין טיר — לינקס, א טיר — אין הינטערגרונט צו דער גאַס. בא דער טיר צו דער גאַס — א קופּערנע האַנטפֿאַס.

באם טיש זיצן: דער ראָוו, ערשטער דײַען, צווייטער דײַען, הילע מאַלווע, קאַלמען גיטעלעס, זימל שרײַבער. אף א בענקל אין הינטערגרונט — כאַנטשע קאַט. פֿון דרויסן קוקט אַרײַן אין פּענצטער ראַכמיִעל באַלעגאַלע.

ראַכמיִעל באַלעגאַלע (אין פּענצטער). רעב קאַלמען, איז מיט וועלכן וועג פֿיר איך די אויפֿעס? מיטן שווארצן גאַשטשינעק, צי מיטן קרעווער וואַלד? ס'איז, באָרעך־האַשעם, ביידע ניט זיכער, וואָדען?

קאַלמען גיטעלעס (קוקט אַרײַן אין סייפֿער). נו, פֿאַר שוין, בראָך איינער, פֿאַר שוין! זאָל זײַן מיטן קרעווער וואַלד.

ראַכמיִעל באַלעגאַלע. אין קרעווער וואַלד וואַלגערן זיך אַרום די יִשוווניקעס. די געשרייען פֿון די ווײַבער און קינדער דערגרייכן ביזן הימל. איר הערט, באַלעבאַטים, ווערדליק מע שמועסט, איז עס ערשט אן אָנהייב. מע זאָגט, אז מע וועט, כאָס־וועשאָלעם, ניט איבערלאָזן אין דאָרף קיין איין יִידן אף א רעפֿוּע.

קאַלמען גיטעלעס. פֿאַר שוין אמאָל, הולטײַ! א פּוילִיאַק דאַרף מען נאָר שיקן נאָך דעם מאַלעך־האַמאָוועס. (ראַכמיִעל אָפּ.)

ערשטער דײַען. גזיירעס ראָעס!

ראָוו. און ווו איז ער, רעב אָרן־וואָלף?

זימל שרײַבער. ער זיצט אָט אָ־דאָ (ווײַזט אָן מיט דער גענדזענער פּעדער אף דער טיר) מיטן אסעסער פֿון נאָך האַלבן טאָג.

הילע מאַלווע. שווערע צײַטן. הײַנט סאַראַ יאַקרעס, ניט צוצושטעקן זיך צו א ווערגל האָלץ. דײַען, איר האָט א שמעק טאַבעק?

קאַלמען גיטעלעס. א יִיד זאָל זיך ניט פֿאַרגינען קיין אייגענעם שמעק טאַבעק. סע קערט שוין, בענעמאָנעס, צו דער גאַל, רעב הילע.

הילע מאַלווע. איר, רעב קאַלמען, אז איר קרימט זיך אף דער גאַנצער וועלט, איז בעסער?

קאַלמען גיטעלעס (קרימט אים נאָך). וועלט־שמעלט! א גרויסער כאָכעם!

ראָוו. נו, וואָס איז מיט דעם אויסשטײַער פֿאַר רעב אָרן־וואָלפֿס בסולע, טאָקע ניטאָ? באַפֿאַלן די פּורן און צעגאַזלט? און וועמען איז מען כוישעד, טאָקע די יִשוווניקעס?

צווייטער דײַען. מע זאָגט, אז דאָס טוען די יִשוווניקעס פֿון וועגן דעם אַגמעס־נעפֿעש, פֿון הונגער און נויט, אָבער עס איז אויך פֿאַראַן א סוואָרע, אז דאָס איז דער גאַזלען בויטרע, ראַכ־מאָנע ליצלאָן, וואָס וויל זיך איצטער נויקעם זײַן אָן קאָהאָל.

ראָוו. בויטרע? דער גאַזלען? איז ער טאַקע א בען־יִיסראָעל?

צווייטער דײַען. באַאווינוויסיינו האַראַבים! אן אַנטלאָפֿענער סאָלדאַט. און ווערדליק מע שמועסט, איז ער גאָר, ראַכמאָנע ליצלאָן, א בען־טוווים אויך, שיר ניט דעם ווילנער גאָענס אייניקל, אן אילוי פֿון וואָלאָזשין.

קאַלמען גיטעלעס (הייבט אוף דעם קאָפּ פֿון סייפֿער). וואָס ווילט איר האָבן, דײַען? גאָען־שמאָען! ס'איז דאָך אונדזער יִיסראָעל דעם באַלעגאָלעס בען. פֿאַרצווייי אָרן אָפּגעגעבן אים אין נאַבאָר. אָט זיצט ער, כאַנטשע, געהאַט פֿון אים געבערענטע צאָרעס, עטלעכע מאָל געדאַרפֿט אים כאַפּן.

כאַנטשע קאַט. ווער? אָט דער? א טרייפֿענער בייך.

קאַלמען גיטעלעס (שטיל צום בעסדן און צו הילע גאַבע). מע קומט און מע זעצט זיך דאָ אוועק אף דער אסיפֿע, ווי די גוילאָמים. רייד, אז ס'איז ניטאָ צו וועמען! קאָהאָל באַדאַרף זיך ניט מישן. איר וועט זען, ס'וועט זיך אויסלאָזן ניט גוט. אָרן־וואָלף איז דעמלט באַשטאַנען, מע זאָל אים אָפּגעבן. איך — ניט! וואָס איז ווער שולדיק!

ראָוו. אזוי?

קאַלמען גיטעלעס. מאָלט אײַך, אז ס'איז געווען א יִינגל א גאַזלען נאָך פֿון דער מאַמעס בויך. (קוקט זיך אַרום.) און דאָס מיידל אָרן־וואָלפֿס, סטערקעלע... (רעדט שטיל.)

ערשטער דײַען. אזוי!

ק א ל מ ע ן  ג י ט ע ל ע ס. וואָס האָט איר געמיינט, באַ אַ פּאַרנעס־כּוידעש ווערט גלאַט אַזוי פּאַרזעסן אַ טאָכטער?.. אַז דאָס געהערט ניט צו קאָהאָל. לעמיי זאָל מען אַרײַנשלעפּן אַ גאַנצע איידע ייִדן אין אַן אומגליק, ווען אַרן־וואָלף האָט זיך דאָרטן זײַנע אייגענע געשעפטן? מע קאָן דאָך שוין ניט אַרויספירן קיין ביסל סכוירע פון שטאָט! אַדעראַבע, קאָהאָל דאַרף אויסקלעפּן אַ מוידאָע אַף די באָטעמעדראָשים, אַז בעכיין, קאָהאָל מישט זיך ניט אין די סיכסוכים, וואָס קומען פאַר אין שטאָט, און ייִדן סאָכרים דאַרפן ניט לײַדן מיט זייער סכוירע פאַר די אַוולעס, וואָס עס איז באַגאַנגען איין מענטש, זאָל זײַן אַפילע רעב אַרן־וואָלף.

אינעם צווייטן צימער הייבט אָן זינגען אַ פּרויען־שטים. זי זינגט אַ פּויליש לידל.

ק א ל מ ע ן  ג י ט ע ל ע ס. דאָס איז זי, סטערקע. (ראָוו און די דאַיאָנים פאַרשטעקן זיך די אויערן.)

ר אָ ו. קאָל בעיִשע... עס איז ניט רעכט... ניט רעכט...

ק א ל מ ע ן  ג י ט ע ל ע ס. נעמט זי מיט אין הויף. דאָרטן — מיט די פּריצטעס. קאָל דאָוער אָסער. (דאָס געזאַנג הערט אויף.)

ה י ל ע  מ א ל ו ע. אָט ווייס איך וואָס... און די ייִשוווניקעס, קאַלמען? מע זאָגט דאָך, אַז די ייִשוווניקעס ראַבעווען דאָס?

ק א ל מ ע ן  ג י ט ע ל ע ס. און איר, הילע, מיינט, אויב איר זײַט אַ מאַלווע, איר פירט ניט קיין סכוירע, זײַט איר שוין פּאָטער פון אַלץ? וואַרט, מע וועט זיך נאָך נעמען צו אײַערע סטאַרישקעס אויך און צו אײַערע מאַשקאָנעס אויך!

ה י ל ע  מ א ל ו ע. רעב קאַלמען, שטאָט ווייסט, אַז מע האָט אים אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן אויך צוליב אײַערער אַ גאַנדז. אָט זעט איר, איך בין גאָרניט שולדיק, וואָרעם וואָס טו איך וועמען?

עס עפנט זיך די טיר פון לינקס, עס קומט אַרויס דער א ס ע ס ע ר, נאָך אים רעב א ר ן־ו ו אָ ל ף, קושט דעם אַסעסער די הענט. אַלע שטייען אויף, נעמען אַראָפּ די שטרײַמלעך פון איבער די יאַרמעלקעס, בוקן זיך.

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. דזשענקויע יאַסנע וועלמאָזשנע פּאַניע דאָבראָדזשייע... דזשענקויע פּאַניע!

א ס ע ס ע ר. דאָברא, וואָלפּקאַ, דאָבראַ! (צו הילע גאַבע.) הילקאַ, ווען וועסטו שוין אַמאָל אָנטאָן אַ נײַע קאַפּאָטע? מע זעט דאָך באַ דיר אַלץ אַרויס.

ה י ל ע  מ א ל ו ע. באַ מיר איז אונטער דער קאַפּאָטע גאָרנישט ניטאָ, פּאַניע דאָבראָדזשייע. מע איז, באָרעך־האַשעם, מאָגער ווי אַ הונט.

א ס ע ס ע ר. כאַ־כאַ־כאַ... און ווו האַלטסטו דאָס געלט, הילקאַ? מע זאָגט, אַז דו האַלטסט עס אין אַ בײַטל באַ זיך אַפן האַרצן. ס'איז עמעס?

ה י ל ע  מ א ל ו ע. אַ ליגן, פּאַניע דאָבראָדזשייע, אַ ליגן! איך האָב ניט קיין גראָשן באַם לײַב־און־לעבן. דער דאַלעס איז שוין דערגאַנגען ביז אָט אַהער.

א ס ע ס ע ר. נו, סמאָטרי! דאָבראַ, זשידקי, דאָבראַ.

א ל ע. דזשענקויע וואַצפּאַניע דאָבראָדזשייע, פּאַניע אַסעסאָזשע!

א ס ע ס ע ר אָפּ. רעב א ר ן־ו ו אָ ל ף גייט צו צום טיש, פאַרנעמט מיט כשיוועס דאָס אָרט פון פּאַרנעס־כּוידעש.

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. באַ אַרן־וואָלפן נעמט מען ניט! באַ אַרן־וואָלפן כאַפּט מען ניט! ס'איז נאָך פאַראַן אַן אויבערהאַר בעיִסראָעל. נאָר דאָס, וואָס אַ ייִדישע טאָכטער וועט איצטער דאַרפן גיין צו דער כופּע ניט ווי עס פּאַסט פאַר אַ באַס־טוווים (איראָניש), בין איך עס מיסטאָמע ווערט. איך באַשטיי, קאָהאָל זאָל כאַסמענען, אַז די אַרויסגעטריבענע ייִשוווניקעס פון די דערפער ווערן ניט אַרײַנגעלאָזן אין שטאָט. די הולטײַעס, אַז זיי זײַנען געבליבן אָן אַ היים, האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם אָל פון ייִדישקײַט, און זיי פאַרנעמען זיך גאָר מיט גנייווע און מיט גזילע. מע הולטײַעוועט און מע שיקערט. כוץ־לאָזע, טראָגן זיי אָן פאַרשיידענע שלאַפּקײַטן, היץ־קרענק, סקאַרלאַנטינע, ראַכמאָנע ליצלאָן, מיט וואָס זיי זײַנען געשטראָפט געוואָרן פון גאָט. בלײַבט עס אַזוי. און מיקויעך דעם בויטרע וועט קאָהאָל אויך ניט שווײַגן. כאָנטשע, דער אַסעסער וועט דיר מיטגעבן דעם קליוטשוואָיט, וועט איר זיך לאָזן אין דער אומגעגנט, פון ייִשעוו צו ייִשעוו, דערקונדיקן זיך וועגן אים: ווער איז ער? ווו געפינט ער זיך? מע זאָגט, ער זיצט ערגעץ אין אַ סמאָליאַרניע. קאָהאָל וועט ניט פאַרטראָגן קיין טקיפעס פון גראָבע־יונגען. און לעמאַן ייִרו: די כאַסענע פון אַרן־וואָלף דעם פּאַרנעס־כּוידעשעס טאָכטער ווערט ניט אָפּגעלייגט. די מעכוטאָנים זײַנען שוין, אין אַ גוטער שאָ, אונטערוועגנס. (טוט אַ זיפץ.) צוליב צאָרעס ראַבים אָבער, צוליב די גזיירעס, וואָס ייִדן פאַרלירן זייער מײַמעד, וועט די סימכע געפּראַוועט ווערן ניט קעפּי אַ פּאַרנעס־

כוידעש קאַן, עס וועלן ניט געשטעלט ווערן קיין קויפן בראַנפן אַף די גאַסן, עס וועלן ניט געגריט ווערן קיין טישן פאַר אָרעמעלײַט, קעדיי ניט ארויסצורופן, כאַס־וועשאָלעם, קיין קינע באַ די ביסל ערלעכע יישוווניקעס, וואָס זײַנען אַראָפּגעטריבן געוואָרן פון זייער פּלעק און וואַלגערן זיך, נעבעך, אין די פעלדער און אין די וועלדער. אזוי בלײַבט עס. פרעג איך, צי איז קאָהאָל און בעסדן מאַסקים מיט מײַן דייע?

הילע מאַלווע. קאָהאָל איז מאַסקים.

קאַלמען גיטעלעס. קאָהאָל איז מאַסקים. (שטילערהייט.) מאַסקים־שמאַסקים!

ראַוו (בייגט זיך אײַן צו די דאַיאָנים, ריידן שטיל צווישן זיך). בעסדן האָט זיך מעיאַשעוו געווען און איז מאַסקים מיט דער דייע פון פּאַרנעס־כוידעש.

רעב אַרן־וואָלף. זימל, טראָג אַרײַן אין פּינקעס, אַז קאָהאָל איז מאַסקים מיטן פּאַרנעס־כוידעש. וואָס כאַלעמסטו? ביסט ניט אויסגעשלאָפן? דאָס גאַנצע פּאָנעם איז דאָך באַ דיר אין טינט.

זימל שרײַבער. שלעכטע טינט, סע פּאַטשקעט.

הילע מאַלווע (נעמט ארויס אַ פלעשעלע). גיב מיר אַ קאַפּעלע טינט, זימל.

רעב אַרן־וואָלף. וואָס נאָך פאַרא איניאָנים האָט קאָהאָל?

זימל שרײַבער. בעקער־יונגען זײַנען געקומען מיט אַ הישטאַדלעס צו קאָהאָל, אַז זיי ווילן מאַכן אַ כעוורע. זיי ווילן ניט, זאָגן זיי, מע זאָל זיי פאַררעכענען צו די שלעפּער און אָפּגעבן אין רעקרוטן.

רעב אַרן־וואָלף. בעקער־יונגען — אַ כעוורע? דאָס איז ניט קיין מעלאָכע. אַלע ווײַבער קאָנען דאָס. ווי איז די דייע פון קאָהאָל?

הילע מאַלווע. קאָהאָל איז מאַסקים.

קאַלמען גיטעלעס. קאָהאָל איז מאַסקים.

ראַוו (בייגט זיך אײַן צו די דאַיאָנים, ריידן שטיל צווישן זיך). בעסדן האָט זיך מעיאַשעוו געווען און איז מאַסקים מיט דער דייע פון פּאַרנעס־כוידעש.

זימל שרײַבער. זיי האָבן געזאָגט: בעים זיי וועלן ניט האָבן קיין ברייערע, וועלן זיי לויפן צו בויטרען, אזוי ווי לעמעלע פּוט.

רעב אַרן־וואָלף. וואָס? העפּקער אַ וועלט?

זימל שרײַבער. און נאָך האָבן זיי געזאָגט: דער פּאַרנעס־כוידעש אַרן־וואָלף זאָל זיך ניט מיינען, אַז ער וועט כאַסענע מאַכן זײַן טאָכטער פאַר דעם מאַהילנער ראָווס ייִנגל...

רעב אַרן־וואָלף. טאַרבוס! שלימאַזל! וואָס איז עס פאַר אַ רייד?!

זימל שרײַבער. אזוי האָבן זיי געזאָגט. און אַז איך האָב באַ זיי געפרעגט: פאַרוואָס? האָבן זיי געזאָגט: איר וועט שוין זען פאַרוואָס.

רעב אַרן־וואָלף. כאַנטשע, הײַנט באַנאַכט וועסטו ארויסגיין מיט דעם קליוטשוואָיט אין וועג אַרײַן. דו זאָלסט מיר דערגיין, ווו געפינט ער זיך, דער אויסוווּרף. און אויב דאָס איז כאַימקע ייִסראָעלס דעם באַלעגאָלעס, זאָלסטו מיר אים ברענגען אין קייטן. באַקומסט פּערציק גילדן אין זילבער. כאַנטשע, דו הערסט, וואָס איך רייד? מײַן טאָכטער סטערע איז אַן ערלעכע באַס־ייִסראָעל און זי האָט קיינמאָל דעם כאַימקע אין די אויגן ניט געזען. און אויב דער בויטרע איז עמעצער פון די ארויסגעטריבענע יישוווניקעס, זאָלסטו מיר אים אויך ברענגען אין קייטן. און אין דרײַ טעג ארום, קאַפּהיי[1] סיוון, צום טאָג פון דער כאַסענע, זאָלסטו שוין זײַן דאָ, לעמאַן־האַשעם, זײַן צוריק. גיי! צייל שוין אויך איבער די פורן פלאַקס. זיי דאַרפן באַנאַכט אוועק. זעקס און פּערציק פורן. (כאַנטשע אָפּ.) נו, בעסדן, וואָס וועט איר זאָגן צו אײַערע ייִדן, שיינע מײַסים, וואָס?

ראַוו. דוואָרים שעלוי יאָסו בעייִסראָעל! רעב מוישע דײַען האָט אָבער דאָ געזאָגט, אַז לוי האָ וועלוי האָ: דער גאַזלען בויטרע זאָל גאָר זײַן, ראַכמאָנע ליצלאָן, דעם ווילנער גאָענס אַן אייניקל, אַן אילוי פון וואָלאָזשין.

רעב אַרן־וואָלף. אַן אילוי פון וואָלאָזשין? דעם ווילנער גאָענס אַן אייניקל? עס לייגט זיך אַפן סייכל. פאַרשטייט זיך, אַז אָט דער כאַימקע ייִסראָעלס איז שוין לאַנג אומגעקומען. פון רעקרוטן, באָרעך־האַשעם, אַנטלויפט מען ניט. (פּאַוזע.) רעבע, איר זײַט דאָך דער ערלעכער ייִד און דער בען־טוירע, גיט מיר אָט דאָס צו פאַרשטיין: וויפל ייִדן האָבן פון מיר צום לעבן, וויפל ייִדן לעבן פון מײַן אַליוונע, וויפל בין איך מעפּאַרנעס פון מײַן ברויז, און פון מײַן מיל, און פון מײַנע פלאַקס — פאַרוואָס האָבן מיך מענטשן פײַנט? פאַרוואָס וויל שטאָט דאַפקע זען אַף מיר נעקאָמע? פאַרוואָס, גיט מיר צו פאַרשטיין, רעבע, טרײַבט אַ שטאָט רעכילעס, אַז זי, מײַן סטערע, אַ קאָשערע ייִדישע טאָכטער, האָט געהאַט צו טאָן מיט כאַימקע בויטרע? איכ׳ל אָרעשטעווען! איכ׳ל מאַכן אַ שטאָט פון אַלמאָנעס און יעסוימים! איכ׳ל פאַרשמײַסן ביז בלוט!

---

[1] כ״ה — 25 (25 טעג אין כוידעש סיוון).

ע ר ש ט ע ר  ד י ײַ ע ן. א גאזלעוואַיסטווע!

צ ו ו י י ט ע ר  ד י ײַ ע ן. מאַלע וואָס דאַרטן א נעכוס דארגעו[1] קאָן עפּעס אײַנפאַלן, איז דאַרף זיך דער פּאַרנעס־כוידעש אזוי מעצאַער זײַן?

ק אַ ל מ ע ן  ג י ט ע ל ע ס. אַרן־וואָלף, מײַן סוואָרע איז, אז דו ביסט גערעכט... אָבער זעסטו... קאַהאַל קאָן דאָך ניט... קאַהאַל האָט דאָך... ווי זאָל איך דיר זאָגן... פון קאַהאַל קאָן מען דאָך ניט... איר וועט זען, אז ס׳וועט זיך אויסלאָזן ניט גוט!

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. מאַרעשכוירע! וואָס בעבעסטו, מאַרעשכוירע? איך פאַרשטיי ניט קיין וואָרט. עס איז א צאָרעס ראַבים! גזיירעס אף יידן! און טאָמער איז אמאָל דער בויטרע גאָר ניט כאַימקע ייסראָעלס, האַ? טאָמער איז עס גאָר א היגער סראָרע, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אף יידן? מע זאָגט אומעטום, אז בויטרע איז גאָר א היגער פּאַרעץ, וואָס פּראָוועט מעשוגוענע גענג. עפּשער איז עס זשעליכאָוועצקי? סע לייגט זיך אפן סייכל. ער האָט אנומלטן אָנגעגאָסן בראַנפן אין די קאָרעטעס און אָנגעשיקערט אלע זײַנע אָקסן. ניין, דאָס איז ניט קיין יידישער דערעך. א ייד קאָן ניט זײַן קיין גאזלען. א ייד וואַרפט זיך ניט מיט זײַן האָב־און־גוטס, און דער בויטרע האָדוועט דאָך די יִישוּוניקעס!

ה י ל ע  מ אַ ל ו ו ע. פונוואַנען נעמט איר עס, רעב אַרן־וואָלף, אז א ייד איז עס אזוי לאָהוט נאָך זײַן האָב־און־גוטס?

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. יאָ, איר, הילע, זײַט דאָך דער ייד מיט דער ברייטער האַנט! מע זאָגט, איר עסט מיט א פּאַרמאַכט מויל, ווײַל איר זשאַלעוועט, סע זאָל, כאָס־וועשאָלעם, ניט אַרויספאַלן א ברעקל.

ה י ל ע  מ אַ ל ו ו ע. און טאָמער טו איך דאָס גאָר פון דערעכערעץ וועגן? וואָס טרײַבט מען אף מיר רעכילעס? באַ מיר גייט אוועק אכט קאָפּיקעס כוידעש אין כוידעש אף צדאָקע, און איצטער, אז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רעציכעס, האָב איך אפילע מויסיף געווען נאָך א קאָפּיקע.

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. וואָס דו קענסט שוין העלפן מיט דײַן צדאָקע... וואָס וויל א ייד? א ייד וויל מער ניט — אף צום לעבן, אמכאָ ייסראָעל צריכים פּאַרנאָסע. שלאָגט מען זיי, מאַטערט מען זיי, טרײַבט מען זיי פון די דערפער... (זיפצט.)

ר אָ ו ו. צאָרעס אף יידן!

צ ו ו י י ט ע ר  ד י ײַ ע ן. גזיירעס ראָעס!

קאַהאַל און בעסדן זיצט א לענגערע צײַט און קרעכצט. עס עפנט זיך פּלוצלינג די טיר און סע שטופּן זיך אַרײַן אלע קלעזמער מיטאַמאָל.

ק ל ע ז מ אָ ר י ם. האַק, האַק אַרײַן מיט די כאַיאָלניקעס.

— נעם צו דײַן טשוקאַלניק, שעוועך!

— מײַרים, בעט ספּיינדעצן מיט סטראָמדעצן!

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. וואָס איז?

מ ײַ ר י ם  מ א ר ש אַ ל ע ק. רעב אַרן־וואָלף, סע וועט פּאַרקומען די כאַסענע, צי ניט? די קאַפּעלע גייט אף א באַל צו די זשעליכאָוועצקיס. מײַנע שפּילפּייגל קאָנען נאָך נעמען אַן איבעריקן טראָפּן און גאָר פאַרשפּעטיקן צום כאַסנמאָל.


בערל מיטן באַס

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. לעמײַ זאָל איך עפּעס אָפּלייגן, כאָס־וועשאָלעם, די כאַסענע? וואָס האָט געטראָפן?

מ ײַ ר י ם. כ׳וויס, מע זאָגט דאָך, אז מע האָט צוגעגאָזלט דעם אויסשטײַער.

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. וואָסער אויסשטײַער? ס׳א ליגן! באַ אַרן־וואָלפן גאָזלט מען ניט! ס׳איז רעכילעס!

ק אַ ל מ ע ן  ג י ט ע ל ע ס (שטילערהייט). א באַלגײַווע איז גוט צו שלאָגן.

מ ײַ ר י ם. און בויטרע? וואָס איז מיט בויטרען? ס׳איז דאָך שוין א מוירע אַרויסצוגיין פון שטאָט.

ר ע ב  א ר ן־ו ו אָ ל ף. גייט, גייט, קלעזמאָרים. קאַפּהיי סיוון, אין דרײַ טעג אַרום, וועט פּאַרקומען די כאַסענע. און בויטרע? ס׳איז נאָך פאַראַן, באַרעך־האַשעם, א מאַלכוס און אַן אַסעסער, און א טפיסע — ס׳איז ניט העפקער קיין וועלט.

ר אָ ו ו. נו, דאַיאָנים, מירן שוין אויך גיין.

---

[1] א קליין מענטשל.

הילע מאלווע. מע דארף גיין, ס'איז שוין האלבע נאכט. (אלע הייבן זיך אוף, גרייטן זיך גיין.)

שעוועך מיטן פויק. טאמאך, מע זאָגט דאָך, אז די לאַקמע סטערע וויל פאר א סמיסאן דעם בויטרע?

רעב ארן־וואָלף. וואָס רעדט ער וואָס, סטערע — בויטרע?

מײַרים. שווײַג דו, קראַשע! אָט כ'וויס, וואָס דער אויסוווּרף פּלוידערט דאָרטן אָף זײַן קלעזמער־לאָשן.

אלע. א גוטע נאכט, רעב ארן־וואָלף, א גוטע נאכט.

קלעזמאָרים. האָקן מיר! צופוס צען וויאָרסט אין האלבע נאכט.

אלע גייען ארויס, רעב ארן־וואָלף בלײַבט אליין, זעצט זיך צום טיש, דעם קאָפּ פארבראָכן אין די הענט. ביילע, זײַן ווײַב, גייט שטיל ארויס פון דער טיר רעכטס. זי שטעלט זיך אוועק בא אים הינטערן שטול.

ביילע. ארן־וואָלף!

רעב ארן־וואָלף (צו זיך). אײַ, ניט גוט, ניט גוט, ניט גוט, ניט גוט!

ביילע. ארן־וואָלף, וואָס טוט מען צו איר, צו סטערען? זי זאָגט דאָך, זי וועט ניט גיין אין וואסער. זי וויל ניט. און אז איך האָב גענומען ריידן וועגן כאָסן — סארא יִכעס, סארא אָפּענער קאָפּ, האָט זי געענטפערט, דו הערסט, איך קאָן עס גאָרניט ברענגען פארן מויל: זי וועט אים דערשטיקן!

רעב ארן־וואָלף (שפרינגט אוף). וואָס?

ביילע. וואָס קאָן איך טאָן? איך בין דאָך ניט מער ווי א שטיפמאמע. אין דעם מיידל איז ארײַן א דול.

רעב ארן־וואָלף. ווו איז זי? וואָס איז עס פארא רייד? ביילע, רוף זי! סטערקע! (ביילע גייט צו צו דער טיר און שרײַט ארײַן.)

ביילע. סטערע! סטערעלע, דער טאטע רופט! (סטערע קומט ארײַן, אײַנגעוויקלט אין א פאטשיילע.)

רעב ארן־וואָלף. קום אהער, סטערע, זעץ זיך! איך וויל עפּעס בא דיר פרעגן, אן אייצע.

סטערע (זעצט זיך). נו?

רעב ארן־וואָלף. פאראן א וועלט מיט טאטעס, מיט קינדער — ניט קיין פארנעס־כוידעש, פּראָסטע לײַט, — מאכט מען כאסענע די קינדער צו דער צײַט: צו אכט יאָר, צו עלף יאָר, פערצן יאָר! פרעג איך בא דיר: פארוואָס האָט זיך עס אָף מיר אויסגעגאָסן די טויכעכע? און דיר ארט גאָרניט, וואָס דו ביסט א פארזעסן מיידל, הא?

סטערע. איך האָב געוואָלט כאסענע האָבן צו דער צײַט.

רעב ארן־וואָלף (האקט זי איבער). דאָס האָב איך שוין געהערט! כאַטאָסי! איך האָב כויטע בעייגל געוועןן! איך בין דאָך, סאָפּקאָלסאָף, ניט מער ווי א מענטש. נו גוט, דו האָסט געהאט א כאָסן, א שיינעם כאָסן, א כאָסן א לאמדן, א באל־ייִכעס, האָסטו אָבער א טאטן א רעצייעך און ער האָט אים אומגעבראכט. כאַטאָסי! אָבער כאימקע איז דאָך שוין ניטאָ. ער איז דאָך שוין געשטאָרבן, אין די רעקרוטן — געשטאָרבן!

סטערע. און ווער איז בויטרע?

ביילע. ששש... רעדט ניט הויך!

רעב ארן־וואָלף (כאפט זיך פארן קאָפּ). אײַ! בויטרע? דער רעצייעך! וואָלסטו כאסענע געהאט פאר דעם רעצייעך בויטרע?

סטערע. דעם מאָהילנער ראָווס ייִנגל וועט ניט זײַן מײַן מאן!

רעב ארן־וואָלף (צעקאָכט). און איך זאָג דיר, אז דעם מאָהילנער ראָווס ייִנגל וועט יאָ זײַן דײַן מאן.

ביילע. ששש... ניט אזוי הויך... ששש...

סטערע. ס'איז גוט, וואָס בויטרע האָט צוגענומען דעם אויסשטײַער. איכ'ל זיך אָנטאָן אין שמאטעס. איכ'ל אים שפּײַען אין פּאָנעם ארײַן, דעם שיינעם כאָסן. פייעלעך, ס'הויכע גערגעלע!.. הילע מאלווע מיט די אסיגנאציעס אין די זאָקן... עס טראָגט דאָ פון אלעמען מיט דזעגעכץ, מיט אָקעוויט. אוי, איכ'ל ניט אָפּשערן מײַנע האָר! קיינמאָל ניט... ווער וועט מיר דאָ העלפן, גאָט! איך האָב דאָך געקאָנט געבוירן ווערן אנדערשוו, איך האָב דאָך געקאָנט געבוירן ווערן בא די זשעליכאָ־וועצקיס, ניט קיין ייִדיש מיידל אפילע. און ווער איז בויטרע? ווער איז ער? א רויבער? פאר דער גערעכטיקײַט. עס איז שוין באשריבן געוואָרן אזא מענטש. איר ווייסט ניט. איר ווייסט פון גאָרנישט.

רעב ארן־וואָלף. כצופע דו! כאַימקע בויטרע איז א רעצייעך...

ביילע. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, ארן־וואָלף, אז פון די לערערס מיט די דײַטש, מיט די שרײַבעכצן וועט קיין גוטס ניט ארויסקומען.

סטערע. איך וועל אנטלויפן... איכ'ל אנטלויפן, וווהין די אויגן וועלן מיך טראָגן! (אין אָפענעם פענצטער באווײַזט זיך בויטרע. סטערע, וואָס שטייט מיטן פּאָנעם צום פענצטער, ציטערט אויף.) אײַ!

ביילע. וואָס איז, טאָכטער?

סטערע קוקט אָנגעשטרענגט אין פענצטער, ארן־וואָלף און ביילע קערעווען זיך אויך אויס צום פענצטער. נאָר בויטרע איז שוין ניטאָ. זיי פארשטייען ניט, וואָס עס קומט פאָר.

פאָרהאנג פאַלט.

## צווייט בילד

א ברעג וואלד, וואָס גייט ארויס צום טראקט. אָנגעוואלגערטע פעק בעטגעוואנט. שטוביקע כפּייצים. פעסער פון בראנפן. קינדער שלאָפן. עס ברענען פײַערן און איבער זיי קאָכן זיך טעפּ. אף די צווײַגן טריקענען זיךווינדעלעך. שפּעט באנאכט. ייִדן און ווײַבער ליגן ארום די פײַערן.

לעמעלע פּוט. עסט הון! בויטרע האָט געהייסן עסן הון! צו האלבע שטיקער אָף אף א מענטשן. ראכמיִעל באלעגאָלע האָט זיך, נעבעך, געבאָרעט. א ייִד — א בעהיימע! באָדײַ אומקומען, אבי ניט אָפּגעבן דעם וואָגן אויפּעס. ייִשוווניקעס, וואָס טראכט איר? וואָס זיצט איר שיווע? נעמט ארויס דאָס ברויט פון די זעקלעך. ווײַבער, סע זאָל זײַן געשמאק אָף! היגערשע זופּ פאר די קראנקע קינדער, שטיקער פּאָלקע פאר די שיינע מיידלעך!

הויכער קרעטשמער. וואָס אָף, ווען אָף? סע קריכט, באָרעך־האשעם, ניט אין האלדז! א שטאָט זאָל פארהאקן די טויערן און ניט ארײַנלאָזן פארטריבענע ברידער — מעג א דונער טרעפן אזא שטאָט. קאָהאָל! רעב ארן־וואָלף דער פארנעס־כוידעש! אונטערצינדן דארף מען אזא שטאָט!

א ייִשוווניק אין א ווינטערדיקן פעלץ. אל נאהארויס באָוועל שאָם יאָשאוונו גאם באָכינו... אל ארבאָווים בעסויכאָ טאָלינו קינוירויסיינו...[1]

הויכער קרעטשמער. איז וואָס? טאקע אויס ייִשוווניקעס? האלעמײַ דאפקע אויס ייִשוווניקעס? פארוואָס ניט אויס טווועהענדלער? אויס וואלד־סאָכרים, אויס פּאָדריאַדטשיקעס? וואָס, זיי זײַנען ניט קיין ייִדן, כאס־ווּעשאָלעם? מאשמאָעס, אז גזיירעס אף ייִדן זײַנען אויך ניט גלאט אין דער וועלט ארײַן... א גזיירע — איז אפן קאפּצן, אפן דאלפן, אפן וויסטן אָרעמאן. און אין וואָלין, ייִדן, מיינט איר, וועט זײַן בעסער? וואָס שיקט מען אונדז קיין וואָלין? אן אָרעמאן האָט צוויי ברייִרעס: אָדער קריִע רײַסן, אָדער פארשווארצט צו ווערן.

ערשטע ייִדענע. פון פּאָדאטן און נעקרעטאָווע מאָעס מאכט מען כאסענע די טעכטער, וואָס קאָסט אָפּ אין די טויזנטער.

ייִשוווניק אין ווינטערדיקן פעלץ. קיִ שאָם שעיילונו שויווינו דיוורי שיר וועסויאָלײַנו סימכאָ... באס באָוועל האשדודאָ אשריי שעיעשאָלעם לאָך עס גמולייך שעגאָמאלטאָ לאָנו[2].

צווייטע ייִדענע. סטערינקע... א ראָווס זון געפעלט איר ניט, צי וואָס?.. זי דארף האָבן א קאָזאק!

א קרעטשמער מיט א צעשפּאָלטענער ליפּ. און איך האלט, אז מע האָט געדארפט גיין מיט גוואלד אין דער שטאָט ארײַן. (ווײַבער וויינען.)

לעמעלע פּוט. ווײַבער, הערט אויף צו פּלאנכען! אמער, די קרעטשמערס האָבן אָפּגעברענט. זעט איר, וואָס מע לאָזט ניט ארײַן די ייִשוווניקעס אין שטאָט, האָט מען געדארפט טאקע קאָהאָל ברעכן די ביינער. רעב ארן־וואָלף האָט מוירע, די הונגעריקע ייִשוווניקעס זאָלן אים ניט פארשטערן די כאסענע... רעב ייִד, שטייט אויף, נעמט א שטיקל אָף! ווי לייגט זיך עס א ייִד שלאָפן אָן וועטשערע?

דער אנשלאָפענער ייִד אף א הייזעריק קאָל. איך עס ניט פון קיין גזיילע.

לעמעלע פּוט. אײַ, א צאדיק א ייִד! ער עסט ניט פון קיין גזיילע.

צווייטע ייִדענע. ייִדן וואלגערן זיך ארום אָן א דאך, קינדער פאלן אוועק אף היץ־קרענק, אף סקארלאנטינע, און דער פארנעס־כוידעש פראוועט די כאסענע פון זײַן שיינער זאָכערטע...

---

[1] על נהרות בבל..., תהילים, קלז; [2] דאָרט.

הויכער קרעטשמער. ייִדן, עמעצער קומט אָן מיטן וועג.

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. ווו? ווו?

הויכער קרעטשמער. דער קליוטשוואָיט און... און כאָנטשע קאָט... באהאלט די אויפּעס!.. לעשט אויס די פייַערן!.. ייִדן, ס׳איז ניט גוט, האלעמייַ זאָל איך ליגן זאָגן.

ערשטע ייִדענע. שיִע, ווו שלאָפן די קינדער? שיִע, דער קליוטשוואָיט און כאָנטשע קאָט! ווו שלאָפן די קינדער? איכ׳ל זיי אוועקנעמען אין וואלד אריַין...

לעמעלע פּוט. שאט! שאט! אוילעם בעהיימעס! לעשט ניט די פייַערן! וואָס טוט איר? גיסט ניט אויס די הון! איכ׳ל זיך א מייַסע אָנטאָן! זיצט רויִק, בעהיימעס! זעצט זיך עסן וועטשערע. וואָס ווילט איר האָבן?

דער קליוטשוואָיט און כאָנטשע קאָט קומען אריַין.

קליוטשוואָיט. זשידקי? וואָס טוען דאָ אינמיטן נאכט די זשידקעס אין וואלד? פּעק אזויפיל!

לעמעלע פּוט. פּאניע קליוטשוואָיט, דאָס זייַנען די ארויסגעטריבענע יִשוּווניקעס פון די דערפער. ארן־וואָלף לאָזט זיי ניט אריַין אין שטאָט.

קליוטשוואָיט. די יִשוּווניקעס פון די דערפער...

כאָנטשע קאָט (קוקט אריַין אין די טעפּלעך). אָף — אינדערוואָכן?

ערשטע ייִדענע. רעב כאָנטשע, גוטע לייַט האָבן אונדז געקוילעט דאָ עטלעכע אויפּעס אף אָטכייַען די קראנקע קינדער.

קליוטשוואָיט. יִשוּווניקעס גאָר? שטילער! ששש... ווייסט איר ניט, ווו איז ער דאָ, דער בויטרע? דאָ דארף זייַן ערגעץ א סמאָליארניע. צי האָט איר אים ניט געזען, דעם בויטרע? עפּשער דרייט ער זיך דאָ ארום אין וואלד?

הויכער קרעטשמער. ניין, ער איז דאָ ניטאָ.

ערשטע ייִדענע. דאָ זייַנען אלץ ערלעכע ייִדן.

אלטער יִשוּווניק מיטן ציגענעם בערדל. מע שמועסט, אז ער געפינט זיך אף א פּאָר מייַל פונדאנען, אין זאסקעוויצער וואלד.

הויכער קרעטשמער. נעמט א גלעזל אָקעוויט, פּאניע קליוטשוואָיט!

לעמעלע פּוט. ער איז אוועקגעפאָרן אין שטאָט צום פּארנעס־כוידעש אף דער כאסענע.

קליוטשוואָיט. ניטאָ אים דאָ אין וואלד? וואָס?

בויטרע הייבט זיך ארויס פון צווישן די פּעקלעך.

בויטרע. קומט, איכ׳ל אייַך וויַיזן, ווו בויטרע איז.

קליוטשוואָיט. און ווער ביסטו?

בויטרע. איך בין דער נייַער בירברויער בא זשעליכאָוועצקין אין ברויז.

קליוטשוואָיט. און וואָס טוסטו דאָ?

בויטרע. דאָס גיי איך אין שטאָט. כ׳האָב זיך דאָ צוגעלייגט א ביסל אָפּרוען.

כאָנטשע קאָט. דו ביסט מיר א קאָנטלעכער מענטש.

בויטרע. קומט, פּאניע קליוטשוואָיט, איכ׳ל אייַך וויַיזן דעם בויטרעס באהעלטעניש. אָט אָ־דאָ, רעכטס אין וואלד.

כאָנטשע קאָט. אָט דאָס איז ער, פּאניע קליוטשוואָיט!

בויטרע גייט אוועק פאָרויס. דער קליוטשוואָיט און כאָנטשע קאָט לאָזן אים ניט אָפּ, זיי פאַר־שווינדן צווישן די ביימער. לעמעלע פּוט — נאָך זיי.

ערשטע ייִדענע. וויי און ווינד, וואָס וועט עס דאָרטן זייַן?

יִשוּווניק אין ווינטערדיקן פּעלץ. ווער איז ער, דער יונגערמאן?

הויכער קרעטשמער. איר זעט ניט, ווער ער איז?

יִשוּווניק אין ווינטערדיקן פּעלץ. ווו זייַנען מיר דאָ אריַינגעפאלן, ריבוינע־שעל־אוילעם? סע קלאַפּט מיר א צאָן אָן א צאָן. כאנע־לייע, קום, נעם גיכער צונויף די פּעק. ווו ליגן די קינדער? עפּעס א פורל וואָלט זיך געמאכט. קום, מירן גיין צופוס.

הויכער קרעטשמער. שאט, איר הערט?

צווייטע ייִדענע. מע שרייַט, דאכט זיך.

יִשוּווניק מיטן ציגענעם בערדל. ניין, דאָס שרייַט א פויגל, א סיטש.



געלער קרעטשמער

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. פאַרלאָזט זיך, ייִדן, ער וועט שוין הענגען אפן ראָטיש.

ערשטע ייִדענע (קלאָגט). אײַ, וואָס וועט איצטער זײַן? העלף אונדז, גאָט, אין דער נויט! שטייט אונדז בײַ, אווראָם, ייִצכאָק וועיאַנקעוו.

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. שווײַגט, ייִדענע. איר וועט אף אונדז אָנברענגען קאָלע צאָרעס.

הויכער קרעטשמער. שאט!

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. איר הערט!

אַלע. אשריי סמימיי דערעך האהוילכים בעדערעך אדוינוי, אשריי נויצריי איידויסאָוו בעכאָל ליִיוו אידרעשוהו...[1]

לעמעלע פּוט לויפט אַרײַן, ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון פּאָנעם, דאָס טילים זאָגן הערט אוף. א ווײַלע א טויטע שטילקײַט.

לעמעלע פּוט. ייִדן! עסט הון! ווו איז דאָס ברויט? עפּנט א קויף בראָנפן! אף וואָס האלט איר עס, קרעטשמאַרעס? וואָס ט׳איר דאָ ניט געזען? דער טויט איז ניט קיין נעקאָמע, נאָר א וויגאָדע. מירן פאָרן אין וואָלין, ייִדן, און מירן שעפּן שטי־קער גאָלד. זיצט ניט, ווי די טכוירן.

פון הינטער דער סצענע דערהערט זיך בויטרעס קאָל.

בויטרעס שטים. שאגאָם ארש! אט, דווא! אט, דווא! מארש! פּאָשאָל וואָן!

דער איבערגעשראָקענער קליוטשוואָיט גייט דורך ווי א סאָלדאט דורך דער סצענע, גיט אָפּ „טשעסט“. באם אויסגעשריי „פּאָשאָל וואָן“ אנטלויפט ער אין דער ריכטונג, פונוואַנען ער איז געקומען. אף דער סצענע א טויטע שטילקײַט. בויטרע קומט אַרײַן.

ייִשוווניק אין ווינטערדיקן פּעלץ. אף לוי פּאָאלו אוולאָ בידראָכאָוו האלאָכו, אטאָ ציוויסאָ פּיקודעכאָ לישמויר מעויד[2].

געלער קרעטשמער (לויפט אַרײַן דערשראָקן). ייִדן! א האָרוג! כאָנטשע קאָט ליגט א דערהארגעטער בא א בוים. צי דאָס איז ניט אמאָל בויטרעס ארבעט? וואָס שווײַגט מען? ער וועט דאָך אונדז אויסקוילענען אַלעמען!

אף דער סצענע א טויטע שטילקײַט. בויטרע קוקט אף דעם געלן קרעטשמער. דער געלער דערפילט אף זיך בויטרעס בליק, קוקט זיך ארום אף די אלע איבערגעשראָקענע קרעטשמאַרעס און נעמט אין שרעק אָפּטרעטן אף צוריק. ער פארשווינדט צווישן די ביימער.

ערשטע ייִדענע (פאלט בויטרען צו די פיס). האָב ראַכמאָנעס אף אונדזערע קליינע קינדער, בויטרינקע! לאָז אונדז לעבן, טײַערער! מירן דיר וואשן די פיס! מירן דיר אָפּטאָן קאָל אווידעס פערעך, נאָר לאָז אונדז איבער דעם נעפעש.

הויכער קרעטשמער. וואָס ווילט איר האָבן, ייִדענע? שטייט אוף! גייט אוועק פונדאַ־נען! (צו בויטרען מיט א שמייכעלע.) זי מיינט, אז איר זײַט א הוירעג נעפעש. (צו דער ייִדענע.) בעהיימע! צי איז כאָנטשע קאָט געווען א מענטש? דאָס איז דאָך געווען א כײַ־ראָע. ער האָט דאָך אָפּגעפּירט צום טויט הונדערטער אָרעמע קינדער. איר הערט, כאַים, אָט לאָזט מען אונדז אויך ניט אַרײַן אין שטאָט. צי איז דאָס א יוישער? אָט איר האָט געדאַרפט זען העלפן, מע זאָל אונדז אַרײַנלאָזן אין שטאָט אַרײַן.

בויטרע. איך העלף קיינעם ניט. (הייבט זיך אוף צום גיין.) איר זעט, ייִדן, צוריק געקומען פון די רעקרוטן. ניט כאַימקע, ניט ייִסראָעל דעם באַלעגאָלעס, נאָר א קלאָלע פון גאָט... א בייזער יאָר... (צו לעמעלע פּוט.) לעמעלע, ווו זײַנען די בעקער־יונגען?

לעמעלע פּוט. אפן שווארצן גאָשטשינעץ.

בויטרע אָפּ.

ייִשוווניק אין ווינטערדיקן פּעלץ. אָט דאָס איז ער? בויטרע? א הוירעג נעפעש? וואָס מע קאָן מאכן פון א מענטשן! איך מוז אײַך זאָגן, אז איך בין דאָס ערשטע מאָל בײַגעווען בא א רעציכע. א גרויל! טפילאָ לעאָני קי יאאטויף וועליפניי אדוישעם ייִשפּויך סיכוי. אדוישעם שימאָ טפילאָסי וועשאוואָסי איילעכאָ סאָווו?..[3]

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. זאָל עס גיין אין דר׳ערד! עפּנט אוף א קויף בראנפן און לאָמיר זיך אָנשיקערן ווי די כאזיירים!

---

[1] אשרי תמימי דרך... תהילים, קיט; [2] דאָרט; [3] תפילה לעני כי יעטף... תהילים, קב.

לעמעלע פוט. ייִדן, מע זאָל טרינקען אַף סימכעס! (ער טרינקט אויס און גייט נאָכדעם אוועק.)

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ (זופּט פון א גרויסן טאָפּ). לאָמאַך־וועס! עס זאָל אונטערגיין די גאַנצע וועלט!

הויכער קרעטשמער. מע זאָל פייגערן ווי די קלאָווים! אַלע!

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. מייַנע צאָרעס אַף זייערע קעפּ!

צווייטע ייִדענע. שמוליע, וואָס איז מיט דיר, שמוליע? ייִדן, האָט ראַכמאָנעס! נעמט צו בא אים דעם בראַנפן! ער וועט זיך א מייַסע אָנטאָן.

ייִשוּווניק מיטן ציגענעם בערדל. ייִדן זאָלן ווערן אַזוי אויסגעלאָסן! עס איז א בושע און א כאַרפּע.

ייִשוּווניק מיטן הייזעריקן קאָל. וואָס איז? גזיירעס אַף ייִדן? שוין אַכט יאָר, ווי מע טרייַבט די ייִשוּווניקעס. א ייִד דאַרף אָנעמען אַלץ פאַר גוט. בעסער פרימער ווערן א ביסל. אַלץ איז נאָר א שטראָף פאַר די אייגענע מייַסים־טויווים.

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. הער אויף, באָק!

געלער קרעטשמער (קומט אַרייַן). שיינע מענטשן! ניטאָ וואָס צו ריידן! איר זעט, ער זיצט דאָ. וואָס שווייַגט איר? וויפל האָט געפעלט? איך בין דאָך שוין געשטאַנען מיט איין פוס אַף יענער־וועלט. שיינע מענטשן! איטלעכער טראַכט נאָר וועגן זיך.

הויכער קרעטשמער. אין דעם גרויסן הונגער האָט מען געוווּסט, אַז מע שטאַרבט פון גאָט. איצטער שטאַרבט מען אָבער פון מענטשן. פון איין זייַט — דער שיינער מיילעך ני־קאָלייַקע, יִמאַך־שמוי, פון דער אַנדער זייַט — אַרן־וועלפקע!

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. איך וויל פון גאָרנישט ניט וויסן, ייִדן, איכ׳ל מיך דערטרינקען אין בראַנפן. ווו איז יאַנקל? יאַנקל, עפן אויף דאָס פעסעלע אָקעוויט. ביז וואַלין איז נאָך ווייַט — וועסט סייַווי אויסציִען מיט די פיס.

ערשטע ייִדענע. איי, ער האָט שוין, באָרעך־האַשעם, אין רעשטל מער ווי אין פּלעשל.

ייִשוּווניק מיטן הייזעריקן קאָל. אַז סע טרעפט אַזאַ זאַך, ווי א גזיירע, דאַרף מען, אַדעראַבע, זיך אָפּהאַלטן פון עסן און טרינקען, גויזער־טאָנעס זייַן, און דאָ פרעסט מען געגאַזלטע אויפעס. מע טרינקט און מע זויפט. סע וועט זייַן ניט גוט.

געלער קרעטשמער. איר, רעב ייִד, האָט געדאַרפט זייַן א ראָוו ערגעץ אין א שטאָט, ניט קיין ייִשוּווניק.

די קרעטשמאַרעס טרינקען, אַרומגייענדיק איבערן וואַלד, האַלטן שטיקער און גריזשען, שרייַען „לעכאַיִם״, קושן זיך, וויינען. פון הינטער דער סצענע דערהערט זיך ראַכמיִעל באַלעגאָלעס קאָל.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. ייִדן זאָלן זיך לאָזן אַף גזיילע — דאָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן. ייִשוּווניקעס זייַנען דאָס? ראָצכים זייַנען דאָס. און אַז מע איז הונגעריק, — עסט מען אָף? ווער עסט עס אָף? וואָס שטופּט איר מיר בראַנפן, צו אַלדי שוואַרציאָר! (מעלקע און נאָך א יונג פירן אים אַרייַן און לאָזן אים אָפּ.)

געלער קרעטשמער. נעם א קאָפּ, ראַכמיִעל! עס איז שוין סייַווי אָנגעקומען דער קעץ, אַף יענער־וועלט וועט מען ניט געבן.

ייִשוּווניק מיטן ציגענעם בערדל. און דו מיין ניט, ראַכמיִעל, די ייִשוּווניקעס גאַזלענען ניט. דייַנע הינער...

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. וואָסי? ס׳איז מייַנע הינער? ס׳איז קאַלמען גיטעלעס הינער.

ייִשוּווניק מיטן ציגענעם בערדל. די אויפעס האָט בא דיר אָפּגענומען בויטרע.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע (דערשראָקן). בויטרע? ער? אַזוי? ווו איז ער? ער איז ניטאָ? ער אַליין? דעם ווילנער גאָענס אן איניקל? אן אילוי פון וואָלאָזשין?

געלער קרעטשמער. וואָסער וואָלאָזשין? וועלכער גאָען? ס׳איז דאָך ייִסראָעל דעם באַלעגאָלעס בען, דער אַנטלאָפענער סאָלדאַט.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. כאַימקע? ער טאַקע? אַנטלאָפן? אַזוי?

געלער קרעטשמער. א שיינע פיירע, ניטאָ וואָס צו ריידן, נו, לעכאַיִם!

ראַכמיִעל באַלעגאָלע (טרינקט און פּילט ניט, אַז ער טרינקט). אַזוי? כאַימקע ייִס־ראָעלס? ווו איז ער? דער טאַטע זייַנער — ייִסראָעל, א ברודער מיט א ברודער. אויך א באַלעגאָלע. וואָדען? אן ערלעכער ייִד געוועזן. אַזוי? כאַימקע? און דעם טאָג, ווען ייִסראָעל איז אומגעקומען, געדענק איך אויך ווי הייַנט. ס׳איז געוועזן אן ערעוו־פּורים. דער שליטווע האָט נאָך געהאַלטן. ער האָט געפירט אַרן־וואָלפס פלאַקס. איז ער געפאָרן מיטן אייַז און איז אַראָפּ אין וואַסער, מיט די פלאַקס, מיטן וואָגן און מיטן פערד. וואָדען? נו? די מאַמע איז געבליבן אן אַלמאָנע. וואָס האָט זי

געקאַנט טאָן? אזוי? טאַקע בויטרע? אז ס׳איז גאַר א מוירע דאָ צו זיצן בא אײַך. (דער גועלער גיסט אים אַן אין קווערטל, צעקלאַפּט זיך מיט אים, ער טרינקט אויס און פילט ניט.) האָט פּײַנט טאַכלעס סינע אַלעמען? בעדאַמאַיך כײַ? איכ׳ל אײַך זאָגן דעם עמעס: ער מעג פּײַנט האָבן. אָף אים האָט קיינער קיין ראַכמאָנעס ניט געהאַט. ווער עס האָט געהאַט א האַנט, האָט געשלאָגן. הערט, און אַרן־וואָלפס מיידל וויל טאַקע ניט כאַסענע האָבן צוליב אים? פאַרליובעט? אזוי? נו, וואָדען? ווי נעמט עס טאַקע קאָהאָל אַן אָרעם יינגל און שיקט אים אָפן טויט? (טרינקט אויס נאַכאַמאָל.)

גועלער קרעטשמער. נאַ, פאַרבײַס, ראַכמיִעל! (גיט אים א שטיק אָף.)

הויכער קרעטשמער (מיט א קווערטל אין האַנט). און אויב יישוווניקעס לאָזן זיך טרעטן מיט די פיס, איז ווער שולדיק? בעהיימעס, מע דאַרף גיין אונטערצינדן די שטאָט.

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. טאָ וואָס שווײַגט מען? אז דער גאַנצער האַמוין וועט זיך לאָזן, וועט מען פּויעלן!

גועלער קרעטשמער. אַוואַדע פּויעלן! מאַכן לעהאַרייג אולעאַביידי! מע דאַרף אופוועקן די יישוווניקעס! אַלעמען! זאָל מען גיין! (זיי לאָזן זיך טיפער אין וואַלד אַרײַן מיט געשריי.)

ראַכמיִעל באַלעגאָלע (זעצט זיך צו א ביסל שיקערלעך). אזוי? און איר ווייסט, ווו ער האָט אים געכאַפּט, כאַנטשע קאַט? אין דער ווײַבערשער שול. וואָדען?

יישוווניק מיטן ציגענעם בערדל. דערמאָן ניט קיין מעס, ראַכמיִעל. ער האָט דערהאַרגעט כאַנטשע קאַט.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. דערהאַרגעט? כאַנטשע קאַט? אזוי? ווו איז מײַן פערד? מע דאַרף פאָרן אהיים... אהאַ!.. נו... וואָדען?.. דערהאַרגעט... (קוקט זיך ארום.) איר הערט, וואָס איכ׳ל אײַך זאָגן: שטאָט וועט ניט זשאַלעווען... א טרייפענער בייז! (ער רעדט עפּעס צו זיך, דער קאָפּ איז אים שווער.) אזוי? כאַימקע? נו, א פריילעכער יונג, וואָס? אָף אַלע כאַסענעס געוועזן, וואָדען? אזוי? דערהאַרגעט כאַנטשע קאַט?

גועלער קרעטשמער (לויפט צוריק). איז געגאַנגען! אַלע! מיט קינד־און־קייט! קומט אין שטאָט! קומט, מירן כאַרעוו מאַכן קאָהאָל!

הויכער קרעטשמער. אז ס׳איז ניטאָ וואָס אָנצוווערן. וואָס איז? מע וועט, כאַס־וועשאַלעם, אָפּנעמען די קרעטשמעס?

יישוווניק מיטן הייזעריקן קאָל. ווו לויפט איר? יידן, זעט, איר וועט כאַראַטע האָבן, יידן, זײַט זיך מעיאַשעוו. איר טוט זיך!

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. דערלאַנגט אים, דעם קורעניצער באָק, דערלאַנגט אים!

פאַרשיידענע שטימען. שולדיק איז נאָר ער, אַרן־וואָלף!

— די גאַבאָים!

— און בעסדן איז בעסער?!

— א טעל מאַכן פון אַלץ און א סאָף זאָל עס נעמען!

— אָפּנעמען די מאַשקאָנעס בא דעם קאָמצן!

— בא הילע מאַלווע!

— מײַנער א קופּערנער ליאַק!

— מײַנע א סטאַרישקע!

— אָט איז דער וועג!

עס קומט אַרײַן בויטרע.

בויטרע. וווהין? שיקורים! סע זאָל זיך קיין דערוועגן קיין איינער. די שטאָט איז מײַנע מיט אַלעם מיטאַנאַנדער. איך בין איר רעקרוט. וואָס מע דאַרף צינדן, וועל איך צינדן. איכ׳ל אַליין!

הויכער קרעטשמער. וואָס הערט איר אים? לאָז, טרייפענער יונג, מירן דיך צעטרעטן אָף אש!

גועלער קרעטשמער. ער איז בלאָט מיט אַרן־וואָלפן. ער קלײַבט זיך נאָך כאַסענע האָבן פאַר סטערקען...

בויטרע. ווי? איר אויך? אָף מיר? (ער כאַפּט ארויס א האַק פון אונטערן פעלץ.) קלאָווים!

אַלע. אײַ! (טרעטן אָפּ אָף צוריק.)

גועלער קרעטשמער. שפּיכעס־דאָמים! ער וועט אויסהאַרגענען די גאַנצע וועלט. אוי־כער־יִיסראָעל!

א קליין יישוווניקל. וואָס האָסטו צו אונדז, כאַים?

בויטרע (צום גועלן). הער דו, ביסט ניט דער זאַסקעוויצער קרעטשמער?

גועלער קרעטשמער. ניין! גאָר! וואָס איז דען? איך — ניט!

ב ו י ט ר ע. יענער איז אויך געווען א געלער. פאַרצווייפלט, איך בין געלאָפן מיטן טראַקט, כאָטשע האָט מיך געיאָגט. איך האָב זיך באַנאַכט אַרײַנגעכאַפּט צו אים אין פּירהויז, איז ער אַרויס, דער געלער, האָט מיר געגעבן מיט אַ קופּערנעם קענדל איבערן קאָפּ און אַרויסגעוואָרפן.

ג ע ל ע ר ק ר ע ט ש מ ע ר. ניט איך. דאָס איז ניט שיין פון זײַן זײַט, אַ גראָבע זאַך געווען. אַדעראַבע, ער האָט דיך געדאַרפט אַרײַנעמען אין שטוב און פּריטוליען. דו ביסט דאָך נאָך אַ יאָסעם אויך דערצו, און אין דער טוירע שטייט געשריבן: וועגאם לאַיאָסעם וועגאם לעדאַל[1] דאַרף מען העלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך איז.

צ ו ו י י ט ע י י ד ע נ ע. מאַלע וואָס עס איז אַמאָל געווען, דאַרף מען טראָגן אַ סינע אויף דער גאַנצער וועלט?

ה ו י כ ע ר ק ר ע ט ש מ ע ר. און וועגן קרעטשמאַרעס פּאַסט צו זאָגן, אַז אַ פּעסן און אַ נאַכט־לעגער און ברויט מיט אַ ציבעלע אויפן וועג האָט מען אַלעמאָל געקראָגן.

ב ו י ט ר ע. איך וועל מײַן זאַך אַליין באַשטיין. איכ׳ל אַליין. איר האָט מיר געגעבן ברויט מיט אַ ציבעלע אויפן וועג? מאַראַטשעט ניט דעם קאָפּ. מע האָט מיך געפּירט מיטן שוואַרצן גאַסטשינעץ. יעדע עטלעכע וויאָרסט איז געשטאַנען אײַערע אַ קרעטשמע. איך האָב געזען דורך די ברעטלעך פון וואָגן, ווי איר באַ די שוועלן פון די קרעטשמעס זײַט געשטאַנען און געריכערט די ליולקעס. צי איז ווער צוגעגאַנגען מיר געבן אַ טרונק וואַסער?

א ל ע (שווײַגן).

ב ו י ט ר ע. ערשט איצט ווייס איך: איר האָט געטאָן גוט. אָט די זאַך דאַרף מען טראַכטן לאַנג. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז קיינער איז מיר ניט שולדיק געווען קיין טרונק וואַסער.

צ ו ו י י ט ע י י ד ע נ ע. וואָס הייסט — שולדיק ניט שולדיק? ווער זשאַלעוועט עס אַ ביסל וואַסער?

בויטרע ענטפערט ניט, רוקט זיך אָפּ און זעצט זיך צו באַ אַ קויך. די קרעטשמאַרעס גייען אָפּ הינטערן וואַלד. די אַנגעשיקערטע פאַלן אויף דער ערד, ווערן אַנשלאָפן.

י י ש ו ו ו נ י ק מ י ט ן צ י ג ע נ ע ם ב ע ר ד ל (בעט זיך אויס אויף דר׳ערד צום שלאָפן). הער, כאַיִם, אַזוי לעבט מען ניט! אַזוי וועסטו, כאַס־וועשאָלעם, אומקומען. אַ מענטש דאַרף צו עמעצן צושטיין. נו יאָ, וואָס זאָלסטו, נעבעך, טאָן? האָסט דאָך קיין אַנדער ברירע ניט. אָבער מיט די עטלעכע האַלעדראַנצעס דײַנע וואָס וועסטו מאַכן? אַדעראַבע, האָסט געדאַרפט ניט אײַנרײַסן מיט די יישוווניקעס. זיי זײַנען אויך נאַווענאַד, ווי דו! און צוזאַמען, כ׳וויים! אַוועקפאָרן אין וואַלין... (עס שרײַט אַ נאַכט־פויגל.) וועסט עפּשער זיך דאָרטן ערגעץ צושרײַבן.

ב ו י ט ר ע. איך בעט באַ קיינעם קיין אייצעס ניט, רעב ייִד!

י י ש ו ו ו נ י ק מ י ט ן צ י ג ע נ ע ם ב ע ר ד ל. אָבער אַליין לעבט מען ניט. (עס שרײַט דער נאַכט־פויגל.) אַליין לעבט אַ סיטש, דו הערסט? ער זיצט אויפן בוים מיט די אָפענע אויגן אין דער פינצטער און שילט די וועלט.

ב ו י ט ר ע. אָבער ער הארגעט אויך אַליין!.. אַ בייזער יאָר!.. איך האָב געזען.

עס ווערט שטיל. אַלע שלאָפן אײַן. בויטרע שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן קויך און בלײַבט זיצן אַ לענגערע צײַט.

ב ו י ט ר ע (זינגט).

וועלדער שטייען באַ די זײַטן,
סאָסנעס און יעלן —
אויף די שליאַכן קלאָגן ייִנגעלעך
אין לאַנגע שינעלן.

פייגל זיצן אין די צווײַגן,
נאָר עס זינגט ניט קיינער —
באַ די וועגן ליגן אומעטום
די רעקרוטסקע ביינער.

וועסט מיך, דושעניע, ניט אָפּהאַלטן,
מעגסט מיר זײַן ווי טײַער —
וואָס דער בויטרע וועט ניט מיט די הענט,
וועט אַוועקגיין מיט פײַער.

וועלדער שטייען באַ די זײַטן,
ווי די גרינע איידעס, —
אַ טאַרע־ברעט וועט מען אַרײַנטראָגן
צו דעם פּאַרנעס־כוידעש.

[1] וגם ליתום וגם לדל — סײַ דעם יאָסעם, סײַ דעם אָרעמאַן.

לעמעלע פוט לויפט אריין.

לעמעלע פוט. ארן־וואָלפס פורן פלאַקס קומען אָן מיטן שווארצן גאַשטשינעץ.
בויטרע. יאָ.

ביידע אָפּ. עס טאָגט. די קלעזמאָרים קומען אריין, שיקערלעך.

ניסן. שעוועך, אָט־אָ שלאָפט מען, מיר זיינען שוין, מיסטאמע, געקומען אהיים.
שעוועך. אויב אהיים, טאָ פארוואס שילט מיך ניט דאָס ווייב?
ניסן. הערסט, ער ווייסט ניט פארוואָס? ווייל דו ביסט היינט געקומען ניכטער.
שעוועך (זינגט). האָישע מאָרעס כייע־זלאטע — א רוך אין דיין טאטנס טאטע. (אָן א ניגן.) דאָס דרושפען די יישוווניקעס.

מיירים.

און ווו עס טוט א פידעלע א יענטש
אפן קאָל,
און ווו עס טוט פון שלאָף א פויק א טערעבענטש,
און ווו עס טוט א קלאָג א פייפיאָל...

אלע.

דער שיקער בא דעם קווערטל, דער קרעטשמער בא דער פאס,
יעקל מיטן פידל, בערל מיטן באס.

יעקל. דריי מעסלעס שיקערן — דאָס איז ניט פאר מיינע קויכעס. יידן, איכ'ל פון דעם בראנפן קריגן די דער.
שעוועך. יעקל, האלעמיי טרינקסטו? איין אוינעס!
יעקל. איך טרינק? אָט זי טרינקט. (ווייזט אפן פידעלע.) וואס זשע מיינסטו, א פידעלע — דאָס איז דיין טשוקאלניק? טוכטש־טאראבוכטש! שעוועך, א פידעלע האָט האָלט א ביסל בראנפן.
ניסן. היינט וואס זאָל שוין זאָגן א פייפיאָל?
יעקל. א פייפיאָל? א פייפיאָל דארף האָבן זייער ווייניק: א האלב קווערטל איז איבערן קאָפּ. א פייפיאָל, וויבאלד דו בלאָזט, בלאָזטו דאָך שוין אריין דיינע מענטשלעכע געדאנקען וועדרואך עלויהים. אָבער א פידעלע ארבעטסטו נאָר מיט די הענט. א האק שפילט? ס'איז דאָך פיר סטרונעס מיט א האָלץ, און דו דארפסט מאכן דערפון, אז עס זאָל כאפן באם הארצן. איר הערט, קעראָשים, אָן דעם גוטן קאָפּ וועסטו מיט א פידעלע ניט דורכקומען.
שעוועך. נעמט צו בא מיר דאָס ווייב, וועל איך אייך שפילן אפילע אף א פלאָקן.
מיירים. און אָט, אז איך דארף שפילן אפן גאָרגל? דאָס, בארעך־האשעם, פארשטייט איר ניט, אז א מארשאלעק איז שווערער פון אלץ.
יעקל. א האָן שפילט אויך אפן גאָרגל.
בערל באס. שיקורים, צו אלדי שווארציאָר! איר'ט האקן א ביסל גיכער צי ניט? מיר האָבן פארבלאָנדזשעט.
יעקל. א קלעזמער האָט ניט קיין אוילעמהאבע. ער לעבט נאָר צוליב שפילן, און אויב עס איז אים א שאָד צו שטארבן, איז עס נאָר דערפאר, וואס ער דארף זיך געזעגענען מיט דער קיילע.
בערל באס. נו, גיי שוין, קערעש, מירן נאָך פארשפעטיקן צו דער כאסענע.
ניסן (זינגט). און ווער וועט קומען צו רעב ארן־וואָלפן אף דער כאסענע?
מיירים. און ווער וועט קומען צו רעב ארן־וואָלפן אף דער כאסענע?



ערשטע יידענע

דער ראָוו מיט דעם בעלעמער,
די קראָמען מיט די קרעמער,
דער שול־הויף און די באָד,
דער שויכעט מיט דעם כאלעף,
דער שאבעס מיט די כאלע,
דער ברונעם און די ראָד.

אלע. דער שיקער מיט דעם קווערטל, דער קרעטשמער מיט דער פאס,
יעקל מיטן פידל, בערל מיט דעם באס.

בויטרע שפרינגט אריין אין וואלד א פארסמאליעטער. עס טראָגט פון אים רויך.

בויטרע. ווער זײַט איר? (די קלעזמאָרים, איבערגעשראָקענע, רוקן זיך אײנע צו די אנדערע.)

יעקל. מיר זײַנען קלעזמאָרים. מיר גייען פון א באל בא די זשעליכאָוועצקיס... זײַט מויכל, און ווער זײַט איר?

בויטרע. בויטרע.

אלע. איַי!

יעקל אנטלויפט און באהאלט זיך הינטער די קלעזמאָרים. זיי שטייען אלע און ציטערן.

בויטרע. און וווּהין גייט איר?

מײַרים. מיר דארפן באַווײַזן אף ארן־וואָלפס כאסענע פון דער טאָכטער. בא די זשעליכאָוועצקיס האָט מען אײַנגעגראָבן אין דער ערד קויפן בראנפן, ווי קרעניצעס, האָט מען, באָרעד־האשעם, געזופט פון איטלעכער קרעניצע, און איצטער, ווי איר זעט, דרייט מען זיך ארום, מע קאָן אהיים ניט דערגיין.

בויטרע. הײַנט איז די כאסענע?

אלע. הײַנט.

בויטרע. דו, גיב אהער דײַן פויק! (נעמט אראָפּ פון שעועכן דעם פויק און טוט אים אָן אף זיך.) ווי קלאפט מען? אָט אזוי? איך גיי מיט אײַך אף דער כאסענע.

מײַרים. מיר זײַנען אָרעמע קלעזמאָרים. וואָס ווילט איר האָבן?

בויטרע. דער צונג צווישן די ציינער! א בייזער יאָר! שווײַגן אף דער כאסענע און הערן, וואָס איך זאָג!

שעועך. בויטרע, האָט ראכמאָנעס, איכ'ל אײַך ניט געבן דעם פויק. איך קאָן ניט. וואָס וועל איך טאָן א גאנצע נאכט אָן דעם פויק? א קלעזמער האָט מעשוגן בלוט. האָט ראכמאָנעס. נעמט עפּשער בא בערלען דעם באס!

בערל. אָקס! איכ'ל דיר באלד געבן א באס, וועט דיר ווערן קאלט און נאס.

שעועך. האָט ראכמאָנעס! מײַן ווײַב טרײַבט מיך פון שטוב. איך קאָן ניט אָן דעם פויק.

לינקס באַווײַזט זיך א שטאַרקער רויך. דער הימל ווערט רויט. אלע קערעווען זיך אויס אהין. לעמעלע פּוט, אויך א פּארסמאליעטער, קומט ארײַן.

מײַרים (טוט א געשריי). סע ברענט!

ייִשוווניק מיטן ציגענעם בערדל (כאפּט זיך אוף פון שלאָף). ייִדן, סע ברענט די שטאָט!

הויכער קרעטשמער (שפּרינגט אוף). סע ברענט די שטאָט? וווּ? א שטראָף פון גאָט פאר רוידעפן די ייִשוווניקעס.

ערשטע ייִדענע. וווּ ברענט? ווער ברענט? שמוליע, ראטעווע דאָס בעטגעוואנט! ער איז שיקער! וווּ זײַנען די קינדער?

די קרעטשמארעס שפּרינגען אוף, מע לויפט איבערגעשראָקענע איבערן וואלד. אנדערע נעמען זיך פּאקן.

לעמעלע פּוט. סע ברענען ארן־וואָלפס פורן פלאקס אפן שווארצן גאָשטשינעץ.

פאָרהאנג פאלט.

## דריט בילד

א כאסענע באם פּארנעס־כוידעש אין שטוב. דער אייגענער צימער, וואָס אין ערשטן בילד. א טיש פאר מאנצבלען. א טיש פאר ווײַבער. די קאלע זיצט אונטערן שלייער. דער מאָהילנער ראָוו און דער כאָסן יאָסעלע — באם מאנצבלשן טיש אויבנאָן. אין ווינקל זיצט בויטרע מיטן פויק צווישן די איבערגעשראָקענע קלעזמאָרים. אין אָפענעם גרויסן פענצטער פון דרויסן שטופּן זיך אָרעמעלײַט, דער קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ, דער געלער קרעטשמער. לעמעלע פּוט שטייט די גאנצע צײַט אין פענצטער. די מעכוטאָנים עסן און טרינקען.

א יונגער מעכוטן מיט א זײַדן טיכל אפן האלדז. מוישע־כאַיִם, וואָס איז מיט דיר? קאָנסט דאָך ניט בעמען קיין ביסל, פּע!

מאָהילנער ראָוו. לעכאַיִם! מעכוטאָנים, מע זאל טרינקען אף סימכעס!

מעכוטאָנים. לעכאַיִם, לעכאַיִם!

באַוואקסענער אָרעמאן, וואָס באלעקט זיך (אין פענצטער). דער פּארנעס־כוידעש מאכט כאסענע א טאָכטער, און מע גרייט ניט קיין טישן פאר אָרעמעלײַט... א בושע און א כארפּע! סע ווילט זיך א שטיקל העכט!

מאהילנער ראָוו. וואָס זײַט איר אזוי פארהאָוועט, מעכוטן? נעמט, זעצט זיך צו! אויב עס האָט געטראָפן, כאָס־וועשאָלעם, א סיבע מיט דעם אויסשטײַער, האָט נאָך רעב ארן־וואָלף דער פארנעס־כוידעש נעמאָנעס.

רעב ארן־וואָלף. מעכוטן, מאהילנער ראָוו! מײַנע קינדער, האָף איך, וועלן, באָרעך־האשעם, האָבן אָף זייער אויסקומעניש.

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ (אין פענצטער). די יִשוּווניקעס בידעווען אין די וועלדער, און דאָ פּראָוועט מען גאָר כאַסענעס. נישקאָשע, מע וועט נאָך אַלע אַרײַן אין שטאָט צוזאַמען מיט בויטרען און מע וועט ברענען און צינדן!

קאַלמען גיטעלעס. וואָס איז עס פאר א ייִד א יִשוּוניק? וויאזוי איז ער אַרײַן אין שטאָט?

געלער קרעטשמער (אין פענצטער). מערדערס, מע דאַרף דאָך אײַך שינדן פּאַסנווײַז.

רעב ארן־וואָלף. כאַנטשע! ווו איז כאַנטשע? ער איז נאָך גאַרניט צוריקגעקומען? האַ־לעמײַ גיט ער ניט אכטונג!

מעכוטן מוישע־כאַים. כאַסן, זאָלסט זײַן א מענטש!

יונגער מעכוטן מיטן זײַדענעם טיכל אפן האלדז. געדענק, יאָסעלע, א ווײַב איז רייכאַים אַל צאַוואָרוי[1].

מעכוטן מוישע־כאַים. יאָסעלע, זאָלסט געבן דײַן אישע מעזוינעס און האַלבאָשע, דו הערסט! (מעכוטאָנים לאַכן.)

אָרעמאַן מיט דער פארבונדענער באַק (אָף יענער זײַט פענצטער). האַלט זיך ווי מענטשן, א בייזער יאָר אָף אײַך! ס'איז דאָך ניט שייך! זײַט מוילכל, מעכוטן, עפּשער וועט איר מיר געבן אָט דאָס שטיקעלע לעקעך. אָט א־דאָס, יאָ!

רעב ארן־וואָלף. כאַנטשע, לעמײַ לאָזט ער אַרײַן די אַלע שנאָרערס אין הויף?!

דער באַוואַקסענער אָרעמאַן. ייִד, גיט א שנאַפּס, ס'איז מיר טרוקן אין גומען.

הילע מאַלווע (זיצט די גאַנצע צײַט פון דער כאַסענע און טונקט לעקעך אין בראַנפן). כאַצעף! סע נעמט זיי גאַרניט די קאַפּאָרע.

קאַלמען גיטעלעס. גענוג אײַך שוין צו קײַען, הילע. עס איז דאָך א שאַנדע פאר לײַטן. סע קומט דאָך אויס, ווי איר האָט שוין עטלעכע טעג קיין ביסן אין מויל ניט געהאַט.

הילע מאַלווע. און אז פון אײַך, רעב קאַלמען, טראָגט מיט קאַטוך, איז בעסער! טוט אַמאָל א שמייכל. ווי איז עס א ייִד אזא מאַרעשכוירע? וואָס האָט איר צו דער וועלט? א ייִד ראַק ער קוואַקעט. (טונקט אײַן א שטיקל לעקעך און קײַט ווײַטער.)

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. מעכוטאָנים, סע זאָל אײַך דונערן אין די ציינער, איר זאָלט מײַנען, איר צײלט געלט.

רעב ארן־וואָלף (לויפט ארום). איי, כאַנטשע, ווו איז ער?

מעכוטן מוישע־כאַים. לעכאַים, קאַלע! דער אייבערשטער זאָל געבן, דו זאָלסט ווערן אין א גוטער שאָ ניסגאַלע! (מעכוטאָנים לאַכן.)

מעכוטן מיטן זײַדענעם טיכל. הער, מוישע־כאַים, ביסט דאָך דער עמעסער באַדכן! גיס אָן, גיס אָן! וואָס איז עס מיט די קלעזמאָרים? מאַרשאַלעק, וואָס שווײַגסטו? קלעז־מאָרים, איר זיצט דאָך עפּעס הײַנט ווי די געליימטע.

רעב ארן־וואָלף. קלעזמאָרים, נו?! וואָס טראַכט איר זיך? א פריילעכס! עס איז בא מיר א סימכע צי ניט? ווו איז עס אײַער שעוועכקע?

יעקל (צו מײַרימען). קערעש, וועגן טשוקאַלניק רייד פון ביבראַלניק!

מײַרים. שעוועך איז עפּעס ניט בעקאָוו־האַבריִע, מיר האָבן דאָ גענומען אָנשטאָט אים א יונגן קלעזמער.

רעב ארן־וואָלף. וואָס קוקט ער אזוי, דער נײַער. קלעזמער? עפּעס פונקט ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אים געווען שולדיק. (צו בויטרען.) דו ביסט שטום, באָכער?

בויטרע. איך בין שטום.

רעב ארן־וואָלף. ווו האָסטו דאָס אויסגעפונען אזא קלעזמער! א יונגערמאַנטשיק, אָן אַנט־לאָפענער, מיסטאַמע, ערגעץ פון א קעהילע. כאַנטשע! ווו איז כאַנטשע? (לויפט צו די מעכוטאָנים.) מעכוטאָנים, וואָס כאַלעמט איר? נעמט עפּעס אין מויל. אזא סימכע!

באַוואַקסענער אָרעמאַן. מעכוטן, גיט כאָטש פאר אַלע אָרעמעלײַט אײַן געבראָטענע גאַנדז. סע ווילט זיך קײַען.

אָרעמאַן מיט דער פארבונדענער באַק (אָף יענער זײַט פענצטער). גראָבע־

[1] ריחים על צוארוי — מילשטיינער אפן האלדז.

יונגען, וואָס איז דאָ בא אײַך — א העקדעש? מע טאָר דאָך אײַך אין א יִדישער שטוב ניט אַרײַנלאָזן! (צו א מעכוטענעסטע.) יִדענע, גיט עפּעס, איך האָב שוין דרײַ טעג אין מויל ניט געהאַט, אַף מײַן וואָרט.

**מעכוטאָנים.** שאַט! שאַט!

**בויטרע** (צו די קלעזמאָרים). שפּילט!

די קלעזמאָרים הייבן אָן שפּילן עפּעס א שרעקלעך פינצטערע מעלאָדיע. מײַרים זינגט צו הייזעריקלעך, מאַכנדיק פאַרשיידענע האַווײַעס. די מעכוטאָנים ווערן שטיל. עס דערהערט זיך א געוויין באַם ווײַבערשן טיש.

**הילע מאַלווע.** וואָס איז עס פאַר א ניגן? הערט אויף! הערט אויף!

**מעכוטן מיטן זײַדענעם טיכל.** ניט ווי אַף א סימכע, נאָר, ראַכמאָנע ליצלאָן, ווי אַף עפּעס א באַגרעבעניש. הערט אויף! די ווײַבער וויינען.

**רעב אַרן־וואָלף.** וואָס איז עס פאַר אן אָנשיקעניש? איר זײַט שיקער?

די קלעזמאָרים הערן ניט אויף. זיי שפּילן און ציטערן. מיטאַמאָל דערהערט זיך א געשריי פון א יִדענע אין פענצטער, און דאָס שפּילן רײַסט זיך פּלוצלינג אָפּ.

**יִדענע אין פענצטער.** וואָס זיצט איר דאָ אַף סימכעס? מײַן ראַכמיִעלן האָט מען דאָך באַראַבעוועט אין קרעווער וואַלד. ער איז די גאַנצע נאַכט געלעגן געבונדן. אוי, איך האָב אים ניט מיט וואָס צו אָטכײַען.

**מעכוטאָנים.** ווו? וואָס? וואָס רעדט זי? ווען האָט מען אים באַראַבעוועט?

**קאַלמען גיטעלעס** (שפּרינגט אויף). אײַ, מײַנע אויפּעס! איך בין בעדיל־האַדאָל געוואָרן! ס'א ליגן! קיינער האָט אים ניט באַראַבעוועט! ראַכמיִעלקע איז וואָס אין דער קאָרט! וואָס שווײַגט מען די יִשוּוויניקעס? (לויפט ארויס.)

**מאָהילנער ראָוו.** די יִשוּוויניקעס, ראַכמאָנע ליצלאָן?

**מעכוטן מוישע־כאַיִם.** ניין, גאָט בעוואָר, בויטרע!

**רעב אַרן־וואָלף.** מעכוטאָנים, פאַרשטערט ניט די סימכע! מעכוטאָנים, מעסאַמייעך זײַן כאָסן ווענקאַלע איז איינע פון די גרעסטע מיצוועס! הײַנטיקע צײַטן קאָן אַלץ טרעפן, און קאַלמען גיטעלעס איז ניט בעסער פון אַנדערע. לעכאַיִם, מעכוטאָנים! עס איז די כאַסענע פון מײַן איינציקער טאָכטער, און א געראָטענע טאָכטער. נעמט, קרויווים, מעכוטאָנים! נעמט צו ביסלעך! און וואָס איז מיט די קלעזמאָרים? אַף די פּריצישע בעלער זײַט איר זיך אויך אַזוי נויהעג? מאַר־שאַלעק, באַווײַז עפּעס פון די פּריצישע בעלער!

**מעכוטן מיטן זײַדענעם טיכל.** די קלעזמאָרים זײַנען עפּעס הײַנט גאָר ניט, ווי קיין קלעזמאָרים.

**הילע מאַלווע.** וואָס אַרט עס זיי, אַז זיי ווען פאַרשטערן א כאַסענע? ס'איז דאָך כצופּים!

**מעכוטן מוישע־כאַיִם.** נו, קלעזמאָרים, זאָגט עפּעס!

**מײַרים** (הייבט זיך אויף, גייט ארויס אינמיטן צימער, דרייט איבער דאָס היטל אַף דער לינקער זײַט, פאַרוואַרפט א פּאָלע פון דער קאַפּאָטע איבערן אַקסל). דאָס פאַרשטעל איך זיך! מעכוטאָנים, זײַט שטיל, און איך וועל אײַך קוידעמקאָל דערציילן א מײַסע נוירע וועגן דעם מיי־לעך פון די כײַעס, דעם לייב, וואָס האָט געפירט צו דער כופּע זײַן טאָכטער, א געראָטענע טאָכטער.

**הילע מאַלווע.** שאַט, שאַט, מײַרימקע וועט, קוידעמקאָל, דערציילן א מײַסע!

**מעכוטן מוישע־כאַיִם.** שטיל זאָל זײַן! מע הערט דאָך שוין ניט ארויס קיין וואָרט!

**מײַרים.** אַז דער מיילעך פון די כײַעס — דער לייב — האָט געדאַרפט כאַסענע מאַכן זײַן טאָכטער, האָט ער פאַרבעטן צו דער סימכע אַלע כײַעס און פייגל פון וואַלד. א כאַסענע האָט ער אָנגעגרייט קעיאַד האַמעלעך: פישן און פליישן וועקאָל מאַטאַמים. אַלעמען האָט דער מיילעך פאַר־בעטן צו דער סימכע, נאָר איינעם האָט ער ניט פאַרבעטן — דעם בידנעם וואָלף, מאַכמעס מע האָט דעם מיילעך אָנגערעדט, אַז דער וואָלף גייט, קלוימערשט, אויס נאָך זײַן טאָכטער, די יעפאַס־טויאַר. מאַמעש נאַפשוי קשורא בענאַפשאָ[1]. און דאָס איז ניט שיין פאַר א לייב, אַז זײַן טאָכטער זאָל ניט נעמען פאַר איר באַשערטן א מאַן אויך א לייב, א מיילעך בען מיילעך. וואָס טוט אָבער דער בידנער וואָלף? האָט ער זיך פאַרשטעלט אין א פרעמדער פעל און איז אויך געקומען צו דער סימכע. מע קײַקלט ארויס די קויפן בראַנפן. א טיש פאַר מאַנצבל — זיצן די לייבן, די בערן, די לעמפּערטן און די אַנדערע סאָרטן כײַעס. א טיש פאַר ווײַבער — זיצן די אַלע פייגל און די אויפעס, די ראַבע הון און די קוואָקע, דער אויערהאָן, די פלעדערמויז און די באַס־האַיאַנײַנע[2];

[1] נפשו קשורה בנפשה — געמיינט: איין גוף, איין נעשאָמע; [2] בת־היענה — דער שטרויס.

הייבן אוף די לייבן די גרויסע קויסעס, פאַרקאַשערן די בערד און שרייַען: לעכאַים, מעכוטן! די בערן זיצן אין די פעלצן, טונקען דעם לעקעך אין בראַנפן און בורטשען: לעכאַים דיר, קאַלע! אַלע זייַנען זיי זיך מעסאַמייעך, אַפילע די ציגן, אַפילע די בעק, אַפילע די כאַזיירים פון דער בלאָטע, און קיינעם גייט ניט אָן דער וואָלף, וואָס זיצט אַליין אין אַ ווינקל און ס'איז אים, נעבעך, פינצטער און ביטער. נאָר איינער, דער זינגפויגל, דער סאָלאָווײ, איז געזעסן אַף אַ צווייַג און האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט טרערן, ער האָט געזונגען וועגן דעם בידנעם מאַזל פון וואָלף. איַי, איַי, איַי!.. פאַרוואָס איז ניטאָ קיין יוישער אַף דער וועלט?.. פאַרוואָס?

מעכוטן מוישע־כאַיִם (שרייַט). וואָס איז דאָס פאַר אַ פלוידערייַ? סע קלעפּט, באָרעך־האַשעם, ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

מעכוטן מיטן זייַדענעם טיכל. אַז דאָס איז שיקער, ניט דאָ געדאַכט, אייביק שיקער!

מייַרים. לאָזט, לאָזט! איצטער וועל איך שוין פון די פריצישע בעלער, איצטער וועל איך אייַך אויסזינגען אַ שיר פון דעם דייַטשישן מעשוירער שילער, אַ מעקורעוו צו דעם דייַטשישן מאַלכוס. דאָס איז האַפּליי־וואָפּעלע מיט אַ גרויסן מוסער־האַסקל, וואָס אַ מענטש דאַרף זיך דערפון אָפּלערנען.

מעכוטן מוישע־כאַיִם. אַף וואָס פאַר אַ לאָשן? אַף דייַטשיש? אַף לאָשן אַשקענאַז? אַף דעם בייַער לאָשן? גוט?

מעכוטאָנים. שאַט, שאַט, ווייַבער, לאָזט הערן!

מעכוטן מיטן זייַדענעם טיכל. מע זאָגט, מייַרים, אַז דו קוקסט אַרייַן אויך אין מענאַשקע אילערס „שעקל־האַקוידעש". ס'איז עמעס צי ניט?

מייַרים. דער שיר הייסט „זענזוכט" — דאָס איז דער טייַטש בענקעניש, וואָס אַ מענטש בענקט (זינגט):

אַך, אויס דיזעס טאַלעס גרונטן,
די דער קאַלטע נעפּל דריקט,
קענט איך דאָך דען אויסגאַנג פינדן,
אַך, ווי פילט איך מיר באַגליקט!
דאָרט דערבליק איך שיינע היגל,
אייביק יונג און אייביק גרין,
העט איך שווינגען, העט איך פליגל,
נאָך די היגלען צי איך אַהין!
האַרמאָניען הער איך קלינגען,
טענער זיסער הימל־רו,
און די לייַכטע ווינטן ברענגען
מיר דעם דיפטע באַלזאַם צו.

מעכוטן מיטן זייַדענעם טיכל. טיף, זייער טיף! דאָ איז פאַראַן מאָראַל אַ סאַך!

מעכוטן מוישע־כאַיִם. אַ מייַדים אַ ייִד!

מעכוטן. וואָס רעדט איר? ער איז דאָך אַ גראָטענע קיילע, נאָר אַ פּוסטע זאַך.

הילע מאַלווע. די פריצים ווייסן, וואָס אוילעמהאַזע איז!

מייַרים (זעצט זיך צו צוריק צו בויטרען). וואָס העלפט, אַז מע איז, באָרעך־האַשעם, אַין געפענקעניש (בויטרע גיט אַף אים אַ קוק, ער בלייַבט פאַרציטערט).

מאָהילנער ראָוו. מעכוטאָנים, און איצט וועט דער כאָסן ווייַזן, וואָס ער קען. קעדיי מעסאַמייעך צו זייַן דעם אוילעם, וועט דער כאָסן זאָגן אַ שטיקל כילעק מעיִניאָני דעיוימאָ[1], נו, יאָסעלע!

מעכוטן מוישע־כאַיִם. נו, כאָסן, ווייַז, וואָס דו קענסט!

ערשטע ייִדענע פונעם ווייַבערשן טיש. נו, וואָס זשע ווילט איר, דאָס ערשטע מאָל צווישן מענטשן.

מייַרים מאַרשאַלעק. האַכאָסן האָראָוו האַגאָען רעב יאָסעלע בען האָראָוו האַגאָען רעב אָשער מאָרע דעאַסרע דעקאַק מאָהילנע[2] וועט זאָגן אַ שטיקל טוירע!

מעכוטאָנים. שאַט, שאַט, לאָזט הערן!

יאָסעלע (מיט אַ געמאַרע־ניגן). רוּוון סאָכאַר פּאָסעסיע מעהאָרזשאָנטשע פּאַטשאָטשע שעל

---

[1] חילוק מעניני דיומא — דאָ: אַ דראָשע אַף אַן אַקטועלער טעמע; [2] מרי דאתרא דק׳ק מאָהילנע — דער היגער ראָוו פון דער הייליקער קעהילע מאָהילנע.

האָדן, לעמאָשל, זשעליכאָוועצקי, בעקאָנטראקט קיינימוס אל גימל שאָנים. רוון האָט געדונגען א פּאָסעסיע פון דעם רזשאָנטשע פּאטשאָטשע, פון דעם פּאָרעץ, לעמאָשל, זשעליכאָוועצקי, אף א קאָנטראקט, ווי דער שטייגער איז, אף דריַ יאָר. וואיאָווי שימען וועלאָקאָך עס האָייסעק האוע, עס האפּאָסעסיע מעהארזשאָנטשע פּאטשאָטשע שעל האָאדן זשעליכאָוועצקי, קעדוימע לעמאָשל, איז געקומען שימען און האָט צוגענומען דיזן אייסעק, די פּאָסעסיע, פון דעם רזשאָנטשע פּאטשאָ־טשע פון דעם פּאָרעץ זשעליכאָוועצקי, קעדוימע לעמאָשל...

**ערשטער דיַען.** מאָסויק מידוואש!

**מעכוטן מוישע־כאיִם.** מע זעט גליַיך, אז דאָס וואקסט דער שיינער סויכער.

**א יִידענע.** דאָס וועט זיַין דער גרויסער פּאָדריאַדטשיק אין די הונדערטער טויזנטער.

**יאָסעלע.** וועטויען שימען, שימען טיַיגעט, שעבאָ הארזשאָנטשע פּאטשאָטשע וועיאָמאר, אז ס'איז געקומען צו אים דער רזשאָנטשע פּאטשאָטשע און געזאָגט: שעיין רוון רויצע לעהאכזיק אל לעהאבאָ, אז רוון וויל ניט האלטן די פּאָסעסיע אף וויַיטער. וועגאָמארטי איטוי, האָב איך מיט אים געמאכט דעם געשעפט, וועניאָסאטי לוי אופגאָב, און איך האָב אים געגעבן אן אופגאָב, וועקיבאלטי מימענו צעטל, און איך האָב באקומען פון אים א צעטל.

**א מעכוטן.** איַי, א געראָטענע זאך! ער ווייסט שוין, אז מע דארף נעמען א צעטל.

**מאָהילנער ראָוו.** וואָס רעדט איר? מיַין יאָסעלע...

**א יִידענע.** איַי, דער קאָל האטוירע, דער קאָל האטוירע, וואָס צעגיסט זיך איבער אלע גלידער ווי ריינער בוימל.

**יאָסעלע.** וועהויסאָ בעדיַיטיינו, און עס איז שוין געווען אפילע אין אונדזער דייע, לינ־סויא, לעמאָשל, לעבאָברויסק, צו פּאָרן, לעמאָשל, קיין באָברויסק, לאָסויס קאָנטראקט, צו מאכן א קאָנטראקט, איז ווי איז דער דין, מוירייַ וועראבויסיַי, צי איז טאקע שימען מאסיג געווּל רהווע־נען, צי איז שימען ניט מאסיג געווּל רהווענען?

די קאלע שפּיַיט אויס. די וויַיבער פון זייער טיש באמערקן עס, מע הייבט זיך אָן שושקען.

**יִידענע אין צירונג** (שטילערהייט). אז מע האָט געלאָזט פּארזיצן א מיידל, וואָס קאָן שוין זיַין פאר א גוטס?

**אלע.** אן אילוי!

**מעכוטן מוישע־כאיִם.** אן אָפענער קאָפּ!

**ערשטער דיַען.** דאָס איז טוירע און מיסכער בעמאָקעם עכאָד.

**דער באוואקסענער אָרעמאן** (אין פענצטער). ווען וועט מען שוין דערלאנגען די געהאקטע לעבערלעך מיט שמאלץ און מיט די גראָבע שטיקער גריוון פון אויבן? באלעבאטים, וויפל איז דער שיר צו ווארטן, זאָל מען שוין שטעלן די כופּע.

עס עפנט זיך די טיר און ס'גייען אריַין **זימל שריַיבער** מיט **צוויי פורמאנעס.** די פורמאנעס זיַינען פארסמאליעט, איַינגעריכט אין סאזשע.

**רעב ארן־וואָלף.** הא, וואָס? די פלאקס? איך זע! איַי!.. (כאפּט זיך פארן קאָפּ.) רעדט מיר ניט! זאָגט ניט! איך פארשטיי, איך פארשטיי!

**ביילע** (ברעכט די הענט). איַי! די פלאקס?

**רעב ארן־וואָלף** (שריַיט). עס איז בא מיר א סימכע. וואָס זיַיט איר געקומען? ווער בעט איַיך? איך דארף ניט קיין פלאקס! איך דארף ניט קיין ליַיב־און־לעבן! גיי מיט די פורמאנעס, זימל! גיי פונדאנען! (ער שטויסט זיי ארויס.)

**בויטרע.** כא־כא־כא! (אלע קוקן זיך אף אים ארום. א וויַילע א טויטע שטילקיַיט.)

**רעב ארן־וואָלף.** איך וועל ניט דערלאָזן קיין טקיפעס פון גראָבע־יונגען! איצטער איז בא מיר א סימכע! כאָנטשע!.. ווו איז כאָנטשע? זאָל ער ארויסקיַיקלען אפן הויף א קויף בראנפן פאר די אָרעמעליַיט. ביילע, שטעל ארויס אפן טיש די זילבערנע קיילים, די פּאָרצעליַיענע געשיר! עס איז בא מיר א סימכע צי ניט? מעכוטאָנים, וואָס שוויַיגט איר? לעכאיִם! (ער טרינקט אויס, קיינער טרינקט ניט מיט.) וואָס איז? איך טרינק אליין? פארוואָס שפּילן ניט די קלעזמאָרים? אזא סימכע, אזא סימכע! (מאכט זיך פריילעך.) מוישע־כאיִם, וואָס איז עס מיט דיר? העלף אונטער! (זינגט.) האָראכמאָן האניסגאָוו, האָראכמאָן האניסגאָוו יִיסבאָרייך ווייִיסאלע. אל קויס יאִין מאָליי, אל קויס יאִין מאָליי, אל קויס יאִין מאָליי קעווירקאס אדוישעם[1].

**מעכוטאָנים.** א גרוילי!

---

[1] הרחמן הנשגב... — א טיש־געזאנג.

— איַי, א כאַסענע!

— דאָס הארץ זאָגט עפּעס ניט אף גוטס. (ביסלעכווייַז הייבן אלע אָן מיטזינגען.)

אלע. אל קויס יאַין מאָליי קעווירקאס אדוישעם!

רעב ארן־וואָלף. לעבעדיקער! לעבעדיקער! פרייליכער! הילקע, מירן גיין א טענצל! הילקע! (כאַפּט ארום הילע מאלווע און פּרוּווט מיט אים טאנצן.)

הילע מאלווע. לאָז, ארן־וואָלף! לאָז אָפּ! בא מיר איז, ניט פאר דיר געדאכט, דער גילדענער אָדער.

רעב ארן־וואָלף. אזא סימכע! אזא סימכע! (טאנצט אליין, שפּרינגט ווי א באָק, אלע פּאַטשן מיט די הענט.)

אוי, מעכוטן, האָפּינקע!
מיט די פיס א טאָפּינקע!
מיט די הענט א מאכינקע!
מיטן מויל א לאכינקע!

געלער קרעטשמער (אין פענצטער). כאַזער, האָסט געלט? זײַ מײַן מעכוטן! הוליעט, הוליעט ביז אין קייווער אריַין!

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ (אין פענצטער). נעמט א גראָז, וואָס הייסט בליאָקעץ, און לייגט עס ארוף אף הייסע קוילן, וועט איר קריגן בויכווייטעק!

רעב ארן־וואָלף. וואָס איז עס פאר אן אָנשיקעניש? וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אף מיר די קרעטשמארעס? אוועק פונדאנען. טרייפענע ביינער! ווי זײַנען זיי ארײַן אין שטאָט? דער אסעסער צו אלדי שווארצע יאָר! כאָנטשע! ווו איז ער דאָ מיר פארפאלן געוואָרן? ער האָט דאָך געדארפט קומען צו דער כאסענע! כאָנטשע!

יונגער מעכוטן מיטן זײַדענעם טיכל. די קרעטשמארעס פירן זיך אוף שוין טאקע צופיל!

לעמעלע פּוט (אין פענצטער). כאָנטשע איז שוין מער ניטאָ. נעכטן באנאכט האָט בויטרע אין קרעווער וואלד דערהארגעט כאָנטשע קאָט.

מעכוטן מוישע־כאַים. וואָס רעדט ער? אוועק פונדאנען, אויסוורף!

די קאלע סטערע טוט זיך א הייב פון אָרט, ווארפט אראָפּ דעם שלייער, זי לאָזט פאנאנדער אירע האָר.

מעכוטאָנים. איַי, וואָס טוט זי?

יידענע אין צירונג (פארברעכט די הענט). וויי צו די אויגן, וואָס זעען!.. וואָס טוט זי?

סטערע (גייט אראָפּ פון שטול, מיט א יאָמערלעכן רעטשיטאטיוו, בא אן אלגעמיינער טויטער שטילקייַט).

וויאזוי צעשיידן מיר זיך, מײַנע יונגע יאָר?
צוליב וועמען זאָל איך אָפּשערן אײַך — מײַנע האָר?
לאָזט מיך, כאוועֶרטעס, פון קאלע־שטול אראָפּ;
איכ׳ל באדעקן מיט אש דעם קאָפּ.

די שטערן האָבן זיך אין יאם געשטערנט,
די וואלן שלאָגן צום ברעג;
אן עמעס־וואָרט האָסטו מיר געגעבן: —
ווו ביסטו, מאן מײַנער, אוועק?!

בויטרע הייבט זיך אוף פון אָרט, ער נעמט זעצן אין פויק און גיין אף די מעכוטאָנים. דער אוילעם רוקט זיך אף צוריק, קוקט אף בויטרען מיט אויסגעגלאָצטע אויגן.

בויטרע. געַנוג! האָדי! כאסענעס וועט איר פראַוועון אן אנדערשמאָל! מארש, אט, דוואַ! אט, דוואַ! אָסאדי נאזאד!

סטערע. אָט דאָס איז ער!

מעכוטן. איַי, בויטרע!

לעמעלע פּוט שפּרינגט אריַין אין צימער, ס׳ווערט פינצטער.

א שטים. ווער האָט אויסגעלאָשן די פײַערן?
א שטים. ווו איז בויטרע? ווו?
רעב ארן־וואָלפס שטים. ווו איז ער? וואָס איז דאָ? איכ׳ל אויקער מין האשוירעש זײַן! ווו?
הילע מאלוועס שטים. אײַ, מע ראבעוועט! ראטויטע! ראטויטע!
א שטים פון א ייִדענע. מײַנע אָרלאנער פערל! ראטעוועט! ייִדן, ראטעוועט!

פאָרהאנג פאלט.

## פערט בילד

דער זעלבער צימער באם פארנעס־כוידעש אין שטוב. בעסדן און די שײַנע באלעבאטים פון שטאָט זיצן באם טיש. גײען ארום איבערן צימער. הילע מאלווע, קאלמען גיטעלעס. די קלעזמאָרים זיצן אין ווינקל, רעב ארן־וואָלף שטייט פארן אָרנקוידעש, בלייך; ער איז פאר דער צײַט גראָ געוואָרן. זימל שרײַבער זיצט באם טיש און מאכט טינט.

ראָוו (שטיל). בעסדן האָט גויזער־טאָנעס געוועזן, שאמאָסים זײַנען אוועק דורכקוקן די מע־זוזעס אין שטאָט. וואָס קאָן בעסדן נאָך טאָן?
יונגער מעכוטן מיטן זײַדענעם טיכל. ניט גוט, ניט גוט! און ווו איז זי, בא אים?
זימל שרײַבער. שאַ!.. רעדט ניט!
מײַרים (אין אן אנדער ווינקל). אז וואָס האָבן מיר געקאָנט מאכן? פיקועך־נעפעש. ווען מע שטייט צו מיט א מעסער צום האלדז, אף דעם, זעט איר, זײַנען מיר קיין בעריעס ניט.
מוישע־כאַים. כ׳ווייס, א וווּנק, א זאָג...
מײַרים. דאכט זיך, אז בלינדע האָבן אויך געקאָנט זען. צי אזוי זיצן קלעזמער אף א כאַ־סענע? עס האָט דאָך אף אונדז געציטערט די הויט.
ראָוו. ששש... שאַט... וואָס קאָנט איר דאָרט ניט דורכקומען?
יעקל. א קלעזמער ווייסט פון גאָרניט. ווער עס הייסט אים, יענעם שפילט ער. און וואָס מיינט איר, קלעזמערײַ איז נאָר א פארנאָסע? אז אָך און ווי איז צו אזא פארנאָסע. זעצט מיך אוועק אנטקעגן מאלעך־האמאָוועס, וועל איך ערשט שפילן. אָט דאָס איז קלעזמערײַ!
שעוועך. שטאָט זעט, אז שעוועכס פויק איז געקומען און שעוועך איז ניטאָ, איז א סימען, אז די כאסענע איז קיין כאסענע ניט. איך בין פינף און דרײַסיק יאָר קלעזמער.
בערל באס. וואָס האָט איר געוואָלט, אז מיר זאָלן לייגן דאָס לעבן? פאר וועמען? אָט איז בא מיר א קינד אוועקגעפאלן אף סקארלאטינע, האָט מיר ווער געהאָלפן?
זימל שרײַבער. ששש... קלעזמאָרים, שטילער א ביסל!
הילע מאלווע (זיצט און וויינט). מע האָט מיך איבערגעלאָזן אין איין העמד. ווו זאָל איך זיך ווענדן, ווו זאָל איך זיך קערן? ראָצכים! מערדערס! וואָס האָב איך וועמען געטאָן? צי האָב איך אמאָל אָנגערירט א פליג אף דער וואנט?


אָרעמאַן אף קוליעס

קאלמען גיטעלעס (גייט ארויס, ברעכט די הענט). אײַ, מײַנע אויפעס! ארן־וועלפקע, ארן־וועלפקע — ער האָט אונדז אומגעבראכט! אײַ, אײַ, אײַ.
ראָוו. וואָס איז עס פאר א רייד, רעב קאלמען? עס איז ניט שייך. (קוקט אפן וואנטזייגער.) שוין באלד מינכע־צײַט. און עפעס זעט מען ניט דעם פראָסטן האמוין. מע דארף זאָגן הײַנט טילים בעציבור. זיי מיינען, אפּאָנעם, אז צאָרעס־האקלאל איז ניט זייער צאָרע. און וואָס זיצסטו אזוי, נאָכעם?
יונגערמאן מיטן זײַדענעם טיכל. בא מיר איז א שוואך הארץ, ניט פאר אײַך געדאכט. א טאָנעס מאכט מיך אויס מענטש. (נעמט עפעס ארויס פון קעשענע און שמעקט.)
רעב ארן־וואָלף. זימל, גיי ארויס, רוף צונויף דעם פראָסטן עולעם. מע דארף זאָגן טילים בעציבור, די גאנצע שטאָט! (זימל גייט, ער פארטשעפעט א בענקל, דאָס בענקל פאלט.)
אלע. אײַ!
קאלמען גיטעלעס (כאפט זיך פארן בוזעם). ווו איז מײַן טײַסטער?!
זימל שרײַבער. ס׳איז גאָרניט, רעב קאלמען, א בענקל איז געפאלן.

קאַלמען גיטעלעס. לײמענער גוילעם, זעט ניט, ווי ער גייט! שטענדיק מיט דער פּעדער אונטערן אויער, גאַווראָניעט ווי אַ וואָראָנע.

זימל שרײַבער. איך דאַרף הײַנט שרײַבן אַ פּראָשעניע. (אָפּ.)

מוישע־כאַים. מיט די שרײַבער וועט איר גאָרניט מאַכן: אָדער מע איז, כאַס־וועשאָלעם, אַן אַפּיקוירעס, אָדער גלאַט אַ גוילעם.

ערשטער דײַען. רעב אַרן־וואָלף, איר דאַרפט עפּשער זיך דורכשמועסן נאָכאַמאָל מיט דעם אַסעסער?

רעב אַרן־וואָלף. כ׳וויס ניט.

הילע מאַלווע. אײַ! און ווער האָט פון מיר ניט געהאַט? אַ באַלמעלאָכע דאַרף אויסקויפן אַ שטיקל סכוירע, אַ טאַנדעטניק דאַרף פאָרן אַפן יאַריד, און אַן אַלמאָנע פלעגט אויך קומען נע־מען אַף שאַבעס. איז אַט האָסטו דיר דעם סכאַר, אײַ, אײַ, אײַ!

מוישע־כאַים. מע האָט געדאַרפט זען מאַכן אַ טאָלק כאַטש מיט די ייִשוּווניקעס: זיי וועלן דאָך כאַרעוו מאַכן די גאַנצע שטאָט. וואָס זאָגט איר, רעב אַרן־וואָלף?

רעב אַרן־וואָלף (שווײַגט).

סע קומט אַרײַן יאַנקל דער שוסטער, אָן אַ רעקל, אין פאַרטעך, ער שטעלט זיך אָפּ בײַ דער טיר.

יאַנקל. גוטמאָרגן, באַלעבאַטים.

ראָוו. קום אַרײַן, יאַנקל. זעץ זיך אָט אַ־דאָ. אין אַ צאָרע זײַנען, באָרעך־האַשעם, אַלע גלײַך. (יאַנקל גייט צו און זעצט זיך.)

מוישע־כאַים. אײַ, אײַ, אַ כאַסינקע, אַ כאַסינקע!

עס עפנט זיך די טיר, און עס קומען אַרײַן ייִדן פון פּראָסטן האַמוין, באַלמעלאָכעס, אָרעמעלײַט, באַלעגאָלעס, ראַכמיִעל באַלעגאָלע מיט דער בײַטש. אַלע קוקן אַפן בלייכן אַרן־וואָלף, וואָס שטייט באַם אָרן־קוידעש, ווי פאַרגליווערט.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. אַז איך האָב גאָר קיין צײַט ניט. איך דאַרף פאָרן אין קורעניץ. נעם אינמיטנדערינען און שטעל זיך זאָגן טילים.

ראָוו. ששש... שאַט, אוילעם... אָן אַ טומל!

א ייִד. מע זאָגט, אַז בויטרע האָט כאַסענע מיט סטערען. די אָרעמעלײַט פון דער גאַנצער שטאָט גרייטן זיך צו דער כאַסענע.

מוישע־כאַים. ששש... ווער פרעגט בײַ אײַך, רעב ייִד?

א ייִד, אײַנגעריכט אין סאַזשע. וואָס וויל מען אַרײַנשלעפּן דעם געמיינעם מענטשן? ער טשעפּעט קיינעם ניט און קיינער טשעפּעט אים ניט.

מוישע־כאַים. אַזוי גאָר?! און ווער וועט צאָלן פאַר דיר פּאָדאַטן, בוניע?

א ייִד, אײַנגעריכט אין סאַזשע. פּאָדאַטן־שמאָדאַטן. וואָס דו, מוישע־כאַים, צאָלסט זיך שוין אָן פאַר מיר פּאָדאַטן!

ערשטער דײַען (מיט אַ פּעקל טילימס). ששש... ס׳איז ניט די צײַט, ניט די צײַט... ט׳איז הײַנט אַ טאָנעס, נעם אַ טילים, יאַנקל!

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. אַ טאָנעס איז בײַ מיר אַ שפּײַ. איך דאַרף אָבער פאָרן. סײַווי זאָגט מען אין שטאָט, אַז זי איז אַליין אַנטלאָפן, איז וואָס וועט העלפן טילים זאָגן?

א ייִד אַ באַלעבאָס. און צו דיר האָט עס קיין שײַכעס ניט, ראַכמיִעלקע?

קאַלמען גיטעלעס (צו ראַכמיִעלן). זלאָדיִע! גאַנעוו און גאַזלען!

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. אַ בייזער יאָר אַף אײַער קאָפּ! איך בין געלעגן אַ גאַנצע נאַכט געבונדן צוליב אײַערע אויפעס, קאַלמען! דער קליוטשוואָיט האָט מיך געזען.

דאַיאָנים. ששש... שאַ! הערט אויף! אַ טאָנעס! שאַט, דער מאָרע דעאַסרע וועט עפּעס זאָגן. רופט אַרײַן די נאָשים. (זימל שרײַבער עפנט די טיר צו רעב אַרן־וואָלפן אין שטוב. עס קומען אַרײַן ביילע און מיט איר נאָך ווײַבער, פאַרוויקלטע אין פאַטשיילעס, שטעלן זיך אין ווינקל.)

ראָוו (באַם אָרנקוידעש). מוירײַ וועראַבויסײַ! עס זײַנען אָנגעקומען שווערע צײַטן אַף ייִדן. גזיירעס ראָעס! און אַלץ צוליב וואָס? צוליב די אַווײרעס פון קאָל ייִסראָעל. עס איז אַ צאָרעס ראַבים. קינדער פאַלן אַוועק אַף סקאַרלאַטינע, קימפעטאָרנס רייסן. ווי גרויס דאַרפן זײַן די אַווײרעס פון אַן איידע, ווען מע נעמט אַוועק פון אונטער דער כופּע די טאָכטער פון איר פּאַרנעס־כוידעש! אים באַאַראָזים נאָפּלאָ שאַלהעוועס, מאַ יאַאַסו אייזיוויי־קירי[1]: אויב די כאַשעווע לײַט

[1] אם בארזים נפלה השלהבת, מה יעשו אזובי־קיר — אויב אין די צעדערביימער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט דער פלאַם, וואָס זאָל שוין טאָן דער מאָך אַף די ווענט?

האָט געטראָפן דאָס פּײַער, טאָ וואָס וועט שוין זײַן מיט דעם געמיינעם מאַן? מוירײַ ווערהאָבויסײַ, מע דאַרף טשוווע טאָן! ווו איז עס געהערט געוואָרן: גנייווע, גזיילע און רעציכע? ס׳גייט אַרום אין אונדזער געגנט אַ ייִד, אַ הוירעג נעפּעש. פאַר וועמעס זינד שטראָפסטו אונדז, ריבוינע־שעל־אוילעם? מע דאַרף נאָכקוקן, צי זײַנען די סייפער־טוירעס אין די באַטעמעדראָשים, כאַס־וועשאָ־לעם, ניט קאָשער? צי איז עס ניט דעריבער, וואָס יונגע באַלעבעסלעך האָבן גענומען אָנטאָן שפּי־ציקע שיך און שפּאַצירן אַף די גאַסן מיט זייער כיין? צי געפינט זיך ניט אין אונדזער איידע, כאַס־וועשאָלעם, אַן איישעס איש? אַניינו, אַדוישעם, אַניינו, בעייס צאָראָ אַל טאַאזוויינו![1]

די ווײַבער וויינען, ייִדן באַלעבאַטים ווישן אויך די אויגן. העכער פון אַלעמען קלאָגט הילע מאַלווע, ער פאַרגייט זיך אין אַ געוויין.

ערשטער דײַען. ייִדן, נעמט די טילימס!

ראָוו. אשריי סמימיי דערעך האַהוילכים בעסויראַס אַדוינוי.

אַלע. אשריי סמימיי דערעך האַהוילכים בעסויראַס אַדוינוי.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. ווער עס פּרעסט פּעטע גענדז און ווער עס קײַט שטרוי.

ראָוו. אשריי נויצריי איידויסאָוו בעכאָל לייוו איידריישוהו.

אַלע. אשריי נויצריי איידויסאָוו בעכאָל לייוו איידריישוהו.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. צאַפּט ניט דעם אָרעמאַן און ווערט אַליין מעשוגע.

ראָוו. אַף לוי פּאָאַלו אוולאָ בידראָכאָוו האָלאָכו.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. זאָל אַרײַן אין אײַערע צאָרעס אַ מאַזל־בראָכע.

די ווײַבער וויינען, די באַלעבאַטים ווישן אויך די אויגן. עס איז אַ געשריי. מע הערט ניט אַרויס קיין איין וואָרט. דאָס דויערט אַ לענגערע צײַט, ביז דער ראָוו טוט אַ קוש דעם פּאָרויכעס פון אָרנקוידעש און גייט אַראָפּ.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. מע קאָן שוין גיין?

ביילע. זאָל נאָר דער אייבערשטער זיך צוהערן צו אונדזערע טרערן. אַזאַ אומגליק! אַ פאַרמעגן! און אַ שטיפמאַמע טוט אויך ווי דאָס האַרץ.

אַ ייִד אַ באַלעבאָס. איײַ, אַ צײַטעלע! אַ צײַטעלע!

די פּראָסטע ייִדן קלײַבן זיך אַרויסגיין, קאָהאָל און בעסדן נעמט אויך גיין.

זימל שרײַבער (טוט אַ פּאַטש אין טיש). בעסדן און אַסיפּע בלײַבן איבער אַף קאָהאָל־צײַט.

מוישע־כאַיִם. ווי? וואָס זאָגט ער, דער שלימאַזל?

זימל שרײַבער. כ׳האָב זיך טויע געווען, זײַט מויכל: בעסדן און קאָהאָל בלײַבן נאָך איבער אַף אַן אַסיפּע פון קאָהאָל.

די באַלעבאַטים, די פּראָסטע ייִדן און די קלעזמאָרים גייען אַרויס שווײַגנדיק.

יונגערמאַן מיטן זײַדענעם טיכל. איז וויפל האָבן מיר נאָך אַ קײַמעלאָן צום פאַסטן? (ציילט עפּעס אַף די פינגער און וויל אַרויסגיין.)

ראָוו. נאָכעם, וואָס אײַלסטו זיך? בלײַב איבער אַף דער אַסיפּע. מיר וועלן צוזאַמען דאַוו־נען מײַרעוו.

קאָהאָל און בעסדן זעצט זיך אויס באַם טיש לויט דעם זעלביקן סיידער, ווי אין דער ערשטער סצענע. אויך דער יונגערמאַן מיטן זײַדענעם טיכל אפּן האַלדז. רעב אַרן־וואָלף פאַרנעמט דאָס אָרט פון פּאַרנעס־כוידעש. אַלע שווײַגן.

רעב אַרן־וואָלף. וואָס האָט קאָהאָל בעדייע צו טאָן?

אַלע (שווייגן).

רעב אַרן־וואָלף. קאָהאָל וועט הײַנט דאַרפן אַרויסשיקן ברויט פאַר די ייִשוווניקעס. מע זאָגט, אַז זיי הונגערן. דאָס אייגענע האָב־און־גוטס האָט מען, באָרעך־האַשעם, פאַרפּרעסן און פאַרזויפן אין די ערשטע עטלעכע טעג. רעבע, איך האָב מוירע צו זאָגן, מע דאַרף עפּעס טאָן, און איך האָב קיין קויעך ניט. מע דאַרף זען, מענאַכעם דער רויפע זאָל מיטנעמען די באַנקעס און אַרויסגיין צו זיי, העלפן די קראַנקע. (טוט אַ זיפץ.) מיר האָבן, צו אַלדי שוואַרציאָר, ניט קיין אַסעסער, נאָר אַ יאַבעדניק און אַ שיקער. פרעג איך, צי איז קאָהאָל מאַסקים מיט מײַן דייע?

הילע מאַלווע. קאָהאָל איז מאַסקים.

---

[1] ענונו, ה׳, ענונו, בעת צרה אל תעזבנו — ענטפער אונדז, גאָט, אונדזער האַר, ענטפער אונדז, אין אַן ענגער צײַט פאַרלאָז אונדז ניט.

קאלמען גיטעלעס. קאָהאָל איז מאסקים.

ראָוו (בייגט זיך איַין צו די דאיאָנים,ריידן שטיל צווישן זיך). בעסדן האָט זיך מעיאשעוו געווען און איז מאסקים מיט דער דייע פון פארנעס־כוידעש.

עס עפנט זיך שטיל די טיר, און עס קומט אריַין בויטרע. נאָך אים לעמעלע פּוט. קיינער פון די קאָהאָל־ליַיט באמערקט ניט. בויטרע גייט צו גליַיך צום טיש און זעצט זיך אוועק.

בויטרע. גוטן־אָוונט!

אלע. איַי!

בויטרע. איך בין געקומען פארבעטן קאָהאָל און בעסדן צו מיַין כאסענע אין קרעווער וואלד. סע וועט זיַין א גרויסע כאסענע. די יישוּווניקעס זיַינען די מעכוטאָנים. אלע אָרעמעליַיט וועלן קומען צו דער סימכע, א סאָלדאטסקע כאסענע. קאָהאָל און בעסדן מוזן קומען. רעב קאַל־מען, איך וועל איַיך אָפּגעבן די גאנדז א געבראָטענע. (הייבט זיך אוף פון טיש, גייט צו דער טיר.)

רעב ארן־וואָלף (קומט צו זיך). פוישע־ייִסראָעל, מיט גזיילע און רעציכע ווילסטו קו־מען צו א מיַימעד. זע, וועסט דערטרונקען ווערן אין בלוט.

בויטרע. גזיילע און רעציכע... איך?.. ארן־וואָלף, טוט א קוק אף מיר! קאָהאָל און בעסדן, הייבט אוף די אויגן, טוט א קוק אף מיר... איר האָט ניט געהארגעט קיין מענטשן?.. ווער בין איך?

רעב ארן־וואָלף. צאָרעס ראבים. סע האלט, אז ייִדן זאָלן אומקומען פון דער וועלט. באָ מאיִם אד נעפּעש. און דו, פליש פון אונדזער פליש, בלוט פון אונדזער בלוט, קומסט אין אזא ציַיט אויף נעמען נעקאָמע פון ייִדן? ארט דיך גאָרניט, וואָס טויזנטער אלמאָנעס און יעסוימים וואלגערן זיך ארום אָן א דאך, וואָס עס קלעקט שוין ניט קיין אָרט אף צו באגראָבן די טויטע? דו האָב ניט ראכמאָנעס אף אונדז, נאָר אף די טויזנטער אָרעמע און פארטריבענע, וואָס דארפן, נעבעך, אָנקומען צו אונדזער הילף.

בויטרע. ניט איר, קלאָווים, ניט איר! איך — כאיִם בויטרע וועל צונעמען די קראנקע און אָרעמעליַיט. איך! איך וועל זיי האָדעווען מיט קלאָלעס אף קאָהאָל.

לעמעלע פּוט. בויטרע וועט עפענען די שפּיַיכלערס פון די גווירים נאָר פאר זיי, ער וועט אָנטאָן די אָרעמעליַיט אין סויבלנע פעלצן, די יעסוימים אין סאמעט, און איַיך — אונטער־צינדן. מיר וועלן אונטערצינדן די גאנצע וועלט, איר זאָלט אומקומען צוזאמען מיט זיי, מיט די הונגעריקע.

רעב ארן־וואָלף. שאָלעם! ייִדן דארפן איצטער האָבן שאָלעם. כאיִם, דער מיילעך האָט זיך אף זיי אָנגעזעצט.

בויטרע. שאָלעם! אָט האָט איר שאָלעם... איר וועט קומען אף דער כאסענע פון בויטרען מיט דעם פארנעס־כוידעשעס טאָכטער...

רעב ארן־וואָלף. רעצייעך!! (ווארפט זיך אף בויטרען און כאפּט אים אָן פארן האלדז. בויטרע הייבט אים אוף איבערן קאָפּ און טוט אים א שליַידער אָן דער ערד. ארן־וואָלף בליַיבט ליגן. די קאָהאָל־ליַיט טוליען זיך איינע צו די אנדערע אין שרעק. בויטרע גייט צו און זעצט זיך אוועק אפן אָרט פון פארנעס־כוידעש.)

בויטרע. איך בין פארנעס־כוידעש!

לעמעלע פּוט (טוט א זעץ אָן טיש). ווו עס איז דאָ א געפּיַיניקטער יונג — זאָל ער קומען. מיר וועלן נעמען פאר אים נעקאָמע. ווו עס איז דאָ ערגעץ אָן אלמאָנע, א קראנקער, א קרעציקער — זאָלן זיי קומען, מיר וועלן זיי אויסהיילן.

בויטרע. קאָהאָל איז מאסקים מיט דער דייע פון פארנעס־כוידעש?

לעמעלע פּוט. קאָהאָל איז מאסקים.

ערשטער דיַיען (אין שרעק). יאָ, יאָ. מיט אלץ מאסקים. אוואדע.

קאָהאָל־ליַיט. קאָהאָל איז מאסקים.

בויטרע נעמט אָן דעם יונגנמאן מיטן זיַידענעם טיכל פאר דער האנט און ציט אראָפּ פון זיַין פינגער א גאָלדן רינגעלע.

בויטרע. אף מעקאדעש זיַין די קאלע!

עס עפנט זיך די טיר פון רעכטס, און א יונג קומט ארויס מיט א גרויסן קאָרב זילבערנע קיילים.

יונג. פאר די אָרעמעליַיט, זיי דארפן עסן פון זילבערנע קיילים.

מעלקע קומט ארויס פון לינקס מיט א קאָרב פּאָרצעליַי־געשיר.

מעלקע. די ייִשוּווניקעס דארפן טרינקען אָקעוויט פון פּאָרצעליַי־געשיר!

ערשטער יונג. כאיִם, הייס אריַינטראָגן אין פינקעס, אז בעקעריַי איז א מעלאָכע!

בויטרע. עמעס! זימל, טראָג ארײַן אין פּינקעס, אז בעקערײַ איז א מעלאָכע! (זימל קוקט מיט שרעק אף ארן־וואָלפן און שרײַבט אין פּינקעס. צו א יונג) **אָט דעם זייגער** (א יונג קריכט ארוף אף דער וואנט און נעמט אראָפּ דעם זייגער), **דעם פּינקעס אויך** (א יונג נעמט דעם פּינקעס פון טיש), **די גענדזענע פעדער** (א יונג נעמט ארויס בא זימלען די גענדזענע פעדער) **און זימל שרײַבער אויך, ער וועט ארײַנשרײַבן די כאסענע, בויטרעס כאסענע.**

בויטרע און די יונגען גייען ארויס אף דער סצענע. א טויטע שטילקײַט. ארן־וואָלף הייבט זיך אוף ביסלעכווײַז, בלײַבט זיצן אף דער ערד מיט פארבראָכענע הענט אף די קני.

**רעב ארן־וואָלף. איש האָיאָ בעערעץ אוץ איִעוו שמוי. וועהאָיאָ האָיִש האהו טאָם וועיאָשאָר... וואיעהי מיקנייהו שיוואס אלפיי צוין אושלוישעס אלפיי גמאלים...**[1] (ער בלײַבט זיצן שטיל, פלוצלינג טוט ער זיך א הייב אוף.) **איך וועל זי ארויסנעמען פון זײַנע הענט. גיט מיר דעם פעלץ.** (שרײַט אין דער צווייטער שטוב ארײַן.) **ביילע, גיב מיר דעם פעלץ!**

פאָרהאנג פאלט

## פינפט בילד

דער זעלבער וואלד, וואָס אין צווייטן בילד. עס זיצן בויטרע און די בעקער־יונגען. אָוונט.

**מעלקע.** די אָרעמעלײַט פון דער גאנצער געגנט זוכן די כאסענע. ניט נאָר אין קרעווער וואלד, א סאך זײַנען אוועק אין זאסקעוויצער וואלד צו די סמאָליארניעס. זיי וועלן נאָך אוועקגיין דער ווייסט ווו. (לאכט.)

**א צווייטער יונג.** מע קאָן ניט זאָגן ווו. ווער עס וועט האָבן דאָס גליק, יענער וועט זײַן. סע וועט אלץ זײַן אן אייגענער אוילעם, קאפּצן איבער קאפּצן.

**בויטרע.** ווו איז לעמעלע פוט?

**מעלקע.** בא די קרעטשמארעס.

עס קומען אָן אָרעמעלײַט, יִשוּווניקעס. זיי גייען מיטן וועג פארבײַ, בלײַבן שטיין.

**באוואקסענער אָרעמאן, וואָס באלעקט זיך.** איר ווייסט ניט, באָכערים, ווו איז דאָ בויטרעס כאסענע?

**מעלקע.** גייט אהין, ווײַטער, באם טײַכל!

**אן אָרעמאן.** באם טײַכל גאָר?

**א צווייטער אָרעמאן.** מע זאָגט, אז קאָהאָל וועט איצטער איבערגיין צו די אָרעמע־לײַט. בויטרע, זאָגט מען, איז שוין דער פּארנעס־כוידעש.

**אָרעמאן מיט דער פארבונדענער באק.** מע זאָגט, אז האיאָר וועט בויטרע אָפּגעבן אין רעקרוטן א גוויר. ס׳איז עמעס? עפּעס גלייבט זיך ניט.

**צווייטער אָרעמאן.** ס׳איז עמעס. האיאָר, זאָגט מען, וועט ער אָפּגעבן נאָכעמען. ער האָט צוגענומען בא אים דאָס קדושן־רינגעלע און אים אליין וועט ער אָפּגעבן אין רעקרוטן.

**א יִדענע.** מע זאָגט, אז ער וועט פירן די יִשוּווניקעס קיין וואָלין, ער ווייסט דעם וועג.

**צווייטער אָרעמאן.** מוישע ראביינו!

**ערשטער אָרעמאן.** א שיינער מוישע ראביינו, אז ער לאָזט ניט צו פארן אויג!

**אָרעמאן מיט דער פארבונדענער באק.** און וואָס זאָגט מען עפּעס וועגן דער כאסענע?

**באוואקסענער אָרעמאן, וואָס באלעקט זיך.** מע זאָגט, אז די אָרעמעלײַט וועט מען געבן צו גאנדז אף א מענטשן, נאָכדעם וועט מען געבן לאָקשן וויפל מע וויל, און נאָכדעם וועט מען נאָך געבן צו טעלערלעך צימעס.

**אָרעמאן מיט דער פארבונדענער באק.** שנאָריירים! מע זאָל זיך אָבער האלטן ווי מענטשן!

**יִדענע.** סטערקע, זאָגט מען, וועט טיילן ניס און ראָזשזינקעס, אלעמען...

**צווייטער יונג.** ווהין גייט איר? ניט אהער, אף רעכטס!

די אָרעמעלײַט און די יונגען אָפּ. בויטרע בלײַבט זיצן אף דער באנק. עס ווערט טינקעלער. ער זינגט אן אלטע סאָלדאטישע ליד פון ניקאָלײַ דעם ערשטנס צײַטן. פון דער סמאָליארניִע קוקט ארויס סטערע. זי זעצט זיך צו לעבן אים.

---

[1] איש היה בארץ עוץ, איוב שמו... — דער אָנהייב פונעם ביבל־בוך „איִעוו“.

ס ט ע ר ע. נאָך דער כאַסענע ווילסטו אויך בלײַבן וווינען אין דער סמאָליאַרניע?

ב ו י ט ר ע. יאָ.

ס ט ע ר ע. אין שטאָט האָסטו מוירע צו וווינען? דו ווילסט, עס זאָל זײַן גערעכטיקײַט? מע זאָל ניט נעמען מענטשן מיט גוואַלד און טאָן אַלץ. מע האָט מיך געוואָלט כאַסענע מאַכן מיט גוואַלד. אומעטום איז אַפּילע מיידלעך — קושט מען זיי די הענט. מע לאַכט צו זיי, און פײַן באַגייט מען זיך אַזוי. פאַרוואָס ביסטו אַזוי אָנגעכמורעט? ביסט דאָך געווען אַמאָל אַ פריילעכער, האָסט געטאַנצט און געזונגען.

ב ו י ט ר ע. יאָ.

ס ט ע ר ע. טו אַ שמייכל! לאַך! נו, לאַך! דו ביסט דאָך אַ כאָסן!

ב ו י ט ר ע (טוט אַ שמייכל). באַ דיר איז דאָ זומער־שפּרענקלעך אָף דער נאָז.

ס ט ע ר ע (צופרידן). ס'איז גאַרניט. די זומער־שפּרענקלעך וועלן אַראָפּ. איך וועל וואַשן דאָס פּאָנעם מיט האָגל. דאָס העלפט.

ב ו י ט ר ע (שמייכלט).

ס ט ע ר ע. פאַרצווייוואָכן איז געווען אַ האָגל, זאָגט צו מיר ביילע: גיי גיכער, וואַש זיך אָרום, וועלן אַראָפּ די זומער־שפּרענקלעך. אָבער איך האָב ניט געוואָלט: זאָל ער האָבן, מײַן כאָסן, אַ קאַלע מיט זומער־שפּרענקלעך. ס'וועט פאַר אים אַזוי אויך זײַן גוט. כאַ־כאַ־כאַ. (טוליעט זיך צו אים.) דו ביסט אַזאַ שיינער... עפּשער אין וואָלין? מע זאָגט, אַז ס'איז דאָרט אַ נײַ לאַנד, ווו קיינעם קען מען ניט.

ב ו י ט ר ע. אין וואָלין? איצטער — ניט. אָט אָ־דאָ זיץ איך. דאָרטן אונטן די שטאָט טאָר ניט זײַן מער אָף דער וועלט. זי וועט פאַרוואַקסן מיט גראָז. עס וועט ניט צוקומען אַ פור צו דער שטאָט. די יונגען נישטערן אַרום אין דער געגנט, באַנאַכט וועט מען דאָ ניט אָנצינדן קיין פײַער. מע וועט מוירע האָבן פאַר בויטרען...

ס ט ע ר ע (שווײַגט).

ב ו י ט ר ע. באַ מיר אָט אָ־דאָ אינווייניק איז גאָר עפּעס אַ טעמפּע זאַך, אַ שווערע, אַ פינצ־טערע. אָ! איך בין אַ ביטערער יונג! עס וועט זיך קערן כּוישעך. איך וועל שמידן אין קייטן קאָהאָל־לײַט און זיי פאַרברענען אָפּן פײַער. די נעגידים וועלן ליגן געבונדענע אונטער די טישן. כ'וועל אופברעכן די שלעסער — זאָלן די אָרעמעלײַט צענעמען אַלץ, כ'וועל צערײַסן די סייפער־טוירעס, כ'וועל מאַכן, אַז זיי זאָלן אַלע לויפן אין רעקרוטן, קעדיי ראַטעווען זיך פון בויטרען, פון מיר.

ס ט ע ר ע. יאָ, דו ביסט ניט שולדיק.

ב ו י ט ר ע. און דו האָסט ניט געדאַרפט גיין מיט מיר. ביסט דעם פּאַרנעס־כוידעשעס טאָכ־טער, דו, גיי צוריק אַהיים.

ס ט ע ר ע. וואָס? אַהיים! ווהין? (טוט זיך אַ טרייסל.) דאָס מאַהילנער יינגל! רזשאַנטשע פּאַטשאַטשע! אַ גליטשיקער שלומאַקל. (פאַרדעקט זיך דאָס פּאָנעם מיט די הענט. בויטרע הייבט זיך אוף, גייט אַרײַן אין דער סמאָליאַרניע, זי בלײַבט זיצן פאַרשטאַרט.)

ס ט ע ר ע. דאָס איז ניט ער. ניין. ניט ער. ער האָט פײַנט מענטשן. זיי האָבן אים פאַרסאַמט. (וויינט.) ער דאַרף אַנטלויפן פונדאַנען. ער מוז. מיר וועלן אַנטלויפן אין וואָלין. דאָרטן לעבט מען מיסטאָמע, ווי יעטווידער איינער וויל.

בויטרע קומט אַרויס און טראָגט אַ פּאַק, ער וויקלט אים פונאַנדער, לייגט אויס אָף דער ערד גאָלדענע שיכלעך, קאַטינקעס, בראַקאַטן, זײַדנס.

ב ו י ט ר ע (טוט אַ שמייכל). דײַן אויסשטײַער צו דער כאַסענע!

ס ט ע ר ע. גוט, וואָס דו האָסט איבערגענומען די פורן. צו וואָס דאַרף איך דאָס? צו אַזאַ כאַסענע דאַרף מען ניט אַזוינע זאַכן. דו ביסט אַ גרויסער העלד. (זי טוט מיטן פוס אַ שטויס אָף די זאַכן, שפּרינגט אוף.) קום, עפּשער קאָנסטו ווערן אַן אַנדערער? ווער פריילעכער. דו האָסט דאָך שטענדיק געלאַכט. קום טאַנצן! (נעמט אים אַרום און וויל מיט אים טאַנצן.)

ב ו י ט ר ע. איך קען ניט.

זי פאַלט אָף דער באַנק און וויינט. אירע אַקסלען צוקן. בויטרע שטייט פונדערווײַטנס און קוקט. שפּעטער גייט ער צו און זעצט זיך אַוועק לעבן איר. ער טוט זי אַ קוש אין די האָר. זי באַרויקט זיך ביסלעכווײַז, הייבט אוף דעם קאָפּ און שפּאַרט זיך אָן אָף זײַנע אַקסלען. זי נעמט אים אַרום, קושט אים.

ס ט ע ר ע. קום, מיר וועלן אַוועקפאָרן אין וואָלין. דו ביסט ניט ווי אַלע דאָ. מיר וועלן האָבן אייגענע ברײַזער. דו וועסט האַנדלען מיט פלאַקס, דו וועסט אין אַ קאַטש מיט דרײַ פערד פאָרן צו די פּריצים. איך וועל מיט דיר מיטפאָרן, ווי עס טוען די פריצטעס. מיר וועלן זיך אײַנגאַנצן פירן אין שטוב ניט ווי יידן, נאָר ווי פּאָדריאַדטשיקעס. קיינער ווייסט ניט, דו וועסט ווערן אַנ־גענומען באַ נאַטשאַלסטווע. דו קענסט מאָסקוויטאַריש...

בויטרע (טוט קוים א שמייכל).

סטערע. יאָ? דער איספּראַווניק וועט פאַרפאָרן צו אונדז. מיר וועלן קומען אַף א באַל צו א פּאַרעץ. דו וועסט זיצן מיט זיי און ריידן וועגן געשעפט. איך וועל טאַנצן אין פּאָלאַנעז. שיין אַזוי? דו זעסט? דו ווייסט, ווי מע טאַנצט א פּאָלאָנעז? מע האַלט זיך פאַר די שפּיץ פינגער־לעך, אָט אַזוי! גרינג, גרינג! (זי זינגט א פּאָלאָנעז און טאַנצט. סטערע ווערט אינגאַנצן פאַרכאַפּט אין טאַנץ. בויטרע קוקט אַף איר זייער אָנגעשטרענגט. זי פאַלט א מידע אַף דער באַנק און שמייכלט. בויטרע נעמט זי אַרום.)

בויטרע. פאַרוואָס ביסטו דעם פּאַרנעס־כּוידעשעס טאָכטער? פאַרוואָס ביסטו ניט אַן אָרעם מיידל פון דעם סלאָבאָדקע־געסל, וואָס טראָגט אהיים וואַסער אַף א קאָראָמיסל? עס טוט איר ווי די פּלייצעס, איז זי בעענטער מיט מיר. דו רעדסט, און איך פאַרשטיי ניט גוט, וואָס דו רעדסט, דו ביסט עפּעס אַזאַ, ווי איינע, וואָס קוקט אַרויס פון א פענצטער אַפן צווייטן גאָרן. מע דאַרף זיך אָפּשטעלן, אופהייבן דעם קאָפּ צו קוקן אַף איר. עס נאָגט אָט אָ־דאָ און עס בענקט זיך צו איר... (קושט זי.) צו דיר... סטערקע.

סטערע. איך ווייס ניט, צי דו האָסט עס מיך ליב, צי דו האָסט עס פּיינט מיין טאַטן?

בויטרע. יאָ.

סטערע. לאָמיר לויפן פונדאַנען, כאַים! לעמעלע דערציילט, באַנאַכט זיינען דעסיאַטניקעס באַפאַלן די סמאָליאַרניע, וואָס לעבן שוואַרצן גאָשטשינעץ, זיי האָבן זי צעטראָגן אַף אַש. זיי קאָנען קומען אהער אויך. כאַים, קריג פערד, מיר וועלן אַוועקפאָרן, גיי קריג פערד, דו קאָנסט דאָך!

ס'דערהערן זיך געשרייען אין וואַלד. מענטשן לויפן. קוילעס פון יישוווניקעס.

סטערע. איי! (פאַרוויקלט זיך אין דער פאַטשיילע.)

שטימען פון יישוווניקעס. מאָרדעוועט זיי, וואָס שווייַגט איר?

— אַף טויט!

— וואָס טוט איר? רירט ניט אָן קיין ראָווו! איר וועט ניט האָבן ניט די־וועלט, ניט יענע־וועלט! בלוטזויגער! ראַטעוועט! ראַטעוועט!

אַף דער סצענע לויפן אַריין די קאָהאָל־לייַט און בעסדן, צעשויבערטע, צעריסן די קליידער, הילע מאַלווע און דער ערשטער דייַען זיינען פאַרבלוטיקט. סטערע דערזעט אַרן־וואָלפן. טוט א געשריי און לויפט אַריין אין דער סמאָליאַרניע.

הילע מאַלווע. ראַטעוועט! די יישוווניקעס ווילן אונדז אומברענגען! ראַטעוועט!

קאַלמען גיטעלעס. אַרן־וואָלפקע! אַרן־וואָלפקע! האָסט אונדז אַרייַנגעטריבן אין גרוב אַרייַן!

רעב אַרן־וואָלף. ביסט גערעכט, קאַלמען. איך בין, מיסטאַמע, גערירט פון זינען! (זיי דערזעען בויטרען און בלייבן פאַרגליווערט. עס לויפן אַריין די יישוווניקעס מיט שטעקנס אין די הענט, מיט שטיינער. צוזאַמען מיט זיי גייט אַריין לעמעלע פּוט.)

הויכער קרעטשמער. בא אונדז וועלן פאַלן די קינדער, און זיי וועלן זיך וווינען אין די נייַע שטיבער?

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. מיימעסן! א סאָף זאָל עס נעמען! מיימעסן! (די יישוווניקעס דערזעען בויטרען און בלייבן שטיל.)

בויטרע. וואָס איז?

לעמעלע פּוט. די אָרעמעלייַט פון דער געגנט, די יישוווניקעס קלייַבן זיך צו דער כאַסענע. בא אַלע סמאָליאַרניעס ליגן מאַכנעס מענטשן. מיטאַמאָל איז אָנגעקומען קאָהאָל און געבראַכט ברויט פאַר די הונגעריקע. די יישוווניקעס זיינען זיי באַפאַלן. קוים וואָס איך האָב זיי אַרויסגעראַטעוועט. געבראַכט אהער.

בויטרע (צו די יישוווניקעס). גייט!

די יישוווניקעס שווייַגנדיק אָפּ.

ערשטער דייַען. איי, מע זאָל שלאָגן א דייַען! דאָס איז דאָך ניט געהערט געוואָרן! וואָס איז קאָהאָל שולדיק, אז עס זיינען, ראַכמאָנע ליצלאָן, דאָ גזיירעס אַף יידן?

רעב אַרן־וואָלף. כאַים, מיר זיינען געקומען צו דער כאַסענע. קאָהאָל איז שולדיק. איך בין שולדיק. איך האָב געזינדיקט קעגן דיר. גערעכט האָסטו געטאָן, וואָס דו האָסט אונטערגעצונדן מיין פלאַקס, וואָס דו האָסט מיך בעדיל־האַדאָל געשעלט. איך בין ווערט. קאָהאָל וויל דיך באַגי־טיקן. איך, פון מיין זייַט, גיי איין אַפן שידעך מיט מיין טאָכטער סטערע. דו זאָלסט אויסלעבן מיט איר דייַנע יאָרן. און די טויזנטער זילבערנע גילדן נאַדן, וואָס איך האָב געהאַט בעדייע צו געבן דעם מאַהילנער ראָוו, גיב איך עס דיר אָפּ אַף דער האַנט, אז דו זאָלסט מיט מיין טאָכטער

בויען א הויז בעיִסראָעל. קאָהאָל וועט דיך צושרײַבן, און עס וועט אָפּגעמעקט ווערן דער פלעק פון אונדזער קעהילע קעדוישע, די אוולע, וואָס מע איז באַגאַנגען קעגן דיר.

הילע מאַלוו ע. אָבער ביטנײַ, אַז דו זאָלסט אָפּגעבן מײַן געלט (וויינט), מײַן בלוט, מײַן האָרעוואַניע! גאָט וועט עס דיר ניט מוחל זײַן.

רעב ארן־וואָלף. הילע, הער אוף! מע וועט דורכקומען!

בויטרע. ניטאָ מער קיין קאָהאָל, איך בין קאָהאָל. איך וויל ניט, קאָהאָל זאָל מיך באַגיטיקן.

רעב ארן־וואָלף. די טויזנטער זילבערנע גילדן באַקומסטו אָף דער האַנט. (ער נעמט אַרויס אַ בײַטל געלט, נאָר בויטרע רירט זיך ניט פון אָרט.) און דו וועסט באַקומען אַ קסאָוו, אונטערגעשריבן און געכאַסמעט פון קאָהאָל און בעסדן, אַז די קעהילע איז זיך מיסכײַעוו דיך אָפּהיטן פון גוייִשע הענט, דיך און דײַנע קינדער און קינדס־קינדער.

ראָוו. פּאָר אַ באַלטשוווע זײַנען קיינמאָל די טויערן פון ראַכמים ניט געשלאָסן. באַמאָקוים שעבאַלטשוווע אוימייד איין צאַדיקים גמורים יעכוילים לאַאמוידי, דער טאַנע רייש לאָקיש איז אויך געווען אַמאָל אַ גאַזלען.

רעב ארן־וואָלף. ווער איז אַ גאַזלען? דאָ זײַנען ניטאָ קיין גאַזלאָנים.

סטערע קומט אַרײַן פון דער סמאַליאַרניע. זי בלײַבט שטיין אַנטקעגן דעם פּאַרנעס־כוידעש. זי עטעמט שווער. רעב ארן־וואָלף ציטערט, ער ווישט אָפּ אַ טרער פון די אויגן.

רעב ארן־וואָלף. סטערע, טאָכטער, איך בין געקומען צו דײַן כאַסענע, כאָטש דו האָסט מיך ניט פאַרבעטן.

סטערע. דו ביסט געקומען צו מײַן כאַסענע, און ווו איז די מומע ביילע?

רעב ארן־וואָלף. זי איז קראַנק געוואָרן, טאָכטער, פון צאַרעס קראַנק געוואָרן. זײַ מיר מויכל. איך האָב געטאָן געזינדיקט קעגן דיר, טאָכטער, איך בין שולדיק. איך בין דער רעצייעך. איך וויל זיך אָבער רייניקן קעגן אײַך, טאָכטער. די ווײַנען און די בראַנפנס באַ מיר אין שטוב האָט מען נאָך אויך ניט אָנגערירט, די קעכנס שטייען נאָך באַם אויוון. איך וועל אויך שטעלן טישן פאַר אָרעמעלײַט. איך וועל טיילן צדאָקע באַ אַלע שוועלן, עס זאָל נאָר זײַן אַ פאַר־געבונג פון מײַן שולד.

סטערע. טאַטע, אַהיים וועל איך ניט גיין. (ווײַזט אָף בויטרען.) איך בין אַזוי, ווי ער. מיר ביידע האָבן ניט קיין היים. איר וועט נאָך זען, מיר וועלן נאָך וווינען אין די גרויסע שטעט, מיר וועלן גיין אין די טעאַטערן, מיר וועלן רײַטן אָף פערד. (צעקאָכט.) וואַרט, און דעמלט וועלן מיר אײַך ווײַזן. (ווײַזט דעם טאַטן אַ פויסט מיט דער לינקער האַנט.)

אלע. אײַ!

לעמעלע פּוט (לאַכט זיך פלוצלינג פאַנאַנדער). וואָס זאָגסטו צו איר?

סטערע. מיר וועלן נאָך אײַך באַצאָלן, איר זײַט כײַטשיקעלעך! איר טראָגט לעדערנע הויזן מיט העלצלעך אָנשטאָט קנעפּ, און איר טוט אָן אָף דעם דרײַ קאַפּטנס מיט אַ פעלץ. פע! מיִעסע יידן! אָט האַנדלט ער מיט הינער. וועלכער שוואַרציאַר האַנדלט עס מיט הינער? און אָט דער פּאַרלײַט געלט אָף וואָכער אַלע פּריצים, און אַליין גייט ער אָן אַ העמד. טפו אָף אײַך! זיי האָבן מיך געוואָלט כאַסענע מאַכן מיט דעם מאַהילנער ראָווס יינגל. גיט מיר אים אַהער, דעם דאַזיקן יינגל, וועל איך אים אַרײַנוואַרפן אין אַ טײַך. אָף טויט! (צום טאַטן.) וואָס מיינסטו זיך? דו ווילסט אָנשלעפּן אַ קלאָלע אָף זיך און אָף אונדז אַלעמען.

רעב ארן־וואָלף (האַלט פאַרדעקט דאָס פּאָנעם מיט די הענט). דו ביסט גערעכט, טאָכטער, דו ביסט גערעכט. אויב מיך וועט טרעפן די שטראָף, בין איך שולדיק. איך, ארן־וואָלף, דער פּאַרנעס־כוידעש, האָב געזינדיקט קעגן אײַך, וויל איך רייניקן מײַנע זינד. איך בין צופרידן, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, איך בין צופרידן, וואָס דו האָסט אויסגעפונען דײַן באַשערטן. אין אַ מאַזלדיקער שאָ, טאָכטער, איכ׳ל מוידיע זײַן אין אַלע קעהילעס, אַז ארן־וואָלף דער פּאַרנעס־כוידעש מאַכט כאַסענע זײַן טאָכטער פאַר בויטרען און נעמט אים צו פאַר אַן אייגענעם זון, קעדיי די וועלט זאָל זיך אַראָפּנעמען אַ מוסער.

בויטרע. לעמעלע, פיר אָפּ קאָהאָל און בעסדן אין דער סמאַליאַרניע.

רעב ארן־וואָלף. קומט, בעסדן, קאָהאָל־לײַט, קומט. (גייען.)

ראָוו. עס זאָל זײַן מיט מאַזל. און סע זאָל שוין אופהערן די גזיירעס און פּוראָניִעס פונעם קלאָל יִסראָעל!

רעב ארן־וואָלף. אין אַ מאַזלדיקער שאָ! אין אַ מאַזלדיקער שאָ!

---

[1] במקום שבעל־תשובה עומד, אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד — אָף דעם אָרט, ווו ס׳שטייט אַ באַלטשוווע, קאָנען ניט שטיין קיין עכטע צאַדיקים.

לעמעלע פוט, קאַהאַל-לײַט און בעסדן אָפּ. די זון פאַרגייט. בויטרע בלײַבט שטיין, ווי צוגעשמידט צום אָרט. סטערע לעבן אים.

סטערע. דו ביסט אזא שטארקער? קאַהאַל האָט דיר געמוזט נאָכגעבן. איך וועל זיך אָנטאָן צו דער כאסענע אינעם נײַעם אויסשטײַער. מיר וועלן פראווען א גרויסע, א פריצישע כאסענע.

בויטרע. יאָ.

לעמעלע פוט קומט ארויס פון דער סמאַליארניע און טראָגט א טאָפּ בראנפן מיט צובײַסן. ער שטעלט אַף דר׳ערד. עס ווערט טינקעלער.

לעמעלע פוט. מיר וועלן נעמען א ביסל בראנפן. הײַנט ביסטו די לעצטע נאכט א באָכער — כאָסנמאַל.

בויטרע. ווילסט טרינקען א ביסל בראנפן? (טרינקען.)

סטערע. יאָ. (זיי זעצן זיך אלע אויס אַף דר׳ערד. טרינקען.)

לעמעלע פוט. עס וועט זײַן טשיקאווע.

בויטרע. יאָ.

לעמעלע פוט. דו טראכסט עפּעס?

בויטרע. יאָ.

לעמעלע פוט. אָט דאָס הייסט געראַבעוועט. אָט דאָס פארשטיי איך!

בויטרע. יאָ.

לעמעלע פוט. עס וועט זיך א טרייסל טאָן די גאנצע געגנט.

בויטרע. יאָ.

סטערע (הייבט זיך אויף). איך האָב דאָ מוירע צו זיצן מיט אײַך. (סטערע גייט שטילערהייט אוועק און שפּארט זיך אָן אָן א בוים. עס איז שטארק טונקל. פון דער טונקלעניש זעט זיך בלויז ארויס איר קלייד, ווי א ווײַסער פלעק.)

לעמעלע פוט (שטיל). אָט איז א מעשוגענע מויד, ווי דער טאטע אירער, וואָס וויל זי? (פּאוזע.)

בויטרע. מיר וועלן שוין אָרן־וואָלפן פראווען די כאסענע!

לעמעלע פוט. כא־כא־כא.

בויטרע (הייבט אָן זינגען שטילערהייט, לעמעלע פוט העלפט אונטער).

די וועגן שלאָפן שוין. עס שלאָפט די וועלט —<br>
די כלאָפּעס און די סראָרעס;<br>
נאָר פויגלען שלאָפן ניט אין קרעווער וואלד:<br>
בויטרע שרײַט פון צאָרעס.<br>
און אז ער גייט ארויס אינמיטן נאכט,<br>
באפאלט א גרויסע איימע;<br>
ווײַל ער גייט העלפן דעם געמיינעם מאן<br>
און דער אלמאָנע און יעסוימע.<br>
נאָר בויטרע גאזלען אין דעם טיפן וואלד<br>
קוילעט מיט א מעסער;<br>
דו, סטערקעלע, האָסט מיך געקוילעט<br>
פיל שענער און פיל בעסער.

פאָרהאַנג פאַלט.

## זעקסט ביל

א כאסענע אין קרעווער וואלד. די טיש־ברעטער איבערלייגט איבער סמאַלע־פעסער, קיין טישטעכער זײַנען ניטאָ. אַף די הוילע ברעטער פון די טישן — פאָרצעלײַ־געשיר, זילבערנע קיילים. עס שלאָגט א דאמף פון געבראָטנס. די סצענע איז פול געפאקט פון יִשוּווניקעס, בעקער־יונגען, אָרעמעלײַט, קאַהאַל. בעסדן זיצט בא א באזונדער טיש, בויטרע און סטערע — אויבנאָן, די קלעזמאָרים אין ווינקל.

באוואקסענער אָרעמאַן, וואָס באַלעקט זיך. גיט נאָך! סארא מײַכל! די געענדז טוקן זיך אין שמאלץ. בויטרע, גיב נאָך! מירן דיר אָפּעסן דעם קאָפּ!

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. אָט דאָס, וואָס מע גיט די וועטשערע פאַר דער כופּע, איז גוט. מיר וועלן עסן און פרעסן, ביז מיר וועלן פּלאצן. דאָס איז גוט.

באוואקסענער אָרעמאַן. און די קלעזמאָרים זאָלן שפּילן די פריילעכסטע זאַכן. די וועלט זאָגט, אַז בייס מע שפּילט, עסט זיך בעסער. מיר דאַרפן היַינט עסן און עסן. עס איז פאַראַן פון קאָלטווו. א פריילעכס! קלעזמאָרים, איר הערט צי ניט? די אָרעמעלייַט זייַנען היַינט די סאַמע גלאַוונע מעכוטאָנים.

אָרעמאַן מיט דער פאַרבונדענער באַק. כאַפּט ניט! א בייזער יאָר! סע ליגט אין מייַן טעלער!

יִשוּוּניק מיטן ציגענעם בערדל. כאָסן, די אָרעמעלייַט צעגאַנוועען די זיל־בערנע לעפל.

אָרעמאַן מיט דער פאַרבונדענער באַק (מיט א שטיק גאַנדז אין דער האַנט). שאַ! א בייזער יאָר אָף אייַך! ווו געפינט איר זיך? עס איז בויטרעס כאַסענע צי ניט?

א קלײן יִשוּוּניקל. ס'איז ניט בויטרעס כאַסענע, ס'איז אונדזער אַלעמענס כאַסענע.

באוואקסענער אָרעמאַן, וואָס באַלעקט זיך. בויטרע טוט א שידעך מיט דעם פּאַרנעס־כוידעש. קאָהאָל נעמט אים אָף קעסט. ס'איז אונדזער סימכע. גיט נאָך! פאַר מיר נאָך א האַלבע גאַנדז. נאָכדעם וועל איך עסן אייַנגעמאַכטס. כאָסן, די קלעזמאָרים וועלן שפּילן צי ניט? אויב מע וועט ניט שפּילן, וועלן מיר גאָר אַוועקגיין.

אָרעמאַן מיט דער פאַרבונדענער באַק. יִדענע, עסט ניט מיט די הענט.

יִדענע. מייַנע הענט זייַנען ריינער פאַר דייַן מויל, מאַמזער!

צווייטע יִדענע. זופּ די יויך! זופּ די יויך! ס'איז א בכיר![1]

ערשטע יִדענע. זע, ווי סטערקע איז עס היַינט אויסגעפּוצט, ווי א פּריצטע!

צווייטע יִדענע. ס'איז דאָך דער נייַער אויסשטייַער, וואָס ער האָט צוגעגאַזלט.

שטימען פון וואַלד. קומט, קומט, מע דאַרף נאָך גיין היפּשע עטלעכע מייַל.

— אָט דאָ איז בויטרעס כאַסענע? אָט דאָ! לאָזט אַרייַן!

— אַז איך זאָג אייַך, קומט אין זאַסקעוויצער וואַלד.

— קומט, ס'איז ניט דאָ! קומט!

— לאָזט אַרייַן, ניט־פאַרגינער, לאָזט אַרייַן!

באוואקסענער אָרעמאַן, וואָס באַלעקט זיך. אך, סאַראַ גוטס! געפילטע העלדז־לעך, איך וועל דאָ אויסגיין פון מעסיקעס! איכ'ל דאָ מיר עסן ביזן טויט אַרייַן און די אייַנגע־מאַכטס וועל איך לאָזן אָף שפּעטער.

אָרעמאַן מיט דער פאַרבונדענער באַק (מיט שרעק). אוי־ווי, מער קריכט ניט בא מיר, איכ'ל אַרויסגיין אין דרויסן! איך דאַרף האָבן אָף א רעגע אין דרויסן. (לויפט אין וואַלד.)

קרעטשמער מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. כאָסן, גיב אָקעוויט! פּראָסטן בראַנפן טרינקט מען א גאַנץ יאָר. היַינט ווילט זיך א ביסעלע ספּירט.

געלער קרעטשמער. סאָפּקאָלסאָף, וואָס שווייַגט מען? אָט זיצן זיי דאָך! וואָס? מע וועט זיי אַרויסלאָזן פונדאַנען מיטן לעבן? קאָהאָלשע שפּייַכלער.

הויכער קרעטשמער. ווען מע איז מענטשן, שווייַגט מען טאַקע ניט. קרעטשמאַרעס זייַנען אָבער בידלעס.

בויטרע (טוט א קוק אָף דעם געלן קרעטשמער). דו, געלער!

רעב אַרן־וואָלף. וויפל איז דער זייגער? עפּעס רוקט זיך ניט דער זייגער פון אָרט.

באוואקסענער אָרעמאַן. אייַ, ווי סע עסט זיך! אייַ, ווי סע עסט זיך! זינט איך לעב! א מעכייַע! מעכוטן, דער אייבערשטער זאָל אייַך געבן, איר זאָלט דערפאַר נאַכעס האָבן פון אייַער טאָכטער און פון בויטרען אפילע. אָבער לעמיַי שפּילן ניט די קלעזמאָרים? מע האַלט, אַז סע עסט זיך בעסער.

לעמעלע פּוט. שפּילט, קלעזמאָרים!

אָרעמעלייַט. א פריילעכס, א פריילעכס! (די קלעזמאָרים טוען א זעץ א פריילעכס.)

בויטרע. שפּילט ניט קיין פריילעכס. איך האָב פייַנט צו הערן.

די קלעזמאָרים האַקן אָפּ. עס ווערט שטיל. פּלוצעם ווערט א טומל טיפער אין וואַלד. דער טיש פון קאָהאָל און בעסדן הייבט זיך אוף פון אָרט. רעב אַרן־וואָלף טוט א שפּרונג אוף. אָף דער סצענע א טויטע שטילקייַט. די אָרעמעלייַט הערן אויך אוף צו עסן.

שטים פון אָרעמאַן מיט דער פאַרבונדענער באַק. לאָזט אַרייַן, דאָס בין איך! כאָסן, איך קאָן שוין עסן ווייַטער, לאָזט מיך דורך גיכער.

קאַלמען גיטעלעס. ער איז מעשוגע געוואָרן, אַרן־וואָלף, ער איז מעשוגע געוואָרן.

---

[1] בחיר — דאָ: דאָס שענסטע, דאָס בעסטע.

באוואקסענער אָרעמאַן, וואָס באַלעקט זיך (שיקערלעך). אָט דאָס איז א כאַ־סענע! אָט דאָס פארשטיי איך! ווײַבער, מיר צעקושן־זיך!

ערשטע ייִדענע. גיי, בוידזשעלע! גיי, אויך א מענטש!

צווייטע ייִדענע. אז ס'איז גאָר קיין בושע ניטאָ, עס זיצן ייִדן באַלעבאַטים און דער ראָוו...

דער באוואקסענער אָרעמאַן לאַכט זיך פאַנאַנדער. ער נעמט עפּעס זינגען שיקערערהייט און קנאַקט צו מיט די פינגער. פונדערווײַטנס אין וואַלד דערהערט זיך א קלאַנג פון מיליטערישע פײַקלען. לעמעלע פּוט פליט אַרויס. א רעגע א טויטע שטילקייט. סע קומט אַרײַן ראַכמיִעל באַלעגאָלע. דאָס קלאַפּן פון די פײַקלען הערט אויף.

ראַכמיִעל באַלעגאָלע (אין יאָמטעוודיקע קליידער, נאָר מיט א בײַטש). געבראַכט א וואָגן אָרעמעלײַט און די ווײַבער מיט די קינדער אויך. סע קערט זיך כוישעך. דער שוואַרצער גאַשטשינעץ איז פול מיט מענטשן. מאַזלטאָוו, כאָסן! (צעקושט זיך מיט בוטרען.) מאַזלטאָוו, קאַלע! וואָס, מע פּאָרט קיין וואָלין? אזוי? פון דער כאַסענע אַלע באַלד קיין וואָלין? נו, וואָדען! די אָרעמעלײַט וועלן ווערן פּויערים, גענוג געבידעוועט, אוואַדע! איך פאָר אויך. ראַכמיִעל באַלע־גאָלע אויך. אן אייגענע מעלוכע. וואָדען?

בוטרע. זיץ, ראַכמיִעל, זעץ זיך!

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. איַי, ווען דער טאַטע דײַנער, ייִסראָעל, לעבט עס איצטער, אָט וואָלט ער נאַכעס געהאַט! סאַרע גדולע: אן אײַנפּאַכן באַלעגאָלעס א ייִנגל געווען, וואָדען? דו פירסט טאַקע אַרויס די געמיינע מענטשן קיין וואָלין? אזוי? א מיילעך. א פאָלנער מיילעך. אָט דאָס פארשטיי איך, גענוג געהאָרעוועט פאַר די נעגידים. ס'איז שוין, באָרעך־האַשעם, דערגאַנגען ביזן האַלדז. זאָל דער אָרעמאַן אַמאָל טאָן פאַר זיך אויך עפּעס. וואָדען? ווי דער נאָווי זאָגט: א וואָלף מיט א וואָלף און א שעפּס מיט א שעפּס...

קאַלמען גיטעלעס (צום בעסדן). פּש... א גרויסער לאַמדן! אַך, באַלעגאָלע בען באַ־לעגאָלע...

ראַכמיִעל באַלעגאָלע. לעכאַיִם, ייִדן! לעכאַיִם! א סאָף צו די צאָרעס. וואָס איז? זאָל זײַן פריילעך! מירן גיין א טענצל! (פארקאַשערט די קאַפּאָטע, טאַנצט.) מײַרים, א קאָזע! ווער זינגען די אָרעמע קאָזע! ייִדן, ס'איז מאָשיִעכס צײַטן!

ייִדן, פרידע קאָזע דאָ וואָזע! פרידע קאָזע דאָ וואָזע!

אַלע. פרידע קאָזע דאָ וואָזע! פרידע קאָזע דאָ וואָזע!

מײַרים טוט זיך אָן אין א פעלץ אַף דער לינקער זײַט.

מײַרים (זינגט).

איין — א ציג,
ייִטויש — א פליג.
יאָגוין וועאַנאָכאַ — הונגער און נויט,
לעכעם — א טרוקן שטיקעלע ברויט.

אַלע. פרידע קאָזע דאָ וואָזע! פרידע קאָזע דאָ וואָזע!

מײַרים. מאַכוועס — א פײַער־פּאַן,
אָני — אן אָרעמאַן,
יאָשוין — לייגט זיך שלאָפן,
אייץ — מיט א שײַטל האָלץ צוקאָפּן!

אַלע. פרידע קאָזע דאָ וואָזע! פרידע קאָזע דאָ וואָזע!

מײַרים. מאַקע צרואָ — איז, ניט דאָ געדאַכט, א געשוויר,
נאָגיד — איז דער טײַטש א גוויר,
אָדאָם — איז ניט מער ווי א מענטש,
אוואָזים — ברענגט מען אים די פעטע לעבעדעווער געגנדז.

אַלע. פרידע קאָזע דאָ וואָזע! פרידע קאָזע דאָ וואָזע!

מײַרים. אהא — איז א וויי־געשריי.
מע האָיאָ לאָנו — הייסט אז אָך און וויי!
מישמאַניי ערעץ — א גוויר פרעגלט זיך אין שמאַלץ,
מעלאַך — אן אָרעמאַן טונקט אײַן דאָס שטיקעלע ברויט אין זאַלץ

און לייגט זיך שלאָפֿן הונגעריק אַף דער האַרטער באַנק,
און אין שטוב איז ניט געהייצט,
און עס בלאָזט אַ ווינט,
און עס איז אים שוין בעמיילע — ווײ און ווינד!

אַ ל ע. פרידע קאָזע דאָ וואָזע! פרידע קאָזע דאָ וואָזע!

ב ו י ט ר ע. מײַרים, עס איז מײַן כאַסענע, איך וויל זאָגן די דראָשע.

מ ײַ ר י ם (מיטן ניגן פֿון מאַרשאַלעק). האַכאַסאָן האַנאָגיד מוריינו האַראַוו רעב כאַים בע־רעב ייִסראָעל באַלעגאָלע וועט זאָגן די דראָשע. (אָן אַ ניגן) אַפּאָנעם, אַז וועגן דער כופּע טראַכט מען סײַוויסײַ ניט.

ב ו י ט ר ע (הייבט זיך אויף פֿון אָרט, ער איז בלייך). ייִסראָעל דעם באַלעגאָלעס אַ ייִנגל, כאַימקע, ער איז געגאַנגען אין כיידער צום געמאַרע־מעלאַמעד. ער האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ. ייִסראָעל האָט געפֿירט רעב אַרן־וואָלפֿס פֿלאַקס. אַמאָל, סאָף ווינטער, איז ער דערטרונקען געוואָרן. מע האָט אים געבראַכט אַף אַ פֿויערשער פֿור, איבערגעדעקט מיט אַ פּעלץ. די מאַמע האָט געזוכט אַ טאַכלעס פֿאַר דעם ייִנגל. די באַלמעלאָכעס האָבן אים ניט גענומען, זיי האָבן געבעטן צען זיל־בערנע גילדן אַ יאָר. דאָס ייִנגל איז געשטאַנען מיט אַן עמער וואַסער באַ די כאַסענעס, מע זאָל אַרײַנוואַרפֿן אַ גראַשן. ער איז געוועזן אַ גאַסן־יונג. ער האָט געטריבן טויבן אַפֿן דאַך פֿון פּאַרנעס־קוידעש, און סטערע, רעב אַרן־וואָלפֿס טאָכטער, איז געזעסן אין פֿענצטער און געלאַכט. זי איז געוועזן אַ קליין מיידל און האָט האָלט געהאַט כאַימקען; ער איז אָבער געוועזן אַ גאַסן־יונג. אַמאָל האָט ער געוואָרפֿן אַ שטיין און געטראָפֿן אין קאַלמען גיטעלעס אַ גאַנדז. רעב קאַלמען איז טייקעף געלאָפֿן צו קאַהאַל, מע זאָל דערפֿאַר דאָס ייִנגל אָפּגעבן אין סאָלדאַטן. קאַהאַל איז באַשטאַנען. אַף כאַימקען זײַנען אָנגעקומען שווערע צײַטן. כאַנטשע האָט אים געיאָגט אַ יאָר נאָכאַנאַנד אין די אַלע קרעטשמעס, אין די ייִשוווים, און אַמאָל, אַז כאַימקע איז געשלאָפֿן אין דער ווײַבערשער שול, האָבן זיי אים געשמידט אין קייטן. קאַהאַל האָט אים געהאַלטן אין קונע. דערנאָך האָט מען דאָס ייִנגל געפֿירט אין סמאָלענסק. ער איז געלעגן אַפֿן שטרוי פֿון וואָגן, און דעמלט איז אים אײַנגעפֿאַלן, אַז אַלץ הייבט זיך ערשט אָן. דאָס ייִנגל כאַימקע קאָן ניט וויינען, באַ אים ווײַזן זיך עפּעס ניט קיין טרערן. ער האָט צוויי יאָר געדינט אין סאָלדאַטן. זיי האָבן שוין געמיינט, אַז ער איז געוואָרן מאַרעשכוירע, נאָר באַנאַכט איז ער אַרויס פֿון דער קאַזאַרמע, קלוימערשט אַף אַ זאַך, ער איז איבערגעקראָכן דעם פּאַרקן און אַוועקגעלאָפֿן מיט די גריבער. ער איז געלאָפֿן אַ גאַנצע נאַכט. נאָכדעם האָט ער זיך כאַדאָשימלאַנג געוואַלגערט אין וועג. ער פֿלעגט באַטאָג זיצן ערגעץ אין אַ גרוב און באַנאַכט ווידער אַרויסקריכן און לאָזן זיך אין וועג אַרײַן, ביז ער איז ניט צוריקגעקומען צוריק אין זײַן שטאָט. צוריק אַהער, אַף זײַן שווארצער כאַסענע, אָט איצטער אינעם קרעווער וואַלד.

ס ט ע ר ע (וויינט.)

אַ טויטע שטילקײַט.

ב ו י ט ר ע. וואָס האָט דאָס קליינע ייִנגל כאַימקע געטאָן, וואָס קאַהאַל האָט אים אַוועקגע־שיקט אַ געשמידטן אין קייטן? וואָס האָט קאַהאַל געוואָלט פֿונעם קליינעם ייִנגל כאַימקע? פֿאַר־וואָס האָט קאַהאַל גענומען אָט דעם כאַימקע און אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער וועלט? ער איז אַוועק מיט דער האַק, ווי אַ גאַזלען. ער טאָר ניט דערמאָנען זײַן אייגענעם נאָמען. ער וואָגלט אַרום איבער די ייִשוווים, ווי אַ וואָלף. און קערט זיך אום, ווען ער דערזעט אַ פֿײַערל ערגעץ אין אַ פֿענצטער. ער איז געוואָרן כאַים בויטרע — אַ סטראַשידלע פֿאַר די קליינע קינדער, מיט אַן אײַזערנעם רייף אַרום בויך. ייִדן באַלעבאַטים, איך וועל אַרײַן אין אײַך, ווי די טויכעכץ, ווי צעלאָזענע שוועבל, און דער פּאַרנעס־קוידעש און קאַהאַל וועלן בלײַבן אַף אייביק די אייגענע סטראַשידלעס, וואָס איך.

אַ טויטע שטילקײַט. סטערע טוליעט זיך צו בויטרען, אַרן־וואָלף זיצט מיטן קאָפּ פֿאַרבראָכן אַפֿן טיש. די ייִדן באַלעבאַטים, פֿאַרגליווערטע אין שרעק, קוקן צו דער ערד.

אַ ן אָ ר ע מ אַ ן. מע דאַרף זיי אויסקוילענען אַלעמען.

ב ע ר ל ב אַ ס. זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אַפֿן געמיינעם מענטשן און צאַפּן פֿון אים טראָפּנווײַז.

ק ר ע ט ש מ ע ר מ י ט ד ע ר צ ע ש פּ אָ ל ט ע נ ע ר ל י פּ. און אָט דאָס, וואָס קינדער און איפּעלעך גייען אויס באַ דער שטאָט און מע האָט אַפֿילע קיין רופֿע ניט געשיקט, אָט דאָס מעג מען?

דאָס קלאָפּן פֿון די פּײַקלען דערהערט זיך גאָר נאָענט. אַף דער סצענע ווערט ווידער שטיל. די באַלעבאַטים הייבן אויף די קעפּ.

אַ שטים פֿון וואַלד. כאַיִם! אַנטלויף! כאַיִם! דער אַסעסער און צוויי הונדערט דעסיאַט־ניקעס גייען אַהער!

*קאָהאָל און בעסדן שפּרינגען אויף פֿון די ערטער. דער אָרעמער טיש — שרעקלעך דערשראָקן. בויטרע בלײַבט זיצן, ווי ס׳וואָלט גאָרניט פּאַסירט, סטערע פֿאַלט צו צום טיש און וויינט.*

רעב אַרן־וואָלף (באַקומט פּלוצעם צוריק זײַן אַמאָליקן אויסזען). וואָס האָסטו געמיינט, כאַיִמקע, ס׳איז הפֿקר אַ וועלט? וואָס האָסטו געמיינט, דו טיפֿע סרוכע, אַז דו וועסט טרעטן מיט די פֿיס די ייִדישקייט? קאָהאָל איז קאָהאָל! און דו, טאָכטער, קום איצטער צו מיר צוריק, וועל איך דיר נאָך מוחל זײַן. זײַ מיך ניט מעווײַעש פֿאַר מענטשן, טאָכטער!

סטערע (שפּרינגט אויף, צום טאַטן). גאַזלען! (וויל זיך אָף אים וואַרפֿן, בויטרע זעצט זי אַוועק לעבן זיך.)

בויטרע. איכ׳ל אַליין.

ראָזו (צו בויטרען). פּוישע ייִסראָעל, דו האָסט זיך געטראַכט: לעס דין וועלעס דײַען! וואַרט, מע וועט נאָך דיר קאַטעווען די הויט. צי ווייסטו, אַז אַפֿילע אין גענעם איז פֿאַר דיר קיין אָרט ניטאָ. ייִדן, אַל דאַאַס האַמאָקעם וועאַל דאַאַס האַקאָהאָל בין איך גויזער[1]: ווער ס׳האָט נאָך אַ פֿונק ייִדישקייט אין האַרצן, זאָל שוין אָפּטרעטן פֿון זײַנע דאַלעד־אַמעס!

אַלע. (שווײַגן).

לעמעלע פּוט (פֿליט ארײַן). כאַיִם, אַנטלויף, כאַיִם!

בויטרע. רעב אַרן־וואָלף, מע דאַרף נאָך מעסאַדער־קדושן זײַן!

רעב אַרן־וואָלף. אין גענעם וועט מען דיך מעסאַדער־קדושן זײַן מיט דער מאַלקע שוואָ.

*בויטרע הייבט זיך אויף פֿון אָרט. אַלע רוקן זיך אָפּ. ער גייט צו, נעמט דעם ראָוו מיטן ערשטן דײַען פֿאַרן קאָלנער און שטעלט זיי אַוועק לעבן זײַן טיש, ווו ער זיצט מיט סטערען.*

ערשטער דײַען. ראַטויטע, זלאָדזשע!

ראָוו. ראַטויטשע, ראַטויטשע, אַסעסער, ראַטויטשע!

בויטרע. זײַט מעסאַדער־קדושן.

רעב אַרן־וואָלף (צעקאָכט). זאָלסט מיר ניט סמייען, רעצייעך! מײַן טאָכטער איז ניט פֿאַר דיר קיין קאַלע! עפּן די טירן! מע וועט אײַך דאָ אַלעמען אַרעשטעווען! מע וועט דאָ אײַך אַלע־מען שמידן אין קייטן!

בויטרע (נעמט סטערעס האַנט און טוט איר אָן אַ פֿינגערל). האַריי אַט מעקודעשעס לי בעטאַבאַאַס זו קעדאַס מוישע וועייִסראָעל!

רעב אַרן־וואָלף. אײַ! מיימעסט אים! וואָס האָט ער געטאָן! אײַ!

*קיינער רירט זיך ניט פֿון אָרט. בויטרע און סטערע זעצן זיך רויִק צוריק, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט ניט געשען. אַ ווײַלע שטיל, אַ פֿאַרגליווערטע פּאַזע. די פֿײַקלען דערהערן זיך סאַמע הינטער דעם דער־בײַיִקן בערגל.*

אַ שטים פֿון וואַלד. כאַיִם! אָט גייען זיי שוין. אָט קומען זיי שוין ארײַן!

בויטרע (שטיל צו לעמעלע פּוט). אַרויסגיין קאָן מען ניט?

לעמעלע פּוט. ניין.

בויטרע. סטערען אַרויספֿירן קאָן מען ניט?

לעמעלע פּוט. ניין.

בויטרע. צינד דעם וואַלד. צינד און ברען. (לעמעלע פּוט קערעוועט זיך אויס, נעמט אַראָפּ אַ ליכט פֿון טיש און צינדט אונטער אַ פּעסל סמאָלע, קיינער אָף דער סצענע באַמערקט ניט.) שפּילט, קלעזמאָרים, אַ פֿריילעכס!

בערל באַס. שפּילט, קעראָשים! שפּילט! ער איז ווערט! ער האָט פֿאַרדינט. (די קלעז־מאָרים טוען אַ זעץ מיט אַ ברען. בערל באַס זינגט מיט.)

שעוועך (טוט זיך אַ וואָרף צום פּויק). סמאַליע!

בערל באַס. שעוועכקע, זעץ אין די טאַצן!

יעקל. שפּיל, אַז די סטרונעס זאָלן פּלאַצן. שפּיל, פּידעניו, צום לעצטן מאָל.

מײַרים. (זינגט). און אַז ער גייט אַרויס אינמיטן נאַכט,
באַפֿאַלט אַ גרויסע אײמע,
ווײַל ער גייט העלפֿן דעם געמיינעם מאַן
און דער אַלמאָנע און יעסוימע.

---

[1] על דעת המקום ועל דעת הקהל בין איך גוזר — דאָ: אין נאָמען פֿון גאָט און אין נאָמען פֿון קאָהאָל בין איך גויזער.

אַ ש ט י ם. אײַ, סע ברענט!

אַ צװײטע ש ט י ם. מע האָט אונדז אונטערגעצונדן.

אַ ד ר י ט ע ש ט י ם. אַ סרײפֿע! אַ סרײפֿע!

אַ ר ע מ א ן מ י ט ד ע ר פ אַ ר ב ו נ ד ע נ ע ר ב אַ ק. אײַ, מע האָט אונדז אָנגעגעסן, קעדײ מיר זאָלן בעסער ברענען.

אַ ש ט י ם. סע ברענט די סמאָלע. דאָ איז אַלץ סמאָלע.

אַ ש ט י ם. װוּ איז אָרן־װאָלף? פֿאַטערט אים.

דער אוילעם װאַרפֿט זיך אַף אָרן־װאָלפֿן. לעמעלע פּוט, בױטרע און סטערע לױפֿן צום בערגל.

ס ט ע ר ע. קום גיכער, גיכער, אַנטלױפֿן!

ב ױ ט ר ע. יאָ. (ער נעמט אַרום סטערען און שפּרינגט אַרוף מיט איר אַפֿן בערגל. עס דערהערט זיך אַ שאָס. סטערע פֿאַלט. בױטרע בײגט זיך אײַן איבער איר.)

ל ע מ ע ל ע פּ ו ט. קום אַראָפּ! דאָ שיסט מען! קום אַראָפּ!

ב ױ ט ר ע. איך װעל זי מיטנעמען.

ל ע מ ע ל ע פּ ו ט. קום!

עס דערהערט זיך אַ שיסערײַ. בױטרע, אופֿהײבנדיק סטערען אַף די הענט, פֿאַלט צוזאַמען מיט איר. ער פּרוּװט זיך אופֿהײבן, נאָר ער קאָן ניט.

פֿ אַ ר ה אַ נ ג פֿ אַ ל ט.



אײַזיק פּלאַטנער

# מוישע קולבאַק

אך, קולבאַק, קולבאַק... וויפל האַרציקע
געשפּרעכן זײַנען ניט פאָרגעקומען!

ש. האַלקין

דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. ווי נאָך אַן ערשטן זומערדיקן שלאַקסרעגן האָט אויפגעבליט די ערד. אין אַלע ליטווישע שטעטלעך איז די יוגנט אַרויס אין די גאַסן אָטעמען מיט דער אָקטיאַבער־לופט. דעמאָלט האָט זיך באַוויזן דער דיכטער פון דער פּאָעמע „שטאָט“ — מוישע קולבאַק. זײַן פּאָנעם, ווי אויסגעשניצט פון אַ סקולפּטאָרס האַנט, האָט זיך גלײַך אײַנגעקריצט אין זיקאָרן. נאָר מער פון אַלץ האָט זיך פאַרגעדענקט זײַן קאָל — דער טיפער באַריטאָן און דער ספּעציפישער ניגון באַם לייענען זײַנע לידער:

אײַ, לאָמיר גיין, לאָמיר גיין!
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע!
די טירן פון וועלט זײַנען ברייט, זײַנען פרײַ,
אונדזער וועג איז באַהויכט מיט אַ טוי און איז נײַ,
לאָמיר עפענען די טרוימען און שמידן די וואָר!
לאָמיר זינגען די ליכטיקע ליד פאַרן דאָר!

אויף אַלע פאַרזאַמלונגען, אויף די שפּאַציר־גענג האָט די יוגנט דעקלאַמירט די שורות. מע האָט זיך באַמיט אַפילו נאָכצומאַכן קולבאַקס אינטאָנאַציע און זײַן קאָל:

עס האָבן די גלעקער געקלונגען!
און בראָנזענע יונגען
באַפאַלן איז דעמאָלט אַ ווילן
צו שטילן
דעם צאָרן
פון יאָרן,
וואָס זײַנען פאַרלאָרן...
און ס׳האָבן די גלעקער געקלונגען...

אין קאָוונע האָבן מיר זיך דעמאָלט געטראָפן אינעם הויז פון אינזשעניער אַבראַמסאָן. איך, אַן אָנפאַנגער, מיט מײַנע ערשטע, נאַראַוואַס פאַרעפנטלעכטע לידער „אַרבעט“, האָב זיך זייער פאַרלאָרן אין קולבאַקס אָנוועזנהײַט, כ׳האָב אַפילו ניט געוואַגט צו לייענען מײַנע לידער, ווען מע האָט מיר פאָרגעלייגט. קולבאַק האָט דאַן עפּעס מאָדנע אַ שמייכל געטאָן. איך האָב ניט געוווּסט, אַז דאָס איז דער באַוווּסטער זעלמעניאַנער שמייכל, וואָס איז שפּעטער אַזוי מוסטערהאַפט אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין זײַן ראָמאַן „זעלמעניאַנער“. איך האָב אויך דעמאָלט ניט געוווּסט, אַז מיר וועט אויסקומען מיט אַ יאָר צוועלף שפּעטער צו לעבן מיט קולבאַקן אין איין ליטעראַרישער סוויווע, צו זײַן מיט אים נאָענט ביז די סאַמע לעצטע טעג פון זײַן אָפּגיין פונעם לעבן. בײַ מיר איז אָבער אויף אַלעמאָל איבערגעבליבן אין זיקאָרן דער טאָם פון יענער ערשטער באַגעגעניש, דער קאָליר פון זײַן פּאָנעם, דער טעמבער פון זײַן שטים און דער אָטעם פון יענער גרויסער צײַט — די צײַט פונעם אָנהייב פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, וועמעס אָנזאָגער איבער די שטעט און שטעטלעך פון ליטע איז געווען אויך מוישע קולבאַק:

איך גיי מיט מײַן העל־נײַסטער ליד,
פון מיר הערט זיך נאָך נאַכט,
נאָר מיר לײַכט שוין די זון אין געמיט.

אין 1932 האָב איך זיך געטראָפן מיט קולבאַקן אין מינסק. דאָס איז געווען די צײַט פון גרויסן סאָציאַליסטישן אויפשטײַג, ווען עס האָבן אויפגעוואַכט אַלע פאַרבאָרגענע קויכעס פונעם פאָלק, — די צײַט פון גרויסער שאַפונג.

קולבאַק האָט געהערט צו די שעפער, וועלכע האָבן זייער אַרבעט געקאָנט טאָן נאָר אין טומל; דאָס געשריי איז אים געווען ניט אייגנטימלעך. מע פלעגט אָפט אַרויסשטעלן צו קולבאַקן טײַנעס, אַז ער רופט זיך ניט אָפּ אויף טאָגטעגלעכע געשעענישן. נאָר ווען איר בלעטערט דורך די פּרעסע פון יענער צײַט, וועט איר געפינען אַן אַרטיקל וועגן ווײַסרוסישן פאָלקס־פּאָעט יאַקוב קאָלאַס, לידער פון ווײַסרוסישע פּאָעטן, איבערזעצט פון מוישע קולבאַק, זײַנע אַרויסטרעטונגען

פון אַ. פּלאַטנערס ליטעראַרישער ירושה.

אַף פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן אַלעמאָל איבערגעלאָזט אַ רושעם. גראָד אין די דאָזיקע יאָרן האָט קולבאַק אָנגעשריבן זיין פּאָעמע „דיסנער טשיילד העראָלד", זיינע פּיעסן „בויטרע" און „ביניאָמין מאַגידאָוו"; ער האָט אויך דעמלט איבערגעזעצט גאָגאָלס אומשטערבלעכע פּיעסע „רעוויזאָר" און אָסטראָווסקיס ראָמאַן „וויאַזוי שטאָל האָט זיך פאַרהאַרטעוועט"; הייַנט „זעלמעניאַנער"! קולבאַק איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון אַ ריי ביכער פון יידישע און ווייסרוסישע שרייבער. אָט דאָס אַלץ וועט אַף לאַנג פאַרבלייבן אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

## קולבאַקס שרייבטיש...

איך האָב אַלעמאָל געמיינט, אַז בײַ קולבאַקן איז פאַראַן אַ פיין־אויסגעשטאַטער קאַבינעט מיט אַ רייכן שרייבטיש, און אויפן טיש — די שענסטע טינטערס מיט העבטלפענעס, מיט בלייפעדערס, מיט מעקערס און קלעקערס, האַקלאַל — אַ שרייבטיש, ווי עס פאַסט פאַר אַ פילזייטיקן טאַלאַנט, פאַר אַזאַ וווּנדערלעכן פּאָעט, פרעכטיקן פּראָזאַיקער און זעלטענעם דראַמאַטורג. איך האָב זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן דעם טאָג, ווען איך וועל קומען צו אים אַהיים.

איך בין אַריין אין שטוב צו אים, דערנאָך אין דעם אַזויגערופענעם קאַבינעט. איך זוך מיט די אויגן דעם געטרוימטן, רייכן שרייבטיש מיט די אַלע נייטיקע שרייב־מאַכשירים. וויַזט זיך אַרויס, אַז אַלץ אַף דער וועלט געפינט זיך אַף קולבאַקס שרייבטיש — פאַרשיידענע שטוב־כּפּייצים, ווירטשאַפטלעכע זאַכן, ווי אַ האַמערל, אַ שערל, טשוועקלעך אוקעדוימע, אַ טעלער מיט פרישע קאַרטאָפל־לאַטקעס, וואָס זשעניע, זיין פרוי, האָט נאָרוואָס אויסגעבאַקן, קעדיי מעכאַבעד צו זיין די געסט, — אַלץ, כוץ דעם, וואָס האָט שייכעס צו שרייבערייַ: קיין סימען פון פּאַפּיר, קיין טינטער, קיין בלייפעדער. פאַרקערט, עליק, זיין זון, זוכט אַ טינטער מיט אַ פען, עמעצער פון די שכניים דאַרף עפּעס אָנשרייבן, הערט מען פון אַלע זייטן: „האָט ניט עמעצער געזען די פען? האָט ניט עמעצער געזען דעם טינטער?"

## קולבאַק שעבעאַלפּע

קולבאַק פלעגט שרייבן אויסוויינִיק. אַלץ האָט ער געשריבן אויסווייניק, אַפילע זיינע צוויי גרויסע ביכער „זעלמעניאַנער". ער האָט אויסגעוואָרעמט אינעם האַרצן יעדע שורע, יעדעס וואָרט ביזן לעצטן פּינטעלע און קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל דאָס פאָרגעלייענט (אויסווייניק) פאַר אונדז — זיינע צוהערער, זיינע פאַרערער. דעם גאַנצן בוך האָט ער פאָרגעלייענט אויסווייניק און דערנאָך די אויסבעסערונג צו יעדן קאַפּיטל, ביזן לעצטן פולקומען וואַריאַנט.

ערשט דעמלט, ווען בײַ קולבאַקן איז שוין געווען אַלץ פאַרטיק אין קאָפּ, האָט ער גענומען אַ העפטל און מיט די כאַראַקטעריסטישע פאַר אים קליינע אויסיעלעך, געדיכט אָנגעשריבענע, פאַרצייכנט דאָס אויסגעדיכטעטע ווערק. איך האָב אַלעמאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז קולבאַק האָט טאַכלעס־סינע פיינט דאָס שרייבן, דאָס פיזישע אָנשרייבן. דאָס איז בײַ אים געווען מלאכת חול[1], ער וואָלט בעסער געהאַקט האָלץ. קולבאַק האָט ליב געהאַט די אויסיעס־פוירכעס, מיט די פליגעלעך, ווען זיי פליִען אַרויס פונעם האַרצן, פונעם מויל, און פאָרלייענען האָט ער, ווי ס'איז באַוווּסט, געקענט זייער שיין, באַגייסטערנדיק די צוהערער.

## קולבאַקס ליבע צו דער נאַטור

קולבאַק איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער נאַטור. נאָך אין 1918, אַרבעטנדיק אַלס לערער אין ווילנע, האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע קענטעניש אין נאַטורוויסנשאַפט. עס זיינען פאַרבליבן אין זיקאָרן די אויספלוגן, וואָס קולבאַק האָט ליב געהאַט צו מאַכן אין די אַרומיקע וועלדער. אין זיי האָט, אַגעוו, אָנטיילגענומען אויך די באַוווּסטע לערערן פון נאַטורוויסנשאַפט העלענע כאַצקעלעס (זי געפינט זיך איצט אין קאָוונע). בייס די דאָזיקע אויספלוגן האָט מען צוזאַמען באַטראַכט יעדעס גרעזל, יעדן פלאַנץ און דאָס אָנגערופן מיטן יידישן נאָמען. קולבאַק האָט אין ווילנע זיך פאַרנומען מיט האָדעווען פייגל. דאָס שמאָלע לענגלעכע צימער איז געדיכט געווען באַהאַנגען מיט שטייגלעך פאַר פייגל. די לעצטע קאָפּעקעס האָט ער אויסגעגעבן אַף קויפן פייגל, אַף שפייַז פאַר זיי (אַגעוו איז פון יענער צייַט איבערגעבליבן זיינע אַ גרויסע דערציילונג וועגן פייגל און פייגלכאַפּער). שפּעטער, אין מינסק, האָט זיך קולבאַק פאַרנומען מיט האָדעווען קראָליקעס. ער האָט אַלעמאָל פאַרזייט אַ קליין גערטנדל לעבן דער שטוב, ווו עס איז געוואַקסן ניט מער ווי איין זונרויז און נאָך עטלעכע קרייטעכצער. קולבאַק האָט ליב געהאַט, ביז צו פאַרגעסנקייט, כאַפּן פיש; וועגן דעם וואָלט מען געקאָנט דערציילן פיל מייסעס.

## נעמען

אַ זעלטענע עמפינדלעכקייט האָט קולבאַק געהאַט צו די נעמען פון זיינע העלדן און צו נעמען פון ערטער. אין פלוג קאָן זיך דוכטן, וואָס פאַר אַ כאָכמע שטעקט אין אַ נאָמען? נאָר ווען מע

---

[1] מעלעכעס כויל — אַ וואָכעדיקע אַרבעט.

לייענט זיך אריין אין קולבאקס א ווערק (סיי לידער, סיי פּראָזע, סיי דראמע, און דעריקער דראמע), דערזעט מען ערשט, ווי טיף איינגעוואָרצלט ס׳איז יעדער נאָמען פון קולבאקס פּערסאָנאזש און ווי טיף איינגעוואָרצלט ס׳איז יעדעס געשטאלט אינעם אָרט, אין דער געגנט, פונוואנען עס שטאמט — עס איז צוגעוואקסן צו דער ערד, ווי א בוים, ווי א שטשאַוועל (קולבאקס ליב געוויקס), ווי א גראָז.

„אָ, דער זיידע פון קאָבילניק״, דער פעטער אוראָם, נאסטאסיע, איטשע, ראכמיִעל, שמוליע („רייסן״) — דאָס זיינען ניט קיין נעמען בלויז, נאָר שטיקער ערד, פריש, געשמאק ברויט. די פעטערס און די מומעס פון „זעלמעניאנער״ זיינען אין דעם בוך אזוי צעשטעלט אף די ערטער, אז ס׳איז אומעגלעך זיי א ריר צו טאָן פונעם פלאץ. פּרווט איבערבייטן, און דער גאנצער בוך וועט בעפיירעש בלויז צוליב די נעמען פארלירן דעם טאם. דער פעטער איטשע איז א שניידער, דער פעטער פאָליע א גארבער (פאָליע דארף זיין א גארבער), בערע כוואסט — ער גייט אוועק אף דער מילכאָמע מיט א לעפל אין כאָליעווע, שפּעטער ווערט ער א מיליציִאָנער. דער פעטער יודע שפילט אף א פידל (א פידל פּאסט זיך נאָר דעם פעטער יודע). די „איידעלע קיילע״ פונעם הויף הייסט צאלעל, די מומע גוטע, די מומע מאלקעלע, אפילע די יונגע, די שיליועס, ווי קולבאק רופט זיי אָן, האָבן אויך זייערע צוגעפּאסטע נעמען, פינקטלעך, לויט דער מאָס — טאנקע, פאלקע, אזוי אויך די קליינע זעלמעניאנערלעך. דאָס איז בא קולבאקן אן אָרגאנישע זאך. אָן א ריכטיקן נאָמען זעט ער ניט זיין העלד.

מער פון אלץ האָט זיך די דערמאָנטע אייגנשאפט קולבאקס ארויסגעוויזן אין זיינע פּיעסן. פאר דער וועלט איז געבליבן באקאנט בלויז איין פּיעסע — „בויטרע״, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין אלע יידישע טעאטערס פון סאָוועטנפארבאנד. דער פארנעס־כוידעש אין דער פּיעסע הייסט ארן־וואָלף, די צוויי הויפּט־העלדן: בויטרע (דער גאזלען) און זיין געליבטע, ארן־וואָלפס טאָכטער — סטערע. דער נאָמען סטערע טראָגט איין גלייך אוועק אין דער פארגאנגענהייט און באווייזט איין גלייך, אז דאָס מיידל איז ניט קיין נעבעכל. בויטרעס נאָענטסטער מענטש, זיין, אזוי צו זאָגן, אדיוטאנט, הייסט לעמעלע פּוט. מע דערזעט גלייך די פלינקייט, האָזעדיקייט און בעריעשאפט פון אזא יונג. דער מארשאלעק אין דער פּיעסע הייסט — מיירים (ניט ענלעך צו קיין איינעם פון די באקאנטע נעמען פון מארשאלעקס — באדכאָנים אין דער ביז־קולבאקישער דראמאטורגיע). דער לאָווטשי פון קעהילע הייסט — כאָנטשע קאָט (דער נאָמען אליין איז גענוג אף צו זען דעם פארשוין). די צוויי גאבאָיִם אין דער קעהילע הייסן — קאלמען גיטעלעס און הילע מאלווע; די קלעזמאָרים — יעקל מיטן פידל, ניסן מיטן פלייט, שעוועך מיטן פויק. זימל הייסט דער שרייבער פון דער קעהילע.

קולבאק קען אויסגעצייכנט גוט די געאָגראפיע פון די ערטער, ווו זיינע העלדן האָבן געלעבט. ס׳איז געגוי צו זען דעם וועג, וואָס עס מאכט דורך בערע, גייענדיק פון דער מילכאָמע אהיים. ער דערמאָנט אין דעם וועג, מיט וועלכן יידן זיינען אמאָל געגאנגען דורכן מידבער, — ויחנו ויסעו ויסעו ויחנו[1].

צו א סאך פון זיינע לידער האָט קולבאק אליין געשאפן מוזיק. מיר, זיינע פריינט און פארערער, האָבן געקענט זינגען אלע זיינע לידער, צו וועלכע ער האָט אליין פארפאסט ניגונים. איך זאָג — ניגונים, ווייל דאָס איז בעעמעס געווען מער ענלעך צו טפילעס, וועלכע ווערן געזאָגט מיט א ניגן. פון די דאָזיקע ניגונים פלעגט אלעמאָל, בייס מע האָט זיי געזונגען, איבערבלייבן א מין דערהויבענע כמורנעקייט אף דער נעשאָמע. אזוי איז געווען דער ניגן פון זיין ליד — „א דודע״ (די קלאָגליד פונעם אלטן רייסן): „היי, כ׳וועל אויסשפילן מיין בידנע מאזל אף דער דודע, דו־דו־דו״...

אין דעם ניגן האָט געקרעכצט דער וואלד, געזיפצט די סאָווע, געקלאָגט דאָס בידנע מאזל. קולבאקס פאָנעם פלעגט בייסן זינגען מאָדנע פארטראכט זיין און דער באריטאָן איז אים געגאנגען טיף פון אינווייניק, פון די געדערים.

א סאך פון קולבאקס לידער מיט די ניגונים זיינען אוועק אין פאָלק, מע האָט זיי אויסגעפירט אף קאָנצערטן, און קיינער האָט ניט געוווּסט, אז קולבאקן געהערן סיי די ווערטער, סיי די מוזיק. לעמאָשל, „ניי איך מיר סערמענגעס וואטאָווע״, „שטערנדל, שטערנדל, בלוי שטאפּעטעלע״ אא.

צו זיין פּיעסע „בויטרע״ האָט קולבאק אויך אליין געשאפן מוזיק; די לידער אין דער פּיעסע זיינען געבוירן צוזאמען מיט די ניגונים, ער האָט זיי געלייענט און געזונגען פארן קאָלעקטיוו פון טעאטער. דערנאָך, ווען די פּיעסע איז געווען שוין אין פּראָצעס פון דער ארבעט און די אקטיאָרן האָבן שוין געקענט דעם טעקסט פון זייערע ראָלן צוזאמען מיט די לידער, פלעגט דער קאָמפּאָזיטאָר פארשרייבן די ניגונים, קעדיי צו שאפן פאר זיי די געהעריקע אקאָמפּאנירונג.

## קולבאקס שפּראך

קולבאק האָט מיט אלע זיינע קויכעס געשטרעבט דערגרונטעווען זיך צו די אויצרעס פון דער פאָלקס־שפּראך. דאָס איז געווען בא אים ניט

[1] וואיאכנו וואייִסו, וואייִסו וואיאכנו — און זיי האָבן גערוט און זיינען געפאָרן, און זיי זיינען געפאָרן און גערוט (א פּאָסעק פון כומעש).

קיין שפּיל אין אָריגינאַליטעטן, ניין! דאָס איז געווען א בעפּיירעשער, אָרגאַנישער טייל פון זײַן שאַפן. ער האָט שטענדיק געשטרעבט געפינען דאָס פּאַסיקע וואָרט, ווי דער מאָלער שטרעבט צו געפינען די פּאַסיקע פאַרב. ער האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער ייִדישער ליטעראַטור א שלאַל מיט ווערטער, וואָס האָבן מאַמעש דערפרישט דעם אויער און דאָס געמיט. ער שרײַבט „לעפלען" (מערצאָל פון לעפל), „פערדן", „פויגלען", ער זאָגט „שנאָריירים" (ניט שנאָרער). אין „בויטרע", ווען עס רעדט זיך וועגן די קרעטשמערס, וואָס וואַלגערן זיך אין א וואַלד, זאָגט ער אף זיי, אז דאָס זײַנען ייִדן, וואָס זײַנען אַראָפּגעטריבן געוואָרן פון זייער „פלעק". אין דער פּיעסע האָט ער אַרײַנגעפירט א שלאַל נײַעם קלעזמער־לאָשן, וואָס איז נאָך ביז אים אין ערגעץ ניט געווען. די זאַפּטיקע, יאָדערדיקע ווערטער פון זײַנע לידער „רײַסן" בלײַבן אין זיקאָרן אף שטענדיק.

עס דערמאָנט זיך אזא פאַקט. קולבאַק האָט געשריבן זײַן פּיעסע „בינימין מאַגידאָוו" (צום באַדויערן, איז די פּיעסע פאַרלוירן געגאַנגען). דאָרט איז פאַראַן א סצענע, ווו בינימינס מוטער, אן עלטערע פרוי, גייט בעטן באַם פּוילישן קאָמענדאַנט, ער זאָל באַפרײַען איר זון, וואָס זיצט אַרעסטירט. קולבאַק האָט לאַנג געזוכט דאָס פּאַסיקע וואָרט פאַר דער מוטער, וואָס דאַרף פאַלן צו די פיס פונעם קאָמענדאַנט מיט א געבעט. קיין איינס פון די פאַראַנענע ווערטער האָט אים ניט צופרידנגעשטעלט, — ניט „האַר", ניט „פּאַן", ניט „הויכגעשעצטער" אאַוו. ביז איינמאָל איז ער געקומען מיט לויכטנדיקע אויגן און אונדז געמאָלדן, אז ער האָט געפונען דאָס ריכטיקע וואָרט. בינימינס מוטער פאַלט דעם קאָמענדאַנט צו די פיס און רופט אויס: „גענביטער".

## קולבאַקס „זעלמעניאַנער"

מיר ווילט זיך אויך דערמאָנען אייניקע שטריכן פון „זעלמעניאַנער". אין דעם בוך האָט זיך קולבאַק געשטעלט די אויפגאַבע צו באַווײַזן דעם ווייטעקדיקן איבערגאַנג פון קליינבירגערלעכן, קליינשטעטלדיקן לעבנס־שטייגער צום סאָציאַליזם. די ווייען פון דעם דאָזיקן איבערגאַנג, די באַהאַלטנסטע מאַכשאָוועס פון די מענטשן זײַנען געצייכנט דין, קאָלירפול, מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַר קולבאַקן שאַרפזיניקײַט, כאָכמע, הומאָר, זעלטענער שפּראַך, מאָלערישע בילדער און זייער שיינע נאַטור־באַשרײַבונגען. ווי אין אַנדערע זײַנע ווערק, איז קולבאַק אין „זעלמעניאַנער" ניט פרײַ פון שרײַבערישע „קאַפּריזן", נאָר דאָס זײַנען אַזעלכע קאַפּריזן, וואָס מע קאָן אים מויכל זײַן. אַדרעבע, זיי פאַרשאַפן אָפּט פאַרגעניגן דעם פאַרשטאַנדיקן לייענער, וואָס האָט ליב אזא שרײַבערישן קאַפּריז, לעמאָשל: „דער פעטער יודע שפּילט אף א פידל, ער שפּילט וועגן דער הון". דאָס שפּילן וועגן דער הון און די גאַנצע מײַסע מיט דער מומע העסיעס טויט כאַזערט זיך איבער אינעם בוך עטלעכע מאָל, און יעדעס מאָל מיט דער זעלבער מעסיקעס און געהיימניספולקײַט: „דערבײַ איז געשטאַנען די הון און געפילאָסאָפירט".

אָדער, לעמאָשל, דאָס קאַפּיטל 19 פונעם בוך, וואָס באַשטייט סאַכאַקל פון זעקס ווערטער:

דער פעטער איז, פאַרשטייט זיך, געשטאָרבן.

דאָ גייט א רייד וועגן דעם טעפּער פון קאָלווירט „רויטער אַקער", מיט וועמען דער פעטער יודע האָט זיך באַפרײַנדעט און וואָס ביידע זעען זיי אויס באַ קולבאַקן — איין מאָל „ווי צוויי ווינטערדיקע רעטעכער אונטער שניי" און א ביסל ווײַטער „ווי צוויי אַלטע בעזעמער". ענלעך צו דעם איז אויך דאָס קאַפּיטל 18, וואָס ווערט אויך באַצייכנט מיט דרײַ שטערנדלעך און לייענט זיך:

(טעלעגראַפיש) „דער ביכאָווער שוסטעראַרטעל האָט זײַן פּלאַן פון ערשטן קוואַרטאַל אויסגעפּילט אף גאַנצע הונדערט.

ארטעל־פּאָרזיצער

פּאַלאָוועץ".

בייס צאַלעלס לעווײַע באַווײַזט זיך אף א פּאַרקאַן א נאָמענלאָז פייגעלע. אָט דאָס פייגעלע גיט א טשיריקע א לאַנגווײַליק ניגנדל, און קולבאַק גיט א שפּיל מיט איינעם פון זײַנע שרײַבערישע קאַפּריזן: „דאָס נאָמענלאָזע פייגעלע איז אָבער געווען געניטנ געלערנט און האָט אים (צאַלעלן) דאָרטן אפן פּאַרקאַן, וואָס פּאַרן בעסוילעם, סאָפּקאָלסאָף אָפּגעזונגען אויך דעם באַוווּסטן פערז פון היינעס א ליד:

קיינע מעסע ווירד מאַן זינגען,
קיינען קאַדיש ווירד מאַן זאַגען,
ניכטס געזאַגט און ניכטס געזונגען
ווירד אַן מײַנען שטערבע־טאַגען.

פאַרשטייט זיך, אז אין דעם איז פאַראַן א סאַך עמעס און אפילע נעוויִעס אויך, אויב מע זאָל זיך גוט אַרײַנטראַכטן.

## קולבאַקס געמעלן פון מענטשן

קולבאַקס געמעלן פון מענטשן זײַנען אויסערגעוויינלעך טשיקאַווע: „א ייִד מיט א קאָטיקענעם כייפּעץ אפן קאָפּ, וואָס איז געווען ענלעך צו א היטל"; „בערע איז געשטאַנען צווישן זיי מיט א האַרטן, דעמבענעם האַלדז און געשוויגן"; „די זעלמעניאַנער זײַנען שוואַרצע, ביינערדיקע, מיט ברייטע נידעריקע שטערנס, א זעלמעניאַנער האָט א פליישיקע נאָז, א זעלמעניאַנער האָט גריבער אין די באַקן" (אינגאַנצן ענלעך אף קולבאַקן

אַליין, אויך אַ זעלמעניאַנער); „קאָנדראַטיעוואַ די גראַפיניע, מיט אירע טויזנט געראָכן פון יאָד און נעגעלעך, מיט די ראָזע פינגער, מיט די קנייטשעלעך אַרום די אויגן״...

## די געמעלן פון ווינטער

„ווי אויסגעטעסעט פון דער ווינטערדיקער לופט שטייען בוילעט די שטיבער פון שניי״; „די שוואַרצע קלעצער פון רעבוזע־הויף סטאַרטשען אַרויס פון די גראָבע שנייען, ווי אַלטע ביינער״; „דער ווינטערדיקער אָוונט ליגט קלאָר און שטייַף, ווי אַן אַרומגעדאָלבעטער שטיק צוקער, אונטערן בלויען הימל, עמעצער האָט דאָ מיט שאַרפע דלאָטעס אויסגעטעסעט פון צוקער די באַנאַכטיקע שטאָט״; „די שטאָט, אַ געגאָסענע אין שניי, ליגט אין איין געהויקערטן שטיק אויפן האָריזאָנט, ווי באַ אַ גרויסן בלויען פענצטער״; „די לופט — ריינער ספּירט. סיווע אייַז־קאָלטנס הענגען אַראָפּ פונעם רעבוזע־הויף, ווי בערן פון וואַסערפירער״.

## אַ געמעל פון אַ מעטעליצע

„עטלעכע שנייעלעך זייַנען אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל. אין ברעג דאָך האָט דאָס ווינטל געגראַבלט, און דער שניי האָט זיך שוין געשאָטן אויף אַרויף. פון געזימס איבער אַ פענצטער האָט זיך אַראָפּגעשאָטן אַ ביסל זילבערנער שטויב״; „דעמלט האָט זיך פון גאַס אויפגעהויבן אַ הויפן שניי און זיך אַליין געבלאָזן״; „אַ הורבע שניי איז אַראָפּגעפאַלן גלייַך פון אויבן, ווי פון אַ לאָך אין הימל״; „דער שניי האָט שוין געדרייט, פאַרקלעפּט די ווענט, אַרייַנגעשאָטן אין די בוידעמער״; „עס האָט אויסגעזען ווי אַ קאַלטע סרייפע״ (אַלץ וועגן דער מעטעליצע. — א. פּ.); „דער שניי האָט זיך געררייכערט״; „מיט די פּוסטע פּירהויזן, מיט די פאַרכאַפּטע שויבן האָט דער הויף אַרויסגעשטעקט פון דער מעטעליצע, ווי אַן איבערגעקערטע שיף״; „די זאַווערוכע ווערט געדיכטער״... „דעם פּעטער איטשעס שטאָל פון האָלץ זעט אויס, ווי אַ מירמלענער שלאָס״; „דער ווינטער שאָרכעט איבער די גאַסן, הויפנס שניי קלעפּן זיך אין די שוואַרצע שויבן״.

ווי ס׳איז צו זען, האָט קולבאַק ביכלאַל ליב געהאַט צו מאָלן ווינטער־בילדער, ער טוט דאָס מיט אַ באַזונדערער גענויקייַט, מיט אַ שאַרף אויג, מיט קינסטלערישער האַנאָע.

■

אַרום קולבאַקן האָבן זיך שטענדיק געפונען שרייַבער — זייַנע מעקוראָווים, טייל האָבן באַ אים געטאָגט און גענעכטיקט; פאַר זיי, קימאַט זייַנע מישפּאָכע־מענטשן, פלעגט ער פאָרלייענען, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, ער פלעגט אויך אויסהערן דאָס, וואָס יענע האָבן געשריבן. די דאָזיקע ניט גרויסע שרייַבער־מישפּאָכע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַן אייגנאַרטיקן שעפערישן קערן. אין יענעם הילצערנעם שטיבל אויף אָמסקי־געסל, וווּ קולבאַק האָט געוווינט, האָט זיך געשמידט דאָס געלייַטערטע קינסטלערישע וואָרט, די שיינע פּאָעטישע שורע, דער איידעלער געדאַנק. דאָרט פלעגט יעדן טאָג, יעדן אָוונט זיך געפינען דער וווּנדערלעכער הומאָריסט־ליריקער עליע קאַהאַן, דער זעלטענער אָריגינעלער דיכטער, דער פּראָסטאַק, געוועזענער גאַרבער מאָטל האַרצמאַן (די ביידע זייַנען אומגעקומען אויף די פראָנטן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע); אַהין, אויף אָמסקי־געסל, איז געקומען דער צאַרטער דיכטער זעליק אַקסעלראָד, דער אַקטיאָר פון יידישן מעלוכע־טעאַטער פון ווייַסרוסלאַנד כ. נ. ווינאָגורע, מיט וועמען קולבאַק האָט ליב געהאַט צו שמועסן און פאַרברענגען, דער שרייַבער פון די דאָזיקע שורעס און אַ ריי אַנדערע.

עס געדענקען זיך גוט די נעכט פון שמועסן וועגן פּאָעזיע, וועגן טעאַטער — די טיפע ווינטערדיקע נעכט, שטילע, ווייַסע אויף אָמסקי־געסל. דערנאָך האָט מען לאַנג שפּאַצירט איבערן פרישאויסגעפאַלענעם, ווייכן שניי. אַמאָל פלעגט מען גיין באַגינען, ערעוו פרילינג, באַגעגענען די ערשטע גראַטשעס, וואָס האָבן באַלאַגערט די נאַקעטע שוואַרצע ביימער און זיך געשלאָגן אַ נעסט צו פאַרכאַפּן. און דערנאָך זייַנען געקומען ווייכע, לופטיקע, פרילינגדיקע נעכט מיט בלייכע שטערן, די לעוואָנעס זייַנען געזעסן אויף די שפּיצן פון די צעבליטע ביימער, ווי גרויסע, קייַלעכדיקע, גאָלדענע קרוינען.

■

שיקע דריז

# פאר דער לעצטער צייַט

## עטעלע

אויסטרוימען וועל איך
א וווּנדערלעך שטעטעלע
און וועל דאָרט באזעצן
מיַין כאַלעם, מיַין עטעלע.

זאָל זי, פארפוצט
און פארפלאָכטן די צעפּ,
שפּילן אין פּילקע
דערוויַיל אַף די טרעפּ,

ביז אָנקלאַפּן וועל איך
טוק־טוק אין דער טיר
און ברענגען אין יאגדטאש
א כיינפינטל איר,

אזא, וואס זאָל ווערט זיַין
א דריטל מעדינע,
דעם סטעפּ בעסאראבער
און גאנץ בוקאָווינע,

די וואלדישע נעסטן,
די קילקיַיט פון גראָז,
דעם סאָד פון מיַין הארצן
און נאָך עפּעס וואָס.

## אָט־אָט

אָט־אָט וועלן קומען
די זילבערנע פרעסט,
וועט בליַיבן מיַין הארץ
ווי א ליידיקע נעסט.

און אויסקוקן וועל איך
מיסטאמע די אויגן,
ביז קומען צוריק
וועט צו פליִען מיַין פויגל

און לייגן, ווי שטענדיק,
אין א זומער־טאָג העלן
די עטלעכע בלויע
און ווארעמע קרעלן,

וואס פעלן מיר אויס
צו פארגאנצן דאָס שנירל,
כ׳זאָל קאָנען מיט ליבע
דיַין טמימעס באצירן.

## רויטער וויַין

רויטער וויַין, זיסער וויַין,
איז דאָך עמעס גוט.
איין כיסאָרן האָט ער נאָר —
ער דערמאָנט מיר בלוט.

נעם אים צו און פרעג מיך ניט
קיין איבעריקע מיַיסעס,
נעם אים צו און שטעל אוועק
דאָס ביסל וויַין דאָס וויַיסע.

וויַיסער וויַין, שטארקער וויַין,
ניט געסאמט צו ווערן.
איין כיסאָרן האָט ער נאָר —
ער דערמאָנט מיר טרערן.

נעם אים צו און פאָלג א נאָר,
אויב דו ווילסט מיר דינען,
טו א שפרונג און ברענג אריַין
א קופל ביר מיט פינע.

וועט מיר דאכטן, כ׳בלאָז אראָפּ
די סיווע פאטלעס מיַינע,
וועט מיר דאכטן, אז איך טרינק
די קאָרע אויגן דיַינע.

# ניט אזוי דער בול־בול־בול...

ביז עס פלאַמט די מאמעליגע
און ס׳קלאַפּט פון איר א פּארע,
לאָמיר טרינקען, לאָמיר שמועסן
טארע־בארע־טארע.
ניט אזוי דער בול־בול־בול,
דאָס פליישיקס אפן טעלער,
א גאָטס ראכמאָנעס אף דער פּאס,
וואָס ליגט, נעבעך, אין קעלער.
קאַלט איז דאָרט,
נאס איז דאָרט,
וואָס זאָל איך אײַך זאָגן,
נאָר א פּאס א דעמבענע
קאָן דאָס איבערטראָגן.
ביז די פּאס איז לעבעדיק —
מאכט דעם ווײַן א ווארע!
לאָמיר זינגען, לאָמיר שמועסן
טארע־בארע־טארע.

ניט אזוי דער בול־בול־בול,
דאָס שטארק געשמאַקע עסן,
א גאָטס ראכמאָנעס אף דעם ווײַן,
וואָס ליגט פארשטעקט אין פּעסל.
קאַלט איז דאָרט,
נאס איז דאָרט,
וואָס זאָל איך אײַך זאָגן,
עפּשער עסיק זויערער
קאָן דאָס איבערטראָגן.
זאָל זשע זײַן אונדז וויל און גוט,
ביז דאָס הארץ איז ווארעם,
לאָמיר זינגען, לאָמיר שמועסן
טארע־בארע־טארע.
ניט אזוי דער בול־בול־בול,
דער אָפּגעקאָכטער פריידיק,
א גאָטס ראכמאָנעס אף דער פּאס,
וואָס שטייט שוין, נעבעך, ליידיק.

# קעדײַ

בא יענער — א שנירל
פון פּערל די ציין,
בא דער — אף די באקן
צוויי גריבעלעך כיין.

שטארבט, כעוורע, שטארבט,
ניטאָ וואָס צו קלערן —
קעדײַ אין די גריבלעך
באגראָבן צו ווערן.

# די אונטערשטע שורע

כ׳האָב עפּעס פארפלאָנטערט,
געזינדיקט, א סווארע,
העננט אינדערלופטן
מײַן אונטערשטע שורע.

איך צייל און איך קייפל,
איך זינק אין מאכשאָוועס,
און כ׳קאָן ניט געפינען
אין גראָסבוך מײַן טאָעס.

געוועז בין איך ניכטער,
געוועזן לעבענדיק,
נאָר איינס און דאָס זעלבע
געדענקט האָב איך שטענדיק.

די פּארב, וואָס פארגיסט אונדז
אזש איבער די ברעמען —
זי איז מיר געשאָנקען,
כ׳זאָל קאָנען זיך שעמען.

פאר אײַך, טאטע־מאמע,
פאר אײַך, קינד־און־ווײַב,
און אפילע פאר דיר —
מײַן העמד אפן לײַב.

פרעג איך באם גראָסבוך
און נאָכאמאָל כ׳רעכן:
עפּשער באגאנגען
א גרויסן פארברעכן?

איך האָב, ווי די אָוועס,
מײַן קאָפּ ניט באשאָטן
מיט אש כיראָסימער
באם אייביקן שאָטן?

מיט ברידער ניט געברידערט?
מיט שוועסטער ניט געשוועסטערט?
די ווארשעווער שטיינער
מיט גלײַכגילט געלעסטערט?

עפּשער געשווינדלט,
געפעלשט מיט א מיין?
באגאנוועט, באגאזלט,
בארויבט זיך אליין?

כאָטש עמעס דאָס לעצטע,
נאָר כ׳זינק אין מאכשאָוועס,
ווײַל גלייבן איך גלייב —
ניט דאָס איז מײַן טאָעס.

## כאַטש...

כאַטש שוואכער און שוואכער
עס ווערן די אויגן
און אַפשיידן שווערער
דאָס בלויע פון גרוי,

נאָר איך וועל ניט אופהערן,
ניין, ניט אופהערן
זוכן די נאָדל
אין א סקירדע מיט שטרוי...

## כ׳זאָל מערער ניט וועלן

איך ליג אין מײַן בעטל
און טראכטן איך טראכט:
טאָמער עס טרעפט זיך,
איך שטארב גאָר באנאכט

און מאָרגן, ווי שטענדיק,
כ׳שטיי אוף צו דער שאָ,
דערזע איך — אוי, ווי איז מיר,
אז איך בין ניטאָ.

איך זוך זיך אין קיך,
איך שאַר אין דער שטרוי,
און פּלוצעם... איך שטעק
אינעם אײַנגעמאכטס סלוי.

צינד איך זיך אָן,
ווי מײַן טאטע, פון קאס
און כ׳טו א צעשפּיליע
מײַן לעדערנעם פּאס,

און כ׳לאָז אַף זיך איבער
א צענדליק מיט קארבן,
כ׳זאָל מערער ניט וועלן
גאָר טראכטן פון שטארבן.

## א לויב צו דיר, לעבן

פאר דעם שוין אליין
א לויב צו דיר, לעבן,
וואָס דו האָסט א העמד
ניט פארגעסן מיר געבן,

און טאָמער איך האָב עס
צעפליקט און צעשינדן,
איז נאָר צוליב יענעמס
א וווּנד צו פארבינדן.

## מײַן ווילן

אויך איצט,
אַף דער עלטער,
מײַן ווילן
דער גרעסטער —

א שפּרונג טאָן
און לויפן
פּאָרויס
דעם אָרקעסטער.

## מע זאָגט

מע זאָגט, אז א מענטש האָט אַף איינעם אן אינדזל
א פּאלאַץ פון ריינעם קרישטאָל זיך געשטעלט.
קיינער זאָל קיינמאָל ניט קאָנען אים שטערן
שפּעטן און לאכן אָט דאָרט פון דער וועלט.

נאָר אויסמײַדן פלעגן די שיפן דאָס אינדזל,
כאָטש שווימען דערנעבן האָט קיינער פּארוווּרט.
עס פלעגן די יאמלײַט ניט קאָנען פארטראָגן
דאָס קלאָגן, וואָס האָט זיך פון דאָרטן געהערט.

## איקער שאַכאכטי

א דאנק פאר יעדן
פרישן קוויטל,
פאר יעדער צווײַג
מיט ווײַנשל־צוויט.

א דאנק דערפאר,
וואָס קראָפּעווע
האָט טויזנט מאָל
מיך אָפּגעבריט...



הירש דאָבין

# דער קויטער פון לעבן

## קאַפּיטל דרײַ

**1** אף אַפאנסקי־גאַס בא עטל רודיצער אין שטוב, ווו אָשער איז צוביסלעכווײַז געוואָרן א היימישער מענטש, האָט זיך אָנגעהויבן שטילערהייט צונויפקומען דער קערן פון דער אונטערערדישער גרופּע, קעדיי באַטראַכטן די לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן, און באַשליסן, וואָס טאָן ווײַטער.

צוליב טײַמים פון קאָנספּיראַציע און אויך צוליב גרויס אײַלעניש האָט מען דאָס מאָל צונויפגערופן א קליינעם אוילעם. עס איז געווען בלויז א טייל פון די, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אַרום מיכל אַבעליעוון און מאַרגוליסן, טאַקע דער קערן, אָן וועלכן מע האָט ניט געקאָנט אויסקומען.

מע האָט געוואַרט אף מיכלען, וועלכער האָט גאַנצפרי, נאָך איידער עס איז געוואָרן דער טומל אַרום דער סרייפע אף דער וואַליקעס־פאַבריק, זיך אַרויסגעגאַנוועט הינטער די דראָטן און איז אַוועקגעגאַנגען אינעם רוסישן ראַיאָן, צו סאַריטשעוון, פונוואַנען מע האָט אים מיט א טאָג צוריק געלאָזט וויסן, ער זאָל קומען צו גיין; ביז איצט איז ער נאָך ניט געקומען צוריק, כאָטש עס איז שוין געווען גוט שפּעט, די רעכטע צײַט, ער זאָל זיך אומקערן.

קיינער פון די פאַרזאַמלטע האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס עס וועט זיך אַלץ ענדיקן און וואָס, אַשטייגער, וועט מען קאָנען טאָן מיט טויזנטער מענטשן — זקיינים, פרויען און קינדער, ווען עפּעס וועט זיך אָנהייבן אין געטאָ. ניט געקוקט דערוף, איז די שטימונג בא די יונגעלײַט געווען ניט קיין געפאַלענע. יענע צײַט, ווען יעדער שאָס אין דרויסן האָט זיך מיט איימע אָפּגערופן אין האַרצן און עס האָט זיך געוואָלט וואָס טיפער באַגראָבן, יענע צײַט איז שוין אַוועק. דאָס, וואָס פריִער וואָלט איבעראַשט און אַרויסגערופן גרויס שרעק, האָט מען איצט אויפגענומען ווי א זאַך, צו וועלכער מע איז שוין צוגעוווינט און קעגן וועלכער מע דאַרף קעמפן. און כאָטש אָפט איז אויך איצט אויסגעקומען לויפן זיך אויסבאַהאַלטן, איז מיט יעדן טאָג דאָך צוגעקומען נײַע דערפאַרונג. אין צאָרעס איז מען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן.

עס איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז מע האָט ניט געטאָרט גיין אין געטאָ און אַז דער גוירל פון די, וועלכע זײַנען דאָ געבליבן, איז אָפּהענגיק נאָר דערפון, צי עס וועט זיך אײַנגעבן אַרויסרײַסן זיך פון הינטער די דראָטן און אַוועקגיין מיטן ברייטן וועג פון קאַמף קעגן דעם סוינע.

מע איז געווען צערודערט און צעטראָגן מער פון אַלץ איבער דעם, וואָס פון זינט יענעם פאַרנאַכט, ווען מע האָט זיך פאַרקליבן אין איינער א שטוב און הינטער פאַרהאַנגענע פענצטער פאַרבאַהאַלטענערהייט דורכגעלייענט די ווענדונג פון דער פּאַרטיי, האָט מען נאָך קימאַט גאָרנישט ניט באַוויזן טאָן פון דעם, וואָס מע האָט דעמלט געהאַט אָנגעמערקט, כאָטש מע האָט די גאַנצע צײַט ניט אויפגעהערט צו נישטערן און זוכן עפּעס אַן אויסוועג.

---

סאָף פון צווייטן טייל. אָנהייב — זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 2, 1966.

מע האָט אויסגענוצט די מעגלעכקײַט, וואָס יעדן טאָג איז מען פון דער געטאָ געגאנגען ארבעטן אף די אונטערנעמונגען אין שטאָט, און מיט די קאָלאָנעס ארבעטער געשיקט אייגענע יאטן, קעדיי צו זוכן א קאָנטאקט מיט מענטשן, וועלכע ווילן אליין עפּעס טאָן און זײַנען גרייט אויך העלפן אנדערע. מע האָט ספּעציעל ארויסגעשיקט מערא־גלים אין ראיאָן, קעדיי צו זוכן ערטער, וווהין ארויספירן מענטשן.

מע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם, וואָס מיכל האָט זיך געקענט מיט דער מישפּאָכע סאריטשעווס און וואָלאָדיע האָט אים אנומלטן געהאט פאָרגעלייגט אוועקגיין מיט א גרופּע, און עטלעכע מאָל צוגעשיקט מיכלען אהין, ער זאָל דערגיין, וואָס טוט זיך דאָרטן, צי קלײַבט זיך ניט גיין אין וואלד א נײַע גרופּע, מיט וועלכער מע וואָלט געקאָנט אויך שיקן עמעצן פון געטאָ.

און דאָך איז אלץ דערווײַל געווען אומזיסט. אויך אויסער דער געטאָ זײַנען אלע געווען שטארק אָנגעשראָקן. איינער דעם אנדערן האָט ניט געטרויט. עס איז אומגעהייער שווער געווען מיט עמעצן זיך פארבינדן. די מעראגלים זײַנען אוועקגעגאנגען פון שטאָט, און ביז איצט האָט מען פון זיי קיין שום יעדיִע ניט געהאט, ווי זיי וואָלטן אין וואסער ארײַן. מיכל האָט יעדעס מאָל זיך אומגעקערט פון די סאריטשעווס מיט איין ענטפער: „מיר ווייסן, מיר פארגעסן אײַך ניט, אָבער דערווײַל דארף מען זיך אָנעמען מיט געדולד אוןווארטן, ווארטן, ביז עס וועט ניט קומען א שאָלִיעך פון וואלד, וווהין די גרופּע איז אוועקגעגאנגען"... עס איז אויך דערווײַל א קנאַפּע פּוליע געווען פון דער באגעגעניש, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן מיכלען מיט דעם באקאנטן טאָקער פון זאוואָד, מיט ביסטראָוון, אף וועלכער עס איז אויך בײַגעווען מארגוליס. מע האָט, צווישן אנדערן, ביסטראָוון צו וויסן געגעבן, אז אין געטאָ זײַנען פאראן יאטן, וועלכע רײַסן זיך צום קאמף, און מע האָט אים געבעטן איבערגעבן די כאווירים פונעם רוסישן ראיאָן וועגן דעם, אז טאָמער הייבן זיי אָן עפּעס צו טאָן, טאָמער וועלן זיי זיך נייטיקן אין מענטשן, איז זאָל מען נאָר א רוף טאָן...

ער איז אוועקגעגאנגען, ביסטראָוו, און ווידער האָבן זיך אוועקגעצויגן פּײַנלעך־שווערע טעג, פול מיט צאר און שרעק. ניט ווילנדיק זײַנען אין קאָפּ געקראָכן פינצטערע געדאנקען וועגן דעם, אז קיין אָרנטלעכע מענטשן איז ביכלאל ניטאָ אף דער וועלט, שוין אָפּגערעדט, ווען מע דארף עפּעס טאָן פאר א יִידן, אז דער דאָזיקער ביסטראָוו, פון וועלכן מיכל האלט אזוי שטארק, וואָלט, א סוואָרע, אויך ניט געקומען צו גיין אין געטאָ, ווען ער איז דערבײַ עפּעס ניט אויסן, ווען ער דארף ניט הערציילן מיכלען, וואָס עס טוט זיך בא זיי אפן זאוואָד, אז עס האָט זיך דאָרט געשאפן א גרופּע ארבעטער, וועלכע טוען אָן שאָדן דעם דײַטש און אז זיי וואָלטן אָן אן ערעך מער אופגעטאָן, ווען זיי האָבן א פּראָשעק, מיט וועלכן מע זאָל קאָנען פּאטערן דאָס פּארטיקע לעדער בייסן פארפאקעווען עס; קורץ גערעדט, קעדיי פרעגן מיכלען, צי קאָן ער זיך ניט דורכריידן מיט די כימיקער, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ, אז זיי זאָלן פּרווון עפּעס צוטראכטן.

די דאָזיקע געדאנקען האָבן געפּײַניקט, געבראכט דערצו, אז מע האָט צײַטנווײַז פארלאָרן דעם גלויבן אין זיך און עס האָט זיך אָפּט אויסגעוויזן, אז מע איז ארומגערינגלט מיט א טויבער וואנט, פון הינטער וועלכער מע וועט זיך קיינמאָל ניט ארויסרײַסן... מיטאמאָל האָט מען מיכלען ארויסגערופן אינעם רוסישן ראיאָן. און כאָטש מע האָט נאָך ניט געוווּסט, וואָס דערפון וועט ארויסקומען, האָבן גלײַך דערוואכט נײַע האָפענונגען. עס האָט אלעמען באהערשט אזא אומגעדולד, אז מע איז שוין געזעסן ווי אף הייסע קוילן... מע איז געווען אזוי אופגערודערט פונעם ווארטן אף אים, אז עס האָט זיך געפילט: ביז מיכל וועט ניט קומען צו גיין און ניט דערציילן, צוליב וואָס מע האָט אים גערופן, איז קיינער ניט אימשטאנד עפּעס צו באשטימען.

דער טאָג פארגייט דערווײַל. נאָך א ביסל, און עס וועט אָנהייבן פינצטער ווערן און אָט וועט זיך אָנרוקן די נאכט מיט דער קעסיידערדיקער שרעק פאר די אָנפאלן. אף דער ארבעט האָט מען קיינעם ניט געלאָזט גיין, און עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל קומען דערציילן עפּעס נײַס. מיכל איז ניטאָ. עס איז א ספק, צי וועט זיך אים הײַנט אײַנגעבן ארײַנשמוגלען צוריק אין געטאָ. און אידיע פארבער זעט מען אויך ניט, כאָטש עס איז בעפיירעש קלאָר אָנגעזאָגט געוואָרן יעדן איינעם, אז צי וועט ער יאָ דערגיין עפּעס וויכטיקס, צי ניין, זאָל ער פארנאכט קומען צו גיין אף אָפּאנסקי...

מע איז געזעסן אין די מאנטלען אזוי, ווי מע איז ארײַנגעקומען, גרייט יעדע מינוט זיך אופהייבן און פארלאָזן די שטוב, כאָטש מע האָט געוווּסט, אז אין דרויסן זײַנען פאראן מענטשן, וואָס גיבן אכטונג, און אין פאל, טאָמער באווײַזט זיך עמעצער פון דער אָרדענונגס־וואך אָדער אזוי עפּעס א מאָסער, וועט מען גלײַך צו וויסן געבן.

וואָס לענגער דאָס ווארטעניש האָט זיך פארצויגן, אלץ אומרוִיקער איז מען געוואָרן. מע האָט זיך אָפּטער גענומען צוהערן, צי קיינער גייט ניט, צי הערט זיך ניט קיין שיסערײַ בא די דראָטן...

אבע מעדרעש, מיכלס נאָענטסטער כאווער, וואָס בעטעווע איז ער אזוי אויך ניט קיין איבעריקס רוִיקער מענטש, האָט שוין מער ניט געקאָנט אײַנזיצן. ער האָט זיך ניט צוגעהערט דערצו,

וואָס עס ריידן צווישן זיך די כאַווירים, איז יעדער ווײַלע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב אַ קוק געבן, צי גייט ניט מיכל. אין דרויסן האָט זיך אַלץ געווייקט אונטערן רעגן. דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט כמאַרעס און מע האָט קיינעם ניט געזען... מעדרעש האָט זיך אַ פאַרכמורעטער אומגעקערט צוריק און זיך אַוועקגעזעצט אַף זײַן אָרט, לויכטנדיק פון דער טונקלעניש אַרויס מיט זײַן גראָוון קאָפּ האָר.

אומרויִק איז דאָס מאָל געווען אויך מאַרגוליס, וועלכער האָט פון פאָרזיכטיקײַט וועגן צונויפגערופן הײַנט די כעווריע אַהער, אין איינעם פון זײַנע אָרעמיקלעטן, ווּהין ער האָט זעלטן ווּעמען פאַרבעטן ביז איצט. אָט דאָס אָרט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ זײַט פון די ראַשיקע גאַסן, ערגעץ באַ די ליניעס פון דער פראַכט־סטאַנציע, האָט ער געהאַלטן פאַרגרייט פאַר אויסערסט ערנסטע פאַלן.

ער אַליין האָט נאָך פריִער, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן גוט צו טומלען אין געטאָ, גענומען פירן אַ באַוועגאַד לעבן, ניט טאָגן דאָרט, ווּ ער האָט גענעכטיקט, און אויך אַלע איבעריקע כאַווירים געוואָרנט, אַז זיי זאָלן זײַן געהיט. מיט דער הילף פון גוטעפרײַנט האָט ער זיך באַצײַטנס באַוואָרנט מיט עטלעכע זיכערע ערטער, ווּ ער איז איבערגעווען ווען אַ טאָג, ווען צוויי. דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט כאַווירים, דאָרט זיך בעראַטן מיט זיי וועגן פאַרשיידענע פראַגן און דערנאָך ווידער פאַרשווּנדן געוואָרן. בלויז געציילטע מענטשן פון דער גרופּע האָבן געוווּסט, ווּהין ער קומט אַהין...

אויך הײַנט האָט קיינער ניט געוווּסט, ווּ ער האָט גענעכטיקט. ער איז געקומען צו גיין, ווען אַלע זײַנען שוין געווען דאָ, ווי טאָמיד אַ שטילער, אַ באַשיידענער, אין עפּעס אַ פּאַלטאָכל, וואָס עמעצער פון זײַנע נײַע פרײַנט האָט אים געשאָנקען, בייס עס איז געוואָרן קאַלט. אויסגעזען האָט ער שלעכט. די פריִערדיקע פאַרברויִנטקײַט פון זײַן פּאָנעם האָט אָפּגעבליאַקעוועט און איז פאַרביטן געוואָרן מיט ניט קיין געזונטן, גרינבלעכן קאָליר.

די ערשטע פראַגע איז באַ אים געווען, ווי נאָר ער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל, צי איז מיכל ניט געקומען. דערבײַ האָבן אַלע באַמערקט, אַז אַרײַנגעקומען איז ער פון דרויסן שוין פון עפּעס היפּשלעך צעראַשט, און דאָס, וואָס ער האָט נאָך ניט געטראָפן מיכלען, איז בלויז אַ צוגאָב.

אויסגעווישט די פאַרליאַפּעטע ברילן און דערזען, אַז אַלע קוקן אַף אים מיט אַ טיפן אומרו אין די אויגן, האָט אָשער פונדעסטוועגן צום אַלעמערשטן געפונען פאַר נייטיק באַרויִקן אַ ביסל דעם אוילעם:

— מיכל האָט זיכער באַשטימט איבערוואַרטן. אינעם רוסישן ראַיאָן קער מען שוין אויך וויסן, וואָס עס טוט זיך באַ אונדז. אָט זעט איר, פאַרוואָס איז אידע ניט געקומען, דאָס פאַרשטיי איך ניט...

ער האָט אָבער באַלד כאַראָטע געהאַט אַף דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, איז אַליין מיט זיך געוואָרן אומצופרידן. וואָס מאַכט ער זיך נאַריש? ווּעמען וויל ער פאַריידן די ציין? פונוואַנען וויסט ער, וואָס איז פאַרלאָפן מיט מיכלען? און וואָס, מישטיינסגעזאָגט, פאַר אַ באַטרעף האָט איצט ביכלאַל עפּעס איינער אַ מיכל אין אַ צײַט, ווען מע געפינט זיך אין די הענט פון מערדער, וועלכע זײַנען גרייט אַלעמען אומברענגען... וואָלט דען ניט גלײַכער געווען, ווי שווער דאָס זאָל ניט זײַן, זאָגן די כאַווירים אָפן, וואָס אים מאַטערט אַזוי, קעדיי מע זאָל וואָס גיכער עפּעס פאָרנעמען, אַז דער אומגליק זאָל זיי ניט טרעפן אומגעריכט. ער אַליין האָט אָבער ניט געוווּסט, וואָס מע אייצעט טאָן. דעריבער האָט ער אַ ביסל צוגעוואַרט און געפרעגט, וועגן וואָס האָט מען עס גערעדט, בייס ער איז אַרײַנגעקומען, און פאַרוואָס איז מען אַנשוויגן געוואָרן.

— ווייס איך וואָס! — האָט זיך אָפּגערופן כאַיִם וואָלאָך, אַ ווונק געבנדיק אין יענער זײַט, ווּ עס איז געזעסן אַ געפּאַקט, קליינוווקסיק באָכערל מיט פלינקע, שאַרפע אייגלעך, ווי באַ אַ מײַזל, פונקט ווי אַלע דאָ, אויך אינעם מאַנטל. — נאָכעם איז געקומען מיט אַ נײַעם פּלאַן...

— אַשטייגער?

— מע וואָלט באַדאַרפט, זאָגט ער, צווינגען דעם יודענראַט אָפּגעבן אונדז אַ טייל פונעם גוטס, וואָס ער ראַבעוועט אָן אַלס קאָנטריבוציע פאַר די דײַטשן. עס וואָלט געווען צושטײַער אַף קויפן געווער...

מאַרגוליס האָט ווי ניט געהערט. עס האָט זיך געפילט, אַז זײַן קאָפּ איז פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש.

— סײַווי, זאָגט ער, ווייסט שוין זעלינגער געוויס, אַז אין געטאָ איז פאַראַן אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. דאַרף מען אַרײַנגיין צו אים, פאַרמאַכן הינטער זיך די טיר און וואָרענען: „אַזוי און אַזוי... גיסטו דאָס, וואָס מע פאָדערט פון דיר, איז רעכט. עלע ניט, זאָלסטו קיין פאַריבל ניט האָבן"...

מארגוליס האָט שוין ניט איין מאָל געהאַט באַמערקט: ווי נאָר עס קומען זיך צונויף נאָכעם מיט כאַימען, ווערט פריילעך. נאָכעם איז א היציקער, ער כאַפּט זיך לײַכט אָן פאַר יעדן פּלאַן. זאָגסטו אים עפּעס, וואָס איז אים ניט געפעלן, וועט ער קיין באַלכויוו ניט בלײַבן. לײַען א וואָרט דאַרף ער בא קיינעם ניט. כאַים, פאַרקערט, איז דער היפּעך צו אים. ער איז א רויִקער, אין א סאַך הינזיכטן געראָטן אין זײַן פאָטער, דעם אַלטן יוינען. כאַים האַלט נאָר פון רעאַלע זאַכן, וועלכע רופן ניט אַרויס קיין שום צווייפל. באַגלײַך אָבער דערמיט איז ער ניט קעגן מאַכן א ביסל כויזעק פון יענעם, עס מעג אַפילע ניט זײַן פאַרוואָס. ווערדיק אָשער פאַרשטייט, איז איצט, אַשטייגער, ניטאָ וואָס צו לאַכן פון נאָכעמען. דער פאָרשלאָג זײַנער האָט בעפּיירעש א געוויסן זין און איז ווערט, אַז מע זאָל אים אונטערהאַלטן. מארגוליס אַליין האָט שוין ניט איין מאָל געטראַכט וועגן דעם, אַז עס וואָלט נייטיק געווען צו שאַפן א געוויסן פאָנד פון געלט און זאַכן: טאָמער קומט אויס עמעצן ערגעץ־ווו שיקן, זאָל מען לעכאָל־האַפּאָכעס האָבן א מעגלעכקײַט צו באַוואָרענען יענעם מיט וואַרעם אָנטאָן און מיט א לעבל ברויט אַפן וועג. סאַפקאָלסאָף איז עס אַן אויסגעפּרוּווט מיטל, וואָס איז ניט איין מאָל אָנגעווענדט געוואָרן אין דער רעוואָליוציאָנערער פאַרגאַנגענהײַט. אַמאָל, אַז עס איז אויסגעקומען, איז מען אויך אַרײַנגעקומען צום גוויר אָדער צום פאַבריקאַנט און געהייסן געבן געלט... אויב מארגוליס האָט זיך ניט אָנגעכאַפּט אין אָט דעם פאָרשלאָג, דערקלערט זיך עס נאָר דערמיט, וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז בילכערע זאַכן שטייען איצט פאָר. געזאָגט האָט אָבער מארגוליס קיין זאַך ניט. מיט זײַן שווײַגן אַליין האָט ער געוואָלט געבן נאָכעמען צו פאַרשטיין, אַז די הויפּטזאַך איז ניט דאָס. ער האָט געוואָלט ווי ווײַט מעגלעך אויסמײַדן אַלץ, וואָס האָט געקאָנט אַזוי אָדער אַנדערש אָפּווענדן פון דעם איקער, כאָטש ער האָט געזען, אַז נאָכעם קוקט אַף אים, וואַרט, וואָס וועט ער זאָגן. ער האָט געוווּסט, אַז ס׳איז א געוואַגטער באָכער, און טאָמער וועט מען אים ניט אָפּהאַלטן דערפון, וואָס ער האָט פאַרטראַכט, קאָן ער עס טאָן אַף אייגענער אַכרײַעס... דאָס האָט ער דאָך, אָט דער נאָכעם וויכמאַן, זיך צונויפגערעדט מיט עטלעכע כאַווײרים, וועלכע זײַנען געווען צוזאַמען מיט אים אין לאַגער אַף שיראָקע, און אינמיטן העלן טאָג געמאַכט פּלייטע, בייס מע האָט זיי געפירט אַף אַרבעט. דאָס האָט ער אַף איינעם א בוידעם, ערגעץ אַף דער קוסטאַרער גאַס, אַוועקגעשטעלט א ראַדיאָ־אופנעמער, און עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָט דאָרט אבע מעדרעש פאַרשריבן נײַעס פון די פראָנטן און מיט דער הילף פון א בינטל קאָמיוגיסטן זיי דערנאָך פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג.

אָשער האָט באַשטימט מער ניט פאַטערן קיין צײַט, זיך דורכשמועסן מיט די כאַווײרים וועגן דעם, צוליב וואָס מע האָט זיך אַהער צונויפגעקליבן, און טייקעף זיך פאַנאַנדערגיין.

— כאַווײרים, — האָט ער ענדלעך אָנגעהויבן, — אַוואַדע וואָלט זיך אונדז געגלוסט וויסן, וואָס האָט מען פּלוצעם גערופן מיכלען... עס איז אָבער שפּעט, און לענגער וואַרטן קאָנען מיר ניט. — ער איז ווידער אַף א ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, ווי איינער, וואָס דאַרף איבערשווימען א ברייטן, שטראָמיקן טײַך און איז ניט זיכער, אַז דאָס וועט אים געלינגען, און האָט געפרעגט: — זאָגט מיר, איר האָט געהערט די לעצטע נײַעס? אַז ווי נאָר מע האָט אַלעמען אַוועקגעטריבן פונעם טויער, איז קרומער געקומען צו גיין אינעם יודענראַט?

קיינער האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. בלויז כאַים האָט זיך א צי געגעבן עפּעס פרעגן. נאָר מארגוליס האָט אים ניט געלאָזן איבערשלאָגן.

— נו, אָט... איך זע דאָך, אַז איר ווייסט ניט. ער איז אַרײַנגעקומען, דער קאָמענדאַנט, צו זעלינגערן אין קאַבינעט, האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן ברעג טיש און, שמייכלענדיק, געפרעגט: „מײַן ליבער זעלינגער, האָבן זי אַנגסט?“.. זיך אַנטשולדיקט פאַר דעם ייִדן, קלוימערשט, עס איז פאָרגעקומען א מיספאַרשטייעניש, אין וועלכער ער, דער קאָמענדאַנט, איז ניט שולדיק, און האָט פאַרזיכערט, אַז אַזעלכס וועט זיך מער קיינמאָל ניט איבערכאַזערן. א סימען האָט ער, זעלינגער, פון מאָרגן אָן וועלן אַלע ייִדן קאָנען ווידער „פרײַ“ גיין אַרבעטן אין שטאָט, ווי פריִער. דערנאָך איז ער אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און געטיילט צוקערקעס די קינדער, וועלכע האָבן זיך אים באַגעגנט אין וועג...

קיינער האָט זיך ווידעראַמאָל ניט אָפּגערופן. מע האָט זיך בלויז איבערגעקוקט, אויסער זיך פונעם עצעם פאַקט: פריִער מאַטערן מענטשן, דערפירן זיי והער ווייסט צו וואָס, און דערנאָך קומען פרעגן, ווי זיי פילן זיך...

מארגוליס האָט ווײַטער דערציילט:

— ווען קרומער איז צוגעפאָרן צום טויער, האָט מען דאָרטן אַקוראַט געהאַט פאַרהאַלטן איינע א ייִדענע, וועלכע האָט זיך אומגעקערט פון ערגעץ מיט א ביסל קאַרטאָפל און עטלעכע שטיקלעך ברויט. דערזען די פרוי וויינען, איז ער אַרויס פון דער מאַשין און געהייסן איר אַלץ אומקערן. דערבײַ האָט ער שיִר ניט געהאַלטן א רעדע פאַר דער וואַך מיקויעך מענטשלעכקײַט,

אף הינטן. עס האָט אויסגעזען אזוי, ווי עס וואָלט אים אין לעבן געגאנגען, אז זי זאָל אים דערקענען.

סאָפקאָלסאָף האָט מארגוליס ניט אויסגעהאלטן און מיט א שמייכל געזאָגט:

— איך הער די גאנצע צײַט „סימע" און „סימע". און עס ווײַזט זיך ארויס, אז דאָס איז גאָר דער גוטער מאלעך, וועלכער האָט אונדז געבראַכט עסן אינעם לאגער.

זי האָט ניט פארשטאַנען, וואָס ער מיינט, עפשער שוין לאנג פארגעסן אין יענעם טאָג, ווען זי איז געווען אין לאגער. איר קאָפּ איז איצט געווען פארנומען מיט גאָר אנדערע זאָרג.

— כאווערטע, איר דערקענט מיך ניט? — האָט אַשער געפרעגט.

זי האָט אים באַטראַכט און א דריי געגעבן מיטן קאָפּ אף ניין.

— איר געדענקט ניט דעם לאגער, וווהין איר זײַט געקומען זוכן אײַער שוואָגער? דאָס האָט איר דאָך מיר דעמלט איבערגעלאָזט דאָס קוישל מיטן עסן.

— אזוי... — האָט זי צו אים א שמייכל געטאָן, און אין אירע אויגן האָט זיך באוויזן א געוויסער אינטערעס. — האָט קיין פאריבל ניט. איך פארגעדענק שלעכט פּענעמער. — און האָט צוגעגעבן: — זעט איר דאָך, א בארג מיט א בארג קומט זיך ניט צונויף, אָבער א מענטש מיט א מענטשן...

— דער טאַם פון אײַער באָרשטש ליגט מיר נאָך איצט אין מויל.

זי האָט צונויפגעצויגן די ברעמען:

— דעם באָרשטש האָט גראָד געקאָכט מײַן מאַמע.

— עטלעכע טעג האָבן מיר זאַלבעצווייט געלעבט פון אײַער עסן.

— ווער נאָך?

— ס'איז געווען מיט מיר נאָך איינער, א יאַטל, א רעמעסלעניק.

— און ווו איז ער איצט?

מארגוליס האָט זיך א קנייטש געגעבן:

— ווער ווייסט. מיר זײַנען אינצווייען אנטלאָפן פון לאגער, געטראַכט זיך דערקלײַבן צום פראָנט, נאָר אין א דאָרף האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אף דײַטשן און איך האָב אים פארלוירן...

כאָים האָט דערזען, אז מארגוליס קאָן שוין אויסקומען אָן אים, איז ער אוועק אין שטוב. סימע איז אראָפּ פון גאנעק. שווײַגנדיק איז מארגוליס אוועק מיט איר. ווּהין גייט זי, האָט זי געענט־פערט אף זײַן פראגע, ווייסט זי אליין ניט. זי דאַרף, אייגנטלעך, גיין אין קינדערהיים. נאָר דאָרטן איז צאָרעס... עס איז איר גאָר שווער ארײַנקומען אהין. פון נעכטן אָן, זינט מע האָט פאר־מאכט די געטאָ און קיינעם ניט ארויסגעלאָזט אין ערגעץ, האָט מען פון אופראווע ניט ארײַנ־געפירט קיין פראָדוקטן פאר די קינדער און עס איז ניטאָ מיט וואָס זיי צו קאָרמענען. אינדערפרי איז שוין ניט געווען וואָס צו געבן זיי עסן, און עס איז אויסגעקומען בעטן עטלעכע פרויען, מע זאָל זיך דורכגיין איבער די הײַזער און עפּעס צונויפנעמען פונזייערטוועגן. א דאנק קאַזשדאַנען. ער האָט פון ערגעץ געבראַכט צו טראָגן א ביסל קאַרטאָפל.

— מע קאָן זיך פאָרשטעלן, אז אים איז גאָר ניט אזוי שווער צו קריגן עפּעס, — האָט מארגוליס באַמערקט. — צונעמען בא יענעם איז זייער גרינג.

— אָך! — האָט סימע א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ניט וועלנדיק לײַדן זײַנע רייד. — איך ווייס ניט, ווער וואָלט געווען בעסער אף קאַזשדאַנס אָרט. דאָ זע איך כאָטש, אז דער מענטש טוט א סאַך טויוועס. ווען ניט קאַזשדאַן, איז א פראגע, צי וואָלט ביכלאַל געווען א קינדערהיים. ער איז געלאָפן אין אופראווע און זיך דערשלאָגן פראָדוקטן פאר די קינדער. ער האָט אונדז געהאָלפן קריגן מעבל. אפילע בעטגעוואַנט האָט ער געבראַכט. איר ווייסט, מע דאַרף גוט קענען א מענטשן, מע זאָל אים אזוי לײַכט באַשולדיקן.

— דאָס זײַט איר גערעכט. וואָס אין א מענטשן קאָן אמאָל שטעקן! — האָט צוגעגעבן מאַר־גוליס, גייענדיק מיט איר זײַט בא זײַט. ער האָט א טראַכט געטאָן, צי וואָלט ניט קעדײַ געווען אויסנוצן דאָס, וואָס עס איז אוועק א רייד וועגן קאַזשדאַנען, און בעטן סימען, זי זאָל אים צונויפירן מיט אים. ער האָט זיך דאָך אָפּגעהאַלטן דערפון, באַשטימט עס טאָן א צווייט מאָל. צו פרי איז נאָך געווען צו פאַרפירן אזעלכע געשפּרעכן.

זיי זײַנען געגאנגען איבער די פארגליווערט שטילע גאַסן, גאַסן אָן פורן און אָן מאַשינעס. אין אָט דער שטילקײַט האָבן באַזונדערס הילכיק געקלונגען די טריט פון די פארבײַגייער. עמע־צער האָט שוין אײַנגעהייצט אַן אויוון, קעדיי אָפּצוקאָכן א ביסל מיטנישטן עסן, און דער רויך האָט זיך געשפּרייט נידעריק איבער די דעכער. א פרוי האָט געטראָגן א פּאָר עמער וואַסער פונעם פּלומפּ און איבערגעלאָזט נאַסע שפּורן נאָך זיך... פאַמעלעך, זייער אומזיכער, האָט מען זיך אומגעקערט צום לעבן. יעדערער האָט געוואָלט האָפן, אז דאָס וועט זײַן אף לאַנג.



אזוי זײַנען זיי ביידע, סימע מיט אָשערן, צוגעגאַנגען צום קינדערהיים, וואָס האָט זיך פֿונדערווײַטנס געוואָרפֿן אין די אויגן מיט די רויטע ציגל פֿון די ווענט און מיט די הויכע, צעוואַקסענע טאָפּאָלן בײַ די פֿענצטער. סימע איז געבליבן שטיין, דערלאַנגט אָשערן די האַנט און געבעטן אַרײַנקומען.

— מערסטנטייל בין איך דאָ, — האָט זי געזאָגט. — טאָמער פֿאַרגלוסט זיך אײַך אַמאָל ריידן אַ וואָרט מיט עמעצן, קומט אַרײַן. איך האָב מיר דאָ מײַן „קאַבינעט“, און קיינער וועט אונדז ניט שטערן זיצן אַ ביסל.

מאַרגוליס האָט זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט צוריק אַהין, פֿונוואַנען ער איז נאָרוואָס געקומען. ער האָט באַשטימט נאָכאַמאָל אַרײַנגיין צו אָבען און זיך דערוויסן, וואָס איז געבליבן מיט פֿרידליאַנדן. יענער איז אַוועקגעגאַנגען צי ניין. קיין העפֿקייערס טאָר מען ניט דערלאָזן, אָן דיסציפּלין האָבן זיי אַלע אַ גראָשן די ווערט.

ער האָט זיך איצט געפֿילט ניט אין אַן ערעך מער אויפֿגעלייגט, ווי פֿריִער. דאָס, וואָס ער האָט אַזוי צופֿעליק זיך געטראָפֿן מיט דעם זעלבן מיידל, וואָס האָט אים אין לאַגער איבערגעלאָזט דאָס עסן, איז אים געווען זייער אָנגענעם. ער האָט געהאַט אַ געפֿיל, ווי ער וואָלט זיך געטראָפֿן מיט אַן אייגענעם מענטשן. ערשט איצט איז אים געקומען אויפֿן זינען, אַז אויך ביז אַהער האָט ער ניט איין מאָל געטראַכט וועגן סימען. עס איז אים אָבער ניט אײַנגעפֿאַלן, אַז ער וועט זיך אַזוי דערפֿרייען, ווען ער וועט זי דערזען.

ער האָט קיין אָנונג ניט געהאַט, פֿאַרוואָס איז ער אַזוי צופֿרידן פֿון דער באַגעגעניש מיט אָט דעם ווילד־פֿרעמדן מיידל, וואָס ער האָט בלויז איין מאָל געזען אַ קורצע ווײַלע און דאָס אויך — אינעם יאַם פֿון מענטשן, וואָס האָבן פֿאַרפֿולט דעם לאַגער.

**2** שוין עטלעכע טעג, ווי יוליִא סערגייעוונאַ האָט אָפּגעשיקט די קינדער צו אירע קרויווים, אין דאָרף. זי האָט זיי באַזאָרגט מיט אַלעם נייטיקן אויף דער ערשטער צײַט, אויסגערעכט, ווי נאָר זי האָט געקענט. אַוועקגעפֿאָרן זײַנען זיי מיט אַן אייגענעם מענטשן, אויף וועלכן מע האָט זיך געקאָנט פֿאַרלאָזן.

פֿריִער האָט זי געמיינט, אַז קוים וועט זי די קינדער אַוועקשיקן פֿון שטאָט און פֿון דער געפֿאַר, וועלכע לויערט דאָ אויף יעדן טריט און שריט, וועט זי אָפּלעבן. נאָר אָט האָט זי זיך געזעגנט מיט זיי, די פֿור איז אַרויסגעפֿאָרן פֿונעם הויף, זי איז אַרײַנגעגאַנגען צוריק אין שטוב, האָט געטראָפֿן די ליידיקע ווינקלען — און עס גייט איר ווידער דאָס לעבן ניט אײַן.

וואָלט עס נאָר געווען דאָס איינציקע, וואָס מאַטערט זי, וואָלט עפּשער נאָך ניט אויסגעמאַכט. נאָר זינט די קינדער זײַנען אַוועקגעפֿאָרן, איז צוגעקומען אַ נײַע פּלאָג. ווי נאָר זי דערהערט, אַז עס פֿאָרט פֿאַרבײַ אַ מאַשין אָדער אַ פֿור, רײַסט זיך איר אויף דאָס האַרץ. זי האָט מוירע, אַז מע זאָל צו איר ניט אַרײַנשטעלן קיין דײַטשן אָדער קיין פּאָליציײַען אויף קוואַרטיר, אַזוי ווי עס האָט

פאסירט מיט אירע שכיינים. זי שטעלט זיך גאָר ניט פּאָר, וויאַזוי וואָלט זי אויסגעהאַלטן, ווען עס קומט איר אויס צו זײַן מיט זיי אונטער איין דאַך.

טאַקע קעדיי דאָס זאָל ניט געשען, באַמיט זי זיך ניט זײַן אין דער היים. ווי נאָר עס קומט אָן דער פרימאָרגן, טוט זי זיך אָן, פאַרשליסט די שטוב און גייט אוועק. אַמאָל צום שוועסטער, וועלכער וווינט אין אַ היינטערגאַס, אַמאָל צו באַקאַנטע, אַמאָל ווידער פאַר דער צײַט אויף דער אַרבעט, אין שפּיטאָל, וווּ, אַרומגייענדיק אַרום די קראַנקע, פאַרגעסט זי אַ ביסל די צאָרעס.

זי וואָלט געוויס אויך היינט ניט פאַרבליבן אין שטוב, ווו אַלץ איז פאַרלאָזט, באַדעקט מיט שטויב. נאָר פון נעכטן אָן דוכט זיך איר, אַז עמעצער דרייט זיך אַרום אַרום איר שטוב. אַ סימען, אַז זי האָט קיין טאָעס ניט, איז דאָס, וואָס פאַרנאַכט, ווען זי איז געקומען צו גיין פון דעם שוועסטער בעמען, וואָס זי דאַרף, און אַוועקגיין אין שפּיטאָל אויף דער באַנאַכטיקער דעזשורסטווע, האָט זי דערזען אונטערן פענצטער פרישע מאַנצבלשע טריט, ווי עמעצער וואָלט צוגעגאַנגען און אַרײַנגעקוקט אין שטוב, געוואָלט וויסן, צי איז דאָרט ווער פאַראַן, צי ניין... אַ צווייט מאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עמעצער טאַפּט די טיר. זי איז אַרויס אין פירהויז, האָט געפרעגט, ווער איז דאָרט, נאָר ניט באַקומען קיין ענטפער. אַרײַן צוריק אין צימער און איז שוין אַ גאַנצע נאַכט געווען זייער אומרויִק, אַלץ געטראַכט, ווער האָט דאָס געקאָנט זײַן. מע דאַרף זיך נעמען אין די הענט, — האָט יוליאַ סערגייעווונא באַשלאָסן. — די קינדער זײַנען אוועקגעפאָרן, און עס קאָן אויסקומען צו זײַן אַליין ניט איין טאָג. מע זאָל שטענדיק זײַן אָט אַזוי־אָ אויפגערודערט, דאַרף לאַנג ניט געדויערן אַראָפּ פונעם זינען.

מע דאַרף נעמען עפּעס טאָן, וועט ווערן פרײַלעכער אויפן האַרצן. זי וועט צוקלײַבן אַ ביסל די שטוב. זי האָט וואָס איבערצוװאַשן. און זי טוט טאַקע אַזוי, ווי זי באַשטימט. זי טראָגט אַרײַן אין קיך די מולטער, וואַרעמט אָן וואַסער. זי האָט ליב שטוביקע אַרבעט. אין די בעסטע יאָרן, ווען דער מאַן האָט נאָך געלעבט און איר האָט געפעלט נאָר פויגלמילך, האָט זי אויך ליב געהאַט זיך שטעלן איבער אַ מולטער וועש. זי רײַבט איין שטיקל וועש נאָך דעם אַנדערן אינעם באַרג מילינעס, פון וועלכע מע זעט קוים אַרויס די הענט. פון גרויס פלײַס פאַלט איר אַראָפּ אויף די אויגן אַ דינע פּאַסמע בלאָנדע האָר און, ווי אַ בעריע אַ באַלעבאָסטע, וואָס האָט ניט ליב איבער־צורײַסן די אַרבעט, באַמיט זי זיך מיט אַן עלנבויגן פאַרשאַרן די האָר אויף אַרויף. רויִק איז זי דאָך ניט...

צום טויער פאָרט צו אַ פור. זי הערט, ווי עס שטעלט זיך אָפּ דאָס פערד. אירע הענט בלײַבן ווי געליימטע ליגן אויף דער ברעט, אויף וועלכער זי רײַבט דאָס גרעט. איר קאָפּ איז שוין מער ניט בײַ דער אַרבעט. זי וואַרט, וואָס וועט זײַן ווײַטער. וועגן דעם, אַז דאָס קאָנען זײַן דײַטשן, האָט זי אַפילו מוירע צו טראַכטן.

עס עפנט זיך די פאָרטקע. עמעצער גייט מיט דער אויסגעפּלאַסטערטער סטעזשקע, וואָס פירט דורכן סעדל, אַרום דער וועראַנדע, צום אַרײַנגאַנג פון שטוב. אַז דער, וואָס גייט, איז אַ מאַנצבל, שטויסט זי זיך אָן נאָכן טופּען פון די שווערע שטיוול. ער וויל עפענען די טיר פון דער וועראַנדע — אַ סימען, דאָס איז ניט קיין אייגענער מענטש, ער ווייסט ניט, אַז דער הויפּט־אַרײַנ־גאַנג איז ניט דורך דער וועראַנדע...

איצט בלײַבט איר שוין מער גאָרנישט ניט איבער, ווי אויסווישן אָפּגיך די נאַסע הענט מיטן פאַרטעך און צוגיין צום פענצטער אַ קוק טאָן, ווער דאָס קאָן זײַן. דאָס האַרץ איז גרייט אַרויסצושפּרינגען.

זי גלייבט אַליין ניט אירע אויגן, ווען זי באַמערקט, אַז דער מענטש, וואָס גייט אַראָפּ פונעם גאַנעקל, איז ניט קיין דײַטש. ער איז אָנגעטאָן אין עפּעס אַ ברעזענטענער קורטקע. לויט זײַן גאַנג נאָך, לויט דעם, ווי ער פאַכעט ברייטלעך מיט דער בײַטש, זעט מען: אַ באַלעגאָלע איז עס. אָט קלאַפּט ער שוין אין טיר גאַנץ שטיל. זי שטייט אָבער און וואַרט, אַז דאָס האַרץ זאָל זיך אַ ביסל באַרויִקן. ניט פרעגנדיק, וואָס ער דאַרף, עפנט זי ענדלעך אויף. וואַרט, וואַרט... דאָס איז דאָך, דוכט זיך, דער זעלבער פורמאַן, וועלכער האָט אַנומלטן אַראָפּגעריסן פון פלויט די דײַ־טשישע מעלדונג, דער, וועלכער האָט אַ ייִדיש ווײַב און קינדער פון איר און נאָך וועלכן עס האָבן זיך נאָכגעיאָגט די באַנדיטן, שיסנדיק אַזוי, אַז עס האָט געהילכט די גאַנצע גאַס. ניט איין מאָל האָט זי דערנאָך געטראַכט וועגן אים: צי האָט זיך אים כאָטש אײַנגעגעבן אַרויסרײַסן לעבעדיקערהייט פון זייערע הענט? איצט דערמאָנט זי זיך אויך, אַז זײַן ייִנגעלע האָט זי דאָ ניט לאַנג געהיילט בײַ זיך אין שפּיטאָל. ער איז געלעגן בײַ איר, אין דער קינדער־פּאַלאַטע, און אָפט פלעגט דער באַלעגאָלע, דער פאָטער זײַנער, קומען צו פאָרן מיט פערד־און־וואָגן צום שפּיטאָל, קעדיי דורכן פענצטער אַ קוק טאָן אויפן קינד. זי וואָלט זייער געוואָלט וויסן, וואָס איז מיט זײַן ווײַב און מיט די קינדער. ווו זײַנען זיי?.. צי האָבן זיי זיך אַריבערגעקליבן אין געטאָ, צי ניין?

ווען זי עפנט די טיר, רוקט זי זיך אַפּ אין א זײַט, ער זאָל קאָנען דורכגיין. און עפשער דער־פאַר, ווײַל זי באַמערקט, אַז אַט דער געזונטער מאַנצבל, וועלכער האָט זיך ניט דערשראָקן פאַר די דײַטשן, איז איצט זייער אַפּהענטיק, שטייט אַף דער שוועל, א מעגושעמדיקער אין זײַן באַלע־גאַלישן אָנטאָן, און וואַגט ניט מאַכן קיין טראָט ווײַטער, ווילט זיך איר אים זאָגן, ווי צופרידן זי איז דערפון, וואָס זי זעט אים. הייסט עס, אים האָט זיך דעמלט טאַקע אײַנגעגעבן מאַכן פּלייטע פון די באַנדיטן. אָט א מאַלאַדיעץ!

זי זאָגט עס אים, א צופרידענע סײַ דערפון, וואָס זי זעט אים א לעבעדיקן, סײַ דערפון, וואָס ווער ער זאָל ניט זײַן, אַבי קיין דײַטש איז ער ניט.

זי פאַרשטייט ניט, וואָס זוכט ער עפּעס בא זיך אַזוי לאַנג אין דער בוזעם־קעשענע פונעם רעקל, אונטער דער ברעזענטענער קורטקע. ענדלעך נעמט ער פון דאָרטן אַרויס א צעטעלע און דערלאַנגט איר. עפּעס דערציילט ער איר וועגן זײַן קראַנק זונעלע, וואָס געפינט זיך אין געטאָ. פאַרשטיין, וואָס ער רעדט, איז ניט אַזוי לײַכט, פּירט זי איבער דעם בליק פון אים אַפן צעטעלע. זי פרעגט אים: ער וויל, זי זאָל גיין אין געטאָ? און איר פּאָנעם ווערט צעטומלט און פאַרזאָרגט. ווער וועט עס זי אַרײַנלאָזן אַהין?

— ניין, — דרייט ער מיטן קאָפּ, — גענוג, וואָס איך גאַנוועז זיך אַהין אַליין אַרײַן מיט גרויס מאַטערניש. עס איז פאַראַן דאָרט א דאָקטער...

ערשט איצט לייענט יוליאַ סערגייעוונאַ איבער דאָס צעטעלע און דערקענט סימעס האַנט־שריפט. סימע שרײַבט איר, אַז דאָס קינד איז שטאַרק קראַנק און זי מוז דרינגענדיק וויסן, מיט וואָס עס איז קראַנק געווען, בייס עס איז געלעגן בא איר אין שפּיטאָל, צי איז עס ניט אַמאָל קיין קאָמפּליקאַציע פון דער פריִערדיקער כאָלאָס.

יוליאַ סערגייעוונאַ לייגט צונויף דאָס צעטעלע און בעט אים זיצן. זי פאַרטראַכט זיך. אַזוי־אָ פאַרטראַכטערהייט פרעגט זי זיך בא אים נאָך אַף סימען, לויבט זי, זאָגט, אַז עס איז א יונגער און באַגאַבטער דאָקטער. פרעגט זיך נאָך בא אים, וויאַזוי ער האָט געטראָפן צו סימען. און ער, דער פורמאַן, זיצט פאַר איר, ווי אינדערפרי פאַר סימען, זייער ניט דרייסט, אַף א ברעג שטול און ווייסט ניט, וווהין אהינצוטאָן די גרויסע רויטע הענט. ער איז איר זייער דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס זי הייסט אים קומען פאַרנאַכט אין שפּיטאָל פון די אײַזנבאַנער, ווו זי אַרבעט, דאָרטן וועט זי אים געבן אַלץ, וואָס מע דאַרף. ער ווייסט ניט, וויאַזוי אויסדריקן זײַן דאַנקבאַרקײַט. ער פרעגט זי, עפשער דאַרף זי עפּעס אַריבערפירן. ער האָט דאָ זײַן פערד־און־וואָגן. ער וועט עס מאַכן איינס און צוויי. ניין, זאָגט זי, זי דאַרף גאָרנישט ניט.

ער הייבט זיך אויף פון שטול. ער וויל שוין אוועקגיין. נאָר איצט דערמאָנט זיך יוליאַ סער־גייעוונאַ אין עפּעס און הייסט אים צוװאַרטן. זי האָט צו אים א באַקאָשע. זי ווייסט: דאָרט, בא די יידן, שטאַרבט מען פון הונגער. זי וועט אים געבן א ביסל פּראָדוקטן, און זאָל ער איבערגעבן דער דאָקטערן. זי וואַרט ניט, וואָס ער וועט איר דערויף ענטפערן, גייט אײַליק אַרויס אין פּיר־הויז און קערט זיך באַלד אום מיט א פּעקעלע, אײַנגעוויקלט אין פּאַפּיר. דערבײַ איז זי אַזוי צע־טומלט, ווי זי וואָלט אין עפּעס שולדיק געווען, ווי זי וואָלט געטאָן ניט קיין אָנשטענדיקע זאַך.

דער פורמאַן גייט אַוועק.

יוליאַ סערגייעוונאַ בלײַבט איינע אַליין. זי הערט, ווי דער פורמאַן שרײַט אַפן פערד, ווי דער וואָגן גייט אַרויף אַפן ברוק און די רעדער הייבן אָן צו טראַסקען. דעם פורמאַנס באַזוך האָט זי שטאַרק אויפגערודערט. זי טראַכט וועגן סימען, וועלכע זי האָט זינט יענעם אָוונט, ווען זי איז געקומען ריידן וועגן דעם פּאַליטרוק, מער ניט געזען. וועגן דעם גורל פון די מענטשן, וואָס זײַנען פאַרשפּאַרט אין געטאָ. און זי ווייסט נאָך אַליין ניט קלאָר, פאַרוואָס זי ווערט אומצופרידן מיט זיך, דאָס האַרץ הייבט אָן זויגן א פאַרדראָס.

זי קערט זיך אום צו איר פריִערדיקער אַרבעט. זי רײַבט אומדערמידלעך דאָס וועש, ווי זי וואָלט זיך באַמיט פאַרטויבן אירע מאַכשאָוועס מיטן ריטם פון אירע הענט, וועלכע באַוועגן זיך אַרויף און אַראָפּ איבער דער ברעט.

זי איז אַזוי פאַרטאָן אין אירע געדאַנקען, אַז זי הערט ניט, ווי צו דער שטוב קומט ווידער עמעצער צו און קוקט אַרײַן אין קיך־פענצטער. זי זעט אויך ניט, ווי דאָס פּאָנעם פאַרשווינדט. ווען מע קלאַפּט באַנײַס אָן אין טיר, פונקט אַזוי שטיל און ניט דרייסט, ווי פריִער דער פורמאַן, דערהערט זי עס און גייט עפענען. טראַכטן טראַכט זי שוין מער וועגן גאָרנישט ניט. זי וויל בלויז וויסן, ווער איז עס ווידער! אין צימער שטעלט זיך אַרײַן דער פּאָליצײַ, ליוסיעס באַקאַנטער.

יוליאַ סערגייעוונאַ כמורעט זיך אָן.

פונקט ווי פריִער דער פורמאַן, זעט דער אויך אויס א ביסל פאַרלאָרן. ער קנייטשט דאָס היטל אין די הענט. אין זײַנע גרויע גרויע אויגן, אַזעלכע גרויע, ווי באַם פורמאַן, דער זעלבער שטילער געבעט, גלײַך פון איר איז אָפּהענגיק, ער זאָל אָפּגעריכט ווערן. באַגלײַך דערמיט פּילט זיך

אין דעם, ווי ער שטייט, אנטשלאָסנקייט: ער וועט פונדאַנען ניט אוועקגיין, ביז ער וועט זיינס ניט אויספירן.

— איך ווייס... — זאָגט ער שטיל, און עס ציטערט בא אים דערביי דאָס קאָל, — איר האָט ליוסיען בעקיוון אוועקגעשיקט אין דאָרף, איך זאָל זיך מיט איר ניט זען...

זי ווערט אופגעבראַכט פון זיין כוצפּע: מע דאַרף דאָך דערגיין צו אַזאַ מין אַזעס, וויסן, ווער ער איז, און וואַגן קומען צו איר אין שטוב זיך אויסטיינען מיט איר, זי באַשולדיקן. פאַרשטאַכענע אויגן בא אָט דעם פּאַסקודניאַק. זי איז גרייט זיך ארופוואַרפן אף אים און ווייזן אים, ווו די טיר עפנט זיך, ער זאָל קיינמאָל מער ניט טרעפן דעם וועג אַהער. זי איז אָבער אין איר לעבן ניט אָנגעפאַלן אף קיין מענטשן, זיך מיט קיינעם ניט געקריגט, און זי געפינט ניט קיין ווערטער, וועלכע זי וואָלט אים איצט באַדאַרפט אַרייַנזאָגן. זי פרעגט אים בלויז א פאַרכידעשטע:

— עפּשער האָב איך באַדאַרפט בא עמעצן פרעגן אַן אייצע, וואָס צו טאָן מיט מיין טאָכטער?

ער הייבט ניט אוף דעם קאָפּ. ער פאַרענטפערט זיך, אַז זי האָט אים שלעכט פאַרשטאַנען. עס טוט אים ווי, פאַרוואָס זי האָט פון אים באַהאַלטן ליוסיען, פאַרוואָס זי באַציט זיך צו אים אַזוי שלעכט.

זי הערט אים אויס, איר ווערט געפעלן זיין איינגעשפּאַרטקייט, זיין צוגעבונדנקייט צו ליוסיען. זי טראַכט בא זיך: „זע נאָר, סאַראַ יינגל דאָס איז!" זאָגן זאָגט זי אָבער:

— און פאַר וועלכע פאַרדינסטן זאָל מען זיך באַציִען צו דיר בעסער? דערפאַר, וואָס דו האָסט זיך פאַרקויפט היטלערן?

— איך האָב זיך קיינעם ניט פאַרקויפט!

— וואָס זשע דען? קעמפסט קעגן אים? האָסט נאָך געקערט אוודע זיין א קאָמסאָמאָליעץ אויך?

— איך זאָג קיין זאַך ניט... איך ווייס, איר זייט גערעכט. מע דאַרף אָבער פאַרשטיין, וואָס האָט אונדז געבראַכט דערצו. סיַווויסיי וועל איך אינעם באַטאַליאָן לאַנג ניט בלייבן... ניט נאָר איך. אויך אַנדערע יאַטן אונדזערע וואַרטן נאָר אף א פּאַסיקן מאָמענט, קעדיי צו אַנטלויפן... זאָגט מיר, ווו איז ליוסיע? ווהין האָט איר זי אוועקגעשיקט?

יוליאַ סערגייעוונאַ האָט אים גאָרנישט ניט געענטפערט.

„זי האָט מוירע פאַר מיר", — האָט ער א טראַכט געגעבן מיט א ביטערן שמייכל. ער איז דאָך געשטאַנען און געוואַרט. ניט דערוואַרט זיך מער אף גאָרנישט, האָט ער זיך אויסגעדרייט און, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פאַרלאָזט די שטוב.

ער האָט זיך געלאָזט פּאַמעלעך מיט דער אויסגעפּלאַסטערטער סטעזשקע צום ארויסגאַנג פונעם סעדל, זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט, גלייך אים וואָלט זיך געגלוסט אומקערן, ווי א מענטשן, וועלכער פילט, אַז ער האָט ניט באַוויזן צו זאָגן אַלץ, וואָס אים האָט זיך געוואָלט. יוליאַ סערגייעוונאַ איז געשטאַנען אף דעם אָרט, ווו ער האָט זי איבערגעלאָזט, און געזען דורכן פענצ־טער, ווי ער גייט אוועק. אָט איז ער ארויסגעגאַנגען פונעם הויף, אָט האָט ער אַרייַנגערוקט די האַנט צווישן די שטאַכעטן, פאַרשפּאַרט פון אינוויייניק די פאָרטקע און איז אוועקגעגאַנגען לענגאויס דעם פּלויט...

כאָטש זי האָט זיך ניט געקליבן אים מוחל זיין, האָט זי דאָך א ביסל געזשאַלעוועט דעם באָכער. ניט דערלאָזנדיק, דאָס דאַזיקע געפיל זאָל זי באַהערשן, האָט זי זיך אַליין געפרעגט, וויאַזוי, אַשטייגער, וואָלט זי געקוקט אף איר טאָליקן, ווען אַזעלכס טרעפט מיט אים? זי האָט מיטן גאַנצן האַרצן ראַכמאָנעס געקריגן אף דעם פרעמדן יינגל און אף זיין מוטער, וועלכע האָט ערגעץ, פּונקט אַזוי, ווי זי בענקט נאָך איר קינד, געבענקט נאָך אים, ניט ווויסנדיק, צי לעבט ער כאָטש.

דעם גאַנצן אָפּדערנאַכט האָט יוליאַ סערגייעוונאַ שוין ניט געקאָנט מער פאַרגעסן אין דעם יינגל. ווען זי איז געקומען אין שפּיטאָל אף איר דעזשורסטוועס און זי איז געגאַנגען מיט נאָך עטלעכע דאָקטוירים פון פּאַלאַטע צו פּאַלאַטע מיט דעם טאָגטעגלעכן געווויינטן באַזוך, קעדיי באַטראַכטן די כאָלאָים, ווען זי איז דערנאָך געזעסן בא איר העל־באַלויכטענעם טישל און אויס־געשריבן רעצעפּטס, האָט זי סיַווויסיי אים געזען פאַר זיך, ווי ער שטייט און טיינעט זיך אויס מיט איר, ווי ער גייט ארויס פון שטוב מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ניין, זי האָט אים ניט באַרעכטיקט. קיין זאַך קאָן אים ניט ריינוואַשן. נאָר זי האָט זיך אַליין געפרעגט: וואָס פאַר א רעכט האָט זי אים צו באַשולדיקן? וואָס האָט זי אַליין אופגעטאָן אַזוינס אין אָט דער צייט, ווען דאָס לאַנד גייט אָפּ מיט בלוט, וואָס זאָל איר געבן רעכט אים צו מישפּעטן? זי היילט קראַנקע? האָט זי דאָך זיי געהיילט אויך פאַר דער מילכאָמע. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי סימע איז געקומען צו איר צו גיין ריידן וועגן דעם פּאָליטרוק, און עס איז איר געוואָרן שלעכט אפן האַרצן... פאַר־וואָס האָט זי ניט אייַנגעאָרדנט בא זיך דעם פּאָליטרוק? דעם פּראָסטן פורמאַן, וועלכער קאָן גע־

וויס אפילו רעכט זיך ניט אונטערכאסמענען, אים פֿעלט ניט קיין געוואגטקייט, ער טראַכט ניט וועגן געפֿאַר, ווען ער גייט אין געטאָ, כאָטש דער טויט לאָקערט דאָרט אויף אים. איצט גייט ער צוליב דעם ווייַב און צוליב די קינדער, וואָס מאַטערן זיך דאָרטן, אַן אַנדערשמאָל וועט ער ניט פֿאַרטראַכטנדיק זיך טאָן דאָס זעלבע פֿאַר עמעצן אַנדערש. און זי? זי האָט מוירע געהאַט. איר גאַנצע העלדישקייַט איז באַשטאַנען בלויז דערין, וואָס זי האָט אירע אייגענע קינדער געזען באַשטאַטן אין אַ זיכער אָרט.

זי האָט זיך ניט געקאָנט מויכל זייַן, פֿאַרוואָס זי האָט ניט געהייסן ברענגען דעם פּאָליטרוק צו זיך. זי האָט זיך געפֿילט שטאַרק שולדיק. עס איז איר געווען אַ ביזע־ביזאָיען פֿאַר זיך אַליין...

**3** מיט עטלעכע שטיקלעך געצייַג אינעם פֿאַרוסינענעם בייַטל, וואָס איז געהאַנגען אויף דער זייַט, און מיטן רייפֿל עלעקטרישן דראָט אין דער האַנט דרייט זיך מיכל אַרום שוין אַ היפּשע צייַט איבער די גאַסן. ער האָט, דוכט זיך, גוט אויסגערעכנט, אַז ביזוואַנען ער וועט צוקומען צו דער געטאָ, וועט מען אומעטום ענדיקן די אַרבעט און, ווי פֿיל מאָל ביז איצט, וועט זיך אים אייַנגעבן אַרייַנשמוגלען זיך אַהין מיט איינער פֿון די קאָלאָנעס, וואָס קערן זיך אום אַהיים. ווייַזט אויס, דאָס מאָל איז ער פֿונדעסטוועגן צו פֿרי אַרויסגעגאַנגען פֿון סאַרייטשעון. און אָט דרייט ער זיך אַרום איבער די גאַסן, קעדיי ניט צו שטיין אויף איין אָרט און ניט אַרויסרופֿן קיין כשאַד באַ קיינעם. ער איז שוין עטלעכע מאָל צוגעגאַנגען צו דער גאַס, וואָס פֿירט אין געטאָ אַרייַן. פֿון דאָרט זעט מען די שטעכדראָטן, דעם טויער מיט דער וואַך באַם אַרייַנגאַנג. נאָר ווי אַפּצולאָכעס, ווייַל ער אייַלט זיך אַזוי, ווייַל ער מוז וואָס גיכער זייַן אין דער היים און דערציילן, צוליב וואָס מע האָט אים אַרויסגערופֿן, זעט מען ניט גיין די ייִדישע קאָלאָנעס. און בעלעס־ברײרע, קומט אים ווידער אויס מאַכן דעם אָנשטעל, אַז עס גייט אים גאָרנישט ניט אָן. ער קוקט מער ניט אין יענער זייַט, פֿונוואַנען מע קאָן אויף זיי דערוואַרטן, און לאָזט זיך גיין ווייַטער.

מיכל שפּאַנט ניט געייַלט. לויטן אויסזען איז ער די רויִקייַט אַליין. ער ווייסט, וואָס געדולדיקער ער וועט זייַן, איז פֿאַר אים גלייַכער. ער טאָר ניט ריזיקירן. באַזונדערס הייַנט, ווען ער טראָגט אַזוינע וויכטיקע נייַעס. אַ קלייניקייַט! די ווייַסרוסישע כאַווײרים האָבן געקריגן ערגעץ אַ ביסל טאָל. זיי האָבן באַשלאָסן גיין אונטערלייגן עטלעכע מינעס אויף דער היגער אייַזנבאַן־ליניע, איבער וועלכער עס ווערן טאָגטעגלעך אָפּגעשיקט צום פֿראָנט צוגן מיט געווער און מיליטער, און האָבן פֿאַרגעלייגט צושיקן פֿון געטאָ עטלעכע באָכערים אָנטייל צו נעמען אין דער אָפּעראַציע, וועלכע זיי גרייטן. דאַרף ער איצט דאָ אַרומגיין, זיך מאַכן געפֿייגערט, בייס אינדערעמעסן ברענט שוין אויף אים די הויט.

דער פֿאָרשלאָג איז אים שטאַרק געפֿעלן. ער ווייסט, אַז באַלאָנים צו גיין אויף דער אָפּעראַציע וועלן זייַן אַ סאַך. ווער פֿון די כעוורע אין געטאָ וועט ניט וועלן גיין אָפּצאַפּן די דייַטשן אַ ביסל בלוט? ווער פֿון זיי טראַכט ניט וועגן דעם טאָג און נאַכט? און טייַערער איז עס אים נאָך דערפֿאַר, ווייַל ער ווייסט, ער האָט ניט ליב צו זייַן פֿאַרנאַרישט. ער פֿאַרשטייט, אַז באַ די ווייַסרוסישע כאַווײרים אין שוין גראָד יאָ פֿאַראַן, ווער עס זאָל גיין צו דער אייַזנבאַן־ליניע אוועקלייגן די מינעס. זיי האָבן גענוג מענטשן, און אויב זיי ווילן פֿונדעסטוועגן אויך מיטנעמען מיט זיך עמעצן פֿון געטאָ, איז עס נאָר צוליב דעם, קעדיי אַ ביסל אונטערמינטערן די ייִדישע יאַטן, מע זאָל ניט זייַן באַ זיך אַזוי געפֿאַלן.

אים ווילט זיך אויך דערציילן, אַז ביסטראָוו איז צופֿרידן פֿון דעם רעצעפּט, וואָס עס האָט געגעבן איינער אַ כימיקער, אַ ייִד, צו מאַכן אַ געוויסן פּראָשעק, פֿון וועלכן דאָס לעדער זאָל פֿאַרברענט ווערן. . .

ער גייט, און די דאָזיקע געדאַנקען וואַרעמען אים דאָס האַרץ. באַזונדערס גוט ווערט אים, ווען ער דערמאָנט זיך אָן די באַקאַנטע אַרבעטער, וועלכע ביסטראָוו האָט אים בעסאָד סוידעס אָנגערופֿן אַלס אָנטיילנעמער פֿון דער גרופּע אָפּן זאַוואָד. „מאָלאָדצי כעווּרע! — טראַכט ער זיך. — דערלאַנגט! דערלאַנגט! מיר וועלן אייַך העלפֿן ניט נאָר מיט רעצעפּטן, נאָר אויך מיט סאַם אויף צו פֿאַרסאַמען די פֿאַשיסטן“.

זייַן אומגעדולד וואַקסט. כּוח אַלעמען ווילט זיך אים וויסן, וויאַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן די סרייפֿע אויף דער וואָליקעס־פֿאַבריק, צי האָט ניט דערין קיין כײלעק די גרופּע, צי איז די סרייפֿע די איינציקע סיבע דערפֿון, וואָס מע האָט פֿאַרשפּאַרט די געטאָ. עס שרעקט אים דער געדאַנק, צי האָט מען זיך, כאָלילע, דאָרטן ניט פֿאַרשאָטן.

דער איקער איז אָבער די אָפּעראַציע אויף דער אייַזנבאַן. פֿאַר דער קורצער צייַט, וואָס אים איז געבליבן, דאַרף ער באַווייַזן זיך אומקערן אין געטאָ און צוקלייַבן עטלעכע יאַטן. דאָס דאַרף

געטאָן ווערן איינס און צוויי, אַזוי, אַז שוין מאָרגן אין אָוונט זאָל מען זיך צונויפֿקלײַבן הינטער דער שטאָט אויפֿן אָנגעמערקטן אָרט.

מיכל גייט דורך אַ ביסל פֿאָרויס און קערט זיך אום צוריק. ניט גאָר קיין גרויס פֿאַרגעניגן אַרומצודרייען זיך אַזוי, ניט ווייסנדיק, ווו מע קאָן דיך אַ נעם טאָן. דעם מויעך עגבערט נאָך איין אומרויִקער געדאַנק: ער האָט צוגעזאָגט מאַרגוליסן זיך לאַנג ניט זאַמען, און יענער קער שוין ווער ווייסט וואָס איבערטראַכטן. ער האָט נאָך נעכטן באַדאַרפֿט זײַן אין דער היים. נאָר נעכטן האָט מען פֿון געטאָ קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט. אַרום די דראָטן איז געשטאַנען אַ פֿאַרשטאַרקטע וואַך, און ער האָט, ווילנדיק־ניט־ווילנדיק, געמוזט בלײַבן נעכטיקן אין רוסישן ראַיאָן. הײַנט אָבער, ווייסט ער, איז מען ווידער אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט, און, ווי נאָר עס וועלן זיך באַווײַזן די קאָלאָנעס, וועט ער זיך מיט זיי אַרײַנכאַפּן אין געטאָ.

די זון איז שוין פֿאַרגאַנגען. אַלע קערן זיך אום פֿון די אונטערנעמונגען. בלויז די ייִדן זײַנען ניטאָ, כאָטש פֿון יענער זײַט דראָטן, זעט ער פֿונדערווײַטן, קוקן שוין אַרויס אויף זיי ווײַבער און קינדער... צוביסלעכווײַז באַהערשט אים אַן אומרו: פֿאַרוואָס זעט מען קיינעם ניט פֿון די ייִדן? וואָס איז געשען?

ניין... ער וויל גאָר ניט טראַכטן קיין שלעכטס. ער מוז זיך הײַנט דורכרײַסן אַהיים, באַדײַ אים זאָל אויסקומען ער ווייסט אַליין ניט וואָס צו טאָן. ער וויל זיך אַליין אײַנריידן, אַז אַלץ וועט זײַן גוט. עפּשער האָט ער אַ טעות געהאַט, עפּשער איז נאָך גאָרניט אַזוי שפּעט און ניט אַלע האָבן שוין געענדיקט די אַרבעט. וואָס איז די פּועלע פֿון דעם, וואָס ער וועט זיך ערגערן. דעם נעכטיקן טאָג וועט ער דאָך סײַווי ניט אומקערן... גייט מען אַרויס פֿון געטאָ, דאַרף מען לעכאַטכילע וויסן, אַז עס קאָן זיך אַלץ טרעפֿן. מע דאַרף צווואַרטן. כאָטש וואָס בלײַבט אים אַנדערש צו טאָן? זאָלן זיך נאָר באַווײַזן די קאָלאָנעס מיט די ייִדישע אַרבעטער, וועט ער זיך אַרײַנשלײַכן אין דער כורווע, וואָס שטייט באַם וועג, אַפּדערגייך דאָרטן אָנטאָן אויף זיך די געלע לאַטעס און וועט זיך אויסמישן מיט די ייִדן, ווען זיי וועלן פֿאַרבײַגיין.

פֿונווײַטן דערהערט ער גיין מענטשן. עס איז שוין טונקל, און קלאָר זען, ווער דאָס איז, קאָן ער ניט... ער איז אָבער זיכער, אַז דאָס גייען די ייִדישע קאָלאָנעס, און ער טוט אַזוי, ווי ער האָט נאָרוואָס געטראַכט. ער גיט זיך אַ שאַר אין אַ זײַט. עס געדויערט אַ ווײַלע, און ער איז שוין אין דער כורווע, וואָס שטייט דערנעבן, אַ האַלב־אײַנגעפֿאַלענע, מיט פֿאַררייכערטע ווענט. ער כאַפּט זיך אַרײַן אין אַ ווינקל. שטייענדיק אויף אַ באַרג ציגל, קוקט ער אַרויס דורך אַ לאָך אין גאַס און וואַרט, גרייט אָנטאָן אויף זיך די לאַטעס. נאָר ניין. דאָס זײַנען ניט קיין ייִדן. וואָס נעענטער זיי גייען צו, אַלץ קלערער זעט ער, אַז דאָס גייט אַ נאַריאַד פֿון דער שוץ־פּאָליציי. די פּאָליצײַען גייען צו דער געטאָ. אײדער זיי קומען נאָך צו צו די דראָטן, לאָזט זיך איין טייל פֿון זיי אַוועק אויף רעכטס, דער צווייטער — אויף לינקס, און זיי שטעלן זיך אויס אין אַ ריי לענגויס די דראָטן.

מיכל פֿילט, ווי עס ווערט אים קאַלט אונטערן האַרצן. עפּעס צופֿיל, צופֿיל פּאָליציי האָט מען הײַנט אָנגעטריבן אַהער צו באַוואַכן די געטאָ. שטילערהייט גייט ער אַריבער אין אַן אַנדער ווינקל, אַהין, פֿונוואַנען מע קאָן זען אויך די איבעריקע גאַסן. ער איז שוין דאָ ביז איצט אַזויפֿיל מאָל געווען און האָט אַזויפֿיל מאָל אַרויסגעקוקט אויף די קאָלאָנעס, אַז ווען ער וואָלט אַפֿילע ניט געווען קיין היגער און ניט געוווּסט, וואָס פֿאַראַ הײַזער געפֿינען זיך דאָ און וווּהין עס פֿירן די גאַסן, וואָלט ער אויך פֿאַרגעדענקט, אַז די גאַס, וואָס אַנטקעגן, פֿירט צום וואָקזאַל. סאַמע פֿון פֿאָרנט שטייט אויף אָט דער גאַס די געבײַדע פֿון דער אָפּגעברענטער שוך־פֿאַבריק. דערנאָך גייען נאָך הײַזער אַזוי לאַנג, ביז די גאַס שפּאַרט ניט אָן צו דער לאַנגער געבײַדע פֿון דעם אײַזנבאַנער־שפּיטאָל, וועלכע זעט אויס צוליב איר לענג און צוליב די סאַך קליינע פֿענצטער אויפֿן פֿאַסאַד ווי אַ קאַזאַרמע. פֿונדאַנען פֿאַרקערעוועט די גאַס אויף רעכטס. אויבן, איבער איר, גייט אַ צוג. ער לאָזט איבער נאָך זיך אינדערלופֿטן אַ שוואַרצן פּאַס רויך...

דער פֿײַף פֿונעם צוג דערמאָנט מיכלען אין דעם, צוליב וואָס ער מוז זײַן אין דער היים. ער דרייט אויס דעם קאָפּ אויף לינקס, צו דער צווייטער גאַס, וואָס פֿירט צום צענטער. ניין. מע זעט דאָרט ניט גיין די, אויף וועלכע ער וואַרט. עס אײַלן בלויז אַהיים איינציקע פֿאַרבײַגייער. אין אָט דער אײַלעניש זייערער פֿילט זיך די גאַנצע אומזיכערקייט פֿון דער צײַט...

מיכל דערשרעקט זיך שוין ניט אויף קאַטאָוועס. וואָס האָבן די דײַטשן ווידער צוגעטראַכט? זאָל זײַן, אַז מע האָט אַלעמען פֿאַרהאַלטן אויף דער אַרבעט און ניט געלאָזט גיין אַהיים? צוליב וואָס? וואָס קאָן עס באַטײַטן?

פֿון צעטומלטקייט פֿאַרצייכנט ער אין זיקאָרן בלויז מעכאַניש אַלץ, וואָס קומט פֿאָר אַרום אים. עס פֿאַרגעדענקט זיך אים עפּעס אַ מאַנצבל, וועלכער גייט מיט אַ שווערן טראָט פֿון אַ באַלעגאָלע אָדער פֿון אַ טרעגער, וואָס איז געוווינט צו שלעפּן אויף זיך שווערע מאַסעס. יענער גייט מיט אַ קוישל פֿאַרבײַ דער כורווע, ווו מיכל געפֿינט זיך, קומט צו נעענטער און ווערט

מיטאמאָל נעלעם. בא מיכלען פליט דורך א געדאנק. ער האָט אים, דוכט זיך, געזען אין געטאָ. אויך, מיסטאמע, אזא הערכט, ווי ער, מיכל. נאָר אויך דער געדאנק פליט דורך ווי א בליץ און פארהאלט זיך ניט אין זיקאָרן. ער טראכט נאָר וועגן דעם, אז ער קאָן מער ניט ווארטן... ער טאָר מער ניט ווארטן... ער וועט פרווון זיך ארייַנגאנווענען אין געטאָ אַף אן אנדער אויפן. געוויס וועט עס אים אָנקומען שווערער. אָבער ס'מאכט ניט אויס. ער איז שוין ניט איין מאָל דורכגעקראָכן בא דער וואך אונטער דער נאָז. ער האָט זיך זייַנע לעכער. עס זייַנען פאראן ערטער, ווו די דראָטן ציִען זיך סאמע צווישן די הייַזער און דאָרטן איז לייַכטער דורכצוגיין.

ער באשליסט צייַלן ביז הונדערט. אויב פאר דער צייַט וועט גאָרנישט ניט פאָרקומען, גייט ער ארויס פון זייַן באהעלטעניש און לאָזט זיך אהיים מיט אן אנדער וועג. צייַט איז אים געבליבן זייער ווינציק. באלד וועט שלאָגן די באשטימטע שאָ, ווען מע טאָר שוין ביכלאל ניט אומגיין איבער דער שטאָט. דעמלט וועט זייַן גאָר שלעכט. ער ציילט אין זיך, ניט אופהערנדיק אכטונג געבן אַף דער גאס. פלוצעם דערהערט ער הינטער זיך א שאָרך. אונטער עמעצנס טריט הייבן זיך אָן אָפשיטן די ציגל. מיכל ווערט פארשטארט. „דאָס פעלט נאָך, — טראכט ער מיט א קלעמעניש. — ווער ווייסט, עפשער האָט עמעצער באמערקט, ווי איך בין ארייַנגעגאנגען אהער...“

ער דרייט זיך אויס און דערזעט דעם פארשוין מיטן קוישל, וועלכער האָט זיך אים פריִער געוואָרפן אין די אויגן מיט זייַן שווערן געמאָסטענעם טראָט פון א בינדיוזשניק. יענער דערזעט אים אויך און לייגט צו א פינגער צום מויל, בעט אים, הייסט עס, ער זאָל שווייַגן. ער לאָזט זיך אראָפּ אפן בארג ציגל בא מיכלס פיס. ער וויל אים בארויִקן, ער זאָל פאר אים קיין מוירע ניט האָבן. זאָגט ער צו אים שטילערהייט: „איך האָב דיך געזען אַף זאמקאָווע. איך גיי אויך אהין... איך האָב דאָרטן א ווייַב מיט קינדער“... ער נעמט ארויס פון קעשענע און ווייַזט מיכלען צוויי געלע לאטעס. ער איז שוין אָבער אויך א ביסל צעטומלט. ער פארשטייט ניט, פארוואָס זעט מען ניט קיינעם זיך אומקערן אין געטאָ. אינדערפרי איז מען, באשטעטיקט ער, ווי שטענדיק, אוועק פון דאָרטן אַף דער ארבעט. ער אליין איז גלייַך מיט אלעמען ארויסגעגאנגען. זיי ווייסן ביידע ניט, וואָס מע טוט ווייַטער.

— איך מוז, — זאָגט מיכל, — זייַן אין דער היים...

— אוואדע מוז מען, — באמערקט אויך דער פורמאן.

ווארטן לענגער האָט מער קיין זין ניט, און ווי זיי וואָלטן זיך צוזאמענגערעדט, לאָזן זיי זיך צום ארויסגאנג. דער פורמאן זאָגט, אז ער וועט גיין דער ערשטער. ביזן דראָט קאָן ער גיין, ניט מוירע האָבנדיק פאר קיינעם. ער אייצעט גיין מיט דער גאס, וואָס פירט פארבייַ דעם אייַזנבאנער־שפּיטאָל. זיי מוזן צוקומען צום יידישן ראיאָן הינטן־ארום, פון יענער זייַט, ווו עס געפינט זיך דער בעסאָלמען, ווו די געסלעך זייַנען אָנגעשפּיקעוועט מיט הייַזער און די דראָטן ציִען זיך צווישן זיי.

זיי גייען אַף א שטיקל מעהאלעך איינער פון דעם אנדערן. פאָרויס — דער פורמאן. נאָך אים — מיכל. אָט איז שוין געבליבן הינטער זיי דער אָפגעברענטער קאָרפּוס פון דער שוך־פאבריק. אנטקעגניבער, אין דעם צווייִשטאָקיקן הויז מיטן גאנעקל, איז פריִער, ביז ער האָט זיך ניט אריבערגעקליבן אין געטאָ, געוווינט דער יודענראט. אָט איז אויך די בענזין־קאָלאָנקע, לעבן וועלכער עס שטייען מאשינעס און מע הערט ריידן דייַטש. ווייַטער א ביסל דערזעען זיי אומגיין איינעם מיט א ביקס אפן אקסל און מיט א ווייַסן אָרעמבאנד פון דער שוץ־פּאָליציי אַף דער האנט.

פון דער ביטערער דערפארונג ווייסן זיי, אז דייַטשן איז צומאָל לייַכטער אָפּנארן ווי זייערע באדינער, און מיכל הייבט אָן גיין לאנגזאמער. דער פורמאן גייט פאָרויס. איידער ער דערנעענטערט זיך צום פּאָליציי, הייבט ער אָן פלאָנטערן מיט די פיס, ווי ער וואָלט געווען שיקער. ער נעמט ארויס פון קעשענע סיגארעטן און מיט אומזיכערע באוועגונגען פון די הענט, וועלכע ווילן אים, קלוימערשט, ניט פאָלגן, שפּארט ער ארייַן א סיגארעט אויך דעם פּאָליציי אין מויל, בעט פייַער... אים געפעלט שטארק דער פּאָליציי, און ווען יענער רוקט ארייַן די הענט אין קעשענע נאָך א שוועבעלע, נעמט אים דער באלעגאָלע ארום און האלדזט אים, וויל זיך נאָר מיט אים צעקושן. „בראטאָק טי מאָי“[1], — פארכלינעט ער זיך אזש פון ליבע צו אים. יענער בריקעוועט זיך, לאָזט זיך ניט, בעט זיך בא אים, ער זאָל אוועקגיין, דער שיקורניק.

מיכל נוצט אויס די מינוט און לאָזט זיך גיין, נאָר דער פּאָליציי באמערקט אים. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס אזוינס האָט ער אין אים דערזען, נאָר ער הייסט זיך אָפּשטעלן. דער פורמאן הענגט זיך אָן אפן פּאָליציי, באלעבעטשעט שיקערלעך מיט דער צונג און לאָזט אים ניט גיין.

— א טשאָרט ס נים... כיי אידע... זאקורים, בראטאָק...[2]

---

[1] ברודערקע מייַנער; [2] כאפּט אים דער רוּעך... זאָל ער גיין... לאָמיר פארייכערן, ברודערקע...

דער פּאָליציי שלײַדערט פון זיך אָפּ דעם פורמאַן און לאָזט זיך לויפן נאָך מיכלען, שרײַענדיק:

— שטיי, איך וועל שיסן!..

מיכל לאָזט זיך לויפן. קיין אַנדער ברירה האָט ער ניט. ער לויפט און געדענקט, אַז זײַן רעטונג הענגט איצט אָפּ דערפון, צי וועט ער באַוויזן אַרײַנכאַפּן זיך אין די כורוועס, וועלכע ציִען זיך הינטער דעם שפּיטאָל. דאָרט, צווישן די בערג שטיינער און ציגל, וועט אים, מעגלעך, געלינגען זיך אַרויסדרייען. מע דאַרף זיך בלויז אַרײַנכאַפּן אַהין, און ווײַטער וועט אַלץ זײַן אין אָרדענונג. ער דערזעט אָבער באַלד, אַז אויך אַנטקעגן לויפט עמעצער, קעדיי אים איבער־שנײַדן דעם וועג. מיכל טוט זיך אַ וואָרף אין דעם ערשטן בעסטן הויף. ער שפּרינגט איבער דעם פּלויט, צערײַסט דעם מאַנטל אָן עפּעס און לויפט ווײַטער איבער די גערטענער.

ווען ער שפּרינגט באַנײַס אַמאָל איבער דעם פּלויט און כאַפּט זיך אַרײַן אין אַ גרויסן הויף, ווו פון צוויי זײַטן, אונטער אַ שאַרפן ווינקל, ציט זיך אַ רויטער לאַנגער נידעריקער מויער מיט אַ סך פענצטער, ווי אין אַ קאַזאַרמע, שטויסט ער זיך אָן, אַז דאָס איז דער אײַזנבאַנער־שפּיטאָל. ווײַטער לויפן האָט ער שוין ניט וווהין. פון גאַס הערט זיך אַ שיסערײַ. ער פילט, אַז אָט־אָט וועט מען אים דעריאָגן...

בײַ דער שיסערײַ גייט אַרויס פון שפּיטאָל יוליִאַ סערגייעווונאַ אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן כאַלאַט, מיט אַ הויכן מיצל אויפן קאָפּ. זי פאַרגעסט ניט, אַז דער פורמאַן, וואָס איז געווען בײַ איר, איז נאָר וואָס אַוועקגעגאַנגען, און דערשרעקט זיך. דאָס יאָגט מען זיך אַוודאי איצט ווידער נאָך אים.

מיכל באַוויזט נאָר צולויפן צו איר און אַ זאָג געבן:

— איך בעט אײַך זייער, באַהאַלט מיך...

זי דערזעט, אַז דאָס איז ניט דער פורמאַן, פונדעסטוועגן עפנט זי טייקעף אויף די טיר, שטופּט מיכלען אַפּגיך אַרײַן אין דער קלאַדאָווע, וואָס געפינט זיך אונטער די טרעפּ, וועלכע פירן אויפן צווייטן שטאָק. זי פאַרשליסט די טיר, לייגט אַרײַן דעם שליסל אין קעשענע פונעם ווײַסן כאַלאַט און גייט אַרויס אין דרויסן.

ווען עס קומען צו לויפן פאַרסאָפּעטע די פּאָליציײַען און פרעגן, צי האָט זי ניט געזען עמעצן, קנייטשט זי מיט די אַקסלען, ווי זי וואָלט ניט געוווּסט פון וואָס צו זאָגן.

די פּאָליציײַען פאַרלאָזן דעם הויף.

באַנאַכט, אין אַ שטילער שאָ אַזאַ, ווען אין די פּאַלאַטעס איז מען געשלאָפן און נאָר אין די קאָרידאָרן בײַ שוואַך באַלויכטענע טישלעך זײַנען געזעסן די נאַכט־שוועסטער, איז יוליִאַ סער־גייעווונאַ אַראָפּגעגאַנגען אויפן ערשטן שטאָק, האָט געעפנט די קלאַדאָווקע און אַריבערגעפירט מיכלען אין איזאָליאַטאָר — אין אַ קליין צימערל מיט פאַרפאַרבטע שויבן, וווהין קיינער איז ניט אַרײַנגעקומען אָן אַ באַזונדערער נויט.

— נו, וואָס? — האָט זי געפרעגט. — וואָס זאָל איך מיט דיר טאָן?

— מע דאַרף גאָרניט טאָן. איך וועל באַלד אַוועקגיין.

— וווהין?

— אין געטאָ.

— ביסט באַם זינען? — האָט זי געזאָגט. — ווייסט דען ניט, אַז די געטאָ איז אַרומגערינגלט. אַלע, וואָס זײַנען געווען אויף דער אַרבעט, האָט מען אַהיים ניט געבראַכט. ווער ווייסט, וואָס די דײַטשן טראַכטן... זיץ און שווײַג. אינדערפרי, ווי נאָר מע וועט מעגן גיין, וועל איך דיך אַוועק־פירן צו זיך. און שפּעטער וועלן מיר זען, וואָס צו טאָן.

באַגינען, ווען יוליִאַ סערגייעווונאַ איז אַרײַן אין איזאָליאַטאָר, האָט זי געטראָפן בלויז אַן אָפן פענצטער... מיכל איז שוין דאָרט ניט געווען.



שפּעטער, ווען יוליִאַ סערגייעווונאַ איז געגאַנגען אַהיים, האָבן זיך פון עטלעכע זײַטן מיטאַמאָל געגומען באַוועגן צו דער געטאָ עסעס־טיילן... זיי זײַנען געגאַנגען אַ ריי נאָך אַ ריי, באַוואָפנטע, ווי צו אַ שלאַכט. אַן טומל און געשריי זײַנען זיי אַרײַנגעגאַנגען דורכן טויער אין געטאָ, האָבן דורכגעשניטן עטלעכע גאַסן און ווידער פּאַמעלעך, ניט געײַלט, גענומען זיי אַרומרינגלען, אויס־שטעלנדיק זיך איינער ניט ווײַט פונעם אַנדערן. ערשט שפּעטער האָבן זיי זיך באַוויזן אין די הויפן, גענומען קלאַפּן אין די טירן, טרײַבן פון די הײַזער:

— אַרויס! אַרויס!

אין געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל...

יאנקעוו שטערנבערג

# לידער מיט א מוסער-האַסקל

## א טראָפּן פון גוטסקייט

א טראָפּן פון גוטסקייט — אין מאָס אזוי קליין —
אין פינצטערע טעג קאָן פארבײַטן די זון;
א טראָפּן פון גוטסקייט קאָן רירן א שטיין
און ווערן אליין אויסגעטריקנט דערפון.

א טראָפּן פון גוטסקייט אנטקעגן זיך שטעלט,
אזוי ווי די העלדישע מילב יעדן בארג אין מיט־וועג;
א טראָפּן פון גוטסקייט, וואָס מאָנט און באפעלט, —
דער איינציקער האר ווערט אף אונדזערע טעג.

און ס׳טרעפט, אז א טראָפּן פון גוטסקייט דערפירט
א מאך טאָן אינגאנצן אף זיך מיט דער האנט,
צעברעכט און איינצייטיק גיט קראפט אָן א שיר
צו נעמען און טראָגן אף זיך אויך א שאנד.

נאָר ווען ער פארקערט זיך אזוי אין א רוט —
צי ווערט דען דער טראָפּן פון גוטסקייט אויס גוט?
צי עפשער א טראָפּן פון גוטסקייט דארף זײַן
אויך הארט, ווי א דימענט, אף היטן זײַן שײַן?

## צום פראָסטן מענטשן גיי

צום פראָסטן מענטשן גיי, דעם קאָפּ טראָג הויך און פרײַ.
די דאָרנדיקע פאלשע אויסדערוויילטקייט?
מיט פאראכטונג ענטפער איר!
ווייס, יעדן טאָג איעדער מענטש פונסנײַ
מוז אופשטיין ערשט פון אלע פיר.

ווייס, יעדן טאָג אין אונדז אליין
פאר מענטש גייט אָן דער לאנגער שטרײַט —
פאר גלײַך אףביידע פיס צו שטיין,
און, ווי דער בוים, אָן ברילן —
זען די הייך און ווײַט,
מיט אונדזער שאָטן ווירדיק זיך צעשרײַבן
אינעם בוך פון צײַט,
ווי די, וואָס קענען זיך ניט כאסמענען, —
א צייכן לאָזן האָפערדיק־פארשײַט...

## פײַנטלעכע פלאנצן

נו, וויפל פארפירט האָב איך רייד
אמאָל מיטן אומגליק, אמאָל מיט דער פרייד,
אמאָל מיט זייביידן אינײנעם,
נאָר צווישן זיי שליסן א שאָלעם א קליינעם
אפילע — איך האָב ניט געקענט.

אומזיסט נאָר מײַן מי כ׳האָב פארוועגדט.
נאָר הײַנט זאָג איך ניכטער און מונטער:
מע דארף זיי צעקריגן אינגאנצן,
צעשיידן, ווי פײַנטלעכע פלאנצן,
וואָס טיף אין די בייטן,
דאָרט איינס אונטער צווייטן,
די נערונג, די קראפט רײַסט ארונטער.

## מע דארף ניט

מע דארף ניט וועלן באהערשן די וועלט.
מע דארף ניט וועלן באהערשן די צײַט.
מע דארף נאָר וועלן געווינען א הארץ —
איין הארץ מיט זײַן ברייט און זײַן ווײַט.
דאָס איז ניט געזאָגט לעשעם פשאָרעלעך
גלאַט.

עס איז ניט פאראן אין דעם זאָג קיין פאראט.
עס איז ניט פאראן אויך אין דעם קיין
פארבײַט
פון וועלט און פון צײַט
אף אנדערער ברייט און אף אנדערער ווײַט.

## ביז ראנד

אָפט מיר דאכט: איך האָב די פרייד געקעפט,
אָפט, אז כ׳האָב דעם ווייטעק ניט דערשעפט.
אין דיביידע פאלן פיל איך גלײַך מײַן שאנד,
ווי דער מוילעד, וואָס פארטאָג אין פאכעד קלערט:
צי א בלייכער רעמעז נאָר — זײַן איז אים באשערט?
ניט ער ווערט געמינערט, ניט ער איז אימשטאנד
ווערן א לעוואָנע, אָנצוגיסן זיך ביז ראנד...

## עס זאָגט מיר א שטים

עס זאָגט מיר א שטים אי גאָר הארט, אי גאָר שטיל:
„דײַן לעבן איז ניט אונטערטעניק דײַן ציל.

אזוי ווי א שיכט ווייך־פארהארט׳וועטער זאמד —
דײַן לעבן זיך קרישלט, זיך ברעכט נאָכאנאנד

אף צוועקן, וואָס יעדער א ציל ווערט פאר זיך...
איז ווי זשע און ווען וועסט דערפילן דײַן פליכט

לעגאבע דײַן גרויסן און הייליקן ציל?!״ —
עס זאָגט מיר א שטים אי גאָר הארט, אי גאָר שטיל.

## איך בין ניט

איך בין ניט דער פלאם פון קויהעלעס, פון איִעוו,
נאָר ס׳טרעפט, ווען דער אופרײַס־געוויטער
פון זייער ווולקאן, וואָס זיך קיינמאָל ניט שטילט אין דער טיף,
מיך גרייכט און ביז גרונט מיך דערשיטערט.

צי הער איך דעם זעלביקן ווײַטן געוויטער,
צי עפשער די אייגענע ערד מײַנע ציטערט?

## ניט לאַך

דאָס אידעאלע איז אין רעאַלן.
געטע

ניט לאַך, לאַך ניט אויס דאָס באנאלע.
דו פרעג פריִער: וועמען פון אלע
הויפט־קויכעס, וואָס קענטן דאָס לעבן,
א העכערע מאכט איז געגעבן?

ניט לאַך, לאַך ניט אויס, וואָס אלטעגלעך
עס איז און וואָס שטאמען שטאמט, מעגלעך,
פון יענעם אומיטלבאַר־גרויסן,
ווי זון, וואָס איז, דאכט, גאָרניט אויסן...

פון יענעם געווינלעכן גרויען,
וואָס וואַרט נאָר, זאָלסט אים זיך פאַרטרויען,
און אָפּט דיך באַצווינגט, גיט זיך איבער
אָן ווילן אָן דייַנעם. דעריבער:

א מענטשן, ווען ס׳ריידן אים אָן די געדאַנקען
א סאָף צו די טעג זייַנע מאַכן —
וועט רעטן, קאָן זייַן, א שאַרמאַנקע,
און ניט א קאַנטאַטע פון באַכן.

וועט רעטן א שטים פון א גאָרן,
אפילע א קלאָלע א גראָבע —
יאָ, צייכנס פון לעבן, וואָס האָבן
אין זיך גראָד דעם שטאָך פון א דאָרן...

ניט לאַך, לאַך ניט אויס דאָס באַנאַלע.
דו פרעג פריִער: וועמען פון אַלע
הויפּט־קויכעס, וואָס קנעטן דאָס לעבן,
א גרעסערע מאַכט איז געגעבן?

## בא מוטער־ברוסט

וואָס פילט דאָס זויגלינג־קינד בא מוטער־ברוסט
כוץ זעט? צי פילט עס שוין ניט אויך די גלוסט
די ליכטיקע פון שעפן און פון איבערגיסן זיך?
צי זוכט עס שוין ניט אין דער זיס־געשמאַקער שוים
פון מאַמע־מילך דעם דינעם בונד פון וואָר מיט טרוים
און אָנצוכאַפּן זיך אין דעם, ווי אין דער העכסטער צווייַג פון בוים?

איז וואָס כוץ הונגער — לאַנג דאָס קינד צו זויגן נאָך עס טרייַבט?
צי גראָבט עס ניט מיט פעסטע ליפּעלעך אין מוטער־לייַב,
קעדיי פון זיך אַלס מענטש־באַשאַף אזוי דערוויסן זיך,
און אויך דערביַי פאַרלירן ווייל זייַן קליינעם טראָפּן „איך“,
און ווערן איינס מיט דער נאַטור, —
זייַן זעעוודיק און בלינד אָף איינער און דער זעלבער שפור
מיט יעדער גאַרונג נאָך באַהעפטונג, וואָס קיין שווערד
זי איבערשנייַדן קאָן ניט, ווי זי קאָן ניט שנייַדן ערד...

## טעזיס און אַנטיטעזיס

דער מענטש א מאַקעם־מיקלעט קאָן געפינען נאָר אין זיך אַליין,
און גוט, וואָס, ווי די שטאַרקע זון, ער קאָן אין זיך פאַרגיין.
דער מענטש אַליין איז אי זייַן אייגן מיטגעפיל,
אי שטראָפנדיקע רוט,
און לעבט אין זייַן בלוט,
און שטאַרבט אין זייַן בלוט.

צי קאָן דער מענטש בעעמעס, ווי די שטאַרקע זון, אין זיך פאַרגיין?
צי בלייַבט דער מענטש בעעמעס איינער, ווען ער בלייַבט מיט זיך אַליין?
ווייַל ווער זשע זייַנען אָט די שטימען, וואָס אין אים טיף שטרייַטן,
און, ווי די כוואַליעס אין א טייַך, צעשטופן ברייטער זייַנע זייַטן?..

## דאָס פּאַטאַלע

איזהו גבור הכובש את יצרו[1]

דאָס פּאַטאַלע, דאָס פּאַטאַלע —
דאָס פאַרענטפערט נאָך ניט אַלע
טאַטן אונדזערע אין לעבן.

גיכער אים — דעם „איך“ דאַרט אין די בלוטן! —
סייַ דעם בייזן, סייַ דעם גוטן,
איז די גאַנצע דייע דאָך געגעבן.

ער — דער דעספּאָט, ער ווייל איבער
אונדז זייַן הערשער בלינדער.

לירן — ער צעקריגט מיט זייַנע קינדער.
איִעוון — אַלץ ער מיט גאָט בעט איבער.

צוימען אים איז פּייַק בלויז דער גיבער!

דאָס פּאַטאַלע? גוירל?
כ׳קאָן עס שעלטן, כ׳קאָן עס בענטשן,
אָבער זען דעם גאַנצן מענטשן
אין די גוירלדיקע פּעדעם־שטעפּ
איז דאָס זעלבע, ווי א קעמל נעם און שלעפּ
דורך א נאָדל־אויערל...

1 אייזעהו גיבויר האַקויוויייש עס יִיצרוי — ווער איז א גיבער? דער, וואָס קאָן באַהערשן זייַן נאַטור.

## באַנאַכט אין וואַלד

מע גייט ניט אין וואַלד אַרײַן מיט אַ לאַמטערן...
מע גייט נאָר אַהין בײַ דעם פֿינקל פֿון הויך־ווײַטע שטערן,
בײַם ליכט פֿון די הימלישע וואָלקנדלעך ברייִשעסדיק־ווײַסע,
צי פּאַזע דעם בלאַסק פֿונעם טײַך, וועמעס כוואַליעס פֿון ברעג
שטיקער רײַסן...

מע קאָן זיך אין וואַלד אויך פֿאַרטיפֿן
בײַם שוועדישן שנײַט פֿון אַ בליץ מיט זײַן שרעקן און שטיפֿן,
זאָל זײַן, בײַ דער טויט־בלײַיכער שײַן פֿון די שטויביקע שפּענדלעך אַפֿילע,
ווי אויך בײַ דעם פֿליִענדן פּאָספֿאָר פֿון גליִ־וועריעם קילע,
בײַם גלאַנץ פֿון די פֿויגלישע אויגן, בײַ זייער געקוויטש אויף די צווײַגן,
צי לאָזן זיך פֿירן פֿון שטילקײַט דער גוטער פֿון וואַלדישן שווײַגן,
נאָר קיינמאָל מע גייט ניט אין וואַלד אַרײַן מיט אַ לאַמטערן...

צי האָט איר, פֿרײַנט ליבער, געטאָן וועגן דעם זיך פֿאַרקלערן?

## דאָסטאָיעווסקי

דאָסטאָיעווסקי האָט זײַן גאַנץ לעבן
פֿאַרגעטערט פּושקינען מיט גאָגאָלן.

גאָגאָל... פּושקין... שטענדיק און צוזאַמען —
זיי געלעבט אין זײַן געמיט, ווי גראַמען.

כ׳ליג און כ׳קלער קימאַט אין היץ פֿון פֿיבער
וועגן אָט דעם ווונדערלעכן כיבער

און זײַן זעלטענעם סאַכאַקל...
וואָס איך פֿיל דערבײַ? פֿון שיף דעם וואַקל

איבער אָפּגרונט פֿון אַ יאַם אין שטורעם,
וואָס פֿאַרשטעלן קאָן ניט דאָך דאָס ליכט פֿון
טורעם.

ענדלעך איך פֿאַרפֿאַל אין שלאָף, נאָר הערן
כ׳הער דעם גאַנג פֿון יאַם און פֿון די שטערן...

## ניט שלאָפֿן

ניט שלאָפֿן באַנאַכט אין מײַן עלטער —
דאָס הייסט ניט:
געניסן די ווײַנען די בעסטע פֿון קעלטער.

דאָס הייסט ניט,
ווי דאָס האָט געהייסן
אין ייִדישע פֿרומע געצעלטן:
אָפּריכטן כצות, לערנען דעם זוהר, מישנײַעס,
צי עפֿ׳נען דאָס האַרץ פֿאַר אַ פּאָסעק ישעײַעס,
און זאָגן באַלפֿע גאַנץ יעכעזקל, גאַנץ אָמוס[1] דעם שעלטער.

ניט שלאָפֿן באַנאַכט אין מײַן עלטער —
דאָס הייסט ניט:
מיט אויגן מיט אָפּן־פֿאַרשטאַרטע, ווי בודאַ,
צו בענטשן די שטילקײַט די גרויסע, וואָס הודעט.

דאָס הייסט ניט:
ווי שלוימע אין מילגרוים פֿון כאָכמע פֿאַרמערן די קערנער,
נאָר וואַרטן געדולדיק און לייגן די הענט אויף די הערנער
פֿון מאָרגן, אַז זײַן ר׳זאָל פֿאַר מיר דער באַשערטער
אויף ווידער צו ווערן דער יונגער און לײַדנדער ווערטער.

---

[1] ישעײַע, יעכעזקל, אָמוס — ייִדישע נעוויִים.

# א ניגן

## א

מיר האָט זיך געכאָלעמט:
פאַרפאַסט כ׳האָב א ניגן.
בלויז גינע
ווערינע.
א ניגן —
ווי כוואַליעס זיך וויגן — פאַרוויגן.

און אַלץ איז געווען אין דעם ניגן!

איך רײַס אוף די אויגן —
מײַן שטימונג בלײַבט מונטער.
א ניגן פאַרפאַסט כ׳האָב —
א ניגן א בונטער.
בלויז גינע
ווערינע.
מע דאַרף אים מיט ווערטער דער וועלט איבערגעבן.
די ווערטער!.. די ווערטער שוין איבער מיר שוועבן.
מיט צוויטשער פון פייגל, מיט ליסקעס פון פיש...
איך זעץ מיך צום טיש,
און איך פאַר זיי און מיש,
אַזוי ווי א שפּילער א הייסער — די קאָרטן...
נאָר ס׳קומען צו מיר ניט די עמעסע סאָרטן.
עס קומט ניט, עס קומט ניט די עמעסע פאַרב —
כאָטש צי זיך אָף דר׳ערד אויס און שטאַרב!
איז וויפל מײַן טעקסט איך ניט לייען —
ער הייבט מיר ניט אָן צו געפעלן.
ווי ביינער אָן פליש שטאַרצן איינציקע שטעלן.
ניטאָ, ניין, ניטאָ איז דער גאַנג פון די וועלן...
איך פעלן צום שטײַגן די שוועלן... די שוועלן...
און כ׳ווייס, כ׳האָב געפּאַטערט דעם מעכטיקן ניגן —
ווי כוואַליעס זיך וויגן — פאַרוויגן — — —

## ב

איך לעש אויס דעם לאָמפּ און איך לייג מיך
צ׳ריק ווידער.
א גליִענדע בענקשאַפט. א בענקשאַפט נאָך לידער.
אין הויף דורך מײַן פענצטער איך זע אַלע שויבן.
ס׳פאַרטאָגיקע שטוב־ליכט פון לאָמפּן, ווי פליגל
פון אויסטערליש־קליינינקע ווײַס־ראָזע טויבן,
באַווײַזט זיך דאָ — דאָרטן אַזוי ווי נ׳א שפּיגל,
און איינס נאָכאַנאַנדער
פון איין שויב צו צווייטער א פלי טוט, א
וואַנדער —
אַמאָל נאָר איין־אײנציקס, אַמאָל גאָר אינצווייען.
און אָט אַלע גאָרנס באַלויכטן עס ווערן —
די מענטשן דערוואַכן, אָף אַרבעט שוין גייען.
דער הויף, ווי א פאַבריק־פאַפּירענער
קינדער־לאַמטערן,
נאָר ערנסטער פיל, ברענט פון אויבן ביז אונטן,
און עפּעס דערציילט פונעם לעבנס־טיף־גרונטן...
נאָר ווײַל עס מוז הערשן די מאָס דאָך די גוטע —
די פענצטער זיך לעשן... קאַיאָר־שײַן באַרוטע
פאַרנעמט איצט דעם הויף־רוים אינגאַנצן.
באַ מיר נאָר אין קאָפּ נאָך עס היפּן, עס טאַנצן
די פר׳יריקע פלעקן, ווי פליגל פון ווײַס־ראָזע
טויבן,
אין אַלע פאַרטאָגיקע שויבן...
גאָט מײַנער! איך האָב דאָך געוואָלט זיי דערהויבן,
נאָר כ׳האָב נאָר די ווערטער און כ׳האָב ניט
**דעם ניגן**,
וואָס זאָל, ווי דער ווינט, ערשט מײַן ליכט רעכט
**צעוויגן**,
און יאָגן עס, טרײַבן און שטויסן
אַרום און אַרום אָף א שטעדך א גרויסן...

מאַטל שטורמאַן

# פאַרשיידענע לידער

## דאָקטוירים

דאָקטוירים פאַר אונדז —
זייער לעבן זיי שטעלן.
פון אַלע דאָקטוירים
נאָר דרײַ מיר געפעלן.

דער ערשטער —
די זויבער־קרישטאָלענע לופט,
זי היילט און זי קוויקט
מיט איר ווײַניקן דופט.

דער דאָקטער דער צווייטער —
די ליכטיקע זון,
איר גלײַיקע שײַן
נעמט געטרײַ מיך אַרום.

דער דאָקטער דער דריטער —
דער ברויזיקער יאַם,
ער ווייסט ניט קיין גרענעץ,
ער ווייסט ניט קיין צאַם.

קעסיידער ער מונטערט,
קעסיידער ער קוועלט.
קיין דאָקטוירים קיין בעסערע
ניטאָ אױף דער וועלט.

## א ציקאַווע געשיכטע וועגן אַדאָלף היטלערן

ווען דער פיורער
האָט די אויגן פאַרמאַכט,
האָבן זיך אַלע רוכעס
אין גענעם פאַרטראַכט.

ווען דער פיורער,
וואָס האָט איצט די ווערט א פירער,
איז אױף יענער־וועלט געקומען,
האָבן זיך זײַנע יאָרשים —
די שיידים
אױף אַן אסיפע צונויפגעקומען.
זיי האָבן געוואָלט זיך דערוויסן,
צי קאָן מען פון אים עפּעס וואָס
גענִיסן.

ווען דער פיורער
איז אױף יענער־וועלט געקומען,
האָבן די נאַשערס, די ווערעם,
זיך פרייען גענומען,
זיי האָבן געמיינט מינאַסטאַם,
ער איז מאָלע־טאַם,
און זיך גענומען צו דער רעכטער
אכילע.
און ס'פרעסן ביז הײַנט אים
די ווערעם די שטילע.

* * *

גלאַט אַזוי
גלאַט אַזוי
קוק איך
אױף דער יונגער פרוי,
זי איז
אומרויִק־צעשטרײַט,
זי איז לוסטיק און פאַרשײַט.
אַלץ זי מיינט,
אַז זי געפעלט מיר,
אַז איך בין אין איר פאַרליבט...
ווערט איר בליק
נאָך מער באַהיינט,
זי מיט מיר א שמועס
פאַרקניפּט.
נו, און איך?
איך גלאַט אַזוי.

כ׳זע אן אָנגעפארבטע פרוי,
וואס געפּאטערט האָט די
ברעמען
און די וויִעס,
און די ליפּן,
ווײל מיט מיר א שמועס
פארקניפּן.
כ׳וויל נאָך וויסן, כ׳וויל דערגײן:
וואס פארבלײַבט פון איר
אליין...

* * *

די ערד זיך דרייט
מיט לייד, מיט פרייד.
און מיר —
בלויז מיר נאָר זאלבעצווייט.

ניט זײַן איך זאל
אין דיר פארליבט,
מיט גוירל דײַנעם
פעסט פארקניפּט, —

מײַן טאָג געווען וואלט
טונקל־גרוי
און ניט געשפּירט
כ׳וואלט שטערן־בלוי,

און ס׳וואלט דער אָטעם
אונדז געפעלט,
און ס׳וואלט די ערד
זיך אָפּגעשטעלט.

* * *

דעם אָנדענק פון לייב קוויטקאָ

כ׳געדענק:
נאָך שווערער מי פון טאָג,
א שלאָסער־יונג פון לאָקאָמאָטיוו־
זאוואָד, —
צו דיר כ׳פארקערעווע דעם טראָט.

כ׳געדענק:
דײַן מילדער קאָפּ איז עטוואס
אָנגעבויגן —
האָסט ליב געזאנג צו הערן
מיט פארמאכטע אויגן.
דו הערסט געניט
פון מי
מײַן ליד.

ווו ביסטו ערגעץ,
דיכטער מײַנער ליבער?
דו ביסט די סאמע גרויזאמסטע געפאר
אריבער,
אין לאנד פון אייביקײַט ארײַנגעקומען.
און ערגעץ ליגסטו מיט פארמאכטע
אויגן —
די ערד ארומגענומען.

דו הערסט:
עס זינגט דער גרינער ראכוועסדיקער
וואלד
צעשטראלט.
דאָס שווארצע קעצעלע שפּרינגט אום
אין פלעקן זון,
אין פלעקן ליכט.
דאָס ליבע קינד איז אופגעריכט
און אָפן פידעלע דעם צארטן
עס שפּילט באגליקט.
און קיינער איז צו אים ניט גלײַך.
ס׳איז אים מעקאנע
יעדער בוים אין וואלד,
ס׳איז אים מעקאנע
דער לעבעדיקער טײַך...
און איבער דיר
דער ניגן שוועבט,
זיך וועבט און וועבט.

דו הערסט —
די קינדער בעטן אלץ בא דיר:
— אַנע־וואַנע, בריגאַדיר!



## אירמע דרוקער

# קלעזמער

### בא פעדאַצערן

ווער ס׳האָט נאָר פאַרזוכט דעם טאַם פון א פידל, ווער ס׳האָט נאָר דעם פידל פון דער האַנט ניט געוואָלט ארויסלאָזן, איז געקומען קיין בערדיטשעוו — צו פעדאַצערן. אויך עזרע, שלוימע דעם קלעזמערס זון פון ליפּאָוועץ, האָט פאַרלאָזן זײַן היים, טאַטע־מאַמע און איז געוואָרן פעדאַצערס א טאַלמיד.

די ערשטע טעג און די ערשטע וואָכן אין בערדיטשעוו זײַנען פאַר עזרען געווען ביז גאָר שווערע.

די הוילע טענער, די איבערכאַזערונגען פון גאַמעס, פון פּראַזעס זײַנען עזרען געווען שטאַרק דערווידער. ער איז געווינט געווען צו שפּילן גאַנצע זאַכן, פעדאַצער אָבער האָט אים געצוווּנגען שפּילן באַזונדערע גאַמעס און טענער, און עזרען האָט זיך געדוכט, אז ער צעברעכט דאָס שענסטע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, עס בלײַבן פון דעם בלויז שטיקלעך און ברעקלעך, און מע וועט שוין קיינמאָל פון זיי ניט קאָנען ווידער צונויפשטעלן עפּעס גאַנצס.

פעדאַצער האָט אים דערקלערט:

— דער שפּילער דאַרף זײַן געשליפן, ווי דער דימענט. וואָס מער געשליפנקײַט — אַלץ ריכטיקער איז דער קלאַנג, אַלץ טיפער דער געדאַנק.

— שאַבעס איז זייער א גוטער טאָג, — האָט פעדאַצער ניט איין מאָל געטרייסט עזרען, — די גוטסקײַט פילן מיר דערפאַר, ווײַל מיר וואַרטן אַפן שאַבעס און גרייטן זיך צו אים זעקס טעג. יאָמטעוו איז גאָר א טײַערע זאַך. אַף א יאָמטעוו וואַרטן מיר און גרייטן זיך נאָך לענגער, א גאַנץ יאָר... נאָך א ביסל, נאָך א ביסל, עזרינקע, די וואָכעדיקײַט וועט דורכגיין און ס׳וועט קומען דער שאַבעס, דער יאָמטעוו.

אזוי איז עס טאקע געווען. דאָס האָט עזרע באַזונדערס דערפילט, ווען אין עטלעכע כאַדאָ־שים ארום האָט אים פעדאָצער געהייסן איבערשפּילן די זאכן, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגע־בראַכט פון ליפּאָוועץ. ער אליין האָט זיי גאָר ניט דערקענט — סאַראַ גרויסער אונטערשייד פון דעמלט! ס׳זיינען גאָר אַנדערע טענער, אַנדערע קלאַנגען, אַנדערע זאכן.

דער גליקלעכסטער טאָג אין בערדיטשעוו, און עפּשער דער גליקלעכסטער טאָג אין עזרעס לעבן, איז געווען דאַן, ווען ער האָט מיט זיין שפּילן שטארק אויסגענומען בא פעדאָצערן. עזרע האָט געשפּילט פעדאָצערס א נייע זאך. פעדאָצער איז געווען אזוי גערירט, אַז ער האָט אים פאַר אַלעמען אין די אויגן ארומגענומען און געזאָגט:

— גוט! זייער גוט! דו יארשנסט מיך, און ווער עס האָט א יורעש — דער שטאַרבט ניט! ליפּאָוועצער! טאַלמיד מיינער! זון מיינער!

ס׳איז דעמלט געווען אין בערדיטשעוו א מאַרקטאָג, און עזרע מיטן ליפּעצער, מיט זיין בעסטן כאַווער עלישע, זיינען אוועקגעלאָפן אַפן מאַרק פּאַקן ליפּאָוועצער און איבערגעבן מיט זיי אַהיים ווענן דעם גרויסן גליק, וואָס האָט היינט געטראָפן עזרען.

דער ראַש, דער טומל, דער געפּילדער פונעם מאַרק האָט ווי פאַרהלושעט די פרייד בא די צוויי באָכערים אין די הערצער. וועמען קאָן דאָ אָנגיין, אין אָט דער פאַרהאַוועטקייט און פאַר־שמייעטקייט, וואָס פעדאָצער האָט היינט געזאָגט ווענן עזרען? נאָר אָט דערטראָגט זיך א געזאַנג פון באַנדורעס. עזרען און עלישען טוט א צי צו די באַנדוריסטן, און מע פאַרהאַלט זיך לאַנג לעבן שטיינערנעם פּלויט, ווו יענע האָבן זיך איינגעמאָסטעט.

די באַנדורעס דערציילן און דערציילן...

דער אוילעם וואַקסט, נאָר קיין גראָשנס קומען ניט צו אינעם הילצערנעם שיסעלע. גראָד די, בא וועמען די באַנדוריסטן נעמען אזוי שטארק אויס, האָבן ניט וואָס צו פאַרקויפן און פאַר וואָס עפּעס קויפן. זיי זיינען געקומען אהער אַפן מאַרק זיך א ביסל פאַרטומלען און פאַרגעסן אַף א ווײַלע אין די צאָרעס.

פלוצעם דערטראָגן זיך פון ערגעץ נאָענט באקאַנטע קלאַנגען פון פעדאָצערס באַוווסטן „אהאַווואַ ראַבאָ“ — „די גרויסע ליבע“, וואָס ווערט געשפּילט אַף אַלע יידישע כאַסענעס אין אוק־ראַינע. עלישע און עזרע לאָזן זיך אוועק נאָך די קלאַנגען פון דער „גרויסער ליבע“ און בלייבן שטיין בא א רעדל מענטשן. מע האָט ארומגערינגלט א בלינדן פידלער אין אַן אויסגענייט אוקראַי־ניש העמד.

עס ווערט איינגעשטילט דער מאַרק־געפּילדער, עס הערן אוף פּאָכען און קנאַקן די בייטשן. די פידל־קלאַנגען האָבן דאָ אַף א ווײַלע פאַרכאַפּט די מאַכט...

ווונדער איבער ווונדער, א מאַרק פון ווונדער!

כייקל דער קלעזמער זינגט אוקראַיִנישע לידער און שפּילט זיי אויס אַפן פידל.

— דאַווײַ, דאַווײַ, כייקל! טי סוואָיו[1] מאַלאָדיעץ, כייקל! דו זינגסט און שפּילסט, ווי דו וואָלסט אויסגעוואַקסן אין דאָרף צווישן אונדזערע.

פיאָדאָר פון קלויסטער־כאַר האָט ארום זיך צונויפגעקליבן א גרויסן אוילעם יידן. ער זינגט ניסיס „קאָלנידרע“ מיט אַלע פישטשעווקעס.

ווײַבער וויינען, ווי יאַמקיפּער פאַרנאַכט אין שול, און מאַנצבלען קרעכצן, ווי באַם דאַווענען, ווי באַם הערן ניסי בעלזער מיט זיינע מעשוירערים.

פונעם טרויעריקן קאָלנידרע־מאָטיוו גייט איבער פיאָדאָר צו פאַרשיידענע כסידישע לידער — א געמיש פון רוסישע, אוקראַיִנישע און העברעיִשע ווערטער:

„אי פּיל יא או נידיליו,
פּראָפּיל יא סוואָיו קאָבילו.
אוי, טרעבא זנאַטי יאק הוליאטי,
יאק פּערעד באָגאָם אָטוועטשאַטי,
איבער הונדערט יאָר יאַק אומיראַטי,
אוי־ווײַ, כעזשבן צעדעק אָטדאַוואַטי.
א מי פּיאָם טא הוליאיעם,
וועאַטאָ טישמאַ מין האשאָמאָיִם“.

— דערלאַנג! דערלאַנג, פיאָדאָר! פאַרמאָגסט א כסידישע נעשאָמע, דערלאַנג! — שרייט מען פון אַלע זייטן. און פיאָדאָר לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן, ער פאַלט אָן אין א צווייטער ליד אַף כאַוועץ, אַף דער מאַמען פון אַלע אומגליקן:

[1] דערלאַנג, דערלאַנג, כײַקל! ביסט אַן אייגענער!

„עד, טי כאווא, נאשא מאטי,
טשאָם טי יעלאַ זאַייך־האדאס?
יעסליב נע יעלאַ זאַייך־האדאס,
טאָ ניע בילאָ בי סמערטי נא נאס“.

— ריכטיק! ריכטיק! — האַלטן אונטער די מאַנצבלען, און די ווײַבער האָבן טײַנעס צו אָדאַמען, ווײַל ער איז געווען א שוואַכער מאַנצבל און געלאָזט, אַז כאַווע זאָל אים פירן פאַר דער נאָז. וואָלט אָדאָם געווען אַן עכטער מאַנצבל, וואָלט כאַווע ניט געווען אזא כאַווע, און מיר אַלע וואָלטן אייביק געלעבט.

געענדיקט מיט כאַוועז, פאַרגלאָצט פיאַדאָר די אויגן, קלאַפּט צו מיט די פינגער, ווי אַן עכטער כאָסיד, און בעט דעם טאַטן אווראָם, ער זאָל זיך אָנעמען פאַר זײַנע קינדער:

„אווראָם אָווינו, באַטקאָ נאַש,
טשאָם טי ניע כאָדיש,
טשאָם טי ניע פראָסיש, —
טשאָם טי ניע מאָליש
באָגא זא נאס?
מאָזשע נאס וויפּראָסיטי,
מאָזשע נאס וויגמאָליטי,
מאָזשע נאס וויפּלאַקאַטי,
נאַשו כאַטקו פּאַטשיניאַטי,
נאַשו דאָליו פּאָפּראַוויליאַטי!“

עלישע און עזרע זײַנען גוואַלדיק צופרידן פונעם מאַרקטאָג. אזא טאָג פון שעפע האָט קיין איין יאַרידניק ניט געהאַט. עפּעס א קלײניקײַט — אַזויפיל הערן און אַזויפיל זען!..

---

גוטס גייט צו גוטס, גליק גייט צו גליק, ווי דער טאָג איז, אזא איז דער אָוונט. אין דעם אָפּדערנאַכט האָט פעדאָצער באַדאַרפט שפּילן פאַר די פאַרשיידענע אָנגעפאָרענע געסט זײַן נײַע זאַך — „טשומאַק“.

עזרע האָט שוין געהאַט דאָס גליק ניט איין מאָל בײַזײַן אף אַזעלכע אָוונטן. ער וועט זיי אָפּן גאַנצן לעבן פאַרגעדענקען.

בא פעדאָצערן אין שטוב איז פול געפּאַקט. אַרום טיש זיצן די קלעזמער פון זײַן קאַפּעלע און די בעסטע טאַלמידים זײַנע. עס זיצן דאָ אויך קלעזמער פון אַנדערע שטעט — מע איז געקומען איבערנעמען פעדאָצערס זאַכן.

בא פעדאָצערן איז די יאַרמלקע פאַרוקט צו דער פּאָטיליצע, און דער ברייטער שטערן זעט זיך אַרויס מיט אַלע זײַנע קנייטשעלעך. יעדעס קנייטשעלע איז פול און פיל מיט נאָך ניט אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען.

פאַרן שפּילן איז פעדאָצער שטענדיק זיך נויהעג עפּעס זאָגן. און אַז פעדאָצער זאָגט, קריצט זיך עס אײַן אין זיקאָרן, פּונקט ווי זײַן שפּילן.

עזרע כאַזערט איבער יעדן טאָג פאַר זיך אַליין דאָס, וואָס ער האָט אין די אָוונטן געהערט פון פעדאָצערס מויל.

פעדאָצער זאָגט:

— פּינקט ווי יעדן מענטשן גיט יעדן טאָג א קלעם דער הונגער און ער נעמט זיך צום עסן, אַזוי דאַרף דעם שפּילער, דעם שעפער יעדן טאָג א קלעם טאָן דער הונגער צו שאַפן. און וועמען אָט דער הונגער קלעמט ניט, ווײַל ער האָט אים ניט מיט וואָס צו שטילן, בא דעם איז א פּוסטע נעשאָמע, א פּוסטע קיילע, אין וועלכער עס קלאַפּט בלויז אַן איין־און־איינציק גראַשנדיק מאַטבייעלע, ניט מער.

— איר פאַרשטייט, — ברײַטעט פעדאָצער אויס דעם זעלבן געדאַנק מיט אַנדערע ווערטער, בעדערעך מאָשל, — ס'זײַנען פאַראַן טײַכלעך, וואָס זײַנען א גאַנץ יאָר טרוקן און נאָר פרילינג ווערן זיי אף א שטיקל צײַט אָנגעגאָסן. און ס'זײַנען פאַראַן קוואַלן, וואָס הערן ניט אויף צו שלאָגן אין אַלע צײַטן פון יאָר. געבענטשט איז דער קוואַל, וואָס ברויזט, און אומגליקלעך איז דאָס טײַכל, וואָס טריקנט אויס. דאָס לעבן לויפט, יעדן טאָג ווערט עפּעס באַנײַט, יעדן טאָג קומט עפּעס צו. און וואָס קאָן טאָן אַן אויסגעטריקנט טײַכל? גאָרניט.

— שפּילן דאָס איז ניט קיין אײַנגעמאַכטס, וואָס עס פּאַרווילט זיך אַמאָל אף דערקוויקן דאָס האַרץ. מע דאַרף שפּילן באַם עסן, באַם טרינקען, ווען מע גייט אין גאַס, ווען מע זיצט אין שטוב,



אין כאַלעם אפילע. אף דעם קייסער שאָול איז אויך אָנגעקומען א מינוט פון נעוויִע זאָגן. האָבן אלע עכטע נעוויִים געלאכט און זיך געכידעשט: הגם שאול בנביאים — שאָול איז שוין אויך א נאָווי? אָט דער, וועלכער ווארט יאָרן אף דער מינוט, ווען עס עפענען זיך די אויגן, איז קיין נאָווי ניט, קיין שפּילער ניט. די מינוט דארף קומען מיט יעדער מינוט פון די הונדערטער מינוטן פון מעסלעס...

אין אָט דעם גליקלעכן אפדערנאכט נאָך דעם גליקלעכן טאָג איז פעדאָצערס שטוב געווען פול געפּאקט אינווייניק און באלאגערט פון אלע זײַטן פון דרויסן. צווישן פעדאָצערס שטענדיקע פארערער און באשטעלער האָבן זיך דאָ אויך געפונען אוקראַיִנישע אקטיאָרן, מוזיקאנטן און זינגער.

פעדאָצער האָט גערעדט אף רוסיש, נאָר ער האָט ארײַנגעמישט אוקראַיִנישע ווערטלעך און יִדישע מעשאָלים:

— ווי קום איך צום „טשומאק“, קאָנט איר מיך דאָך פרעגן? איך קום צו אים, ווײַל ער איז געקומען צו מיר, ווײַל ער האָט זיך באזעצט אין מײַן נעשאָמע און מיך צורו ניט געלאָזט, ביז איך האָב אים א טיקן געגעבן, געבראכט אף דער וועלט.

— א ניגן איז ווי א פויגל, וואָס ווייסט ניט פון קיין גרענעצן. קיינער קאָן אים ניט פארהאלטן, קיינער קאָן אים ניט אָפּשטעלן און פרעגן, פונוואנען קומט ער און ווהין פליט ער. ווען מענטשן וואָלטן זיך געקאָנט אזוי גיך צונויפלעבן, אזוי גיך זיך פארברידערן, ווי ניגונים פון פארשיידענע פעלקער, וואָלט גאָר אנדערש געווען צו לעבן אף דער וועלט.

— די יִדישע נעגינע האָט קיינמאָל ניט פארמאכט אירע טירן פאר די ניגונים פון אויסן, זי האָט זיי שטענדיק אופגענומען גאסטפרײַנטלעך. ווילט איר וויסן די געשיכטע פון אונדזער פאָלק, זײַן נאוונאדעווען, אף וועלכע ערדן עס האָט געטראָגן און אין וועלכע לענדער עס האָט געווינט, איז פרעגט בא די ניגונים זײַנע, זיי וועלן אײַך דערציילן. יאָ, יאָ, ניגן — דאָס איז געשיכטע!

— אָט האָב איך אנומלטן געפרעגט בא אונדזער ניסי בעלזער, בא דעם מענטשן מיט די אָפענע אויערן און אָפענעם הארץ: מיט וואָס האָט אים אזוי פארכאַפּט די אוקראַיִנישע ליד? ווייסט איר, וואָס ער האָט מיר געענטפערט? „ווען איך הייב אָן דערשטיקט ווערן אין דער ענגשאפט פונעם שטעטל, קומט מיר די אוקראַיִנישע ליד צוהילף, זי פירט מיך אוועק אין סטעפּ, אין די פעלדער און וועלדער, צו דער נאטור, פון וועלכער איך בין אָפּגעריסן, און איך אָטעם מיט דער פולער ברוסט. די אוקראַיִנישע ליד פילט אָן מײַן מעלאָדיע אָט מיט פרייד און שטאָלץ, און אָט מיט פארביטערטקײַט און טרויער, וואָס זײַנען ברייט און אומענדלעך, ווי דאָס פעלד, דער סטעפּ“.

פעדאָצער דערציילט, וויִאזוי ער האָט נאָך אין די קינדער־יאָרן אײַנגעזאפּט אין זיך די טרויעריקע מאָטיוון פון די וואנדערנדיקע טשומאקעס, וועלכע האָבן געפירט זאלץ פון ווײַטן קרים, די טרויעריקע מאָטיוון פון זייערע פרויען און קינדער, פול מיט בענקשאפט נאָך די מענער, נאָך די טאטעס און ברידער. וואָס מער די טשומאקישע מעלאָדיעס פלעגן אים אָפּזוכן, אלץ מער פלעגט

ער זיי זוכן. ער איז אויסגעוווּקסן אויף אוקראַינע אין דער לענג און אין דער ברייט, ער האָט קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו הערן טשומאַקישע מעלאָדיעס.

— וואָס האָט איר, רעב פעדאָצער, איינגעהאַנדלט אַפן יאַריד? — פלעגן די יאַרידניקעס פרווון א שפּאַס טאָן.

— א מעציע האָב איך איינגעהאַנדלט, — פלעגט ער ענטפערן מיט שטאָלץ, — אזא מעציע, וואָס קיין איין יאַרידניק אין דער וועלט האָט אפילו אין כאָלעם ניט געזען: איך האָב געפונען א נייעם וואַריאַנט, א נייעם טשומאַקישן וואַריאַנט!

פעדאָצער נעמט אַראָפּ דעם פידל פון דער וואַנט, שטעלט אים אָן.

מע צעעפנט די פענצטער. איצט איז שוין דער „טשומאַק" ניט בלויז פעדאָצערס — ער געהערט אַלעמען. אַלע קאָנען אים איבערנעמען. עס ווערט שטיל אין שטוב, עס ווערט שטיל אין דרויסן, גלייך ווי דער גרויסער אוילעם, וואָס האָט באַלאַגערט פעדאָצערס שטוב, איז מיטאַמאָל פארשוווּנדן געוואָרן. פעדאָצערס ברייטע, פעסטע פיגור ווערט העכער און העכער, פונקט ער זאָל שטייגן צוזאַמען מיט די קלאַנגען, ווי אַף טרעפּ.

דאָס שפּילן ווערט אומרויִקער און אומרויִקער, און פעדאָצער גיט זיך ניט אונטער, ער רירט זיך ניט פון אָרט, ער שטייט ווי א דעמב אין דער צייט פון א שטורעם, ווי א געטרייער וועכטער אין א פינצטערער נאכט, ווען פון אַלע זייטן לויערן געפאַרן. דער געהער פונעם פידלער איז אָנגעשטרענגט, זיינע אויגן — ברייט צעעפנט. ער הערט זיך צו און קוקט זיך צו צו יעדן קלאַנג. פון יעדן קלאַנג דערטראָגט זיך צו אים א לעבעדיקע מענטשלעכע שטים, אָן אויסגעשריי, פול מיט פאַריבל און טיינעס.

טשומאַק! טשומאַק! ווי לאַנגזאַם זיינען די טריט פון די אָקסן און ווי פלינק די ביטערע דאַליע לויפט דיר אנטקעגן און באַגעגנט דיך פון אַלע זייטן!

טשומאַק! טשומאַק! ווי ברייט זיינען די סטעפּעס, ווי אומענדלעך זי איז, די אוקראַינישע ערד, און דו באַקומסט בלויז פיר איילן נאָך דיין טויט...

טשומאַק! טשומאַק! וווּהין פירן דיך די אָקסן־טריט, וווּהין וועלן זיי דיך פאַרפירן?

טשומאַק! טשומאַק!

## מיריעם

אין בערדיטשעוו איז עזרען באַשערט געווען איבערלעבן דעם גליקלעכסטן טאָג אין זיין לעבן און דעם סאַמע אומגליקלעכסטן...

אין דעם טאָג, ווען ער האָט באַדאַרפט אָנהייבן דערלערנען פעדאָצערס סאָלאָ, אָנגעשריבן ספּעציעל פאַר אים, האָט ער זיך געמוזט געזעגענען מיט פעדאָצערן, פאַרלאָזן בערדיטשעוו.

עזרע האָט באַקומען א בריוו פון דער היים, אז די מאַמע איז קראַנק, אז דעם טאַטן פאַרלאָזן די קויכעס און ער קאָן מער ניט אַרויספאָרן אין דער סוויווע שפּילן מיט זיין קאַפּעלע אַף כאַסענעס. באַם עלטערן ברודער, באַ לייבלען, פידלט אויך ניט. עזרע מוז פאַרלאָזן בערדיטשעוו, קומען אַהיים און מיט עפּעס וואָס העלפן די עלטערן.

— אזא מאַזל האָב איך שוין, — האָט פעדאָצער ניט געקאָנט איינהאַלטן דעם ווייטעק אין זיך, — איך אַקער, איך פאַרפלאַנץ, און אז עס הייבט אָן בליִען דאָס, וואָס איך האָב געפלאַנצט, קומען בייזע ווינטן, וואַרצלען עס אויס און פאַרטראָגן עס אין אַלדי רוכעס.

נאָך בערדיטשעוו האָט עזרע אין ליפּאָוועץ זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. ער איז אַרומגעפאָרן אַף כאַסענעס, געשפּילט אַף פּריצישע בעלער, געלערנט מיט די נעגידישע קינדער פידל שפּילן. נאָר קיין זאַך האָט אים ניט געקאָנט באַרויִקן. וואָס דערוואַרט אים דאָ? וואָס וועט מיט אים דאָ זיין?

— יעדער מענטש, — פלעגט זאָגן פעדאָצער, — וואָס וויל ניט גיין אַף צוריק און וויל שטייגן אַלץ העכער און העכער, דאַרף זיך לערנען באַ ראַבי אַקיווען, דעם געוויזענעם פּאַסטעך, וועלכער איז דערנאָך געוואָרן איינער פון די גרעסטע געלערנטע. אַקיווע איז געווען געגליכן צו א פּויער, וועלכער גייט אַלע טאָג אַרויס מיט זיין קאָרב אין פעלד. וואָס ער פּאַקט, קלייבט ער צונויף און וואַרפט אַריין אין קאָרב — ווייץ איז ווייץ, גערשטן איז גערשטן, האָבער איז האָבער, לינדזן איז לינדזן. און דערנאָך קלייבט ער אויס און צעלייגט יעדע זאַך באַזונדער, און וואָס ער דאַרף און ווען ער דאַרף, איז דאָ אַפן אָרט.

עזרעס כאַווער, עלישע, וועלכער איז געבליבן זיך לערנען באַ פעדאָצערן, ברענגט אַלע טאָג א פול אָנגעלאָדענעם קאָרב, יעדן טאָג קומט אים עפּעס צו, און באַ אים, באַ עזרען, קומט יעדן טאָג אָפּ.

פּעדאָצער איז געגעבעכט: נעגינע איז שווער צו באַקומען, ווי גאָלד, און גרינג צו ברעכן, ווי א גלעזערנע קיילע. דאָ, אין ליפּאָוועץ, צעברעכט ער איצט דאָס טייַערסטע, וואָס ער האָט אַזוי שווער דערוואָרבן אין בערדיטשעוו. עס דוכט זיך אים, אַז ער הערט אַפילע דעם בראַזג פון שטיקלעך גלאָז, וואָס צעפליִען זיך אין אַלע זייַטן.

וועגן וואָס ער זאָל איצט ניט א טראַכט טאָן, עזרע, קומען אים אַפן זינען פּעדאָצערס רייד. פריִער האָט ער ניט פאַרשטאַנען זייער טאָך, און איצט קומען זיי ווי אידעס, וואָס באַווייַזן אים, ווו ער האַלט אין דער וועלט.

אַז מע איז פאַרליבט אין די מייַסים, וואָס מע טוט, אַז מע זעט אין זיי מאַזל־בראָכע, איז אַף דער שאַרף פון א שווערד געראַם. און ווען די ליבע לעשט זיך אויס און די מייַסים ווערן אויס מייַסים, איז אין א בעט פון זעכציק איילן ענג. יאָ, ענג, ס׳איז אים שטאַרק ענג. יעדער פרעמדער קוק טוט אים וויי, ווי א הייסע וווּנד, ווען עס באַרירן זי פרעמדע פינגער. פאַר יעדן איינעם פילט ער זיך שולדיק. נאָר אָט ווען ער פאַלט שוין בא זיך גאָר שטאַרק אַראָפּ, קומט פּעדאָצערס א געדאַנק, פּעדאָצערס א וואָרט און טרייסט אים:

— דער, וואָס הייבט זיך אוף הויך, דער קאָן פאַלן ניִדעריק. דאָס ניִדעריקע פאַלן איז א בסורע, אַן אָנזאָג פאַר א ווייַטערדיקן אופהייבן זיך. דאָס פייַער, וואָס פלאַקערט מיט פלאַמען, קאָן פאַרשטיקט און פאַרלאָשן ווערן, נאָר אינעם אַש פון די שוואַרץ־אויסגעלאָשענע האָלעוועש־קעס פאַרבלייַבן פונקען, און באַם ערשטן בלאָז פונעם ווינט פלאַקערן זיי ווידער אוף.

---

אין אָט די שווערע טעג, ווען עזרען האָט זיך געדוכט, אַז אַלע פונקען האָבן זיך אויסגעלאָשן אין אים, האָט מיריעם אַלע פייַערן ווידער אָנגעצונדן אין דער טיף פון זייַן האַרצן.

איינמאָל — דאָס איז געווען אינגיכן נאָכן אָפּפאָרן פונעם גאָלדפאַדן־אַקטיאָר בונים, וואָס דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט עזרעס עלנטקייַט און איינזאַמקייַט, האָט פּלוצעם עמעצער זיך אונטערגעגאַנוועט הינטער עזרען, א צי געטאָן זייַן קאָפּ פון פענצטער צו זיך און מיט די הענט פאַרמאַכט די אויגן זייַנע. עזרע האָט גלייַך דערקענט, וועמעס הענט דאָס זייַנען, נאָר וועלנדיק פאַרלענגערן די שפּיל, האָט ער אָנגערופן פאַרשיידענע נעמען און צום סאָף, גלייַך ווי ער האָט זיך נאָרוואָס אָנגעשטויסן, אויסגעשריִען:

— מיריעם!

מיריעם און עזרע זייַנען געווען אין איין עלטער. די הייַזקעס פון זייערע עלטערן זייַנען געשטאַנען בישכיינעס, קימאַט ווי איין שטוב, זייערע הויזגעזינדן זייַנען בא מענטשן אין די אויגן אויסגעקומען ווי איין הויזגעזינד.

עזרע און מיריעם זייַנען ווי א ברודער מיט א שוועסטער צוזאַמען געוואַקסן, צוזאַמען זיך געשפּילט, זיי האָבן אַפילע געגעסן איינס און דאָס זעלבע. ערשט איז זי געווען אַזא קליינינקע, מיריעם, און אָט שטייט זי פאַר אים א וווּקסיקע, א שלאַנקע. „איך, ווייַזט אויס, — טראַכט עזרע, — בין שוין אויך א גרויסער“, — ער טוט א פיר מיטן פינגער איבער דער אייבערשטער ליפּ און טאַפּט אָן שטעכיקע הערעלעך פון די שפּראָצנדיקע וואָנצעלעך.

עזרע שרייַט אויס: מיריעם! — און דערקענט ניט זייַן שטים...

פון יענעם פאַרנאַכט אָן האָט עזרע גענומען בענקען נאָך מיריעמען און אַלץ אָפטער גענומען איבערכאַזערן איר נאָמען.

ס׳זייַנען געווען נעכט, ווען עזרע האָט ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז צו דער נאַכט וועט גאָר קיינמאָל קיין סאָף ניט נעמען, אַז מיריעם איז ווייַט־ווייַט פון אים און ער וועט זיך קיינמאָל ניט דערקלייַבן צו איר.

ווי נאָר מיריעם פלעגט אַרייַנקומען צו זיי אין שטוב, פלעגט אין אַלע ווינקעלעך ווערן ליכטיקער און אין אַלע איבורים וואַרעמער.

צוזאַמען מיט איר איז אָנגענעם געווען צו זיצן אין שטוב, נאָר אָט איז ער אַרויס מיט איר אין גאַס, און עס האָט זיך שוין ניט געוואָלט אַרייַן אין שטוב. די מענטשן, צווישן וועלכע זי גע־פינט זיך, האָט זיך עזרען געדוכט, ווערן עפּעס שענער און קליגער ווי געוויינלעך.

אַז ער, עזרע, קומט פון א פּריצישן באַל און דער טאַטע מיט דער מאַמען אָדער לייבל גיבן אים א פרעג: „נו, ווי איז עס געגאַנגען?“ — ענטפערט ער מיט געציילטע ווערטער: „מיר האָבן געשפּילט, און די פּריצים האָבן געטאַנצט“.

אָבער אַז מיריעם גיט אַף אים א קוק מיט אירע בלויע אויגן, באַווייַזט אירע פּערלדיקע ווייַסע ציין, קאָן ער דערציילן שאָענווייַז.

עזרע האָט די גאַנצע צײַט זיך געלערנט שפּילן נײַע זאַכן. עס האָט ניט אײנמאָל געטראָפן, אַז אים איז געװען שװער, עס האָט זיך גאָרנישט ניט באַקומען, דעמלט פלעגט ער בא זיך אראָפּ־פאַלן. נאָר אָט שטעלט ער זיך פאָר, אַז מיריעם קומט אַרײַן, און ער שפּילט פאַר איר אױס די נײַע זאַך. זי קוקט אַף אים מיט פאַרליבטע אױגן, לײגט אַף אים אַרוף די האַנט און זאָגט שטיל: „מאַלאַדיעץ, אַלײן אױסגעלערנט, אײנער אַלײן אױסגעלערנט! סאַרא מאַלאַדיעץ דו ביסט".

פון דעם דאָזיקן געדאַנק װערט בא זיך עזרע שטאַרקער, אײַנגעשפּאַרטער. קלאַנג נאָך קלאַנג װערט געבױרן. יעדער קלאַנג װערט גערײניקט, געשליפן, געלײַטערט. די קלאַנגען פאַרײניקן זיך, גײען זיך פאַנאַנדער, יעדער פראַזע װערט טיפער, יעדער קלאַנג האָט זיך זײַן געדאַנק, זײַן מײן, מיריעם װײסט װעגן דעם ניט. מיריעמען װעט ער װעגן דעם ניט זאָגן. ס'איז זײַן סאָד, א סאָד פאַר זיך אַלײן.

נאָר װי עס װײַזט אױס, האָט אױך מיריעם אירע סודעס, װאָס זי אַנטפּלעקט ניט פאַר אים. אָט איז ער אַנומלטן געפאָרן פון א פּריצישן באַל, און א פינף װערסט פאַר ליפּאָװעץ האָט ער אומדערװאַרט דערזען מיריעמען זיצן באַם װעג אונטער א בױם.

— װאָס טוסטו דאָ? — איז ער א דערשראָקענער אײַליק אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פור.

מיריעם איז רױט געװאָרן.

— איך האָב דאָ געקליבן פעלד־בלימעלעך.

נאָר אירע ליידיקע הענט האָבן זי אױסגעגעבן...

נאָך דער באַגעגעניש פלעגן טרעפן טעג, װען ער האָט גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן. ער מישט אױף די נאָטן, נעמט אַרױס דעם פידל, נאָר עס שפּילט זיך ניט. ער הערט בלױז מיריעמס שטים: „דו װעסט נאָך באַװײַזן, עזרע! קום בעסער צו מיר! איך װאַרט אַף דיר!"

אין װאָכעדיקן אָנטאָן, אין ציצענעם קלײדל, מיט א טיכל אַפן קאָפּ האָט אים מיריעם אױס־געזען א סאַך שענער, װי אין אירע יאָמטעװדיקע קלײדער. מיריעם שײלט קאַרטאָפל, און עזרע דערצײלט איר װעגן בערדיטשעװ, װעגן פּעדאָצערן, װעגן זײַן כאַװער עלישע.

מיריעם קערט די שטוב, און עזרע גײט איר נאָך:

— דו מײנסט, אַז איך װעל שױן אַזױ בלײַבן. אין סעװאַסטאָפּאָל, זאָגט מען, איז דאָ זײער א גוטער סימפאָנישער אָרקעסטער, װער ס'האָט אים נאָר געהערט שפּילן, קען זיך גאָרניט אָנ־לױבן. איך װעל פאָרן אַהין, און מיט דער צײַט װעל איך אַלײן װערן אַן אָנפירער פון א סימפאָ־נישן אָרקעסטער. מיט דער צײַט װעל איך... װעסט זען...

מיריעם גיט אַף אים א קוק, עזרע פאַרשעמט זיך. מיריעם, דוכט זיך אים, לאַכט פון אים. נאָר אָט גיט זי נאָכאַמאָל א קוק, און עזרע דערפילט זיך שולדיק. ניט דאָס האָט זי געמײנט. זי פרעגט אים גאָר: „װאָס הײסט, דו װעסט אַװעקפאָרן, און אַף װעמען װעסטו מיך איבערלאָזן?"

און אינדערעמעסן, אַף װעמען װעט ער זי טאַקע איבערלאָזן?

עזרע האָט זיך גיך איבערצײַגט, אַז ס'איז װײַט ניט אַזױ: מיריעם טראַכט לאַכלוטן ניט װעגן זיך, זי טראַכט נאָר װעגן אים:

— איז װען זשע פאָרסטו קײן סעװאַסטאָפּאָל? דאָ אין ליפּאָװעץ טאָרסטו זיך ניט פאַרהאַלטן קײן איבעריקן טאָג.

יאָ, זי, מיריעם, איז די אײנציקע, װאָס װײסט, װאָס עס טוט זיך בא אים אין האַרצן, און איז גרײט מיט אַלץ אים קומען צוהילף.

זי, מיריעם, איז איצט ניט בלױז זײַן באַל־אײצע און טרײסטערן, נאָר אױך זײַן לערער. װען ניט זי, װאָלט ער ניט אױסגעלערנט אַזױפיל נײַע זאַכן, ער װאָלט אַזױ ניט געאַרבעט איבער יעדער פראַזע, איבער יעדן קלאַנג.

„דער עמעסער שפּילער, — האָט געזאָגט פּעדאָצער, — איז דער פאַרליבטער! ליבע איז פריִער פאַר אַלץ, אַפילע פאַר נעגינע. די נעגינע איז באַשאַפן געװאָרן אין זכוס פון דער ליבע. װאָלט קײן ליבע ניט געװען, װאָלט די נעגינע ניט געקאָנט זיך אַזױ פרײען און אַזױ טרױערן, זי װאָלט ניט געהאַט װעמען צו באַשפּילן, װעמען צו באַזינגען און װעמען צו באַװײנען".

און נאָך האָט פּעדאָצער געזאָגט: „אױב נעגינע איז געזאַנג, איז ליבע — דאָס געזאַנג פון אַלע געזאַנגען, דער שיר־האַשירים פון דער מענטשלעכער נעשאָמע".

פּעדאָצער האָט זיך גליקלעך געשעצט, װאָס ער שרײַבט זײַנע „פרײלעכסן", „דאָבראַניטשן", „באַגעגענישן" און „געזעגענישן" פאַרן כאָסן און פאַר דער קאַלע. פּעדאָצער, דער זינגער פון ליבע, האָט שטענדיק, װי דעם שענסטן געשאַנק, אונטערגעטראָגן יעדן טאַלמיד, װאָס האָט זיך באַװיזן צו פאַרליבן, א נײַע ליבע־שפּיל, א נײַ ליבע־געזאַנג, װאָס נאָר פאַרליבטע קאָנען עס פאַר־שטײן און נאָר פאַרליבטע קאָנען עס פילן.

לאָזט זיך אױס, אַז דער מאַמעס „צענע־אורענע" האָט אױך שטאַרק געהאַלטן פון ליבע. ערשט איצט זײַנען עזרען קלאָר געװאָרן א רײ ליבע־געשיכטעס, װאָס ער האָט אין די שאַבעס־טעג

געהערט פון דער מאַמעס מויל אין די קינדער־יאָרן. ערשט איצט פאַרגלייַכט ער די מיצריטעס, זליכעס כאַווערטעס, וואָס זייַנען פאַרבלענדט געוואָרן פון יוסעפס שיינקייַט, מיטן אָרעמען שניידער, וואָס איז איבעראַשט געוואָרן פון דער קאַפּעלע אַזוי, אַז ער האָט איבער דעם פאַרשפּילט דאָס גאָלד מיטן זילבער, וואָס ער האָט אין מעשעך פון צוויי שאָ געקאָנט נעמען וויפל דאָס האַרץ זייַנס האָט געגלוסט.

זליכע, פּויטיפערעס ווייַב, האָט פאַר אירע כאַווערטעס אַנטפּלעקט דעם סאָד, אַז פונעם ערשטן קוק האָט זי זיך פאַרליבט אין יוסעפן.

אָט דער יוסעף פאַרמאָגט אַ וווּנדערלעכן קישעף: ווער נאָר עס גיט אַף אים אַ קוק, ווערט ווי צוגעשמידט צו אים.

זליכעס כאַווערטעס, די יִכעסדיקע מיצריטעס, האָבן ניט געגלייבט, אַז אָט דער יוסעף זאָל פאַרמאָגן אַזאַ צוציִונגס־קראַפט, וואָס ניט אייַנליבן זיך אין אים איז אוממעגלעך.

האָט זליכע אַ סודע אייַנגעאָרדנט פאַר אירע כאַווערטעס, און יוסעף האָט באַדינט די הויך־געשעצטע געסט.

דער ווייַן שוימט אין די גילדענע בעכערס, און זליכעס כאַווערטעס קאָנען אים ניט דערטראָגן ביז צום מויל — די הענט ציטערן בײַ זיי און דער ווייַן גיסט זיך אַף די זייַדענע קליידער.

אין קרישטאָלענע וואַזעס ווערן אונטערגעטראָגן מילגרוימען מיט גילדענע מעסערלעך, נאָר אַנשטאָט אָפּשיילן און צעשנייַדן די פּיירעס צעשנייַדן זיך זליכעס כאַווערטעס די פינגער. דאָס בלוט טריפט אַף זייערע טייַערע קליידער, און זיי פילן ניט און באַמערקן ניט. זיי זייַנען ניט בעקויעך אָפּרייַסן זייערע בליקן פון דעם שיינעם יוסעפן און הערן ניט אויף זינגען אַ לויבגע־זאַנג דער ליבע...

עזרע איז גליקלעך, ער איז פאַרליבט!

ליבע און מוזיק — דאָס איז אַ פאַרליבטע פּאָר, וואָס קיין זאַך אין דער וועלט קאָן זיי ניט צעשיידן. זיי גייען שטענדיק פעסט געאָרעמט, זיי דערגאַנצן און באַרייַכערן איינס דאָס אַנדערע.

נעמט ער איצט דעם פידל אין האַנט, פילט ער, ווי עס גייען אים אַלע קלאַנגען אַנטקעגן. אַלץ, וואָס ס'האָט אויסגעזען שווער, איז איצט לייַכט. ער וועט אָנשרייַבן פּעדאַצערן און אים אָנזאָגן די בסורע, אַז ער איז פאַרליבט. און פּעדאַצער וועט אים אַרויסשיקן אַלס געשאַנק אַלע זייַנע ליבע־געזאַנגען: „שפּיל, עזרע! איצט ביסטו רייַף געוואָרן, איצט וועסטו פאַרשטיין, וואָס איך האָב געמיינט. שפּיל, עזרע! און זאָל דיר ווויל באַקומען".

אין די דאָזיקע גליקלעכע טעג האָט מיריעם ניט איין מאָל דערמאָנט עזרען וועגן דער צעשיידונג, וואָס עס שטייט זיי פאַר: „ס'איז שווער, אָבער איך בין גרייט אַף דעם. און דו, עזרע?"

— איז לאָמיר אָנשרייַבן קיין סעוואַסטאָפּאָל! — מיריעם לויפט צו צום טיש, שטעלט זיך אַוועק מיט די קני אַף אַ בענקל, רייַסט אַרויס אַ זייַטל פון אַ העפט, טונקט אייַן די פּען אין טינטער: — נו, דיקטעווע, איך וועל שרייַבן, — און זי צעלאַכט זיך. — בײַ מיר איז אַ שענערער קסאַוו, ווי בײַ דיר!

עזרע הייבט אָן אַרומשפּאַנען איבער דער שטוב און כאַזערט עטלעכע מאָל איבער יעדעס וואָרט:

— הער טשערניכאָווסקי! איך האָב זייער אַ סאַך געהערט וועגן אייַער סימפאָנישן אָרקעסטער... אָנגעשריבן? — שטעלט ער זיך אָפּ הינטער מיריעמען און גיט אַ קוק, ווי ס'באַקומט זיך.

— ס'האָט זיך שוין אַפילע אויסגעטריקנט, איך שרייַב גיכער, ווי דו רעדסט! — רייצט זי זיך מיט אים. — נו, ווייַטער?

— ווייַטער שרייַב אַליין, דו ווייסט דאָך, וואָס איך וויל אָנשרייַבן...

— האָסטו דאָך לעכאַטכילע געקאָנט אַזוי זאָגן! — הערט מיריעם ניט אויף טונקען די פּען אין טינטער פון פרייד, וואָס עזרע פאַרטרויט איר אַליין אָנשרייַבן אַזאַ וויכטיקן בריוו.

— פּאַרטיק! הער!

— איך הער!

מיריעם לייענט:

„איך האָב זייער אַ סאַך געהערט וועגן אייַער סימפאָנישן אָרקעסטער, און איך וואָלט געוואָלט קומען צו אייַך שפּילן. איך שטאַם פון אַ מישפּאָכע פון גאָלע קלעזמער. איך האָב זיך געלערנט בײַ פּעדאַצערן. איך לייען נאָטן און שפּיל אַ סאַך ערנסטע זאַכן. נאָר מיר ווילט זיך לערנען ווייַטער און שפּילן אין אַ גוטן אָרקעסטער. איין וואָרט: „קומט!" — און איך בין בײַ אייַך".

— גוט, מיריעם! מאָלע־טאָם! — שרייַט אויס עזרע.

פּלוצעם ווערט ער שטיל, פאַרבייַסט אַ ליפּ און הייבט זיך אָן רויטלען. נישט קיין בריוו האָט אים מיריעם נאָרוואָס געלייענט, נאָר אַ שטרענגן אורטייל. זי וויל, ער זאָל אַוועק פון איר, ווייַט־

ווײַט אוועק פון איר. וויאַזוי האָבן בא איר די הענט ניט געציטערט, שרײַבנדיק אַזאַ בריוו? פאַרוואָס האָט זי זיך ניט צעוויינט, ניט אַרופגעפאַלן אים אויפן האַלדז און ניט געבעטן, אַז ער זאָל ניט אוועקפאָרן? זי האָט אים ניט ליב, יאָ, זי האָט אים ניט ליב!..

## א וווּנדערלעכע סימפאָניע

טשערניכאָווסקי האָט עזרען אויפגענומען זייער קאַלט. ער האָט אים גלײַך געזאָגט, אַז אין אָרקעסטער זײַנען בא אים גענוג מענטשן און ער נייטיקט זיך ניט אין קיין פידלער.

— איר אַליין האָט דאָך מיר אָנגעשריבן, איך זאָל קומען! — האָט עזרע אויסגעשריִען.

— מאַלע וואָס! — האָט טשערניכאָווסקי אַ בורטשע געטאָן. — דעמאָלט, ווען איך האָב אײַך געשריבן, האָב איך באַדאַרפט אַ פידלער, און איצט באַדאַרף איך ניט.

— הערט מיך כאָטש אויס!

— נאָר ניט הײַנט! הײַנט בין איך פאַרנומען, בא מיר איז אַ רעפּעטיציע און אַ קאָנצערט. קומט מאָרגן, וועלן מיר זען.

טשערניכאָווסקי האָט גענומען אײַליק צונויפלייגן די נאָטן.

פון „מאָרגן" איז געוואָרן „איבערמאָרגן", און פון „איבערמאָרגן" ווידער „מאָרגן". פון מאָל צו מאָל האָט טשערניכאָווסקי באַגעגנט עזרען מיט מער אויפרעגונג: „וואָס האָט מען צו מיר? מע האַלט מיר אין איין דרייען אַ קאָפּ און מע לאָזט מיך ניט צורו!"

ער וואָלט הונדערט אָרקעסטערס געקאָנט צונויפשטעלן פון די פידלער, וואָס קומען צו אים, ער זאָל זיי אויסהערן. אַלע צו אים, צו אים! גלײַך ווי איין טשערניכאָווסקי איז דאָ אויף דער וועלט. ער זאָל וועלן אַלעמען אויסהערן, וואָלט ער באַדאַרפט פאַנאַנדערלאָזן דעם אייגענעם אָרקעסטער, בלײַבן אָן אַ שטיקל ברויט און אַליין אַרומגיין איבער דער וועלט זיך בעטן, מע זאָל אים אויסהערן...

עזרע איז אַרומגעגאַנגען איבער סעוואַסטאָפּאָל, און די שיינע שטאָט האָט פאַרלוירן אַלע כיינען אין זײַנע אויגן. דער יאַם איז אויך אַ בייזער, בייז ווי טשערניכאָווסקי. ער נעמט אים אויך אויף קאַלט. מיט יעדן רויש און מיט יעדער כוואַליע זאָגט ער אים: עס וועט זיך גאָרניט באַקומען, נישטאָ אויף וואָס צו האָפן.

עזרע איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט איינמאָל געפרעגט בא זײַן מאַמען: פאַרוואָס וויינט זי אַזוי אָפט? האָט די מאַמע געענטפערט: ווען גאָט וואָלט זי ניט געבענטשט מיט אַזויפיל טרערן, וואָלט זי שוין לאַנג פאַרטריקנט געוואָרן, ווי אַ האַרבסטיקער בלאַט. זי וואָלט שוין לאַנג ניט אויסגעהאַלטן און ניט געקאָנט איבערטראָגן די אַלע צאָרעס, וואָס דאָס לעבן האָט אַרופגעוואַלגערט אויף אירע שוואַכע פּלייצעס.

עזרע האָט געוואָלט וויינען — און ניט געקאָנט.

וואָס זשע טוט מען? זיך אומקערן אַהיים, צוריק אין ליפּאָוועץ, איז אומעגלעך. וואָס וועט ער זאָגן דעם טאַטן, דער מאַמען, לייבלען? מיט וואָס פאַראַ אויגן וועט ער קוקן אויף מיריעמען?

יעדן טאָג האָט עזרע געשריבן מיריעמען, נאָר קיין איינעם פון די בריוו האָט ער איר ניט אָפּגעשיקט.

וואָס שטאַרקער דער ביזאָיען, וואָס גרעסער דער ווייטעק, אַלץ מער האָט זיך עזרען געוואָלט טיילן מיט מיריעמען און אַלץ אויפגערעגטער האָט ער די בריוו צעריסן און צעפּליקט אויף פּיץ־פּיצלעך.

עזרע האָט אַ סאַך געשריבן מיריעמען וועגן טשערניכאָווסקין. טשערניכאָווסקי איז אַ מאָדנער מענטש, ער האַנדלט מיט מוזיק, נאָר ער איז ניט געוואָרן אויס מוזיקאַנט. ווען דער אָרקעסטער שפּילט, קוועלט ער אָן פון יעדער נאָטע, פון יעדן געלונגענעם קלאַנג, נאָר ווערט דער אָרקעסטער אַנשוויגן — ווערט טשערניכאָווסקי ווידער אַ סוחר מיט אַלע סאָכרים באַגלײַך, אַ סוחר, פאַר וועמען ס'איז מער ניטאָ קיין שום שיינקײַט, קיין שום הייליקײַט. ער איז צופרידן מיט דעם אָדער יענעם מוזיקאַנט, וואָס העלפט מיט פאַרגרעסערן זײַן האַכנאָסע, און איז אומצופרידן מיט יענע, וואָס פאָדערן אַ הויסאָפע.

אַ סוחר און אַ מוזיקער אין איין מענטשן, אַ טויב און אַ שלאַנג האָבן זיך געמאַכט אַ נעסט אין איין האַרצן.

ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס זיי גייען ניט צוזאַמען. נעמט די אויבערהאַנט דער סוחר — פאַרשווינדט דער מוזיקער, לעבט אויף דער מוזיקער — בלײַבט אָפּהענטיק דער סוחר.

איז דען מעגלעך אַזאַ זאַך? יאָ, עס טרעפט. און עזרען קומט אויף אויפן זינען דאָס, וואָס ער האָט געהערט דערציילן וועגן דעם קאַמענעצער מאַגיד.

דער קאַמענעצער מאַגיד איז געווען איינער פון די גרעסטע מאַגידים פון זײַן צײַט. וועגן אים האָט מען געזאָגט, אַז ער פאַרענדיקט ניט זײַן דראָשע, ביז ער טרינקט ניט אויס דעם עמער וואַסער, וועלכן מע פלעגט אים אַוועקשטעלן אויף דער בימע.

דער קאַמענעצער מאַגיד האָט אין זײַנע דראָשעס גערעדט וועגן גאָט, דעם הערשער פון דער וועלט, און וועגן די מלאָכים, די באַדינער זײַנע, וועגן סכּר און עונש — וועגן גען־עדן און שטראָף, וועגן גענעם און גאַנײדן מיט אַזעלכע בליץ־פאַרביקע בילדער, מיט אַזאַ היסלײַ־וועס, אַז אַלע צוהערער האָבן עס ממש געזען מיט די אויגן און אָנגעטאַפּט מיט די הענט. מע פלעגט פאַרגיסן טײַכן טרערן און פאַלן כּלאָשעס.

און נאָך אָט די הייסע דראָשעס, נאָך וועלכע די סאַמע זינדיקסטע פלעגן ווערן בעלטשוווס און גאָטספאַרכטיקע — נאָך גאָטספאַרכטיקער, האָט מען ניט איין מאָל געפּאַקט דעם קאַמענעצער מאַגיד בײַ זיך אויף דער אכסניה, ווי ער פלעגט אום שבת רייכערן אַ ציגאַר, עסן טאַרפֿעס און זיך קוויקן מיט טריף־פּאַסל־ביכער וועגן זינדיקע, אויסגעלאַסענע פרויען.

ס׳האָט זיך געטאָן כווישעך, ניט איין מאָל האָט מען אים געשלאָגן, געצופּט פאַר דער באָרד און פאַרווערט אים האַלטן זײַנע דראָשעס.

נאָר קוים האָט זיך אײַנגעגעבן דעם קאַמענעצער מאַגיד דורכרײַסן זיך ערגעץ אויף אַ בימע, אַזוי גלײַך פלעגן אַלע פאַרגעסן אָן זײַנע אַווייראָס, שלינגען יעדעס וואָרט זײַנס, גלײַך ווי ער זאָל זײַן פון גאָט געשיקט.

„וויבאַלד איר זײַט אַן אפּיקורעס און גלייבט ניט אין דעם, וואָס איר רעדט, — פלעגט מען אים פרעגן, — איז ווי זשע קאָנט איר מיט אַזאַ באַגײַסטערונג און מיט אַזאַ איבערצײַגונג ריידן וועגן דער עמונע?"

„זייער פּאָשעט, — פלעגט ענטפערן דער מאַגיד. — ווי נאָר איך גיי אַרויף אויף דער בימע און זאָג אַרויס דאָס ערשטע וואָרט „ראַבויסײַ", ווער איך, דער אומגלייביקער, אַ גלייביקער, ווײַל וואָלט איך אַליין בעשאַס־מײַסע זיך ניט אָנגעצונדן, וואָלט זיך בײַ מיר גאָרנישט ניט באַקומען, מיט מיר פּאַסירט דאָס, וואָס עס פּאַסירט מיט יעדן אַקטיאָר, — איך גיי אַרײַן אין דער ראָל... ניט אומזיסט האָבן אונדזערע כאַכאָמים געזאָגט: „דער בעלטשווווע איז גרעסער און העכער פונעם צאַדיק". דער צאַדיק ווייסט ניט דעם טאַם פון דער אַווירע, און דעריבער איז זײַן מיצווע אויך אָן טאַם, אָבער דער זינדיקער, וואָס רײַסט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּ פון זײַן אַווירע, דערלאַנגט אַזעלכע הייכן, וואָס קיין איין צאַדיק אין דער וועלט קאָן עס ניט דערלאַנגען".

פעדאָצער האָט ניט געהאַלטן פון אַזעלכע מענטשן.

„אָט די „צווייענדיקע בוכהאַלטעריע", — האָט ער געזאָגט, — ברענגט אומפאַרמײַדלעך צו אַ טרויעריקן באַלאַנס. אָבער דאָס הייסט ניט, — פלעגט צוגעבן פעדאָצער, — אַז בײַ אַזעלכע מענטשן איז גאָרנישט ניטאָ, וואָס צו לערנען..."

צווי וואָכן זײַנען אַדורך, ביז עזרע האָט זיך דערשלאָגן, אַז טשערניכאָווסקי זאָל אים אויסהערן.

דאָס פאַרהערן עזרען איז פאָרגעקומען אין דער אָנוועזנהײַט פון אַלע אָרקעסטראַנטן. אַזוי פלעגט טשערניכאָווסקי שטענדיק טאָן: ער האָט געוווסט, אַז וואָס בעסער דער אויסגעפּרוווטער וועט שפּילן, אַלץ מער קעגנער וועט ער האָבן, אַלץ מער וועלן די אָרקעסטראַנטן זײַן אויף זײַן זײַט, אויף דער זײַט פון זייער באַלעבאָס. וואָס מער זיי וועלן מוירע האָבן פאַר קאָנקורענץ, אַלץ מער וועלן זיי אים אונטערהאַלטן און זאָגן, אַז דאָס שפּילן איז אַזוי זיך, מיטלמעסיק.

אויף דער אָפענער בינע פונעם שטאָטישן זומער־טעאַטער, באַם ברעג יאַם, האָט עזרע זיך דערפילט, ווי אַ קאַפּיטאַן אָפּן בריקל פון דער שיף אין דער צײַט פון אַ שטורעם. ער, דער קאַפּיטאַן, שטייט באַם רודער, און די כוואַליעס שלײַדערן די שיף פון איין זײַט אין דער צווייטער, אָט־אָט צעשמעטערן זיי זי.

טשערניכאָווסקי האָט פאַרגעלייגט עזרען אָנהייבן פון אַ מעלאָדיע, וואָס אים, עזרען, געפעלט שוין פון לאַנג, און פאַרענדיקן מיט דעם, איבער וואָס ער האָט ניט לאַנג געאַרבעט און פילט אויס בײַ הײַנטיקן טאָג.

עזרע האָט אָנגעהויבן פון זײַן אייגענער קאָמפּאָזיציע. אויף די אומרויִקע סטרונעס פון זײַן פידל האָט אופגעלעבט יענע אומפאַרגעסלעכע נאַכט, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל אויסגעדריקט זײַן באַגײַסטערונג, זײַן ליבגעזאַנג, זײַן טיפן ווייטעק פאַר גוזיקאָװן, וועמעס האַרץ עס האָט זיך ווי אַ סטרונע איבערגעריסן אויף דער בינע פון אַכצנער טעאַטער...

עזרע האָט געשפּילט דעם טאַטנס און דעם ברודערס קאָמפּאָזיציעס, ער האָט געשפּילט פעדאָצערס „טשומאַק".

עזרע שפּילט און הערט זיך אײַן אינעם סקריפּ פון די פורן. עס גייט דורך פאַר זײַנע אויגן אַן אָבאָז פון טשומאַקעס. טשומאַק! טשומאַק!

פעדאָצער באַווײַנט די טשומאַקישע דאָליע, און עזרע דערפֿילט, ווי זײַן אײגענער גורל פֿלעכט זיך איבער מיטן ביטערן גורל פֿון די טשומאַקעס.

און אָט גיט א קלונג הענדעלס אָראַטאָריע „שימשון“, און עזרע הייבט זיך אָן פֿילן אַלץ זיכערער און זיכערער. יעדער קלאַנג פֿון זײַן פֿידל בעט און פֿאָדערט: „קערט זיך אום, מײַנע קויכעס, כאָטש אַף א מינוט, כאָטש אַף א רעגע, שטאַרק זיך, מײַן האַרץ, שטאַרק זיך, מײַן האַנט. איך באַדאַרף נעמען אָט די פּעסטונגן!“

עזרע שפּילט — און אים דוכט זיך, אַז דער יאַם־שטורעם האָט זיך באַרויִקט, דאָס גערויש פֿון די כוואַליעס ווערט שטילער און שטילער — אָט־אָט און עס וועט זיך באַווײַזן די זון, עס וועט קומען צו פֿליִען א ווײַסע טויב מיט א גרינעם בלאַט אין פּיסקל, מיטן אָנזאָג פֿון גוטע און פֿרײלעכע בסורעס...

דער פֿידל איז אַנשוויגן געוואָרן, די שפּיל איז געענדיקט. אַלע שווײַגן. אַלעמענס פּנעמער זײַנען אָנגעכמורעט, אומצופֿרידן און באַרויִגעז. נײן, קײן גוט וואָרט וועסטו פֿון אָט די מענטשן זיך ניט דערוואַרטן.

— איך, איך וועל זאָגן! — הייבט אוף דעם פֿינגער א גרײַז־גראָוער מוזיקאַנט מיט א פּאָר פּענסנע אַף זײַן גראָבלעכער, ברייטער נאָז. פֿון די פּענסנע האָבן אַרויסגעקוקט א פּאָר גוטע אויגן.

— זעצט זיך! מע פֿרעגט באַ אײַך ניט! — האָט טשערניכאָווסקי א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, גלײַך ווי באַם דיריזשירן, ווען ער פֿאַלט אָן אַף איינעם, וואָס האָט גענומען א פֿאַלשן טאָן און זיך אַראָפּגעשלאָגן פֿון טאַקט.

— נישקאָשע, — גיט טשערניכאָווסקי א שאָקל מיטן קאָפּ, כאַפּט זיך פֿאַר זײַן שוואַרץ, קײַלעכדיק בערדל, און דאָס גאַנצע פּאָנעם מיטן שטערן קנייטשן זיך באַ אים צונויף, גלײַך ווי ס׳טוט אים באַנק, וואָס ער האָט אַפּילע אַרויסגעזאָגט דעם „נישקאָשע“.

— ווייס איך וואָס, ניטאָ וואָס צו הערן, — פֿאַריכטן עטלעכע מוזיקאַנטן דעם באַלעבאָס.

— פּרימיטיוו, ס׳פֿילט זיך פּראָווינץ, ווייס איך וואָס...

עזרע בלײַבט פֿאַרשטויסן אין א ווינקל פֿון דער בינע. וואָס טוט ער דאָ? וואָס האָט ער דאָ וואָס צו טאָן? אַף וואָס וואַרט ער? ער וועט זיך דאָ אַף גאָרניט דערוואַרטן. פּעדאָצער האָט מיט אים אַזוי ניט געטאָן. פּעדאָצער האָט אים גאָר אַנדערש באַגעגנט.

„רעב פּעדאָצער, — ווילט זיך עזרען אויסשרײַען, — רעב פּעדאָצער, ווען איר וואָלט געוווּסט, ווי מע פֿאַרשעמט דאָ אײַער טאַלמיד! מיריעם! מיריעם! זײַ מיר מויכל! איך האָב דיך אָפּגענאַרט“.

אַלעמען, אַלעמען האָט ער אָפּגענאַרט: דעם טאַטן, די מאַמען, לײבלען, גאַנץ ליפּאָוועץ... איז וואָס זשע שטייט ער דאָ? אַנטלויפֿן באַדאַרף מען, לויפֿן וווּהין די אויגן טראָגן.

עזרע שפּרינגט אַראָפּ פֿון דער בינע. אומגעריכט האָט אים אָפּגעשטעלט טשערניכאָווסקיס דיריזשאָר־שטעקעלע, וואָס האָט עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט אין פּולט און זיך אופֿגעהויבן אין דער הייך. עזרע קערט זיך אום אַף דער בינע...

עס בײַזערט זיך דער יאַם, עס לויפֿן און טראָגן זיך הויכע וואַסער־בערג. זיי לויפֿן און טראָגן זיך ביז צום ברעג, דערנאָך צוריק — צעקלאַפּטע, צעשפּליטערטע אין די שטיינער, אַף ווידער זיך צונויפֿגיסן און צונויפֿוואַקסן אין הויכע וואַסער־בערג.

דער אָרקעסטער שפּילט בעטהאָווענס נײַנטע סימפֿאָניע. אַלע טײַכן פֿאַלן אַרײַן אין יאַם, און דער יאַם ווערט ניט פֿול.

אַלע טײַכן פֿאַלן אַרײַן אין יאַם — אָט אַזוי גיסן זיך צונויף אין דער נײַנטער סימפֿאָניע אַלע פֿריידן און אַלע לײדן, ליבע און סינעע, טרוים און ווירקלעכקײַט, מאַכט און אָנמאַכט, רו און אומרו, וועגן און אָנוועגן, אַליִעס און יערידעס, דער אומדערמידלעכער געלויף פֿון דער צײַט צו קאַיאָר, צו דער שײַן פֿון דעם נײַ־געבוירענעם טאָג — דאָרט, ווו עס עטעמט זיך פֿרײַ, דאָרט, ווו דער מענטש קאָן אומגעשטערט באַגײַסטערט אויסרופֿן: „ווי שיין זײַנען די פֿעלדער און וועלדער, די טײַכן און אָזערעס! ווי וווּנדערלעך איז די וועלט! ווי אויסגעצייכנט איז דער מענטש! ווי גוט איז צו לעבן אַף דער וועלט!“

„הערן בעטהאָווענען, — האָט געזאָגט פּעדאָצער, — דאָס איז דאָס זעלבע ווי מיט די אייגענע אויגן זען דעם וועלט־באַשאַף: ווי די שײַן האָט זיך אָפּגעטײלט פֿון דער פֿינצטערניש, די יאַבאָשע פֿון דער וואַסער, דער הימל פֿון דער ערד“.

עזרעס אויגן קאָנען זיך ניט אָפּרײַסן פֿון טשערניכאָווסקיס זיך שלײַדערנדיקע הענט, גלײַך ווי זיי וואָלטן וועלן די גאַנצע וועלט אַרומנעמען.

עזרען איז א ביזאָיען: ער איז באַ זיך אַראָפּגעפֿאַלן, ער האָט זיך פֿאַרשלאָגן אין א ווינקל, אים איז א ביזאָיען פֿאַר בעטהאָווענס אומענדלעכער קראַפֿט, וואָס שטעלט זיך קעגן דעם שטורעם און פֿאַרמעסט זיך מיט די צעבושעוועטע שטורעמדיקע כוואַליעס.

„ניין! זיך ניט אונטערגעבן דער פארצווייפלונג״.

„איך וויל ניט קיין רו! איך וועל אָנכאַפּן דעם גורל פאַרן גאָרגל, אים וועט זיך ניט איַינגעבן מיך צעברעכן״.

די אָרקעסטראַנטן גייען זיך פאַנאַנדער. טשערניכאָווסקי רופט צו עזרען צו זיך מיט א ווונק.

— איז אָט וואָס, דו קאָנסט בלייַבן שפּילן אין מיַין אָרקעסטער, — טשערניכאָווסקי קוקט ניט אָף עזרען און רעדט ווי צו זיך אַליין, — דאָס ערשטע יאָר אָן געהאַלט, נאָר פאַר קעסט.

— איך בין מאַסקים! — שרייַט אויס עזרע.

— איז קום מאָרגן צען אינדערפרי אָף דער רעפּעטיציע.

עזרע איז גליקלעך.

ווי וווּנדערלעך איז סעוואַסטאָפּאָל!.. ווי איבעראַשנדיק איז דער יאַם!.. סאַרא אויסגעצייכנטע מענטשן!.. זיי אַלע, דוכט זיך עזרען, זייַנען אַזעלכע נאָענטע, אַזעלכע אייגענע, ווי זיי וואָלטן געשפּילט מיט אים אין איין אָרקעסטער אָט די מעלאָדיע, וואָס קלינגט איצט אַזוי פייַערלעך אין זייַן האַרצן. עזרע טראָגט זיך איבער די סעוואַסטאָפּאָלער גאַסן און כאַזערט איבער די שורעס און ווערטער פונעם בריוו, וועלכן ער וועט באַלד אָנשרייַבן מיריעמען: „דאָס ערשטע יאָר — אָן געהאַלט, נאָר פאַר קעסט״.

אָן אומגליקלעכע שורע. זי קאָן מיריעמען פאַרשטערן די גאַנצע פרייד. אָט די שורע טאָר אין דעם בריוו צו מיריעמען ניט אַרייַן. מיריעם באַדאַרף דעם ניט וויסן. עס מאַכט ניט אויס, ער וועט זיך ווי־עס־איז אויסדרייען. ער וועט דאָ אויסזוכן עטלעכע טאַלמידים. ער איז אַפילע מאַסקים זייַן א שוואַרצאַרבעטער, טאָן די סאַמע שווערסטע אַרבעטן. דאָס אַלץ איז ניט וויכטיק. דער איקער איז דאָס, וואָס מאָרגן הייבט ער אָן שפּילן אין א סימפאָנישן אָרקעסטער, ער הייבט זיך אויף נאָך אָף א שטאַפּל. ער וועט ווערן אָן עכטער פידלער!

שווערע טעג זייַנען אָנגעקומען פאַר עזרען. דער ליבהאָבער פון מוזיק, וואָס האָט בא זיך אין שטוב געגעבן עזרען אָן אומזיסטיק ווינקל אָף צו וווינען, האָט אים צורו ניט געלאָזט. ער האָט געצווונגען עזרען שאָענווייַז אויסהערן זייַנע מיינונגען וועגן מוזיק און מוזיקער, וועגן די אַלע קאָנצערטן, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט געהערט, און וועגן זייַנע אַלע באַגעגענישן מיט פאַרשיידענע באַרימטע מענטשן.

ניט איין מאָל האָט מען איבערגעריסן עזרען אינמיטן שפּילן:

— די באַלעבאָסטע פּילט זיך ניט מיט אַלעמען, מוזיק רעגט זי אויף.

— בא דער טאָכטער איז א שלעכטע שטימונג, די מוזיק וואַרפט זי אַרייַן אין א מאָרעשכוירע.

געגעסן האָט עזרע בא טשערניכאָווסקין. טשערניכאָווסקיס פרוי, עזרעס שפּייַזערן, האָט געטאָן אַלץ, אַז ער זאָל זיך איבעריקס ניט פאַריכטן.

— א פידלער, — האָט זי געזאָגט, — איז ניט קיין קאַצעוו, א פידלער באַדאַרף זייַן באַוועגלעך, ווי קוועקזילבער.

ניט איין מאָל האָט געטראָפן: עזרע קומט עסן, און די באַלעבאָסטע זיצט בא א שכיינע. און אַז זי האָט זיך ניט געקאָנט אויסדרייען און שוין דערלאַנגט עסן, פלעגט זי אָפּשלאָגן עזרען דעם אַפּעטיט מיטן אויסרעכענען די פרייַזן אָפן מאַרק, וואָס שטייַגן פון טאָג צו טאָג, מיט דעם יאָקרעס, פון וועלכן עס איז ניט איבערצוטראָגן.

— וואָס טראַכט ער זיך, דער גאָלדשפּינער מייַנער, — פלעגט זי זיך אַלץ מער בייזערן, — זיך אַליין איז שווער אויסצוהאַלטן, נעמט ער נאָך קעסטניקעס. אַלץ אָף מייַן קאָפּ!

ס׳איז דערגאַנגען צו דעם, אַז עזרע האָט מער ניט געקאָנט זיצן בא טשערניכאָווסקיס טיש, ער האָט זיך געוואָרגן מיט יעדן ביסן. ער מוז וואָס גיכער אוועק פונדאַנען. קיין „שטונדן״ זייַנען ניט געווען, און עזרע האָט זיך אייַנגעאָרדנט פאַר א וועכטער אָף א האַלבער נאַכט — ביז האַלבנאַכט האָט געהיט איינער א קראַנקער זאַקן, און עזרע פלעגט אים פאַרבייַטן פון איינס באַנאַכט: געקלאַפּט מיט אַלע קויכעס א ברעטל אין א ברעטל אָף אָנצושרעקן די גאַנאָווים, און דער איקער, אַז דער באַלעבאָס זאָל וויסן, אַז ער, עזרע, שטייט אָף דער וואַך.

נאָר אָט איז עזרע אָף דער בינע פונעם זומער־גאָרטן באַם יאַם. עס הייבט זיך אָן א רעפּעטיציע, עס הייבט זיך אָן א קאָנצערט.

טשערניכאָווסקי שטעלט זיך באַם פּולט, עפנט אויף די פאַרטיטור, גיט א פּאַך מיטן דיריזשאָרשטעקעלע — און עזרע פאַרגעסט אין אַלץ.

ניין, ס׳איז ניט קיין אָרקעסטער — גיכער איז עס א צוג! די קלאַנגען טראָגן זיך אַלץ גיכער, אַלץ ווייַטער און פאַרויס!

די אָפּענע בינע איז א שיף, א שיף אין אָפענעם יאַם: אַפּשווימענדיק פון איין ברעג, טראָגט זי זיך אַף אַלע זעגלען צום צווייטן. זי איז שוין ווייַט ווײַט אוועק פונעם ברעג, און נאָך ווײַטער איז דער ברעג, צו וועלכן זי שווימט. נאָר זי וועט דערשווימען, אומבאַדינגט דערשווימען, זי וועט זיך ניט פאַרהאַלטן אין וועג און אין ערגעץ ניט אָפּקערעווען.

טשערניכאָווסקיס דיריזשאָר־שטעקעלע — א רודער אין דער האַנט פונעם קאַפּיטאַן. ער פירט און ריכטעט די שיף, און אַלץ נעענטער ווערט דער וועג צו דער יאַבאַשע, צו יענעם ברעג, וווּ דער מענטש איז א מענטש, ווו עס ענדיקט זיך די גרויע וואָך און ס'איז דורכויסיקער יאָמטוו.

דער אָרקעסטער שפּילט, און עזרען ווילט זיך, אַז די שפּיל זאָל זיך קיינמאָל ניט ענדיקן — ער וויל ניט, ס'זאָל זיך ענדיקן דער יאָמטעוו און ס'זאָל ווידער אָנקומען דער אינדערוואָכן.

„ווען עס וואָלט ווידער אופגעקומען „דאָס פידל־קיניגרייַך"!" — טרוימט עזרע. וועגן דעם דאָזיקן קיניגרייַך פון אַלע קיניגרייַכן האָט פּעדאָצער ניט איין מאָל דערציילט זיינע טאַלמידים.

קימאַט אכט הונדערט יאָר האָט זיך געצויגן אָט דאָס קיניגרייַך — ביזן 1765 יאָר, ווען דער לעצטער „פידל־קיניג", הילאַם דיומאַנזאַר, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זייַן טראָן. „די איצטיקע פידלער, — האָט ער געזאָגט, — זייַנען שוין ניט די, וואָס זייַנען געווען אין די אַלטע צייַטן, זיי זייַנען שוין מער ניט הילפלאָז, זיי קאָנען שוין אַליין באַשטיין זייער שטעטל און נייטיקן זיך ניט מער אין קיינעמס הילף..."

שווער איז דאַן געווען די איינצלנע וואַנדער־פידלער. האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין אָרקעס־טערס. די אָרקעסטערס האָבן זיך פאַרייניקט אין „פידל־קיניגרייַכן", און יעדער „קיניגרייַך" האָט זיך געהאַט זייַן „קיניג".

איין מאָל אין יאָר, אין טאָג פון מישפּעט, פלעגט דער „פידל־קיניג" אויסהערן אַלע אָנקלאָ־געס, אַלע פאַריבלען און באַליידיקונגען, וואָס עס איז אויסגעקומען אויסצושטיין פאַרן יאָר די אונטערטאַנער פונעם „פידל־קיניגרייַך". אין דעם טאָג פלעגן ארויסגעטראָגן ווערן אורטיילן, אויסריידן, עס פלעגן אויסגעדריקט ווערן דאַנקען און אין דעם ערן־בוך פלעגן פאַרשריבן ווערן די נעמען פון די מוזיקאַנטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט פאַרן יאָר מיט זייער שפּילן און מיט זייער אופירונג.

אין אַלע טעג פון א גאַנץ יאָר איז דער „פידל־קיניג" געווען פאַרנומען מיט זייַנע אויסער־לעכע איניאָנים. ער פלעגט זיך אָנעמען די קריוודע פון יעדן פידל־אונטערטאַנער, געוואָרנט, געמאָנט און אין דער מערהייַט פאַלן אויסגעפּירט.

ניט איין מאָל פלעגט אים אויסקומען זיך ווענדן צום עכטן קיניג, צום הערשער פון לאַנד:

— דער פידלער איז באַשאַפן געוואָרן צוליב דעם, ער זאָל שפּילן אַפן פידל, און ניט צוליב דעם, ער זאָל לייַדן באַליידיקונגען און דערנידעריקונגען. אויב מייַנע אונטערטאַנער האָבן זיך מיט עפּעס וואָס פאַרשולדיקט, וועל איך זיי אַליין מישפּעטן. איר האָט אַף דעם קיין רעכט ניט. איר זייַט טאַקע א קיניג, „דער געזאַלבטער פון גאָט", נאָר ס'איז נאָך א גרויסע פראַגע, ווער ס'איז דער עמעסער קיניג, — דער, וואָס טראָגט די קרוין אַפן קאָפּ, צי דער, וואָס האַלט דעם פידל אין דער האַנט. א קרוין קאָן יעדער איינער טראָגן, און קעדיי צו שפּילן אַפן פידל, דאַרף מען פאַרמאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס ניט יעדער איינער פאַרמאָגט עס!..."

עזרען ווילט זיך זייַן אַן אונטערטאַנער פונעם קיניגרייַך איבער אַלע קיניגרייַכן, פונעם „פידל־קיניגרייַך".

אָט־אָט וועט אָנקומען דער טאָג פון מישפּעט, און דער סאַמע ערלעכסטער „פידל־קיניג" אין דער וועלט וועט אים, עזרען, באַפרייַען פון געפּענקעניש. ער וועט פאַרמאָגן אַן אייגן ווינקל אין א וווינונג, ווו קיינער וועט אים ניט שטערן. טשערניכאָווסקי וועט אים צאָלן אַזאַ געהאַלט, ווי ער פאַרדינט. דער „פידל־קיניג" וועט זיך נעמען צו טשערניכאָווסקין — זאָל ער איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרענדיקן מיט זייַנע מיעסע סאָכרישע גענג. אַן אונטערטאַנער פונעם „פידל־קיניגרייַך" קאָן זייַן בלויז א מוזיקאַנט, פאַר הענדלער איז דאָ קיין אָרט ניטאָ. דאָ, אין דעם קיניגרייַך, טאָר ניט זייַן קיין קינע, מע דאַרף זיך פרייען מיט א כאַווערס דערפאָלג, און ניט אונטערשטעלן אים א פּיסק.

נייַן, מוזיק — דאָס איז דאָס פאָטערלאַנד פונעם מוזיקער, דאָס איז זייַן קיניגרייַך!

## א טראָט צוריק

נאָר ווו, וואָס, ווען — נישטאָ קיין „פידל־קיניגרייַך", און אַפילע דאָס, וואָס ס'איז געווען, איז אויך פאַרלוירן געגאַנגען: טשערניכאָווסקיס סימפאָנישער אָרקעסטער איז זיך פאַנאַנדער־געפאַלן.

אין סעוואַסטאָפּאָל האָבן אַלץ אָפטער, באַזונדערס זומער־צייַט, אָנגעהויבן גאַסטראָלירן

פאַרשיידענע סימפאָנישע אָרקעסטערס פון אָדעס און קיִעוו, אונטער דער אָנפירונג פון באַוווּסטע דיריזשאָרן. טשערניכאָווסקין איז אַלץ שווערער און שווערער געוואָרן קאָנקורירן מיט זיי. ניט איין מאָל פלעגט אויסקומען אָפּשאַפן די קאָנצערטן: אין קאַסע פלעגן בלײַבן אַלע בילעטן ניט קיין פאַרקויפטע.

טשערניכאָווסקי האָט געבויט פאַרשיידענע פּלענער, האָט געטראַכט, ווי צו שאַפן אַ נײַעם אָרקעסטער אין אַן אַנדער שטאָט, און דערווײַל, ביז וואָס־ווען, האָבן די מוזיקאַנטן פאַרלאָזט זייער אַלטן באַלעבאָס און זיך געלאָזט איבער דער וועלט זוכן נײַע באַלעבאַטים.

עזרע איז אַוועקגעפאָרן קיין בעלץ און האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין מענאַשעס אָרקעסטער. מענאַשע איז געווען באַוווּסט אַלס דרייער און מוזיק־געשעפטמאַכער.

— מײַן אָרקעסטער, — האָט געזאָגט מענאַשע, — דאַרף זײַן אַ גאַראַנטיטער פון קאָפּ ביז די פּיס, פון האַניק און עסיק, אַ קאַלבוי־אָרקעסטער. בעלץ איז ניט פּאַריזש און ניט פּעטערבורג, אונדזער שטעטל קאָן זיך ניט פאַרגינען האָבן באַזונדערע באַקאַליי־קלייטן, באַזונדערע שיך־, מאַנופאַקטור־ און גאַלאַנטעריי־מאַגאַזינען. מײַן אָרקעסטער באַדאַרף פאַרמאָגן אַ פולן אַסאָרטי־מענט — אַלץ פאַר אַלעמען. איז אַ ייִדישע כאַסענע — איז אַ ייִדישע, איז אַ מאָלדאַוואַנישע — איז אַ מאָלדאַוואַנישע, איז אַ רוסישע; אַ דוינע — איז אַ דוינע; ווילן פּריצים טאַנצן, דאַרף זיי דער אָרקעסטער טראָגן אַלע טענץ אַנטקעגן; און פאַרווילט זיך אַ רײַכן ייִדן עפּעס אַ „מאַראַל", דאַרף מען אים אָנמאַראַלעווען, וויפל נאָר ס'וועט אין אים אַרײַנקריכן. צווישן מיליטערלײַט דאַרף זײַן „פּאַ־וואַיענאַמו", און פאַר די דאַמען און הערן, וואָס זײַנען געווען אין די גרויסע שטעט און פאַרזוכט דעם טאַם פון סימפאָניעס, דאַרף מען באַווײַזן, אַז דער בעלצער אָרקעסטער ווייסט אויך, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. פון ניט וויסן און ניט קאָנען טאָר קיין רייד ניט זײַן, יעדער איינער, וואָס שפּילט אין מײַן אָרקעסטער, דאַרף זײַן גרייט צו אַלץ.

מענאַשע האָט אויפגענומען עזרען, ווי זײַנעם אַן אַלטן גוטנפרײַנט, ער האָט גלײַך דערפילט מיט זײַנע ברייטלעכע נאָזלעכער, אַז אַרום דעם יונגן מוזיקאַנט וועט ער קאָנען מאַכן געשעפט און אָפּלעקן אַ ביינדל.

— זײַ וויסן, ברודערל, — האָט זיך מענאַשע פאַרגעשטעלט פאַר עזרען, — אַז איך באַצי זיך צו מוזיקאַנטן, ווי אַוורהם גאָלדפאַדן האָט זיך באַצויגן צו אַקטיאָרן. איך בין דער קלעזמער־גאָלדפאַדן. יאָ, יאָ! — האָט מענאַשע ניט אופגעהערט שאַרן אַרוף זײַנע שוואַרצע געדיכטע האָר און צערטלען זײַן קאָמעץ־בערדל אַ־לאַ גאָלדפאַדן.

מענאַשעס אומרויִקע, אַרומלויפנדיקע אויגן האָבן זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען אין די ברילן, וועלכע ער האָט געטראָגן ניט אַזוי צוליב דעם, אַז ער זאָל זען יענעם, נאָר דעריקער, אַז יענער זאָל אים זען, זאָל אים באַמערקן, סאַראַ אינטעליגענט, סאַראַ הײַנטצײַטיקער מענטש ער איז.

— נו, איז קום, ברודערל, אין ווײַנקעלער! — האָט מענאַשע אונטערגעכאַפּט עזרען אונטער דער האַנט. — דאָרטן וועל איך דיך פאַרהערן, וויאַזוי דו עסט און וויאַזוי דו טרינקסט. זײַ וויסן, אַז לויטן עסן און טרינקען דערקענט מען שטענדיק דעם מענטשן. וואָס גרעסער דער טאַלאַנט, אַלץ אַ גרעסערער טרינקער און פרעסער איז ער... בא מיר אין אָרקעסטער איז געווען איינער אַ פידל־סאָליסט, טאַלאַנטפול ווי דער טײַוול! אין רעסטאָראַן פלעגט ער זיך באַשטעלן עסן ניט לויט די מײַכאָלים, נאָר לויט דער צײַט: דערלאַנג אים עסן אויף אַ שאָ, אויף אַנדערהאַלבן, און אַמאָל אויף גאַנצע צוויי! דו שטעלסט זיך עס פאָר, וויפל מע קאָן אופרעסן פאַר צוויי שאָ?.. איך בין אויך ניט פון די טאַנייסים־פאַסטער, נאָר מער ווי אַ שאָ עסן קאָן איך ניט. נאָך אַ שאָ עסן דוכט זיך מיר, אַז מע קאָן זיך ביכלאַל באַגיין אָן עסן.

אינעם ווײַנקעלער האָט זיך מענאַשע דערפילט ווי בא זיך אין דער היים. גלײַך נאָכן צווייטן קאָס האָט ער געקרוינט עזרען מיטן טיטל „מאַעסטראָ", אים באַשטימט אַלס דיריזשאָר און אַלס פידל־סאָליסט. געהאַלט — פינף און צוואַנציק רובל אַ כוידעש.

— מאַעסטראָ! מאַעסטראָ! — איז מענאַשע פון מינוט צו מינוט פרײַלעכער געוואָרן. — דײַן זאַך איז שפּילן, שפּילן, ווי דאָס געערטע פּובליקום פאַרלאַנגט, און דאָס איבעריקע נעם איך אויף זיך. און אַלץ, וואָס איך נעם אויף זיך, איז שוין ניט דײַן זאַך, דו קוק און שווײַג.

עזרע האָט נאָך ניט באַוויזן וױ עס געהער צו זײַן זיך באַקענען מיטן אָרקעסטער, מיטן רע־פּערטואַר, ער האָט נאָך ניט באַוויזן אויסלערנען מיט זיי קיין איין זאַך, האָבן זיך איבער די בעלצער גאַסן באַוויזן רעקלאַמעס מיט געדרוקטע האַנט־אויסיעס:

„קליין און גרויס, אַלע ביז איינעם — אין טעאַטער!
איר וועט זיך ניט קאָנען אָפּכידעשן און אָפּוווּנדערן!
אַ נײַער סאָליסט, אַ נײַער דיריזשאָר, אַ נײַער רעפּערטואַר!
דער סאָליסט איז דער דיריזשאָר,

א קינד נאָך, א וווּנדערקינד!
א קינד, וואָס זעט אויס קימאט ווי א דערוואקסענער...
אָט דאָס וווּנדערקינד האָט איבעראשט פעטערבורג,
מאָסקווע און בערלין, לאָנדאָן און פאריזש.
און איצט איז ער געקומען צו אונדז,
געקומען איבעראשן בעלץ...
לאָזט ניט דורך אזא גליקלעכע געלעגנהייט!
קומט! ניט פארזאמט! איילט!"

מיט דער רעקלאמע זיינען געווען באקלעפּט אלע קלייטלעך, אלע פלויטן און די פאסאדן פון די הייזער. ווען עזרע האָט דאָס דערזען, איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט זיך דערפילט אזוי, גלייך ווי ער זאָל זיך פארשולדיקן פאר זיין פידל, ווי ער זאָל מיט די אייגענע הענט האָבן צעריסן די סטרונעס, צעבראָכן דעם סמיק און ארויסגעוואָרפן דעם פידל אַף א קופּע מיסט.

אים איז א ביזאָיען געווען קוקן מענטשן אין פּאָנעם; אים האָט זיך געדוכט, אז אלע לאַכן פון אים: „אָט איז ער, דער לעץ, דער בארימער, דער ליגנער און שווינדלער".

עזרען ווילט זיך וואָס גיכער קומען צו זיך אין צימער, זיך פארשליסן און באנאכט, ווען אלע וועלן שלאָפן, אנטלויפן פונדאנען, וווהין די אויגן וועלן טראָגן. נאָר ער גייט גאָר עפּעס אין אן אנדער זייט. אלץ ווייטער פונעם הויז, ווו ער וווינט, און אומעטום, פון אלע זייטן, שווינדלט אים פאר די אויגן די פארשאָלטענע רעקלאמע און ער לויפט פארביי די בויגנס פאפיר, ווי קאָליסטרוי, און די אויסיעס שמייסן, שמייסן אין פּאָנעם, זעצן איבערן קאָפּ, איבערן הארצן...

ווען עזרע איז ניט געקומען צו דער באשטימטער צייט אַף דער רעפּעטיציע, האָט זיך מענאשע שטארק באומרויִקט און געלאָזט זיך אים זוכן. ער איז געווען בא אים אין דער היים, בא אלע מוזיקאנטן און בא אלע מוזיק־ליבהאָבער. ער האָט אים געזוכט אפן מארק, איבער אלע גאסן און געסלעך, און געפּאקט האָט ער אים הינטער דער שטאָט, זיצנדיק לעבן א בוים מיטן פידל אין דער האנט.

מענאשע האָט געשווינד אראָפּגעכאפּט די ברילן, זען, צי האָט ער קיין טאָעס ניט, צי דאָס איז טאקע עזרע. יאָ, דאָס איז ער. א צופרידענער, וואָס דער העזעק האָט זיך אָפּגעזוכט, האָט מענאשע אזש אונטערגעטאנצט:

— ער! אַף מיין ערן־וואָרט, ער! וואָס האָט מיט דיר געטראָפן? האָט דיך עמעצער באליידיקט? דערצייל, באהאלט ניט אויס! פאר וועמען, פאר וועמען, נאָר פאר דיר וועל איך זיך שטענדיק אָנעמען.

עזרע איז אופגעשפּרונגען:

— ווער... ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט אויסהענגען אזא רעקלאמע?

— וואָסי וואָס? — האָט זיך מענאשע צעשמייכלט, ווי גאָרניט אים מיינט מען. — אך, די רעקלאמע? נו, איז וואָס? דיר איז עפּעס אָפּגעקומען פון דעם? דו ביסט א טשודאק! דיך קאָסט עס טייער? פארקערט, דו קאָנסט נאָך פארדינען אינעם געשעפט! אדעראבע, זאָג מיר, וויפל ווילסטו, איך זאָל דיר אָפּצאָלן פאר דעם? א צענערל וועט זיין גענוג! וויניק? נו, איז פופצן. אויך קארג? איז צוואנציק! וואָס, צוואנציק איז אויך קיין מאטבייע ניט? איז זאָל זיין ניט ווי איך וויל, און ניט ווי דו ווילסט, זאָל זיין א פינף־און־צוואנציקער.

— אפילע פאר קיין טויזנטער וועל איך ניט פארקויפן מיין ערע! — האָט עזרע א רויט־אָנגעצונדענער געציטערט פון אופרעגונג. — איך בין ניט קיין לעץ, ניט קיין שפּילצייג, אז יעדער איינער זאָל זיך מיט מיר שפּילן ווי עס ווילט זיך אים. איך בין איך, און ניט קיין אנדערער!

— ע, קינד מיינס, איך זע, אז דו ביסט טאקע אפדערעמעסן א קינד.

מענאשע האָט גענומען עזרען פאר דער האנט און אים צוגעפירט צו א בוים.

— לאָמיר זיך צוזעצן. באַרויִק זיך. איך מיין דאָך בלויז דיין טויווע. די גאנצע וועלט האלט זיך דאָך בלויז אַף שווינדל. אָן שווינדל וועסטו אין ערגעץ קיין טראָט ניט מאכן. וועסטו ניט אָפּנארן — וועט מען דיך אָפּנארן. דער מארק איז נישט בלויז אפן מארק־פּלאץ — דער מארק איז אומעטום. יעדער איינער איז אַף זיין אויפן א סויכער, יעדער איינער סטארעט זיך אָפּנארן ווו נאָר ער קאָן.

— ניט עמעס! — האָט עזרע אויסגעשריגן און זיך אָפּגעקערט אָן א זייט, ער זאָל ניט אָנקוקן מענאשעס טרייפענע צורע, זיין כיטרע שמייכעלע. — מיין טאטע איז ניט קיין סויכער, מיין טאטע איז א קלעזמער; מיין ברודער לייבל איז א פידלער; מיינע שוואָגערס זיינען מוזיקאנטן! און קיינמאָל האָבן זיי קיינעם ניט אָפּגענארט און וועלן ניט אָפּנארן. און פעדאָצער, מיין לערער פעדאָצער! ער האָט אונדז געלערנט זיך ניט יאָגן נאָך קיין געלט...

— היינט זעסטו שוין! — האָט א צופרידענער מענאַשע איבערגעריסן עזרען. — איך, הייסט עס, האָב קיין טאָעס ניט געהאַט, ווען כ'האָב אַנגעשריבן אין דער רעקלאַמע, אַז דו ביסט א קינד. איז עס דען ניט אַזוי? דייַן פאַטער און דייַן פעדאַצער נאַרן קיינעם ניט אָפּ? איז זיצן זיי אָן געלט, זייַנען זיי אָרעמעלייַט!.. מע זאָגט, אַז יעדער דאָר האָט זיך זייַנע זעקס און דרייַסיק לאַמעדוואָוו־ניקעס, אין וועמעס זכוס די וועלט האַלט זיך. נאָר וואָס פאַר א וועלט האָבן זעקס און דרייַסיק מענטשן אין פאַרגלייַך מיט דער גאַנצער וועלט? ווי דו ווילסט זיך — און איך בלייַב זיך בא מייַנעם. די וועלט איז א מאַרק, וווּ מ'האַנדלט און מ'נאַרט אָפּ. נעם די קלייקודעש! דאָס זייַנען דאָך עמעסע גאָטס גאַנאָווים. זייער מאַרק — איז די שול, זייער סכוירע — גאָט אַליין! און גאָט, באַדאַרף איך דיר זאָגן, איז א גוט שטיקל סכוירע, א סאַך א בעסערע סכוירע, ווי מוזיק. מוזיק באַדאַרף מען אַמאָל אין א יוֹיוול: אָף א כאַסענע, אָף א סימכע. און אָן גאָט וועסטו זיך ניט באַגיין קיין איין מינוט. דערבייַ נייטיקט זיך ניט גאָט אין קיין רעקלאַמע. גאָט — דאָס איז די סאַמע גאַנגבאַרסטע סכוירע!

מענאַשע איז אַלץ מער פאַרכאַפּט געוואָרן פון די אייגענע רייד.

— אָט יענע וואָך איז געקומען צו אונדז אין בעלץ איינער א כסידישער רעבע, האָט ער מיט זיך אָנגעפירט א מאַטמען מיט געלט. פאַר צוזאָגן געזונט — געלט! פאַר צוזאָגן א גוטן כאָסן — געלט! און א גוטע קאַלע גייט אויך ניט צופּוס. אַז דער רעבע זאָגט צו — דאַרף מען צאָלן. נו, און פּאַרנאָסע? פּאַרנאָסע אַליין איז דאָך שוין געלט, איז ווי צאָלט מען ניט פאַר געלט מיט געלט? און אַז דער רעבע זאָגט צו אָן אָקאָרע א בענזאָכער, איז פאַרקויפט מען פון זיך דאָס לעצטע העמד. ווען דער רעבע האָט געהאַלטן באַם אָוועקפאָרן, האָט מען געפּראַוועט א סודע. די טישן האָבן זיך געבראָכן פון מייַכאָלים און מאַשקע. די סאַמע טייַערסטע ווייַנען, די סאַמע בעסטע פליישן און די סאַמע געשמאַקסטע פיש. דער רעבע, וואָס איז געזעסן אויבנאָן, האָט מיט זיין ווייַטן קוק גלייַך באַמערקט דעם געפרעגלטן ענדיק. די כסידים האָבן גלייַך פאַרשטאַנען, וואָס דער רעבע מיינט, און פייַל־אויסן־בויגן אים צוגערוקט דעם ענדיק. פון גרויס באַגייַסטערונג האָט דער רעבע פאַרגלאָצט די אויגן און מיט א כליפּענדיקער שטים געגומען זאָגן מוסער: „ייִדן! די האַזשגאָכע אַליין האָט אונדז צוגעשיקט דעם ענדיק, און געשיקט האָט זי אים, איר זאָלט זיך אַראָפּנעמען א מוסער. נעכטן איז נאָך דער ענדיק אַרומגעגאַנגען מיט א הויך אופגע־הויבענעם קאָפּ און גאַדלעסדיק געשריגן „האַלדער, האַלדער!" און געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט איז זייַנע, אַז ער האָט גאָר צו זיך קיין גלייַכן ניט. און איצט איז ער א געקוילעטער, א געסמאַלעטער, א געבראָטענער, א געקאָכטער און געפרעגלטער. געווען אָן ענדיק — און מער ניטאָ קיין ענדיק! אַזוי איז, לעהאַווּדל, דער מענטש. אָט גייט ער, אָט לויפט ער, אָט קערט ער וועלטן און מיינט, אַז ער איז אַלץ!.. און גיט נאָר דער מאַלעך־האַמאָוועס א פּאַכע מיט דער שווערד, איז שוין דער מענטש געגליכן צום ענדיק, ער איז א געקוילעטער, א צעשניטענער, גאַרנישט מיט גאַרנישט, דרויב און שטויב. געווען א מענטש — און ניטאָ קיין מענטש!.. און וויבאַלד אַזוי, איז לאָמיר זיך אַראָפּנעמען א מוסער פונעם ענדיק. א האַלבן מוסער, — איז דער רעבע מיט א שאַרף מעסער פאַרפאַרן אינעם געפרעגלטן ענדיק, — נעם איך פאַר זיך, און די צווייטע העלפט מוסער לאָז איך איבער פאַר אייַך אַלעמען, מייַנע טייַערע כסידים".

— אַזאַ, ברודערל, איז די קאַוואָנע און דער מיין פון יעדן מוסער, — האָט פאַרענדיקט מענאַשע. — פאַרוואָס זשע ווילסטו, מייַן טייַערער עזרע, מייַנען נישט ווי אַלע מייַנען? קעגן א וועלט קאָן מען ניט גייין! דו ביסט דאָך ניט קיין גאָט, נאָר א באַסערוועדאַם, א מוזיקאַנט, און א מוזיקאַנט אָן רעקלאַמע קאָן זיך ניט באַגיין.

אָבער וואָס מער מענאַשע האָט אייַנגערעדט עזרען, אַלץ אייַנגעשפּאַרטער איז ער געוועזן. ער איז ניט מאַסקים אָף קיינע שום רעקלאַמעס. עס האָט גאַרנישט ניט געהאָלפן, מענאַשע האָט זיך געמוזט אונטערגעבן.

אין די מעלדונגען, וואָס האָבן פאַרקלעפּט די רעקלאַמעס, איז צו וויסן געגעבן געוואָרן, אַז דער נייַער דיריזשאָר און סאָליסט פון אָרקעסטער — עזרע מאַליאַרסקי — איז פעדאַצערס א טאַלמיד, און דער הויפּט־רעפּערטואַר פונעם קאָנצערט וועט באַשטיין פון פעדאַצערס זאַכן.

בא די אַלע, וואָס האָבן געשפּילט אין בעלצער אָרקעסטער, איז מוזיק געווען א בייַזאַך, א בייַ־פּראָפעסיע. זיי זייַנען געווען שנייַדער, שוסטער, סטאָליערס, שערער, א גאַנצן טאָג האָבן זיי געאַרבעט, און אָפּדערנאָכט האָבן זיי געשפּילט. די ערשטע צייַט זייַנען, געוויינלעך, די מוזי־קאַנטן פון בעלצער אָרקעסטער ניט איבעריקס געווען צופרידן מיט זייער נייַעם דיריזשאָר, ער פאָדערט פון זיי צופיל.

— וואָס מיינט איר זיך, — האָבן זיי ניט אופגעהערט טייַנען צו עזרען, — מיר זייַנען אָן אָרקעסטער פונעם אימפּעראַטאָרישן טעאַטער? זוכט ניט צווישן אונדז קיין פּאַגאַניניס... יונגער־מאַן, דרייט אונדז ניט קיין קאָפּ: יעדער איינער פון אונדז האָט א ווייַב מיט קינדער און האָט א

סאך גרעסערע צאָרעס, ווי די, וואָס דער אָרקעסטער קלינגט ניט אַזוי, ווי ער וואָלט באַדאַרפט קלינגען. פֿאַר בעלץ איז עס איבערגענוג, בעלץ וועט עס פאַרדייעט, בעלץ פאַרדייעט אַ סאַך ערגערע זאַכן.

עזרע איז באַשטאַנען אויף זײַנס. ס'זײַנען דורך עטלעכע וואָכן, און די אָרקעסטראַנטן האָבן אַליין ניט דערקענט די זאַכן, וואָס זיי האָבן ביז אַהער געשפּילט יאָרנלאַנג. זייער באַציִונג צו עזרען האָט זיך געביטן. גרויס דערפֿאָלג האָט עזרע געהאַט אויך באַם בעלצער פּובליקום, באַ די אַרומיקע פּריצים. נאָר וואָס גרעסער ס'איז געווען דער דערפֿאָלג, אַלץ ווייניקער איז ער געווען צופֿרידן מיט זיך.

ניין, ער האָט קיין רעכט ניט לערנען מיט אַנדערע, ער אַליין באַדאַרף זיך נאָך היפּש לער־נען! אַן אומצײַטיקע פֿרוכט איז ער. פֿון אַזאַ פֿרוכט ווערן אײַליק די ציין.

די בריוו, אין וועלכע עזרע האָט זיך צום אַלעם ערשטן געפּרוּווט באַרימען פֿאַר מיריעמען, אַז ער דיריזשירט און איז דער סאָליסט פֿון בעלצער אָרקעסטער, אַז ער האָט אומעטום דערפֿאָלג, האָט ער צעריסן. ער האָט מיריעמען אָוועקגעשיקט גאָר אַן אַנדער בריוו — קורץ געגעבן צו וויסן, אַז דער סעוואַסטאָפּאָלער אָרקעסטער איז זיך פֿאַנאַנדערגעפֿאַלן און ער, עזרע, שפּילט איצט אין בעלץ.

נאָר מיריעם האָט אַלץ פֿאַרשטאַנען. זי האָט גלײַך געענטפֿערט, אַז ווי עס ווײַזט אויס, גייט ער, עזרע, אויף ניט קיין ריכטיקן וועג, און ווער ווייסט, וווּהין אָט דער וועג קאָן אים פֿאַרפֿירן.

פֿעדאָצערן האָט עזרע געשריבן דעם גאַנצן עמעס, און אויך פֿעדאָצער האָט אים ניט געשוויגן.

„יעדער איינער דאַרף טראָגן די מאַסע, וועלכע ער איז בעקויעך צו דערטראָגן, — האָט געשריבן פֿעדאָצער. — אַזאַ איז דער געזעץ פֿון דער נאַטור: זײַנע ערשטע ניט זיכערע טריט מאַכט דורך דער מענטש באַ זיך אין שטוב; פֿון שטוב גייט ער אַרויס אויפֿן הויף, פֿון הויף — אויף דער גאַס, פֿון איין גאַס — צו דער צווייטער, ביז ער קומט הינטער דער שטאָט און גייט אַלץ ווײַ־טער און ווײַטער — אַהין, וווּ עס עפֿענען זיך פֿאַר אים ברייטע אומענדלעכע ווײַטן. אין סעוואַס־טאָפּאָל האָסטו זיך אופֿגעהויבן אויף אַ שטאַפּל העכער, און איצט האָסטו געמאַכט אַ טראָט צוריק. איך גלייב, אַז דיר וועט אינגיכן ווערן ענג אין בעלץ און דו וועסט אַוועקפֿאָרן קיין וואַרשע. מע זאָגט, אַז דאָרט איז גרינגער אַרײַנטרעטן אין דער מוזיקאַלער שול ווי אין פּעטערבורג, מאָסקווע אָדער אין קיִעוו".

„גוט, זייער גוט, — האָט עזרע געטראַכט, — וואָס פֿעדאָצער און מיריעם שרײַבן מיר אַזוי". אויף דעם האָט ער געוואַרט און קיין טאָעס ניט געהאַט.

דער בעלצער אָרקעסטער איז אַלץ מער באַרימט געוואָרן. מ'האָט אים גענומען אײַנלאַדן אין פֿאַרשיידענע אַנדערע מאָלדאַווישע שטעט און שטעטלעך. עזרעס רום איז געשטיגן. מענאַשע איז געוואָרן אומרויִק. ער האָט געפֿילט, אַז די פֿאַרדינסטן פֿונעם גליקלעכן סעזאָן זײַנען ווי די צעגאָסענע פֿרילינג־וואַסערן, — אָט פֿאַרפֿליצן זיי, אָט יאָגן זיי און טראָגן זיך פֿון אַלע זײַטן, און מע באַווײַזט זיך ניט אַרומקוקן, ווי זיי ווערן אויסגעטרונען, אויסגעטריקנט. ניין, ער וועט עזרען ניט קאָנען אײַנהאַלטן. ווײַבאַלד יענער האָט זיך אַרײַנגענומען אַ „דור" אין קאָפּ — זיך לערנען, איז ניטאָ וואָס צו ריידן מיט אים. איז פֿאַרפֿאַלן!..

ברענגט ער אים אַ מאַטאָנע, ווײַל ער ניט נעמען, וואַרפֿט ער אים צו אַן איבעריק קערבל. הייסט ער עס אַוועקגעבן דעם אָרקעסטער, און לייגט ער אים פֿאָר באַצײַטנס שליסן אַן אָפּמאַך נאָר אויף אַ יאָר, ווײַל ער אַפֿילו ניט הערן.

די אָרקעסטראַנטן האָבן אויך ניט געוואָלט אָפּלאָזן עזרען.

— אָן אײַך וועלן מיר בלײַבן ווי אינמיטן וועג... שלעכט שפּילן וועלן מיר שוין ניט קאָנען, און גוט — האָבן מיר זיך נאָך ניט אײַנגאַנצן אויסגעלערנט.

נאָר עזרע איז געווען זיכער: בלײַבן דאָ טאָר ער מער ניט!

## —————צום ווידערזען, אוקראַיִנע!

דער צוג טראָגט זיך שנעל, און עזרען דוכט זיך, אַז ער שלעפּט זיך קוים. ער האָט שוין אַזוי אויך פֿאַרשפּעטיקט, אָט־אָט ווערט אים אַכצן יאָר. מע דאַרף דעריאָגן דאָס דורכגעלאָזטע, גיכער קומען קיין וואַרשע!

עזרע קוקט אין פֿענצטער. דער צוג טראָגט זיך אַלץ ווײַטער און ווײַטער פֿון ליפּאָוועץ — זײַן היים. אינגיכן וועט גאַנץ אוקראַיִנע בלײַבן אַהינטן — די ערד, אויף וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן. קיין איין פֿרימאָרגן האָט ער ניט פֿאַרשלאָפֿן אויף אָט דער ערד, קיין איין זון־אויפֿגאַנג האָט ער ניט דורכגעלאָזט...

ווו זשע זײַנען יענע פרימאָרגנס און ווו זײַנען יענע פארנאכטן? כאָטש נאָך איין מאָל א קוק טאָן אף זיי! און עזרע קאָן זיך ניט זאט אָנקוקן: סארא ראכוועסן, סארא שיינקײַטן!

ער גייט אָפּ פון פענצטער, רײַסט זיך אָפּ פון די שווערע געדאנקען, וואָס יאָגן אריבער דעם געלויף פון צוג, און קוקט זיך צו צו די פּאסאזשירן. מענטשן פון פארשיידענע ערטער, פון פארשיידענע פעלקער מיט פארשיידענע שפּראכן, וועמען דער וואגאָן האָט צופעליק צונויפגעפירט אינײנעם, זעען אויס נאָענט און היימיש ווי איין מישפּאָכע.

מע איז מעכאבעד איינער דעם צווייטן מיט רייכערן:

— ניטאָ קיין מער ביטערע און הארבערע מאכאָרקע, ווי די אוקראַיִנישע!

— נו, ווי קומט זי צו טולער סאמאָסאד, אונדזער סאמאָסאד קאָן דעם שטארקסטן אומוואלגערן פון די פיס.

— דערפאר איז די מאָלדאווישע אזוי ביטער — אויסצופאָרן די וועלט און ניט צו געפינען אזא ביטערקײַט!

פון צײַטונגס־פּאפּיר פארדרייט מען לאנגע גראָבע ציגארן, מע האקט אויס פון די קרעסאָלעס פונקען, מע פארייכערט. שטיקנדיקע ביטערע קנוילן רויך צעטראָגן זיך איבערן וואגאָן.

עזרע באטראכט יעדן איינעם, הערט זיך צו צום געשפּרעך.

— און איר וווהין פאָרט? — ווענדט זיך צו עזרען א ייִד מיט ניט קיין גרויסער גראָווער באָרד און מיט אומרויִקע אויגן. ווי עס ווײַזט אויס, קאָן ער ניט דערלאָזן, אז עמעצער אין וואגאָן זאָל שטיין אין א זײַט פונעם אלגעמיינעם געשפּרעך. — וווהין זשע פונדעסטוועגן פאָרט איר עס? מיט וואָס פאר א געשעפט פארנעמט איר זיך? — שטייט ער ניט אָפּ פון עזרען. — וואָס דערווארט איר פון דער נעסיִע? בא ייִדן איז דאָ א ווערטל: „מעשאנע מאָקוים, מעשאנע מאזל — ענדערט מען דאָס אָרט ענדערט מען דאָס מאזל". דאָס רעדט זיך אָבער נאָר אזוי, אינדערעמעסן איז, אז מע אנטלויפט פון איין שלימאזל, באגעגענען דיך צוויי שלימאזלס מיטאמאָל און מע נעמט דיך אזוי ארײַן אין די לאפּעס, ווי אין אָפּצוועגעס, זיך ניט אויסצודרייען!

דער ייִד ווארט אומגעדולדיק, וואָס וועט עזרע זאָגן אף דעם.

— איך פאָר קיין ווארשע, — זאָגט עזרע. — איך בין א מוזיקאנט. איך וועל זיך דאָרטן גרייטן אין דער מוזיק־שול.

דער ציגאר ציטערט אויף אינעם ייִדנס פינגער, דאָס פּײַערל ווערט אָט העלער און אָט טינקעלער פונעם הילכיקן געלעכטער.

— איר הערט — ער פאָרט זיך לערנען! כא־כא־כא! מײַן זון האָט מען אויסגעשלאָסן פון אוניווערסיטעט, און ער פאָרט אהין ארײַנטרעטן אין א מוזיק־שול! כא־כא־כא!

— און מײַן זון האָט מען ניט צוגענומען אין אוניווערסיטעט, — מישט זיך ארײַן אין געשפּרעך א צווייטער ייִד.

— איידער פריִער צונעמען און דערנאָך אויסשליסן, — דערטראָגט זיך עמעצנס א שטים פון דער אייבערשטער פּאָלקע, — איז שוין בעסער פון סאמע אָנהייב אָן נישט צונעמען. ווי זאָגט מען עס: „איך וויל ניט דײַן האָניק און וויל ניט דײַן ביס".

— איך האָב געהאט א טאָכטער, — דערטראָגט זיך א שטילע, דערשטיקטע שטים, — די מערדער, די פּאָגראָמשטשיקעס, האָבן זי ניט דערהארגעט ביזן סאָף — האָט זי אליין זיך גענומען דאָס לעבן. זי האָט ניט געקאָנט אריבערטראָגן דעם ביזאָיען. און דאָס ווײַב מײַנס האָט אזוי לאנג געוויינט, ביזוואנען די טרערן האָבן זיך אויסגעשעפּט און די שײַן פון אירע אויגן איז אויסגעלאָשן געוואָרן. פיר איך זי איצט קיין ווארשע צו א באוווסטן אויגן־פּראָפעסאָר...

דער מאכאָרקע־רויך ווערט געדיכטער, שווארצער.

און מיטאמאָל האָט זיך צעשפּילט א הארמאָשקע, זי האָט געשפּילט דאָס געזאנג וועגן די טשומאקעס, וואָס האָבן פון קרים און דאָן געטריבן די אָקסן, אײַנגעשפּאנטע אין געשמידטע וועגענער, פול אָנגעלאָדענע מיט זאלץ און געזאלצענע פיש פאר די באלעבאטים. די קלאנגען פון דער הארמאָשקע צאפּלען און ווארפן זיך ווי פיש אין דער נעץ.

אוי, טשומאקי! טשומאקי!

זאלץ! זאלץ! אומעטום זאלץ! זאלץ אין די אויגן. זאלץ אפן הארצן, זאלץ אף די וווּנדן...

די הארמאָשקע שפּילט, עטלעכע יונגען זינגען, און עס באגעגענען זיך די ביטערע דאָליעס פון די צוג־פּאסאזשירן מיט דער ביטערער דאָליע פון די אָקסן־טרײַבער.

נאָך דער ליד, נאָכן אָנגעוויייעטן טרויער, קומט א טרייסטער און לינדערט אים מיט א ווערטל, א מאָשל:

— צוויי איז ניט איינער, און טויזנט — איז ניט קיין הונדערט... א ציטערניש האָט ארומגעכאפּט אלע ביימער, ווען אײַזן האָט זיך באוויזן אף דער ערד: „א סאָף אן עק! דאָס אײַזן וועט

אונדז אלעמען אונטערהאקן!" האָט אָבער דאָס אײַזן געזאָגט צו די ביימער: „אלץ איז אָפּהענגיק פון אײַך, — מאַכט יאַדאַכאַס און גיט ניט קיין האַלץ אַף אַ שטעל צו דער האַק"...

עזרע גייט ווידער צו צום פענצטער. ער זעט, ווי עס גייט ערגעץ אַוועק זײַן ביז איצטער־דיק לעבן, ווי עס פאַרשווינדן די אייגענע און נאָענטע — די מאַמע... מיריעם... ווען וועט ער זיי ווידער זען?

מיריעם האָט אים געשריבן: „דו דאַרפסט, עזרע, אַלץ אַוועקוואַרפן און פאַרן לערנען! איך וועל נייען וועש, זעק לאַטען, דילן וואַשן — אַלץ אין דער וועלט בין איך גרייט טאָן, איך זאָל דיר קאָנען העלפן"...

ווער ווייסט, ווער ווייסט, צי וועט ער קאָנען אויספילן דעם צוזאָג, וואָס ער האָט טיף אין האַרצן געגעבן דעם טאַטן, דער מאַמען, לייבלען, מיריעמען, אַלע אייגענע און נאָענטע, גאַנץ ליפּאָוועץ?

אָט דאָ לעבן אים אין וואַגאָן צווישן די פּאַסאַזשירן זיצן די איידעס פונעם גרויסן אומגליק, וואָס דערוואַרט אַזעלכע ווי ער, — איין טאַטע פאָרט אָפּנעמען דעם זון, וועלכן מע האָט אויסגע־שלאָסן פון אוניווערסיטעט, און דער צווייטער — דעם זון, וועלכן מע האָט ניט אָנגענומען.

איז אַף וואָס זשע האָפט ער? וווהין זשע פאָרט ער? וואָס האָט ער זיך אײַנגערעדט?..

דער לויפנדיקער צוג, ווי ער זאָל מאַסקים זײַן מיט עזרען, שטעלט זיך אָפּ בא אַ סטאַנציע.

דאָס האַרץ פלאַטערט בא עזרען: עפּשער וואָלט ער בעסער אַראָפּ אַף אָט דער סטאַנציע און זיך אומגעקערט אַהיים?

עזרע גייט אָפּ פון דעם פענצטער און קוקט אָן אויפגערעגטער אַף די פּאַסאַזשירן, וואָס פאַר־לאָזן דעם וואַגאָן. ער טוט אַ בליק אָפן זייגער: וויפל מינוט וועט דאָ נאָך שטיין דער צוג?..

נאָר ניין, עזרע קאָן ניט אַוועק! ער זעט פאַר זיך מיריעמס אויגן און הערט פעדאָצערס שטים...

— די, וואָס קערן זיך אום פון מיטן וועג, — זאָגט פעדאָצער, — זײַנען פּאַכדאָנים. זיי זײַ־נען מער פּאַכדאָנעסדיקער פון די, וואָס האָבן פון סאַמע אָנהייב ניט געוואַגט אַרויס אין וועג.

מיט וועמען קאָן מען פאַרגלײַכן דעם, וואָס קערט זיך אום פון מיטן וועג? מיטן נאַרישן דינער, וואָס האָט איבער זײַן שוואַכקײַט און ניט־אַנטשלאָסנקײַט דרײַ מאָל געליטן און באַקומען זײַן שטראָף.

דער נאַרישער דינער האָט איינמאָל געבראַכט דעם האַר זײַנעם ניט קיין פרישן פיש. דער האַר איז שטאַרק אין קאַס געוואָרן:

„איינס פון די דרײַ: אָדער פרעס אַליין אויף דעם פיש, אָדער דו באַקומסט הונדערט שמיץ, אָדער קער מיר אום דאָס, וואָס דו האָסט אָפּגעצאָלט פאַרן פיש".

דער דינער האָט אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

„איך וועל אויפעסן דעם פיש".

ווען ער האָט אויפגעגעסן אַ האַלבן פיש, האָט אים אָנגעהויבן צו עקלען, וואַרפט ער אַוועק דעם פיש און זאָגט:

„ניין, בעסער גיט מיר הונדערט שמיץ".

ווען מע האָט שוין געהאַט אָפּגעציילט די שמיץ ביז פופציק, איז דעם דינער געוואָרן ניט גוט און ער האָט געזאָגט:

„ניין, איך וועל בעסער אָפּצאָלן וויפל עס קאָסט דער פיש".

האָט זיך באַקומען, אַז ער האָט אי פוילע פיש געגעסן, אי שמיץ געכאַפּט, אי געלט באַצאָלט...

דער צוג רירט פון אָרט, פאַרגיכערט זײַן גאַנג.

## ליפּאָוועץ אין וואַרשע

נאָך אין צוג האָט עזרע זיך דערוווּסט, ווי וואַרשע זעט אויס. איינער אַ פּאַסאַזשיר האָט אָנגעצייכנט פאַר אים דעם פּלאַן פון דער שטאָט, ער האָט באַוויזן, ווו עס געפינט זיך די מוזיק־שול, די, אין וועלכער עס האָבן זיך געלערנט שאָפּען און מאָניושקאָ...

אָט דער גוטהאַרציקער פּאַסאַזשיר האָט דערציילט עזרען, אַז די רײַכע ייִדן וווינען אין וואַרשע ווו נאָר זיי ווילן — אין צענטער, אין די שענסטע קוואַרטאַלן פון דער אַלטער שטאָט, און די ייִדישע אַרבעטער, די באַלמעלאָכעס, די אָרעמשאַפט — זיי אַלע שטיקן זיך אין די ענגע, שמוציקע געסלעך.

— אײַער ליפּאָוועץ, פונוואַנען איר קומט, — האָט דער צוגעלאָזטער פּאַסאַזשיר פאַרזיכערט עזרען, — וועט אײַך אויך דאָ אין וואַרשע גיין אַנטקעגן. ניט איין ליפּאָוועץ וועט איר באַגעגענען אַף דזשיקע, אַף הענטשע און סמאָטשי.

עזרען האָט זיך געוואָלט באַטראַכטן די שיינע הײַזער, די דענקמעלער, גערטענער און סקווערן, און ניט קלערנדיק, ווי ער האַלט אין כּעזשבן מיט געלט, האָט ער זיך אַרופֿגעכאַפּט אַף אַ פֿאַעטאָן און געהייסן אים פֿירן אין צענטער און דערנאָך — אין דער אַלטער שטאָט...

נאָר ווי זאָגט מען, די ערד איז קײַלעכדיק. עזרע האָט זיך געדרייט און זיך ניט געקאָנט אויסדרייען פֿון דער אָרעמשאַפֿט. דאָ וווינט דאָוויד, דער ליפּאָוועצער שנײַדער, דער איין־און־איינציקער, וואָס וועט עפֿענען פֿאַר אים די טיר זײַנע.

ענגע, שמוציקע גאַסן און געסלעך, הויכע שמאָלע הײַזער, אַ סאַך אָן הויפֿן, ווי דאַרע סוכאָטניקעס, וועמען עס פֿעלט אויס לופֿט. יעדער הויז איז דאָ געפֿאַרבט מיט אַ באַזונדער אַפּצולאָכעספֿאַרב: איז איין הויז געל, איז דאָס צווייטע גרין, איז דאָס דריטע רויט, איז דאָס פֿערטע בלוי, און דאָס פֿינפֿטע ווײַס, און דאָס זעקסטע שוואַרץ. די פֿאַרבן זײַנען דאָ לייצאָנעסדיק, שרײַעוודיק, ווי דאָס וואָרט „פֿאַני״, וואָס לאָזט זיך הערן אַף טריט און שריט.

— פֿאַני!

אָט אַזוי אומדערמידלעך, אָן אויפֿהער, גיבן זיך אָפּ קאָוועד איינער דעם צווייטן קרעמער, פֿלייש־העקער, לאַטוטניקעס, שוסטער און שנײַדער, שטיוול־פּוצער, פֿורמאַנעס, טאַטשקע־שלעפּער, טרעגער, האָלץ־העקער און אַפֿילע בעטלער.

— פֿאַני!

האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אַהער דער טיטל פֿון די פּריצישע גיטער און שלעסער, פֿון די רײַכע, שיין אויסגעפּוצטע גאַסן, קעדיי צו אָפּלאַכן פֿון דער אָרעמשאַפֿט.

עזרע האָט אָפּגעשטעלט דורכגייער, זיך פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט, ווו געפֿינט זיך די גאַס, אַף וועלכער עס וווינט דאָוויד איטקין, געדאַליע דעם שנײַדערס זון פֿון ליפּאָוועץ.

— איר וועט גיין, פֿאַני, רעכטס, נאָכדעם זיך פֿאַרקערעווען לינקס, וועט אײַך אָנקומען אַנטקעגן אַ בערגל. גייט איר פֿאַרבײַ, לאָזט זיך אַראָפּ אין אַ טאָל, פֿון דאָרט אין אַ געסל, פֿון געסל אין אַ גאַס. פֿון דער גאַס נעמט זיך לינקס, און פֿון דאָרט...

דער דורכגייער גיט זיך אַ צופּ בײַ די וואָנצעס און מיט אַ פֿינגער ציכנט ער אַף דער דלאָניע דעם וועג, וואָס עס שטייט פֿאַר עזרען.

דאָס באָכערל האָט געשפּאַנט ווײַטער. און איידער ער פּרוּווט פֿרעגן בײַ וועמען־עס־איז, צי האָט ער זיך ניט אַראָפּגעשלאָגן פֿון וועג, קומט אים אָן אַנטקעגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אַ שטרײַמל מיט געדיכטע פּייעס, אַ פֿײַערדיק־רויטע באָרד, אַ בלייך אײַנגעפֿאַלן פּאָנעם, מיט אַ צעצויגענעם זינגעוודיקן ייִדיש, וואָס איז פֿול מיט פֿאַרווּנדערונג, מיט פֿראַגן און דערוואַרטונגען:

— פֿון וועלכע קאַנטן קומט עס אָן אַ באָכערל? און צי איז שוין אַזאַ באָכערל געווען אַמאָל אין וואַרשע? צי האָט ער נאָך אַ טאַטן מיט אַ מאַמען, צי לעבן זיי נאָך? צי שפּילט ער פֿידל צוליב ווילטיק וועגן, צי דער פֿידל איז בײַ אים גאָר אַ פּאַרנאָסע־זאַך? וווהין גייט ער? וועמען זוכט ער?

עזרע האָט געענטפֿערט בלויז אַף דער לעצטער פֿראַגע:

— איך זוך דאָוויד איטקינען, געדאַליע דעם שנײַדערס זון פֿון ליפּאָוועץ...

און דער ייִד איז ניט פֿויל, בייגט זיך אײַן צו דער ערד, און אונטער זײַנע הענט האָבן גענומען שורשען האַרבסטיקע געלע בלעטער. ער האָט זיי צעלייגט אין רייען: די גרויסע בלעטער ווײַזן אָן, ווו עס געפֿינען זיך די הויפּט־גאַסן, און די קליינע, שטאַרק אײַנגעקאָרטשעטע — די פֿאַרוואָרפֿענע געסלעך.

עזרע גייט דורך איבערן לאַבירינט פֿון גאַסן און געסלעך, קוקט זיך אַרום און באַטראַכט זיך אַליין אין די שמאָלע וויטרינעס. שוין דאָס צווייטע מאָל פֿאַר הײַנטיקן טאָג, אַז ער לײַדט ביזוינעס פֿאַר זײַן האַלב־וואָלענעם אָנצוג, פֿאַרן בלויען שניפּס מיט די ווײַסע פֿינטעלעך, פֿאַר דעם אַשקאָליריקן הוט מיט די ברייטע קאַנטן און פֿאַר די געלע טופֿליעס, וואָס גלאַנצן און סקריפּען. אין צענטער שטאָט האָט ער אויסגעזען אַלטמאָדיש, און דאָ איז ער פֿראַנטיש פֿאַרפּוצט. אין צענטער האָט זיך עזרען אויסגעדוכט, אַז מע כּוויזעקט פֿון זײַן קליינשטעטלדיקייַט, מע לאַכט פֿונעם קאַפּצן, וואָס נעגידישט זיך, און דאָ דוכט זיך אים, אַז יעדנס בליק איז אַ ניט־פֿאַרגינערישער, אַ פֿאַרדראָסלעכער: קוקט אים נאָר אָן, דעם פֿאַניטש, ווי ער האָט זיך עס אויסגעפּוצט, אַ גאַנצער „יאַ טיעבע דאַם״...

דער גלעקער־געקלאַנג, וואָס האָט גערופֿן צו דער אָוונטיקער טפֿילע, האָט פֿאַרלאַנגזאַמט עזרעס טריט. ער באַטראַכט פֿון אַלע זײַטן דעם קאָסטיאָל, און עס קומט אים אויף אָן אַפּיקאָרסישער געדאַנק: בײַ די רײַכע אין צענטער שטאָט איז אַ רײַכער גאָט, זײַן פּאַלאַץ איז ראַכוועסדיק שיין, ווי ראַכוועסדיק שיין ס׳זײַנען די פּאַלאַצן און שלעסער פֿון זײַנע דינער, און דאָ, צווישן דער אָרעמשאַפֿט — אַן אָרעמער גאָט, וואָס איז פֿאַרשטופּט אין אַ גרוי, ענג הויז מיט נעבעכדיק פֿאַרשעמטע צײַלעמער.

פון ערגעץ דערטראָגן זיך קלאַנגען פון א הארמאָניק. ערדישע מאַזורקע־קלאַנגען גרײַפֿן אָן אַף דעם מאַרעשכווירעדיקן גלעקער־געקלאַנג. עס באַוויַיזן נאָך ניט אויסגיין די מאַזורקע־קלאַנגען, און די הארמאָשקע פאַרכליִנעט זיך אין א קראַקאָוויאַק. דעם הארמאָניסט איז עפּעס באַזונדערס גוט אַפֿן הארצן, גלײַך ווי די פּוילישע ערד זאָל וויסן נאָר פון טענץ, גלײַך ווי די פרייד פון זײַן פֿאָלק איז קיינמאָל ניט פאַרשטערט געוואָרן.

שפּאַנענדיק אין דער ריכטונג פון די שטיל וואַרנדיקע קלאַנגען פון דער הארמאָשקע, האָט עזרע זיך דערמאָנט אין דעם, וואָס פעדאָצער האָט געזאָגט:

„די טרוימען פונעם מענטשן זײַנען ענלעך אַף די קלאַנגען פון א מאַרשירנדיקן אָרקעסטער: פריִער דערטראָגן זיי זיך פונדערווײַטן, פון מינוט צו מינוט ווערט דער אָרקעסטער נעענטער, דער מאַרש אַלץ העכער און קלאָרער, כאָטש נעם און טאַפּ אָן יעדן קלאַנג און קלײַב צונויף דעם צעשאָטענעם פּײַקל־שרויט. עס בליצט דורך פאַר די אויגן דאָס מעש פון די טרובעס, און די קלאַנגען קויקלען זיך אַוועק, ווי דאָס געקלאַפּ פון די רעדער פון א צוג — אַלץ ווײַטער און ווײַטער. א ווײַלע דערמאָנען די אַוועקגייענדיקע קלאַנגען די אָנקומענדיקע, און א ווײַלע ווילט זיך גלייבן, אַז דאָס מאָל קערט זיך אום. נאָר א נעכטיקער טאָג! די קלאַנגען ווערן פאַרטויבט און צוגעשטיקט, זיי גייען אויס, עס פאַרשווינדט דער לעצטער אָפּהילך, דער ווידערקאָל, געווען און ניטאָ“.

עזרע האָט אָנגעשטרענגט זײַן געהער, ס'איז פאַרשוונדן דער לעצטער ווידערקלאַנג פון דער הארמאָשקע און פון ערגעץ האָט זיך ניט געלאָזט הערן דער גאַנג פון אן אָנקומענדיקן אָרקעסטער. זײַן מאַזל איז נאָך אַפילו אין וועג ניט אַרויס, און ווער ווייסט, צי וועט עס אַמאָל א שפּיל טאָן פאַר אים? ווער ווייסט?!

עזרעס טריט האָבן צערודערט די שטילקייט פון א לאַנגן, פינצטערן קאָרידאָר. דער באָכער האָט זיך אַליין באַוואַכט, מיט דעם פידל און מיטן טשעמאָדאַן, ער זאָל ניט אַנטלויפן פונדאַנען, און זיך אַליין, אַן אומשולדיקן, האָט ער געפירט אין טפיסע — אָפּקומען די שטראָף פאַר א ניט־באַגאַנגענעם פאַרברעכן.

עס האָט זיך געעפנט טיר נאָך טיר, און בײַגעריקע שכיינים מיט נאַפט־לאָמפּן אין די הענט האָבן זיך אַרויסגערוקט אָנקוקן, ווער האָט עס פאַרבלאָנדזשעט צו זיי אינעם הארבסטיקן אָפּדער־נאַכט?

פאַרשיידענע ברייטברוסטיקע, הילכיקע, קוויטשענדיקע, בייז־אומצופרידענע און גאַסט־פרײַנטלעכע שטימען האָבן געהאַלטן אין איין פרעגן:

— ווער גייט עס?

— ווער איז עס?

— ווער קען ער זײַן?

— צו וועמען באַדאַרף ער?

— עפּעס א יאָלד מיט א קאַפּעליושל! — האָט הייזעריק אויסגעברומט עמעצער.

— זאָגט אים, — איז א צווייטער זיך פאַרגאַנגען אַף א פאַלצעט, — אַז ער האָט א טאָעס, אויב ער מיינט, אַז דאָ איז א לוקס־האָטעל...

— זאָל ער! זאָל ער! וואָס אַרט עס אײַך, — שטעלט זיך אײַן פאַר עזרען א פאַרדעמפּטע, שיקערע שטים, — זאָל ער אויך האַנאָע האָבן פון דער וועלט!

— זאָל ער! זאָל ער! — האָבן קינדערשע שטימען פון פאַרשיידענע זײַטן זיך פאַראייניקט, און פון פרייד, וואָס צו זיי אין קאָרידאָר איז געקומען א פּאַניטש מיט א פידל, האָבן זיי געטופּעט מיט די פיס און צוגעפּאַטשט מיט די הענט.

— פּראָשע פּאַני! פּראָשע פּאַני! — האָט מען עזרען אײַנגעלאַדן פון אַלע זײַטן. עס איז געווען ענלעך אַף דעם, אַז זיי קילן זיך דאָס הארץ, ווי אַלטע אַרעסטאַנטן, וועלן זיי באַגעגענען א נײַ־אָנגעקומענעם צו זיי אין טפיסע. זיי זײַנען אים גרייט דורעס זײַן דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ערשט געפאַקט. זיי קומען דאָ אָפּ שוין אַזויפיל יאָרן, און ער איז זיך אַרומגעגאַנגען פראַנק־און־פרײַ און אַפילו ניט געקלערט, אַז עס איז דאָ אַף דער וועלט אַזאַ־אַ טפיסע מיט אַרעסטאַנטן...

און אָט איז עזרע אַריבער די שוועל פון דאָווידס וווינונג.

— איך בין א ליפּאָוועצער!..

מער איז שוין גאָרניט אויסגעקומען צו זאָגן.

די קליינוווקסיקע רירעוודיקע לייקע האָט א פּאַטש געגעבן מיט די הענט און אויסגעשריִען:

— עזרע! שלוימע דעם קלעזמערס זון? פאַרוואָס האָסטו ניט געגעבן צו וויסן? מיר וואָלטן דיך געוווען באַגעגנט אַפֿן וואָקזאַל!

דאָוויד האָט באַטראַכט עזרען פון קאָפּ ביז די פיס מיט א דורכדרינגענדיקן בליק:

— קלײַבט נאכעס, װי שײן ער איז אויסגעװאקסן, סארא ברײטפּלײצעקער, סארא קודלע האָר, סארא פּראנט!

דאָװיד האָט געהאלטן אין אײן דרײען עזרען, װי ער זאָל זײַן איבערראַשט מיטן שטיקל ארבעט פון אָן אומבאַקאַנטן קאָלעגע, מיטן אַנצוג, װאָס איז אַפן יונגאַטש געלעגן װי אויסגעגאָסן.

דאָװידס פלינקע באַװעגונגען, זײַן אויסגעבלײכט לאַכנדיק פּאָנעם, די קנײטשן אַפן שטערן, די שװאַרצע אויגן מיט די געדיכטע ברעמען, זײַן הילכיקע שטים — אַלץ דערמאָנט עזרען אין דאָװידס פּאָטער, אין געדאַליען.

— שאָלעמקע, װוּ ביסטו? קום אַהער, קינד מײַנס! מיר פאַר דײַנע בײנער... טאַטע! טאַטע! מיר האָבן אַ גרויסן גאַסט! עזרע שלוימע דעם קלעזמערס זון איז צו אונדז געקומען! — לײקע האָט פלינק פאַנאַנדערגערוקט דאָס שפּאַנישע װענטל, הינטער װעלכן עס איז געלעגן איר קראַנקער פּאָטער דאַניעל דער סויפער.

שאָלעמקע האָט זיך אַנגעהויבן באַװעגן און דרײען הין און צוריק הינטערן זײדנס בעט. ער האָט זיך באַהאַלטן, װײַל ער האָט זיך געשעמט פאַרן גאַסט. דאָװיד האָט זיך אַנגעבויגן און אַרויסגעשלעפּט שאָלעמקען.

— טאַטע! טאַטע! װיאַזוי האָסטו געטראָפן, װוּ איך האָב זיך באַהאַלטן? דער זײדע האָט אַפילע ניט געװוּסט, אַז איך בין דאָ!

אַלע האָבן געלאַכט, צוזאַמען מיט אַלעמען האָט אויך געלאַכט עזרע.

— איז אָט, װי דו זעסט, האָסטו פאַר זיך דאָס אײניקל מיטן זײדן — צװײ דורעס מיטאַמאָל, דער ערשטער און דריטער דאָר, — האָט דאָװיד מיט ברײט צעעפנטע הענט פאַרגעשטעלט פאַר עזרען דעם סאַמע עלטסטן און דעם סאַמע ייִנגסטן אין דער מישפּאָכע.

— שאָלעם־אַלײכעם אײַך, רעב דאַניעל, — האָט עזרע אײַנגעבויגן דעם קאָפּ פאַרן אַלטן, װי ער זאָל קומען זיך צו אים בענטשן, און פאָרזיכטיק געדריקט די אַלטע ציטערנדיקע אַלײכעם־שאָלעם־האַנט.

דאַניעל האָט געבעטן, מע זאָל אים אונטערשפּאַרן די פּלײצע מיט קישנס און אַז עזרע זאָל זיך זעצן לעבן אים אַפן בעט.

— נעװענטער, טײַערינקער! נאָך נעװענטער, אָט אַזוי... — האָבן שטיל געשעפּטשעט דאַניעלס פאַרשמאַכטע ליפּן, — דו האָסט מיר געבראַכט אַ גרוס פון ליפּאָװעץ, דעם לעצטן גרוס. שוין צװעלף יאָר, אַז מיר װױנען אין װאַרשע, צװעלף יאָר! װען מיר האָבן פאַרלאָזט ליפּאָװעץ, ביסטו, עזרינקע, נאָך אַ קײדער־ייִנגל געװען, און איצט ביסטו שוין מינאַסטאַם אַ שמונעעסרײ, אַכצן, װאָס באַטײַט כײַ—לעבן, און עפּשער מיט אַ סמיטשיק? לעבן זאָלסטו מיר און געזונט זײַן.

דאַניעל האָט מיט זײַנע אויסגעדאַרטע סקעלעט־הענט געקנײַפּט עזרעס באַקן, אים אַרומגענומען און באַשמעקט די האָר זײַנע:

— אַ, אַ מעכײַע, ליפּאָװעצער רײעך! אַ, אַ דערקװיקעניש, ליפּאָװעצער רײעך!

לײקע האָט זיך געפּאָרעט אַרום דער פּליטע. רױטע פּאַסן שײַן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די פּליטע־טרויבן און זיך אײַנגעפּלאָכטן אין דער יאָמטעװדיקײַט, װאָס האָט געהערשט אין צימער.

לײקע האָט אויסגערעכנט עזרען אַ רײַכע מעניו פון מײַכאָלים:

— אַ געהאַקט הערינגל מיט אַ ציבעלקעלע, מיט עסיק און מיט בוימל, האַ? עזרינקע, זאָג מיר נאָר, װי זעט אויס מײַן עלטערע שװעסטער בראָשקע, און װי האַלט עס מיט דער זאַדישקע באַ איר מאַן? װײ איז מיר, אַ לעבן, אַז ס׳האַלט אים אין אײן דישען... מאַכן דיר אַ פּרעזשעניצע? געפּרישטע בולקע? װי זעט דאָרט אויס דװוירעלע? מ׳זאָגט, אַז זי איז אַ נעגידעסטע! זעסט דאָך, אַזאַ מיעסניצע און האָט אַזאַ שײן מאַזל... דו האָסט שוין לאַנג מינאַסטאַם קײן עסיק־פלײש אין מויל ניט געהאַט? און װאָס מאַכט דאָרט בערעלע כאַזערס מישפּאָכע? אײן כאַזער מינאַסטאַם ערגער פונעם צװײטן? און װי קוקסטו, עזרע, אַף רעטעך מיט גענדזענער שמאַלץ? װאַרשעװער רעטעך האָט אַ שעם אין דער װעלט!

אין דער זעלבער צײַט האָט דאָװיד אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ אין קלײנעם פענצטערל, װאָס איז געװען אויסגעהאַקט אין דער װאַנט פון דער שכײנעסדיקער דירע, און זיך אַזוי צעשריִען, גלײַך װי אַ פּײַער זאָל פון אַלע זײַטן אַרומכאַפּן די שטוב:

— זיאַמע! זיאַמע! גענוג זיך פּאָרקען מיט די זײגערס! פרעגט ניט און קומט גלײַך אַרײַן צו מיר, שוין, די מינוט!

פון דעם טאָג, װען דאָס פענצטערל איז אויסגעהאַקט געװאָרן, האָט די װאַנט מער ניט אָפּגעטײלט דאָװיד דעם שנײַדער פון זיאַמע דעם זײגערמאַכער. דאָס פענצטערל איז פאַר די צװײ שכײנים געװען דער טויער פאַר אַלע נײַסן פונעם קאָרידאָר, פון דער שטאָט און פון גאָר דער װעלט. דורך דעם פענצטערל האָבן די שכײנים פראַנק־און־פרײַ דורכגעלאָזט אַלע כאַיאָלעס, װאָס האָבן מילכאָמע געהאַלטן צװישן זיך, אָנהײבנדיק פון אַלעקסאַנדער מוקדן ביז

איצטיקע צײַטן. דאָ האָבן זײ געליטן זײערע מאַפּאָלעס און געפּײַערט זײערע ניצחוינעס. דורך דעם פענצטערל זײַנען געלײענט געוואָרן אַלע באַקומענע און אָנגעשריבענע בריוו קײן ליפּאָוועץ, טאַלנע, ניו־יאָרק און טשיקאַגאָ. דורך דעם פענצטערל איז באַטראַכט געוואָרן דער גאַנג פון די צײַטן און די גויראַלעס פון פעלקער און מענטשן. ס'איז ניט אײן מאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן מעווינעס אַף כאַזאַנים, פּרימאַדאָנעס און פאַרשײדענע מײַסע־ביכלעך. דורך דעם פענצטערל איז מען אײנער דעם צווײטן דערעסן געוואָרן און זיך מעכײַע געווען, ווען מ'האָט זיך ווידער באַגעגנט און ווידער זיך אָפּגעגעבן אײנער דעם צווײטן גוטמאָרגנס, גוטשאַבעסן, גוטיאָמטעווס און גע־ווונטשן זיך גוטע טעג און נעכט און גוטע יאָר. דורך דעם פענצטערל פלעגן די ווײַבער טרײַבן רעכילעס, פאַרמאַסערן און לויבן די מענער, פאַרזוכן אײנע בא דער צווײטער די וואַרמעסן און געבעקסן. דורך דעם פענצטערל האָבן די מאַמעס איבערגעגעבן די כאָכמעס פון די קינדער, אַפילע יענע כאָכמעס, וועלכע די קינדער האָבן קײנמאָל ניט געהאַט געזאָגט.

זיאַמע האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און איז גלײַך אַרײַנגעקומען מיט זײַן טשיפּע־שיפּרען, מיט זײַן שוויגער פעסל און מיט זײַנע דרײַ ייִנגלעך, גערוקטע אײנער פונעם צווײטן אַף צווײ יאָר.

זיאַמע האָט עזרען אָפּגעגעבן אַ ברײטן שאָלעם־אַלײכעם און אים באַטראַכט מיט זײַנע פאַר־זשמורעטע אויגן, ווי ער באַטראַכט אַ זײגער: צי אײַלט ער ניט, צי שטײט ער ניט אָפּ און צי די ספּרוזשינקע גײט אַ גאַנג.

די ענגשאַפט אין צימער און דער טומל זײַנען פון מינוט צו מינוט געוואַקסן. אַרײַן און אַרויס, אַרויס און אַרײַן... יעדן אײנעם האָט זיך געוואָלט אַ קוק טאָן אַף דאָווידס גאַסט, אַפן פאַ־ניטש מיטן פידל. ווײַבער פון קאָרידאָר זײַנען אַרײַנגעקומען, יעדע מיט אַן אַנדער טערעץ: אײנע איז געקומען לײַען אַ טעפּל, אַ צווײטע — אַ שיסל, אַ דריטע — אַ פּרעסל, אַ פערטע — אַ ביסעלע פּעפּער און אַ פינפטע — אַ גמילעס־כעסעד ביז מאָרגן אינדערפרי. די מענער זײַנען געקומען רופן די ווײַבער, און די קינדער זײַנען אָן שום טערוצים געלאָפן אהער ווי אַף אַ בײז־ווונדער. שאָלעמקע האָט זיך באַרימט פאַר זײַנע כאַווײרים מיט עזרעס פידל, מיט עזרעס טשע־מאָדאַן און מיט דעם, אַז פון מאָרגעדיקן טאָג וועט ער שוין מער ניט שפּילן אַפן שטײסל, נאָר זיך לערנען פידל שפּילן. כעוורע האָט געצאַלט שאָלעמקען מיט קנעפּלעך, מיט שטיקלעך פאַר־ביקן פאַרצעלײַ און מיט שווינדל־גלאָז, ער זאָל זײ נאָר לאָזן זיך צורירן צום פידל. שאָלעמקע איז פון מינוט צו מינוט רײַכער און בעסער געוואָרן.

— וואָס שטײט איר אָן אַ זײַט? — האָט ער זיך געווענדעט צו די ייִנגלעך, וואָס האָבן ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן. — גײט צו נעענטער און גיט אַ טאַפּ דעם פידל. איר האָט דאָך קײנ־מאָל קײן פידל אין דער האַנט ניט געהאַלטן. איר זײַט דאָך קײנמאָל ווי איצט אַזוי נאָענט לעבן אַ פידל ניט געשטאַנען. האָט קײן מוירע ניט, דער פידל בײַסט זיך ניט!

— ס'איז דאָך ניט קײן שפּילכל! — האָט דאָוויד זיך צעשריִען אַף שאָלעמקען. — שוין, די מינוט זאָלסטו מיר אופהענגען דעם פידל אַף דער וואַנט, אַ פידל דאַרף הענגען!

שאָלעמקע האָט גענומען איבערהענגען דעם פידל פון אײן צוויאַק אַפן צווײטן און ניט אופ־געהערט זיך נאָכפרעגן בא עזרען, צי אָט דאָ פּאַסט הענגען דעם פידל. עזרע גיט אַ פיר מיטן פינגער איבער דער וואַנט און פאַרקרימט זיך ווי ס'זאָל אים וויי טאָן.

— נײן, שאָלעמקע, דאָ טויג ניט, ס'איז פײַכט. דער פידל קאָן זיך נאָך צוקילן און אָנהײבן כריפּען.

— וואָס, דער פידל איז דען אַ באָסערוועדאָם, אַ לעבעדיקע באַשעפעניש? — האָט זיאַמע אָנגעשטעלט זײַנע אויגן אַף עזרען. — אַ זײגער איז אויך אַ שטיקל קלינגער, און פונדעסטוועגן, ווו מ'זאָל אים ניט אופהענגען, גײט ער.

— וואָס גלײַכט איר? — האָט עזרע זיך אָנגענומען די קריוודע פון זײַן פידל. — אַ זײגער איז אָן אָנגעשטעלטע קײלע, און אַ פידל איז גאָר עפּעס אַנדערש, אַ פידל איז מיט אַ נעשאָמע, מיט אַ האַרץ...

— דאָוויד! הײַנט פאַרשטײסטו שוין, וואָס הײסט האָבן אַ פידל בא זיך אין שטוב? — האָט לײקע איבערגעלאָזט די פּליטע און אַ פאַרפאַליעטע זיך דורכגעריסן צווישן דעם אוילעם. — ניט דערלעבן זאָלן עס מײַנע סאָנים, אַז בא מיר אין שטוב זאָל עזרעס פידל זיך צוקילן. דאָוויד, וואָס שטײסטו? וווהין טוט מען אהין דעם פידל?

געבליבן איז, אַז מ'זאָל דעם פידל אַרײַנלײגן אין קאַסטן — אהין, ווו עס ליגן די יאָמטעוו־דיקע בגאָדים מיטן צירונג, וואָס לײקע האָט באַקומען, ווען זי איז אַ קאַלע געוואָרן.

מע האָט אויך לאַנג ניט געוואוסט, וווהין אהינצוטאָן עזרעס טשעמאָדאַן. אין וועלכן ווינקל דאָוויד האָט אים ניט געפּרוווט אוועקשטעלן, איז לײקען ניט געפעלן געוואָרן:

— וואָס ווילסטו, אַז שוואָמען זאָלן אַף אים וואַקסן?

אלע האָבן געייצעט, יעדערער האָט אָנגעוויזן אַן אַנדער אָרט, און ווער נאָר ס'האָט געהאַט אַ האַנט, האָט געפּרוּווט אָפּרוקן און צורוקן, פאַרוקן און אַרויסרוקן, אַזוי לאַנג, ביז דער טשעמאָדאַן איז פאַרוקט געוואָרן הינטערן טיש, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט פון צימער.

עזרע איז געזעסן בא דאַניעלן אַפן בעט, אַנטקעגן אים, אַף אַ לאַנגער באַנק, זײַנען געזעסן דאָוויד, לייקע און זייער שאָכן זיאַמע.

זיאַמע איז קיינמאָל ניט געווען אין ליפּאָוועץ, נאָר טאַלנע איז אַזוי ענלעך אַף ליפּאָוועץ, אַז וואָס עזרע האָט ניט דערציילט וועגן ליפּאָוועץ, האָט זיאַמע עס איבערגעטראָגן אַף טאַלנע.

פאַר שאָלעמקען האָט זיך געעפנט אַ נײַע וועלט, און ער האָט געוואָלט באַגלײַך מיט אַלע דערוואַקסענע דורכשפּאַנען אָט די וועלט פון אָנהייב ביזן סאָף. ער האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטן און איז אַנשלאָפן געוואָרן אין אָנטאָן באַם זיידן צופוסנס.

עזרע דערציילט וועגן טאַטן, וועגן דער מאַמען, וועגן לייבלען, וועגן די פעטערס און מומעס, וועגן מיריעמען. ער פירט זײַנע פרײַנט קיין בערדיטשעוו, סעוואַסטאָפּאָל, בעלץ, באַקענט זיי מיט פעדאָצערן און מיט טשערניכאָווסקין.

וואָס מער פעדאָצער נעמט אויס, אַלץ מער געפעלט ניט טשערניכאָווסקי.

— אַ שלעכטע קיילע, — האָט געזאָגט וועגן אים דער אַלטער דאַניעל, — אַזאַ מין קיילע מעגסטו שוין ברענען אַפן פײַער, וועט זי ריינער ניט ווערן. ניין, אַ שלעכטע קיילע!

און זיאַמע קאָן זיך גאָרניט פאָרשטעלן, אַז אין אַזאַ שלעכטער קיילע זאָל זיך געפינען אַזאַ גוטער ווײַן.

פאַר דאָווידן איז עזרע סײַ אַ גוטע קיילע, סײַ גוטער ווײַן, אָבער די האַנט פונעם גוירל איז ניט גענוג פּאָרזיכטיק — דער ווײַן צעכליופּעט זיך און גיסט זיך אויס.

דאָס זעלבע טראַכט אויך לייקע. איר טוט שטאַרק ווי פאַר עזרעס נאַווענאַדעווען פון שטאָט צו שטאָט. און וואָס דערוואַרט אים אין וואַרשע? זי ווייסט דאָך די געשיכטע פונעם ווילנער באַלעבעסל, פונעם גרויסאַרטיקן זינגער. ער איז דאָך אויך געקומען אַהער קיין וואַרשע זיך לעבען, און וואָס איז פון אים געוואָרן? ער האָט זיך גערירט פון זינען, אַרומגעלאָפן איבער די וואַרשעווער גאַסן און געזונגען אַזוי ביטער, אַז אַ שטיין האָט עס געקאָנט רירן... ווי גרינג ס'איז דער פידל און ווי שווער ס'איז אים דערטראָגן!

דער געקלאַנג פון די זייגערס, וואָס האָט זיך געטראָגן פון זיאַמעס שטוב, האָט אַלע האַלבע שאָ און אַלע שאָ געגעבן צו וויסן, אַז די צײַט גייט: צוויי אַזייגער, דרײַ אַזייגער... און לייקע לייקנט אָפּ די זייגערס. ווי קאָן עס זײַן? וואָס פאַר אַ ספּעשקע איז אַף זיי, מע האָט זיך דאָך נאָך ניט באַוויזן אָנצורײדן!..

— אָ, אַז דו זאָלסט זיך אָנריידן, — צעלאַכט זיך הילכיק דאָוויד, — באַדאַרף מען, אַז די זון זאָל ניט אויפגיין, די לעוואָנע זאָל ניט פאַרגיין, און אַלע זייגערס אין דער וועלט זאָלן זיך אָפּשטעלן.

— ווי איר ווילט זיך, לייקע, — מישט זיך אַרײַן זיאַמע, דער מײַסטער פון צײַט, — איין זייגער קאָן לײַגן, צוויי קאָנען לײַגן, נאָר אַז אַ סאַך זייגערס קלינגען איינס און דאָס זעלבע, מוז מען זיך רעכענען מיט דער צײַט. עס וועט אײַך גאָרניט העלפן. קעגן דער צײַט קאָן מען ניט גיין. איז האָט זשע צײַט, דאָס, וואָס איר וועט ניט באַווײַזן פאַר הײַנטיקער נאַכט, וועט איר דערריידן מאָרגן, איבערמאָרגן.

— אַ שיינעם דאַנק אײַך! — שפּרינגט אויף לייקע פון דער לאַנגער באַנק אַן אויפגערעגטע. — נײַס, אַז מע לאָזט עס איבער אַף מאָרגן, ווערט עס אַלטגעבאַקן. ס'איז שוין ניט דאָס, ס'איז דער צווייטער סיידער, די צווייטע טעג יאָמטעוו, וואָס זײַנען מער וואָכעדיק, ווי יאָמטעוו.

ליפּאָוועץ איז צעטיילט געוואָרן אַף גאַסן, אַף הײַזער, אַף מישפּאָכעס און באַזונדערע מענטשן. ס'איז געווען אַזויפיל צו ריידן, צו פרעגן און זיך דערוויסן, אַז לייקע האָט ניט געוווּסט פון וואָס אָנהייבן, און אַז זי האָט אָנגעהויבן, האָט זי אָנגעהויבן ניט פון דעם וויכטיקסטן, ווי שטענדיק אין די מינוטן פון אויפרעגונג, פון באַגעגענען זיך מיט פאַרגאַנגענע לאַנג צעשיידטע פאַרשווונדענע יאָרן.

— וואָס מאַכט עפּעס דער אָנדערהאַלבנדיקער באָכער מיט די טאַצן?

— געשטאָרבן, — ענטפערט עזרע, — שוין לאַנג געשטאָרבן. קיינער האָט ניט געוואָלט גיין אַף זײַן אָרט, קיינער אין ליפּאָוועץ האָט ניט געוואָלט קלאַפּן אין די טאַצן. דעם טאַטן מײַנעם האָט זיך קוים אײַנגעגעבן אײַנבעטן עפּעס איינעם אַ יעכיעלקען פון העקדעש, וואָס איז אַף פינף קעפּ קלענער פון דעם אָנדערהאַלבנדיקן באָכער, איין הייך מיט דער פּויק. אַז די קאַפּעלע שפּילט, זעט מען אים ניט אַרויס, אָט דעם יעכיעלקען, און דעריבער זאָגט מען אין ליפּאָוועץ, אַז דאָס קלאַפּט מיט די טאַצן אונטער דער ערד דער אָנדערהאַלבנדיקער באָכער.

— שויעל דער לאנגער שפּילט נאָך?

— ער האָט שוין זײַנס אָפּגעשפּילט...

— ארעלע מיאַטעזשניק טאַנצט נאָך?

— ער האָט שוין זײַנס אָפּגעטאַנצט...

— און ווי האלט יאנקעלע קערזשנער מיט זײַנע מײַסעס?

— ער האלט שוין ווײַט־ווײַט...

— הער א מײַסע, ווי דער מאלעך־האמאָוועס האָט זיך עס א שפּיל געטאָן מיט ליפּאָוועץ! ווײ, ווײ, א דאָר א גאַנצער שטארבט אויס, — ווערט דאָווידס פּאָנעם אָנגעכמורעט.

— אזוי איז עס, אזוי איז געווען און אזוי וועט עס זײַן, — פּרוּווט זיאַמע באַרויִקן דאָווידן, — די ווײַזערס פּונעם לעבנס־זייגער רוקן זיך. זיי צײַלן אָפּ די רעגעס און יאָרן פון יעדן מענטשן. א קלונג, און דער זייגער גיט צו וויסן: הער, דו, אזעלכער און אזעלכער, דײַן שאָ האָט געשלאָגן, זײַ זיך מאַטריִעך, פאַרנעם זיך פונדאַנען און לאָז איבער דײַן אָרט פאַר א צווייטן! „ א דאָר גייט אוועק און א דאָר קומט, און די ערד בלײַבט שטיין אָף אייביק".

— געשטאָרבן! געשטאָרבן! — קאָן עזרע ניט אָפּשטעלן דאָס שרעקלעכע וואָרט. נאָך וועלכן ס'איז ניטאָ מער וואָס צו פרעגן און וואָס זיך צו דערוויסן. עזרעס קורצע ענטפערס קלינגען אָפּ טרויעריק, ווי די ערשטע שטיקער ערד, וואָס פאַלן אין גרוב ארײַן.

דאַניִעל האָט זיך דערפילט ווי אן אַנטלאָפענער פון זײַן דאָר, וועמען מע האָט דאָ נאַרוואָס געפּאַקט און ער ווייסט ניט וויִאזוי זיך צו פאַרענטפערן, פאַרוואָס ער געפינט זיך נאָך צווישן די לעבעדיקע, ווען אלע זײַנע מיטצײַטלער זײַנען טויט. אים איז שווער געוואָרן צו עטעמען. לייקע פאַקעט אָף אים מיט די טאָוולען פון אַן אַלטן סידער.

— טאַטע, וואָס איז מיט דיר? טאַטע!

לייקעס אויגן זײַנען פול מיט טרערן. דאָוויד מיט זיאַמען קוקן זיך טרויעריק איבער. דער צאַנקענדיקער לאָמפּ האָט זיך אויסגעלאָשן, און אין פענצטער האָט אָנגעהויבן שאַריִען אָף טאָג.

דאַניִעל איז אײַנגעשלאָפן, און שאָלעמקע האָט זיך אופגעכאַפּט פון שלאָף. ער האָט זיך גע־ריבן די אויגן און ניט געקאָנט דערגיין, צי ס'איז פאַרטאָג, צי ס'איז פאַרנאַכט, צי ס'איז נאָך נעכטן, צי ס'איז שוין הײַנט...

עזרע האָט קוים אײַנגעהאַלטן זײַן פּאַרדראָס: ער איז געקומען צו פאָרן קיין וואַרשע, און לייקע, דאָוויד מיט דאַניִעלן האַלטן אים אין ליפּאָוועץ און לאָזן אים ניט ארויס פון דאָרטן. א נאַכט, א גאַנצע נאַכט האָט מען געהאַלטן אין איין ריידן וועגן ליפּאָוועץ, און דערנאָך א גאַנצן טאָג — נאָכאַמאָל דאָס זעלבע. ער, עזרע, גייט אויס זיך דערוויסן אלץ וועגן וואַרשע: וווּ איז די מוזיק־שול, וווּ איז דער אָפּערע־טעאַטער און וווּ קאָן מען הערן א גוטן סימפאָנישן אָרקעסטער. עזרע האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט א טרוים — זען דעם באַוווּסטן יידישן שרײַבער י.־ל. פּערעץ. ער האָט געלייענט זײַנע דערציילונגען, ער קען אָף אויסווייניק א סאַך זײַנע לידער. נאָר גיי פּרוּוו זיך ארויסרײַסן קיין וואַרשע, אז די עקסקורסיע אין ליפּאָוועץ האלט אין סאַמע ברען: ווערט מיד לייקע — פאַרבײַט זי גלײַך דאָוויד, ווערט אָף א ווײַלע אַנשוויגן דאָוויד — כאַפּט אונטער דער אַלטער דאַניִעל, און הייבט אָן דאַניִעל אײַנדרעמלען, לאָזט שאָלעמקע ניט צורו.

אזוי איז דורך א טאָג, א צווייטער, און ערשט אפן דריטן טאָג האָט זיך עזרען סאָפּקאָלסאָף אײַנגעגעבן ארויסרײַסן אין שטאָט.

— וויִאזוי פאָרט מען פונדאַנען צו דער אָפּערע, וויִאזוי קומט מען פונדאַנען אין דער מוזיק־שול? — האָט עזרע זיך געווענדט צו לייקען. — עמעס, האיאַר טראַכט איך ניט אָנקומען אהין, ערשט איבעראיאַר, ווען איך וועל זיך גוט צוגרייטן. נאָר א קוק טאָן און זיך באַקאַנען מיט דער מוזיק־שול באַדאַרף מען איצט.

לייקע האָט זיך צעלאַכט:

— גאָט איז מיט דיר, עזרינקע, מיר זײַנען געקומען קיין וואַרשע ניט צוליב דער מוזיק־שול און ניט צוליב אָפּערע־טעאַטער. אונדזערע אָפּערעס און אונדזערע קאָנצערטן קומען פאַר דאָ. מיר קאָנען זיי אָף אויסווייניק... בא אונדז איז אזוי אויך פריילעך, אין יעדן ווינקעלע זינגט בא אונדז דער דאַלעס און עס טאַנצט די נויט...

דאָוויד האָט מיט א גוטמוטיקן שמייכל געגומען דערמונטערן עזרען:

— דו, עזרע, נעם זיך איבעריקס ניט צום הארצן. מאַלע וואָס א יידענע זאָגט, א יידענע בלײַבט א יידענע... אין דײַן מוזיק־שול, אין קאָנצערטן און אין אָפּערע קלײַבט זי זיך פאַנאַנדער ווי א האָן אין בניי־אָדאָם. ס'איז איר ביטער, מעגסט איר געבן די סאַמע זיסטע זאַכן, וועט זי שרײַען, אז ס'איז פע, אז ס'איז ביטער, ווי גאַל.

— אויך מיר א מיליון אף וויַיבערשער כאַכמע, — האָט זיך לייקע צערעכנט גלײַך מיט דאָ־ווידן, — איך בין דען קעגן מוזיק? א רוען אין יענעמס טאַטן אריַין, ווער עס וויל ניט וויסן, וואָס שיין און וואָס גוט איז! נאָר וואָס קאָנען מיר טאָן, אַז זיי, אָט די, וואָס גייען אין די אָפּערעס און אף די קאָנצערטן, האָבן אראָפּגענומען פאַר זיך די סמעטענע און פאַר אונדז איבערגעלאָזט בלויז די זויערמילך... זײַט אזוי גוט און זאָגט, ווער פון אונדזערע קאָרידאָר־אײַנוווינער קאָן זיך אָנטאָן דאָס פאַרגעניגן צו גיין אין טעאַטער?

עזרע האָט אף ציקאַוועס זיך נאָכגעפרעגט בא אַנדערע אײַנוווינער פון קאָרידאָר, צי וויסן זיי, ווו, אף וועלכער גאַס עס געפינט זיך די מוזיק־שול און וויאַזוי דערקלײַבט מען זיך אהין.

— מיר זאָלן אזוי וויסן פון צאָרעס...

די איינציקע אײַנוווינערן פון קאָרידאָר, וואָס איז גערן געווען אויסהערן עזרעס פראַגן, איז גע־ווען פּאָלינע די בלומען־פאַרקויפערן, לייקעס סאַמע נאָענטע שכיינע און סאַמע נאָענטער פריַינט.

— זײַט אזוי גוט און קומט אריַין צו מיר אין שטוב, וועל איך איַיך אלץ דערקלערן און אף אלץ ענטפערן...

פאַר עזרען האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון בלאָנדזשען. ער גייט, דוכט זיך, ריכטיק, אזוי ווי פּאָלינע האָט אים אויסגעמאָלט, נאָר די געדאַנקען לויפן פאַרויס... אָט איז ער א סטודענט פון מוזיק־שול, אָט א באַוווּסטער פידלער, א לערער פון א סאַך גרעסטענע טאַלמידים, ער טרעט ארויס אף קאָנצערטן אין די גרעסטע שטעט פון לאַנד, אפילע אין פּעטערבורג דערלויבט מען אים שפּילן. ער מאַכט א טורנע איבער אייראָפּע. אייראָפּע איז איבעראַשט, אייראָפּע אפּלאָדירט אים, עזרען, שלוימע דעם קלעזמערס זון. און וואָס וויַיטער עס טראָגן די געדאַנקען, אלץ מער שלאָגט ער זיך אראָפּ פון ריכטיקן וועג, ער פאַרבלאָנדזשעט און אים קומט אויס גיין צוריק, און בעמיילע פאַרשפּעטיקט ער קומען צו דער באַשטימטער צײַט אהיים, ווי ער האָט צוגעזאָגט לייקען.

לייקע פאַלט אף אים אָן:

— שוין עטלעכע שאָ, אַז מיר וואַרטן אף דיר מיטן וואַרמעס, מ׳באַדאַרף דאָך האָבן גאָט אין האַרצן!

לייקע שווערט זיך, אַז מער וועט זי אים אין ערגעץ ניט לאָזן אליין. עזרע גיט דאָס וואָרט, אַז מער וועט זיך עס ניט איבערכאַזערן, פון מאָרגן אָן... און אף מאָרגן כאַזערט זיך איבער דאָס זעלבע.

לייקע האָט אלעמאָל זיך געגרייט אָפּשפּילן א קאָנצערט עזרען, נאָר ס׳איז גענוג געווען דער־הערן זײַנע טריט, דאָס האַרץ זאָל איר גלײַך אָפּגיין.

— אָן עק, זעץ זיך גיכער צום טיש, פון וואַרמעס נאָך אין מויל ניט געהאַט... ווי, ווי, ווען דיַין מאַמע זאָל עס וויסן! אָט האָסטו דיר! גיי לאָז אַוועק קינדער אין דער פרעמד, א שיינער טאַכלעס ווערט פון זיי! כאַפּ שוין איבער! בעסער א שפּעטע וועטשערע, איידער אָפּלייגן זי אפן מאָרגעדיקן פרישטיק.

נאָר ווער עסן, וואָס עסן, עזרע איז הײַנט געווען אף א קאָנצערט, און ער איז אזוי זאַט מיט אים, אַז ער מוז זיך גלײַך אפן אָרט טיילן מיט זײַנע פריַינט.

— צוליב אזא קאָנצערט אליין איז קעדײַ צו לעבן אף דער וועלט!

עזרע פּרוּווט זיך מיט ווערטער איבערגעבן דאָס, וואָס די פּיאַניסטן האָבן איבערגעגעבן דורך קלאַנגען. ער רעדט שטיל, ער זאָל ניט אופוועקן דאַניעלן מיט שאַלעמקען, נאָר שאַלעמקע כאַפּט זיך אַלציינס אוף.

דרײַ פּיאַניסטן האָבן געשפּילט איינעם און דעם זעלבן רעפּערטואַר — בעטהאָווענען, נאָר יעדערער אף זײַן אופן. עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז ס׳זײַנען געווען דרײַ פאַרשיידענע ווערק פון דרײַ פאַרשיידענע קאָמפּאָזיטאָרן. און ניט נאָר די פּראָגראַם פון קאָנצערט, און ניט נאָר בעטהאָווען, נאָר אפילע דער זאַל האָט אלעמאָל באַקומען אָן אַנדער אויסזען — דרײַ באַ־זונדערע זאַלן. וואָס זוניקער עס האָט געלויכטן די נעשאָמע פון עם מוזיקאַנט, אלץ שענער האָט אויסגעזען דער זאַל.

— אַז מ׳טראַכט זיך אריַין, — האָט לייקע אָפּגעגעבן עזרען דעם גערעכט, — איז דאָס טאַקע אזוי. אָט נעמט אונדזער נאַסע, פינצטערע דירע. ווען עס טרעפט, אַז מיר איז גוט אפן האַרצן, לויכט דאָ אין יעדן ווינקעלע.

די פּידלער האָבן נאָך מער איבעראַשט עזרען. אזעלכע פידלער האָט ער, זינט ער לעבט, נאָך ניט געהערט.

אין די אינדערפריִען פּלעגט ער זיך גלײַך נעמען פאַרן פידל און איבערשפּילן די ערטער, וואָס האָבן זיך אים באַזונדערס אײַנגעקריצט אין זיקאָרן.

פּאַולינע, די אַלטע אײַנוווינערן פון לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר, איז געווען שטאַרק באַפרײַנדעט מיט דער ליפּאָוועצער מישפּאָכע. פּייסעך צום סיידער פלעגט פּאַולינע זיצן אָן אויסגעפּוצטע בא דאָווידס טיש, א גליקלעכע, וואָס דאָווידס און לייקעס אורעלטערזיידעס זײַנען באַפרײַט געוואָרן פון מיצראַיִם און זײַנען צעשפּרייט געוואָרן איבער גאָר דער וועלט. ווײַל אַנדערש, ווי וואָלט דאָוויד און לייקע אָנגעשפּאַרט אהער, קיין וואַרשע? די ליפּאָוועצער מישפּאָכע, פון איר זײַט, האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין קאַטויליִשן יאָמטעוו, אַז זי זאָל ניט ארײַן באַגריסן פּאַולינען און צוווינטשעווען איר א סאַך גליק און לאַנגע יאָרן. דער אַלטער דאַניִעל האָט געהאַלטן פּאַולינען פאַר א צאַדייקעס און איז געווען זיכער, אַז זי וועט האָבן יענע־וועלט און אַז אַף איר וואַרט א בעקאָוועדיק אָרט אין גאַניידן.

אין א קורצער צײַט נאָך עזרעס קומען קיין וואַרשע האָט פּאַולינע פאָרגעלייגט, אַז עזרע זאָל זיך אַריבערקלײַבן וווינען צו איר: זי איז איינע אַליין און עזרע וועט זיך ניט דאַרפן שטיקן אין דער ענגשאַפט.

— עזרע מאַכט אונדז ניט ענג, — האָט זיך לייקע צום ערשטן מאָל פאַר צוועלף יאָר באַלייִדיקט אַף פּאַולינען, — פאַרקערט, מיר דוכט זיך, אַז פון דעם טאָג, וואָס ער איז געקומען, איז בא אונדז אין שטוב געוואָרן גערעמער און ליכטיקער.

— ריכטיק, ריכטיק, — האָט דאַניִעל אונטערגעהאַלטן לייקען, — עס שטייט בא אונדז געשריבן: דאָרט, ווו ליבע הערשט, איז אַף דער שפּיץ פון א שווערד גענוג, און דאָרט, ווו די סינע כאַפּט זיך ארײַן, ווערט ענג אין דער סאַמע גרעסטער שטוב, און ניט נאָר אין שטוב, עס ווערט ענג אין גאַס, אין שטאָט, איבער גאָר דער וועלט.

— פּאַני דאַניִעל, — האָט פּאַולינע געפּרווט אַריבערציִען איר אַלטן פרײַנט אַף איר זײַט, — איר זײַט דאָך קראַנק, און עזרע דאַרף שפּילן, דאַרף זיך גרייטן צו די עקזאַמענעס. שטעלט זיך פאָר, אַז אײַך ווערט ניט גוט און ער האַלט אינמיטן שפּילן.

— אַזאַ קלוגע, ווי איר, פּאַולינע, זײַט, איז ווי קומט עס צו אײַך, איר זאָלט אַזוינס זאָגן? פאַר וועמען האַלט איר מיך? — דאַניִעלס קאָפּ האָט זיך גענומען שווער באַוועגן הין און צוריק איבערן קישן. — מיר קאָן דען ווערן ניט גוט? עס קאָן קומען בלויז דער סאָף מײַנער — און דאָס איז דאָך גוט! דאָס פירט צו א נײַעם גליקלעכן אָנהייב, גלײַך אין גאַניידן ארײַן! אין אַזעלכע מינוטן דאַרף מען זיך פרייען. אין טרויער שטאַרבט דער ראָשע.

— גאָט מײַנער! גאָט מײַנער! — האָט פּאַולינעס לינקע האַנט פאַרכאַפּט און אָפּגעשטעלט איר רעכטע, זי זאָל זיך ניט איבערצײלעמען פאַר דאַניִעלן אין די אויגן.

נאָר אַף מאָרגן האָט פּאַולינע ווידער גענומען ריידן וועגן דעם זעלבן.

— איר פאַרשטייט, — האָט דאָוויד דערוויזן פּאַולינען, — דערוויסט מען זיך נאָר אין ליפּאָוועץ, אַז עזרע וווינט בא אײַך און ניט בא מיר, מאַכט מען מיך גלײַך פאַר א סאַך א גרעסערן קאַפּצן, ווי איך בין אינדערעמעסן. מע וועט זיך קילן דאָס האַרץ און זאָגן: ווײַבאַלד א קאַפּצן און אַרבעט בא יענעם, האָט ער דאָך געקאָנט, ווי געדאַליע, דער טאַטע זײַנער, זיצן אין ליפּאָוועץ? צוליב וואָס זשע איז געווען דער הענדעם־פּענדעם קיין וואַרשע? וואָסי, א וואַרשעווער קאַפּצן איז שענער ווי א ליפּאָוועצער?

— זאָל גאָט אָפּהיטן, — האָט זיך לייקע אָנגעכאַפּט אין איר מאַנס גערעכטע דערווײַזן, — דערוויסט זיך ליפּאָוועץ, איז גייט דאָס גאַנצע שטעטל כאָדאָראָם און איך טאָר זיך קיינמאָל אהין ניט ווײַזן. איך בעט אײַך, פּאַולינע, פאַרשוואַרצט מיר ניט דאָס פּאָנעם פאַר די ליפּאָוועצער.

זיאַמע האָט אָנגעקוקט אַלעמען מיט זײַנע עגבערדיקע אויגן און ניט געקאָנט דערגיין דעם סייכל פון דעם קריג, פּונקט אַזוי, ווי שווער ס׳איז אים אַמאָל דערגיין, פאַרוואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט א זייגער, כאָטש אַלע רעדעלעך און שרײַפעלעך זײַנען אינווייניק גאַנץ.

— איך פאַרשטיי ניט, פּאַני פּאַולינע, וואָס קער זיך עזרע אָן מיט אײַך, וואָס איר קערט אַזוי וועלטן, ער זאָל וווינען אין אײַער צימער?

פּאַולינע איז רויט געוואָרן:

— ווי קאָנט איר אַזוי זאָגן, פּאַני זיאַמע? איך שטאַם דאָך פון מוזיקאַנטן!

— אַנטשולדיקט, איך האָב ניט געוווּסט.

נאָר מאַסקים זײַן מיט פּאַולינען, אַז עזרע דאַרף אַריבער וווינען צו איר, קאָן ניט זיאַמע. זײַנע ליפּאָוועצער פרײַנט וואָלטן אים דאָס קיינמאָל ניט מויכל געווען. פאַלט אים אײַן אַזוינס: מ׳דאַרף, אַז שטענדיק, ווען עזרע וועט שפּילן אַף זײַן פידל, זאָל דאָווידס טיר זײַן אָפן, קעדיי די קלאַנגען זאָלן דערגיין צו פּאַולינען אין אַנטקעגנדיקן צימער.

— איז אַט וואָס, טײַערע פּאָולינע, — האָט לײַקע אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, — מיט די קלאַנגען פון עזרעס פידל בין איך זיך גרייט טיילן. אָבער עזרע... ער בלײַבט בא אונדז!

— פאַרוואָס ווילט איר מיך ניט פאַרשטיין? איר זײַט דאָך אַ מאַמע און ווייסט דאָך, וואָס הייסט בא אַ מאַמע אַ קינד. — פּאָולינע איז מיטאַמאָל שטאַרק בלייך געוואָרן.

— פּאָולינע, וואָס איז מיט אײַך! זײַט מיר מוחל, אויב איך האָב עפּעס געזאָגט אַזוינס, וואָס איך האָב ניט באַדאַרפט זאָגן...

נאָר ערשט אין עטלעכע טעג אַרום האָט פּאָולינע אַנטפּלעקט פאַר דער ליפּאָוועצער מישפּאָכע דעם אויסבאַהאַלטענעם סאָד, וועלכן זי האָט אין מעשעך פון פופצן יאָר געטראָגן טיף אין האַרצן. דער פידלער טשעסלאַוו, דער איין־און־איינציקער זון אירער, וואָס איז צוריק מיט פופצן יאָר געשטאָרבן פון סוכאָטע, האָט פאַרן טויט איבערגעלאָזט אַ צאַוואָע: „מאַמע, אויב דו וועסט אַמאָל באַגעגענען אַ יונגן אָרעמען פידלער, וועמעס שפּילן עס וועט דיר געפעלן און ווערן און דערמאָנען אין מײַן שפּילן, איז פאַרעכן אים פאַר אַ זון און שענק אים מײַן פידל“.

אין דעם אָפּדערנאַכט, ווען עזרע האָט זיך אַריבערגעקליבן צו פּאָולינען, האָט זי באַהאַנגען די ווענט פון איר צימער מיט פאַרשיידענע בילדער און פאָטאָגראַפיעס פון איר זון. אָט איז טשעס־לאַוו אַן ערשט־געבוירענער, אָט פּויזעט טשעסלאַוו אויף אַלע פיר, טשעסלאַוו אויף דער שול־באַנק, טשעסלאַוו נעמט צום ערשטן מאָל דעם פידל אין האַנט, טשעסלאַוו אין אָרקעסטער, טשעסלאַוו אויף דער בינע פאַר אַ פול געפּאַקטן זאַל, טשעסלאַוו אין אָרן, באַלייגט אַרום און אַרום מיט בלומען־קרענץ.

דעם שטום געוואָרענעם פידל, וואָס האָט שוין העכער פופצן יאָר ניט אַרויסגעלאָזט קיין איין קלאַנג, האָט פּאָולינע אופגעהאַנגען אויף דעם זעלבן אָרט, אויף וועלכן ער איז געהאַנגען, ווען איר זון האָט געלעבט.

זי האָט דורכגעלופטערט די פאַרשיידענע נאָטן־ביכער, דורכגעבלעטערט און ניט געקאָנט אָפּרײַסן איר בליק פון די צייכנס, וואָס האָבן פאַרהיט אין זיך די קלאַנגען־וועלט פון איר טשעס־לאַוו. אַן אומפאַרשטענדלעכע שפּראַך זײַנען אָט די נאָטן, און דאָך אַזאַ נאָענטע און טײַערע — די שפּראַך פון איר זונס האַרץ.

דער טיש איז געווען פאַרשפּרייט מיטן יאָמטעוודיקן סערוועט. אַרום און אַרום — קויסעס, און אין דער מיט — גראַפינען מיט ווײַן.

עזרע מיט פּאָולינען זײַנען געזעסן אויבנאָן. בא די זײַטן פון טיש — פּאָולינעס קרויווים, טשעסלאַווס פעטערס, מומעס און שוועסטערקינדער, דאָוויד, לײַקע מיט שאָלעמקען, זיאַמע, זײַן פרוי טשיפּע־שיפּרע, די שוויגער פעסל מיט די דרײַ ייִנגלעך.

סײַ די באַלעבאָסטע, סײַ די געסט האָבן ניט געוווּסט, וויאַזוי מע באַדאַרף זיך פירן אין אַזאַ אָוונט. האָט מען גערעדט פון זײַטיקע זאַכן.

דאָוויד האָט באַטראַכט און באַטאַפּט די אָנצוגן פון די געסט. דאָ בעט זיך אַן אַרבל אַ ביסעלע אופהייבן, און דאָ וואָלט מען מוזן אַראָפּלאָזן, דאָ אין דער פּלייצע איז צו ברייט, און דאָ איז ענגלעך.

לויט די אָנצוגן האָט דאָוויד געפּרוווט טרעפן, ווער פון די שנײַדער עס האָט זיי אופגענייט, און האָט ער געטראָפן, האָט ער גלײַך גענומען דערציילן די לעבנס־געשיכטע פון דעם אָדער יענעם שנײַדער און די געשיכטע פון דעם, וויאַזוי ער קומט צו אים, וויאַזוי ער האָט זיך מיט אים באַקאַנט און באַפרײַנדעט. ער האָט דערקלערט און דערוויזן, מיט וואָס עס שיידט זיך אונטער איין געניי פונעם צווייטן, ווײַל וויפל שנײַדער ס׳זײַנען דאָ אויף דער וועלט, אַזויפל באַזונדערע צושנײַדעכצן און אַזויפל באַזונדערע געניייען זײַנען דאָ.

לײַקע האָט ניט געקאָנט אײַנזיצן. ווען דאָ וואָלטן געווען בלויז די שכיינים פון קאָרידאָר, וואָלט זי שוין לאַנג אָפּגעשטעלט דאָווידן און אים ניט געלאָזט מער ריידן וועגן שנײַדער און שנײַדערײַ. דאָס שנײַדערײַ ליגט איר גוט אין האַרצן און פאַרומערט איר היפּש דאָס לעבן. נאָר גיי טו עפּעס, אַז די צונג איז געשלאָסן און די אויגן־שפּראַך איז פאַר דאָווידן קיין לאָשן ניט. ער ווייסט, אַז ווי לײַקע זאָל ניט אויסגיין אַרײַנזאָגן אים, וועט זי איצט גאָרניט זאָגן. נוצט ער אויס די גוטע כײַע־שאָ.

לײַקע האָט אַ שעפּטשע געטאָן שאָלעמקען אָפּן אויער. אין אַ מינוט אַרום האָט ער געבראַכט זײַנע מוזיקאַלע אינסטרומענטן — דאָס מעשענע שטייסל מיטן מעשענעם טויקעטש, צוועקעס פון פאַרשיידענער גרייס און גרעב. זיאַמעס ייִנגלעך האָבן גענומען שרײַען אין איין קאָל:

— שאָלעמקע, קלינג, ווי עס קלינגט דער הילצערנער קאָסטיאָל!

— ניין, מ׳דאַרף ניט, מאַך בעסער נאָך דעם בלינדן זאַדישלאָוון בעטלער.

— פּראַשע פּאַני! פּראַשע שאָלעמקע! — האָבן די גרויסע אונטערגעהאַלטן דאָס קליינוואַרג.

שאַלעמקע האָט מיט עטלעכע דינינקע צוועקעס געגומען אויסקלאַפּן אינווייניק און אין די דרויסנדיקע זייַטן פון שטייסל: דזין־דזין־דזין!..

— ריכטיק! ריכטיק! פּונקט אַזוי קלינגט דער הילצערנער קאַסטיאַל, וואָס געפינט זיך אף אונדזער גאַס! — האָבן די געסט אויסגעשאָסן א הילכיק געלעכטער.

איינע אַן אַלטיטשקע, וואָס האָט געהאַט איינגעדרעמלט, האָט זיך אופגעכאַפּט און זיך גענו־מען צייל־עמען:

— מ׳רופט שוין צו דער אָונטיקער טפילע, און איך בין זיך דאָ פאַרזעסן... שוין צייַט גיין...

דער אַלטערס צייל־עמען זיך האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דאָס געלעכטער.

— און איצט, שאַלעמקע, זאָל א קלונג טאָן דער רייַכער שטיינערנער קאַסטיאַל, — האָט עזרע ברייט א פיר געטאָן מיט די הענט, ווי אָט דאָ לעבן אים זאָל זיך געפינען אַן אָרקעסטער.

אין דער זעלבער צייַט האָבן פּאַולינע און לייקע געבראַכט טשעסלאַווס ביכער און נאָטן־העפטן און זיי איבערגעגעבן עזרען. פּאַולינע האָט אַראָפּגענומען דעם פידל פון וואַנט און מיט ציטערנדיקע הענט געעפנט דעם פוטליאַר. דער פידל אין אירע הענט האָט אויסגעזען ווי א שווערע מאַסע, גאַראַנטירט פאַר אירע קויכעס, אָט־אָט פאַלט ער אַרויס פון אירע הענט...

פּאַולינע האָט אונטערגעטראָגן דעם פידל עזרען:

— איך בעט אייַך, שפּילט דאָס, וואָס מייַן זון האָט געשפּילט...

עזרע באַרירט מיט זייַנע פינגער די סטרונעס, און דער פידל ענטפערט אָפּ מיט א קלאָרער ווייכער שטים, מיט א שטים פון דאַנקבאַרקייַט פאַר אומקערן אים דאָס לעבן.

— סאַראַ וווּנדערלעכער טעמבער! — איז עזרע איבערראַשט און הערט ניט אוף באַטראַכטן דעם פידל פון אַלע זייַטן. דער פידל איז אַלט, און זייַן שטים איז יונג. עזרע באַרירט ווידעראַמאָל מיט זייַנע פינגער די סטרונעס, קעדיי זיך איבערצייַגן, צי האָט ער קיין טאָעס ניט געהאַט. ניין, קיין טאָעס האָט ער ניט געהאַט — די שטים איז יונג און דער פידל איז אַלט. באַלד וועט ער שפּילן דאָס, וואָס טשעסלאַוו האָט אַמאָל געשפּילט. נאָר וויאַזוי טשעסלאַוו האָט געשפּילט, דאָס ווייסט ער ניט. און ווען ער וואָלט אים אפילע געוועזן הערן, וואָלט ער בעשום־אויפן ניט געקאָנט שפּילן, ווי טשעסלאַוו. ניטאָ קיין צוויי אַלצייַנע מוזיקאַנטן... עזרע איז פאַרגליווערט געבליבן שטיין אינמיטן צימער מיטן פידל אין דער האַנט.

אָנגעהויבן האָט ער פון אַן עטיוד, קעדיי אויספּרוּוון אי זיך, אי דעם פידל. אף בייַקומען טשעסלאַווס שווערן רעפּערטואַר דאַרפן די סטרונעס און די פינגער זיך צוגעוווינען איינער צום צווייטן.

פּאַולינען ווערט קאַלט, זי וואַרפט אף זיך אַרויף א שאַלכל. די קלאַנגען, וואָס צעטראָגן זיך איבערן צימער, זייַנען איר באַקאַנט און נאָענט, ווי אירע קרוויום און שכיינים, וואָס זיצן דאָ באַם טיש.

וווּ זשע זייַנען די קלאַנגען אַזוי לאַנג געוועזן, ווו האָבן זיי זיך אַזוי לאַנג אויסגעבאַהאַלטן?

עס ווערט אופגעמישט א נייַער נאָטן־בלאַט, און עזרע שפּילט א נאָקטיורן, א ליבגעזאַנג דער נאַכט, ער גיט איבער די שטילע טריט פון דער נאַכט, דעם געבעט פון די פאַרליבטע, אַז די נאַכט זאָל זיך ציִען און ציִען...

אָט דעם נאָקטיורן האָט טשעסלאַוו ליב געהאַט שפּילן בא אַן אָפענעם פענצטער אין די זומער־דיקע לעוואָנע־נעכט, און פּאַולינע גייט צו צום פענצטער. זי ווערט פאַרשיקערט, דער קאָפּ פאַר־דרייט זיך איר, גלייַך ווי אף די סטרונעס האָט א צווייַגל פון בוים זיך א הוידע געטאָן, א ווינטל האָט מיט זיך די רייכעס פון ווייַסל, פון סעדער און גערטענער געבראַכט.

דעם נאָקטיורן פאַרבייַט א באַרקאַראָלע, און פּאַולינע דערזעט עלזשבעטען, טשעסלאַווס גע־ליבטע. זיי שיפלען זיך ביידע אף א שיפל. עלזשבעטע זינגט, און טשעסלאַוו שפּילט, און די כוואַליעס פון דער ווייַסל קלאַפּן צום טאַקט. דאָס שיפל הוידעט זיך און טאַנצט זייַן וואַסער־טאַנץ. ווו איז עלזשבעטע? ניט באַשערט געוועזן, אַז זי זאָל זיי, פּאַולינען, רופן מאַמע. זי איז מיס־טאַמע איצט שוין אַליין א מאַמע? ניט באַשערט געוועזן, אַז עלזשבעטעס קינדער זאָלן רופן איר טשעסלאַוון טאַטע...

עזרע לייגט אָפּ אין א זייַט די באַרקעסקעס, און פּאַולינע ווענדט זיך צו עזרען אף דער שפּראַך, וואָס דער פידל־לערער פלעגט דערקלערן איר טשעסלאַוון:

— עזרינקע טייַערער, שפּיל דע קאַפּאָ אַל פינע — פון אָנהייב ביז סאָף, אַלץ ווי עס גייט.

עזרע פאַרענטפערט זיך פאַר פּאַולינען:

— אַד ליביטום — איך קאָן איצט נאָר שפּילן, ווי דאָס האַרץ זאָגט מיר אונטער.

— מאָרענדאָ — שטיל און שטילער, ווי באַם לעצטן פאַרגאַנג, — שעפּטשען פּאַולינעס ליפּן.

מאָרענדאָ — כאַזורן איבער די סטרונעס.

שטיל פאַרגייען די קלאַנגען, ווי שטיל ס׳פאַרגייען די לעצטע זונען־שטראַלן.

דער וועג איז אָפּן פאַרן טרויער, און דער טרויער ווערט פון מינוט צו מינוט זיכערער אין זײַן גאַנג, נידערט אַראָפּ אין יעדנס האַרץ, בלײַבט ליגן אַף יעדנס פּאַנעם, און די אַנגעגאָסענע קויסעס בלײַבן שטיין פאַרשעמט און איבעריק, ווי ניט־געבעטענע געסט.

## גויראָלעס

אין פּאָולינעס צימער האָט עזרע זיך געפּילט ווי בא זיך אין דער היים. ער האָט געשפּילט, ווען ער האָט געוואָלט — באַטאָג און באַנאַכט. פּאַרמאַטערטע פּונעם שווערן טאָג האָרעוואַניע, שלאָפן דאָ אַלע ווי די געהאַרגעטע, שלאָפן אַזוי, אַז ניט נאָר עזרעס פידל, נאָר ווען אַפילע אַן אָרקעסטער בלויז פון פויקן וואָלט געפּויקט, וואָלט זיך דאָ קיינער ניט אויפגעכאַפּט.

די אײַנוווינער פון קאָרידאָר האָבן ליב באַקומען עזרען און אים געטראָגן אַנטקעגן די גוט־מאָרגנס און גוטאָוונטס און מיט אַ באַזונדער אָפּשײַ אים גערופן „פּאַני עזרע“.

— ער איז אונדזערער אַ מענטש, — האָט מען גערעדט וועגן אים, — אַ האָרעפּאַשניק, האָרעוועט טאָג ווי נאַכט.

די גאַמעס, די גאַנצע, האַלבע, פערטל, אַכטל און זעכצנטל טענער, וואָס עזרע פלעגט שאָבן־וויַיז ניט אויפהערן ציִען פון זײַן פידל, זײַנען דאָ פאַרגליכן געוואָרן צו דער סאַמע שווערסטער אַרבעט. ווען עזרע פלעגט שפּילן, פלעגן די אײַנוווינער פון דעם לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר זיך קילן דאָס האַרץ:

— וואָס וועט איר איצט זאָגן, מיר קאָנען אויך! ס'קאָן זײַן, אַז מיר קאָנען בעסער פון די גווירים. ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ הונדערטכײלעק פון אײַערע מעגלעכקײטן, וואָלטן מיר ערשט באַוויזן, וואָס מיר קאָנען!

עזרע איז טאַקע געווען אומדערמידלעך. ער האָט געאַרבעט פאַר דרײַען — ער האָט געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן דעם אַלטן רעפּערטואַר, אויסגעלערנט אַ ריי נײַע זאַכן, געגעבן „מוזיק־שטונדן“, געשטודירט די רוסישע שפּראַך און פלײַסיק אויסגעפּילט די אַלע שפּראַך־אויפגאַבן, וואָס דער לערער זײַנער, דער סטודענט, פלעגט אים פאַרגעבן.

מער פון אַלע האָט זיך צו עזרען צוגעבונדן שאָלעמקע. ניט אָנקלאַפּנדיק אין טיר, האָט שאָ־לעמקע, ווען ער האָט נאָר געוואָלט, געקאָנט אַרײַן צו עזרען, און שטענדיק איז ער געווען אַן אַנגעלייגטער גאַסט. און וואָס מער שאָלעמקען האָט זיך געוואָלט זיצן בא עזרען, אַלץ ווינציקער האָט זיך אים געוואָלט זיצן אין כיידער.

— דער קאָפּ טוט ווי, — קלאָגט ער זיך פאַרן רעבן. דער רעבע גלייבט אים און לאָזט אים אָפּ אַהיים. אָן אַנדערשמאָל כאַפּט ער זיך פאַרן בויך, מאַכט אַ קרומע צורע: — די מאַמע איז פאַרשלאָפט געוואָרן און ס'איז ניטאָ, ווער ס'זאָל איר דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער.

אָבער אינגיכן איז שאָלעמקע געקומען צום סייכל: צוליב וואָס האָבן צו טאָן מיטן רעבן, אַנטלויפן פון כיידער, אַז ס'איז פּאָשעטער און לײַכטער אינגאַנצן ניט גיין אַהין.

און שאָלעמקע איז געוואָרן עזרעס טאַלמיד. פון יענער צײַט אָן האָבן די יינגלעך פון קאָרי־דאָר גענומען רופן שאָלעמקען „דער צווייטער פידל“.

עזרע שפּילט. דער פידל וועקט זײַן זיקאָרן. דעם טאַטנס מעלאָוועמאַלקע, לייבלס טענץ, פּעדאָצערס מאַרשן, באַזעצנס און „זײַ־געזונטן“, וואַלסן און מאַזורקעס, טשערניכאָווסקיס רעפּערטואַר.

אַף אייביק זײַנען געבליבן בלויז די צייכנס פון די נאָטן, נאָר די קלאַנגען זײַנען שוין ניט די, זיי זײַנען שוין ניט ענלעך אַף יענע קלאַנגען, וועלכע ער האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגע־בראַכט. זײַן האַנט איז געוואָרן געניטער, זײַן אויג — וויַיטזיכטיקער, זײַן אויער — אָנגעשטרענג־טער, און זײַן האַרץ — פילבאַרער.

ערשט איצט ווערט פאַר אים קלאָר דאָס, וואָס פּעדאָצער האָט געזאָגט:

„די נאָטן, מײַן ליבער עזרע, זײַנען טאַקע די זעלבע, זיי בלײַבן אַף שטענדיק ניט געענ־דערט, נאָר אַן עכטער פידלער איז דער, ווער עס קאָן פון זיי אַרויסלייענען יעדן טאָג עפּעס נײַס. נאָטן זײַנען ווי דער בוים, ווי דער בלאַט. דער בוים בליט אַלע פרילינג. און אין יעדן פרילינג ווערט ער באַצירט מיט נײַע שפּראָצונגען“.

עזרע שפּילט. פּלוצעם איז ער געבליבן שטיין פאַרגליווערט מיטן פידל אין דער האַנט און ניט געקאָנט אַרויסברענגען ניט קיין קלאַנג און ניט קיין וואָרט. אַ טומל, אַ געלויף, געשרייען און זידלערײַען האָבן זיך געטראָגן איבערן קאָרידאָר.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט געפֿרעגט פּאָלינע. — קענסט נאָך ניט אונדזער קאָרידאָר?.. דאָס קלענסטע ווינטל — און עס ווערט א זאווערוכע. קום! קום מיט מיר, וועסטו זען, אז איך בין גערעכט.

איבערן קאָרידאָר האָט זיך געטראָגן אראָן יעווסייעוויטש קאמסקיס הילכיקער באריטאָן. דער אויסגעשלאָסענער סטודענט קאמסקי האָט דאָ אין קאָרידאָר בא אלעמען געהייסן דער שלימאזל־דיקער מעשומעד.

צוויי פּאָליציי־לייַט, איינער א הויכער, מיט א געשטופּלט פּאָנעם און מיט גרויסע גלעזערנע, פֿארגליווערטע אויגן, און דער צווייטער, א נידעריקער, מיט לאנגע וואָנצעס, זייַנען געקומען נאָך אראָן יעווסייעוויטשן. שטענדיק, ווען אין פּאָליציי־באצירק האָט מען באדארפֿט אוועקשיקן א באריכט פֿאר דער העכערער נאטשאלסטווע, פֿלעגט מען אראָן יעווסייעוויטשן אריינזעצן אין אן איינצל־קאמער און אים ניט ארויסלאָזן, ביז ער פֿלעגט ניט אָנשרייַבן די נייטיקע פּאפּירן. דערנאָך האָט דער גאנצער פּאָליציי־באצירק זיך געשפּיגלט אין דעם אויסגעצאצקעוועטן קסאוו, אין דעם אויסלייגעכץ און אין דער קלאָרקייַט און לאָגישקייַט פֿון געדאנק, די העכערע נאטשאלסטווע האָט גאָרניט געקאָנט אָנלויבן דעם פּריסטאוו.

נאָר איצט האָט זיך קאמסקי איינגעשפּארט:

— גענוג! א סאָף, אן עק! איך וועל ניט גיין! איינמאָל פֿאר אלעמאָל, ניין און ניין!

דער נידעריקער פּאָליציי־מאן מיט די לאנגע וואָנצעס איז פֿלינק אונטערגעשפּרונגען און גוטברודעריש אוועקגעלייגט די האנט אָף קאמסקיס ברייטער פּלייצע.

— נו, קום שוין, קום! ביזוואנען איז דער שיר אונדז פֿארהאלטן! נו, קום שוין, שיקאָרניק איינער, קום! דו וועסט זיך ווי־עס־איז עטלעכע טעג אויסדרייען אָן בראנפֿן. קום, אז ניט, וועסטו ערגער מאכן.

— ערגער? יאָ, אָף דעם זייַט איר בעריעס! — אראָן יעווסייעוויטש האָט פֿון אופּרעגונג פֿאנאנדערגעשפּיליעט דעם אויסגעריבענעם סטודענטישן מונדיר. — יאָ, ערגער, וואָס א טאָג ערגער און ערגער!..

— שטילער! שטילער! — האָבן זיך צעשריִען ביידע פּאָליציי־לייַט מיטאמאָל.

אראָן יעווסייעוויטש האָט אויסגעשטרעקט די האנט און גענומען דעקלאמירן:

Свободы, гения и славы палачи!
Таитесь вы под сению закона,
Пред вами суд и правда — все молчи! [1]

די פּאָליציי־לייַט האָבן געפּרוווט מיט די הענט פֿארמאכן קאמסקין דאָס מויל. ווי פֿון אונטער דער ערד איז אויסגעוואקסן אייַזיק שיוועזיצער, דער שאָכן מיטן אויסגעהאקטן אויג. שיוועזיצער האָט מען אייַזיקן גערופֿן דערפֿאר, ווייַל דריי טעג נאָכן באפֿרייַען זיך פֿון טפֿיסע, ווו ער איז אָפּגעזעסן העכער צוויי יאָר, איז געשטאָרבן בא זייַן ווייַב דאָס אויפֿעלע, וואָס קיינער האָט ניט געוווּסט, פֿון וועמען עס איז געקומען אָף דער וועלט. דאָס ווייַב האָט אים געהאלטן אין איין אייַנרעדן, אז דאָס קינד איז געווען געראָטן אין אים, געראָטן מיט אלע פּישטשעוקעס, און אים געצוווּנגען זיך זעצן שיווע. ווען די גאנאָווים־יונגען זייַנען געקומען אייַזיקן מענאכעם־אָוול זייַן, האָט ער זיך פֿאר זיי געקלאָגט:

— אָף מייַן לעבן, ווי איר ווייסט, בין איך שוין ניט איין מאָל געזעסן. נאָר אזוי אומשולדיק, ווי איך זיץ איצט, בין איך נאָך קיינמאָל ניט געזעסן.

אָט דעם אייַזיקל, וואָס האָט געציטערט פֿארן ווייַב און איז גרייט געווען גיין פֿאר איר אין פֿייַער און אין וואסער, איז גענוג געווען א קוק געבן אָף עמעצן מיט זייַן לינקן אויג, אז בא יענעם זאָל דאָס הארץ א צאפּל טאָן און דאָס בלוט זאָל פֿארקילט ווערן.

אויך איצט, אָט דאָ אין קאָרידאָר, זייַנען די פּאָליציי־לייַט פֿארציטערט געוואָרן פֿון אייַזיקס בליק. און קאמסקי האָט פֿאָרגעזעצט:

— Но есть, есть божий суд, наперсники разврата!
Есть грозный судия: он ждет... [2]

די צינגער האָבן זיך בא אלעמען פֿאנאנדערגעבונדן.

— גייט אייַך פֿונדאנען!

---

[1] איר, הענקער פֿון געוויסן, פֿרייַהייַט, רום!
אונטער די פֿליגל פֿון געזעץ ט'איר זיך פֿארטייַעט,
די רעכט, דעם עמעס — אלץ פֿאר אייַך איז שטום!

[2] נאָר ניין, גאָטס מישפּעט איז פֿאראן, פֿארדארבערישע בריִעס!
א גרויסער שופֿעט איז פֿאראן: ער וואַרט!
(פֿון מ. יו. לערמאָנטאָווס „דעם דיכטערס טויט“. איבערזעצונג פֿון עמ. קאזאקעוויטש).

— צו אלדי שווארצע יאָר!

— דאָ וועט איר קיין פעטביינדל ניט אָפּלעקן!

האַלטנדיק פעסט שאַלעמקען פאַר דער האַנט, האָט לייקע ניט מיט איר קאָל געשריִען:

— שאַלעמקע, ווו ביסטו? דאָוויד, פאַרוואָס זע איך דיך ניט? דאָוויד, קריך ניט אַהין, ווו מ׳באַדאַרף ניט.

— איך קריך אין ערגעץ ניט! — האָט זיך אָנגערופן דאָוויד. — איך זאָג נאָר, אַז ס׳איז אומדערהערט. פון אוניווערסיטעט האָט מען קאַמסקין אויסגעשלאָסן און שרײַבן זאָל ער זיי שרײַבן! און נאָך ווו? אין טפּיסע! אַ קליניקײַט! ער איז באַגאַנגען אַ גרויסן פאַרברעכן — ער קאָן און זיי קאָנען ניט!

— רעדי! רעדי! דו וועסט זיך דערעדן! שוין זאָלסטו מיר גיין אַהיים!

— וואָס שרײַט איר אַף אים, — האָט זיאַמע דער זייגערמאַכער זיך אָנגענומען דאָווידס קריוודע, — דאָוויד איז גערעכט! נאָך אַ מין גערעכט!

— טשיפּע־שיפּרע, וואָס שווײַגט איר?! — האָט לייקע אַ כאַפּ געגעבן זיאַמען פאַרן לאַץ פון פּידזשאַק און אים גענומען שלעפּן, ווי פון אַ סרייפע. — טשיפּע־שיפּרע, ווו זײַט איר?! ווי איז מיר, קאַרג, וואָס איר האָט אַ מאַן אַ זייגערמאַכער, דאַרפט איר נאָך האָבן אַ מאַן אַ קאַטאָרזשניק!

נאָר איין נאָכעמקע „מאַך מיך איבער", נאָכעמקע דער מעקובל, וואָס האָט זיך פון זײַנען געריירט, האָט איצט דאָ, אינעם טומל, אויסגעזען ווי שטענדיק, און ווי שטענדיק צוגעשטאַנען צו עזרען:

— דו, פּידלער איינער, מאַך מיך איבער פאַר אַ פויק! אַ פויק, אַז מע קלאַפּט אין איר, טוט איר ניט וויי, און דאָך שרײַט זי, און מיך, אַז מע שלאָגט מיך, שווײַג איך. איך וויל שרײַען, נאָר איך ווייס, אַז אַלע טויערן פון הימל און אַלע אויערן דאָ אַף דער ערד זײַנען פאַרמאַכט און פאַר־שלאָסן פאַר מײַן געשריי.

מיט נאָכעמקע „מאַך מיך איבער", מיט נאָכעמקע דעם מעקובל האָט זיך עזרע באַקאַנט, גלײַך ווי ער איז געקומען אַהער. יעדעס מאָל, ווען עזרע פלעגט אים דערזען, האָט זיך אים געדוכט, אַז דער קליינוווקסיקער נאָכעמקע איז נאָך קלענער געוואָרן. אַפן גוטמוטיקן יונגן פּאָנעם האָבן זיך באַוויזן נאָך מער קנייטשן. די רויטע פאַרזשמורעטע אויגן זײַנען נאָך רויטער און פאַרזשמורעטער געוואָרן. די ליפּן בא נאָכעמקען האָבן זיך קיינמאָל ניט צוגעמאַכט, שטענדיק האָבן זיי עפּעס געשעפּטשעט, עפּעס געבעטן, עפּעס דערציילט פאַר זיך אַליין. מיט אַ שטעקן אין דער האַנט און מיט אַ טאָרבע אַף די פּלייצעס, ווי דער אייביק פאַרשאַלטענער וואַנדערער, האָט נאָכעמקע שטענדיק געײַלט, גלײַך ער זאָל מוירע האָבן עפּעס פאַרשפּעטיקן. ווען נאָכעמקע זאָל ניט באַגעגענען, בעט ער זיך:

— מאַכט מיך איבער! איך וויל מער ניט זײַן אַזאַ ווי איך בין! מאַכט מיך איבער! ווי אַ הירש, וואָס לויפט, אַזוי וועל איך לויפן; ווי אַ פויגל, וואָס פליט, אַזוי וועל איך פליִען; אַזוי ווי אַ רויז, וואָס בליט, אַזוי וועל איך בליִען. איך ווייס, איך ווייס, אַ רויז וועלקט זייער גיך, נאָר דערפאַר ווי שיין זי בליט. סאַראַ רייכעס זי גיט אַרויס פון זיך, סאַראַ צאַרטע זי איז, סאַראַ זויבערע, סאַראַ רויטע! דאָס ליידט זי בושע פאַרן מענטשן! נאָר אויב איך בין מער גוף ווי נע־שאָמע, מער ערד ווי הימל, טאָ מאַכט מיך איבער און פאַרוואַנדלט מיך אין אַ בוראַק, ווײַל אַפילע אים, דעם בוראַק, כאָטש מע קאָכט אים, מע צערטלט מען, מע באַגיסט אים מיט וואַסער און מע פרייט זיך מיט זײַן וווקס. פאַר אַ רעטעך טויג איך ניט, פאַר אַ רעטעך בין איך וויניק ביטער, נייִן, פאַר אַ רעטעך טויג איך ניט. מאַכט מיך איבער! מאַכט מיך איבער!

ניט איינער האָט אים געפּרוווט אַף זײַן אויפן איבערמאַכן.

— לייג זיך, נאָכעמקע! — און נאָכעמקע לייגט זיך געהאָרכזאַם.

— ציִ אויס די פיס, ציִ אויס די הענט!

— פאַרמאַך די אויגן!

— זאָג ווידוי!

עזרע האָט געזען, ווי די קאַצאָווים־יונגען האָבן אַנומלטן פאַרפירט נאָכעמקען אין יאַטקע און צוגעזאָגט אים איבערמאַכן פאַר אַ הירש. נאָכעמקע האָט אָוועקגעלייגט זײַן קאָפּ אַף דעם פאַרבלוטיקטן פליישׂ־קלאָץ, און ווען איינער פון די קאַצאָווים־יונגען האָט פאַרהויבן איבער זײַן קאָפּ די האַק, האָט נאָכעמקע רויִק געזאָגט:

— האַק! האַק! אַ קאָפּ איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן אַף טראַכטן! אַ קאָפּ דאַרף דער־לאַנגען ביז צו די הימלען! נאָר אויב דער קאָפּ ווערט דערנידעריקט, אויב מע וואַרפט אין אים שטיינער, איז דער קאָפּ קיין קאָפּ ניט!

עזרע האָט ניט איין מאָל באַגעגנט נאָכעמקען אַ צעבלוטיקטן, ניט איין מאָל געזען, ווי מיט פאַרהויבענע הענט אין דער הייך שרײַט ער אויס זײַן ווייטעק:

— קינדער, טשעפּעט מיך ניט! קינדער, הערט מיך אויס, כאָטש איינמאָל אין לעבן הערט מיך אויס! טשעפּעט מיך ניט! גענוג וואָרפן אין מיר שטיינער, מיר טוט אַזוי אויך גענוג ווי. קינדער! טײַערע קינדער, וואָס טוט איר? באַטראַכט זיך! איר וועט דאָך אויך אויסוואַקסן, איר וועט דאָך אויך אַמאָל ווערן גרויסע, און עפּשער, האַלעווײַ זאָל עס אַזוי ניט זײַן, און עפּשער וועט אויך עמעצער פון אײַך באַגעגענען, מע זאָל אים איבערמאַכן. באַטראַכט זיך, קינדער!

אויך איצט הערט ניט אויף נאָכעמקע בעטן עזרען:

— מאַך מיך איבער! מאַך מיך איבער פאַר א פּויק!..

פון דעם טאָג אָן האָט עזרע פּרײַנטלעך זיך גענומען באַגריסן מיט קאַמסקין.

איינמאָל שפּעט באַנאַכט האָט קאַמסקי קוים זיך דערוואַרט אָף עזרען. קאַמסקי איז געווען בעגילופנדיק.

— מאַעסטראָ, — האָט ער זיך געווענדט צו עזרען, — הערט מיך אויס! איך בין טאַקע א צעבראָכענע קיילע, אָבער אויסהערן באַדאַרפט איר מיך! איך שטעל זיך פאָר, וואָס איר טראַכט וועגן מיר... א מעשומעד, א שיקער, א בראָדיאַגע, כאַ־כאַ־כאַ! מעשומעד — א שרעקלעך וואָרט, א פאַרהאַסט און באַשפּיגן וואָרט... און פאַרדינט, קאָשער פאַרדינט! — קאַמסקי דרייט צונויף זײַן סטודענטיש היטל, ווי ער זאָל עס וועלן אויסקוועטשן פון שמאַד. — א מעשומעד, — הערט ער ניט אויף פּליקן די שוואַרצע לאַק־ברעקלעך פונעם געוועזענעם גלאַנציקן דאַשעק. — איך האָב געוואָלט לערנען, איך האָב געגאַרט נאָך וויסן, מיך האָט געצויגן צו ליכט, האָט מען מיך אַלס ייִדן אין אוניווערסיטעט ניט געוואָלט אָנעמען, בין איך צו דער ליכט דורך פינצטערניש געגאַנגען — איך האָב זיך געשמאַדט. און דאָ האָט זיך עס אָנגעהויבן! דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך די האָר פון קאָפּ געריסן, זיך געזעצט שיווע, ביטער געוויינט, זיי האָבן מיך אויסגעריסן פון זייער הארצן און אויסגעמעקט פון זייער געדעכעניש. מײַן שטעטל אין אוקראַינע איז געגאַנגען כאַדאָראָם, אונדזער שטוב האָט מען אָף מײַלן אויסגעמיטן. קינד־און־קייט האָט געלאַכט: „וויבאַלד ער האָט פאַרביטן איין עמונע, וועט ער זיך לאַנג ניט האַלטן בא דער צווייטער. איז צוליב וואָס האָט עס אים געלוינט! ער האָט בלויז אָפּגעלייגט דעם דאַלעס אָף איין טאָג שפּעטער. אַזוי האָט ער ניט געהאַט אָף שאַבעס, און אַצינד וועט ער ניט האָבן אָף זונטיק...“

— איר פאַרשטייט, — האָט קאַמסקי פאַרגעזעצט, — אין מײַן אַלטער היים האָט מען מיך פאַרשאָלטן, און אין דער נײַער בין איך א פרעמדער. איינמאָל אָף א לעקציע האָט דער פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע געהאַלטן אין איין דערווײַזן, אַז יעזוס איז דער גאָט פון אַלע געטער. „די קאַטוילישע עמונע איז די עמונע איבער אַלע עמונעס. אַזוי, קאַמסקי? — רופט דער פּראָפעסאָר פּלוצעם מיך אַרויס אַלס איידעס. — איר, ווי א געוועזענער ייִד און איצטיקער קריסט, קאָנט מער ווי עמעצער אַנדערש דערציילן וועגן דעם“. אַלעמענס בליקן זײַנען געווען געווענדט צו מיר. און איך, דער מעשומעד, דער געוועזענער ייִד, האָב א שמייכל געטאָן און געזאָגט: „בא מיר האָבן אַלע געטער איין פּאָנעם, זיי זײַנען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן... און וואָס שײַעך דעם ראַוו מיטן גאַלעך, איז היינע אַוואַדע גערעכט — זיי שטינקען ביידע באַגלײַך!“ — ביז איצט קאָן איך זיך ניט פאַרשטעלן, וויאַזוי איך בין אַרויס א לעבעדיקער...

נאָך יענעם באַנאַכטיקן געשפּרעך זײַנען עזרע מיט קאַמסקין געוואָרן פרײַנט. עזרע האָט אָפּגעזאָגט זײַן פריערדיקן לערער פון רוסיש און גענומען לערנען בא קאַמסקין. קימאַט אַלע קאַמסקיס טאַלמידים פלעגן זייער סכאַר־לימעד אַרײַנטראָגן דער באַלעבאָסטע, בא וועלכער זייער לערער האָט געוווינט אָף אַלעם גרייטן. קיין געלט האָט קאַמסקי בא זיך ניט געטאָרט האַלטן, אַנדערש וואָלט ער קיינמאָל ניט ניכטער געווען. עזרע איז בא קאַמסקין געווען גאָר א באַזונדער מין טאַלמיד — א טאַלמיד ניט צוליב פּאַרנאָסע, א טאַלמיד — א פרײַנט און כאַווער.

פרײַטאָג, ווי נאָר פּאַולינע פלעגט אַוועקגיין אָף דער אַרבעט אין דער בלומען־קלייט, פלעגט קאַמסקי אַרײַנקומען צו עזרען אָן שום האַכאָנעס, אָנהייבן זײַנע לעקציעס, אַלציינס צי האָט ער געטראָפן עזרען אין בעט, באַם פרישטיק, באַם אָנשטעלן דעם פידל, צי באַם איבערשרײַבן נאָטן. דאָס איז געווען די סאַמע פּאַסיקע צײַט — פאַר דער נאַכט האָט ער זיך באַוויזן אויסניכטערן און פרײַטאָג — נאָך ניט באַוויזן זיך אָנצושיקערן. לערנענדיק מיט עזרען, האָט קאַמסקי אַפילע ניט באַמערקט, ווי די צײַט גייט.

— ניטאָ אַזאַ וואָרט, וואָס זאָל ניט האָבן זײַן וואָרצל, זײַן אָפּשטאַמונג, זײַן געשיכטע. דער וואָרצל פון יעדן וואָרט בלײַבט שטענדיק אומגעשטערט, און דאָס וואָרט אַליין האַלט זיך אין איין ענדערן! — קאַמסקי שפּאַנט הין און צוריק איבערן צימער, און זײַן ברוסטיקע שטים קלינגט אין דער פאַרטאָגיקער שטילקײַט. — א פּראָזע דאַרף טראָגן די ווערטער, ווי א הענגל טראָגט זײַנע

זאפטיקע אָנגעגאָסענע ווײַנטרויבן! — קאַמסקי זויגט זיך אײַן אינעם רוסישן וואָרט מיט די ליפּן און ברענגט עס אַרויס מיט אַ סיבירער שטײַפקייט און זוניקער וואַרעמקייט.

עזרע האָט געהערט אָנגעשטרענגט, דערפילט און באַגריפן די מוזיק, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אינעם וואָרט — אַ וואָרט מיט מוזיק.

■———————————————————————

די ייִדישע שרײַבער פּערעץ און דינעזאָן האָבן שוין ניט איין מאָל באַזוכט דעם לאַנגן פינצ־טערן קאָרידאָר. דינעזאָן האָט דאָ געזוכט האַרצרײַסנדיקע געשיכטעס: דערשלאָגענע קינדער, טשעכאָטעטשנע באַלמעלאָכעס און קראַנקע מאַמעס, אַלץ אַזוינס, וואָס זאָל אָנפילן די טרערן־קוואַלן, אַז באַם שרײַבן און דערנאָך באַם לייענען זאָל זיך וויינען און וויינען. און פּערעץ האָט דאָ, אין דער פינצטער, געזוכט ליכטיקע שטראַלן, ער האָט, ווי פּערל, געשנורעוועט יעדע כאָכמע, יעדעס גלײַכװאָרטל, יעדן מאָשל און זיך אָנגעכאַפּט אין דער מינדסטער האָפענונג, אין דעם מינדסטן גלויבן, וואָס האָט אופגעשײַנט דאָ באַ דעם אָדער יענעם אײַנוווינער פון קאָרידאָר.

באַזונדערס האָט פּערעץ זיך פאַרינטערעסירט מיט זיאַמע דעם זייגערמאַכער, מיטן „פילאָסאָף פון קאָרידאָר", וואָס האָט אַליין געגלייבט און אָנגעשטעקט אַנדערע מיט גלויבן אין בעסערע צײַטן. פּערעץ האָט ניט געשאַנעוועט זײַן קעשענע־זייגערל און האָט אַרויסגעקוקט, אַז וואָס אָפּ־טער זאָל זיך אין דעם „אָפּשטעלן דאָס האַרץ", ער זאָל האָבן אַ טערעץ פאַר זיאַמען. און האָט דאָס זייגערל זיך אײַנגעשפּאַרט און דאַפקע געוואָלט גיין, האָט שוין פּערעץ קיין אַנדער ברירע ניט געהאַט, ווי ברענגען דער פרויס זייגערל אָדער גאָר אויסגעפינען אַ קאַליע זייגערל, וואָס האָט יאָרנלאַנג זיך געוואַלגערט צווישן ברוכוואַרג.

אויך אין אָט דעם זומער־פאַרנאַכט איז פּערעץ געקומען צו זיאַמען מיט „אַ קאַליע ספּרוזשינקעלע, וואָס נייטיקט זיך אין אַ פּאַטשינקעלע". און געקומען איז פּערעץ אַליין, אָן די־נעזאָנען, ווײַל מיט דינעזאָנען וואָלט ער באַדאַרפט דורכגיין דעם גאַנצן קאָרידאָר און אויסהערן אַלע טרויעריקע געשיכטעס, און פאַר זיאַמע דעם זייגערמאַכער וואָלט שוין קיין צײַט ניט גע־בליבן. דאָס מאָל האָט זיך פּערעץ געוואָלט לענגער פאַרברענגען מיט זיאַמען.

זיאַמע איז דורך דעם שפּאַקטיוו אָפּן אויג טיף אַרײַנגעדרונגען אינעם אינגעווייד פונעם זייגערל און ווי פון אַ קוואַל געשעפּט פון דעם. ווערטלעך, געדאַנקען, כאָכמעס, מעשאָלים און אַרײַנזאָגעכצן האָבן זיך אָן אופהער געשאָטן פון זײַן מויל. פּערעץ האָט הילכיק געלאַכט און האַ־נאָעדיק געצופּט זײַנע שוואַרצע געדיכטע וואָנצעס.

פלוצעם האָבן זיך פון הינטער דער וואַנט דערטראָגן פידל־קלאַנגען.

פּערעץ האָט איבערגעריסן זיאַמען:

— סאַראַ וווּנדערלעכע שפּיל! ווער איז עס? וואָס שפּילט ער?

און זיאַמע, וואָס האָט ליב געהאַט בעאַריכעסדיק דערציילן, אַרײַנפלעכטן אַ מײַסע אין אַ מײַסע, אַ מאָשל אין אַ מאָשל, האָט איצט מיט געציילטע ווערטער איבערגעגעבן פּערעצן, אַז באַ זיי אין קאָרידאָר וווינט פעדאָצערס אַ טאַלמיד, וואָס ווײַל אָנקומען אין דער וואַרשעווער מוזיק־שול, און שפּילן שפּילט ער איצט פעדאָצערס „דאָס ווילנער באַלעבעסל".

— סאַראַ גליקלעכע באַגעגעניש! — האָט אויסגעשריִען פּערעץ. — סײַ פעדאָצערן און סײַ יויעל־דאָווידן, דאָס ווילנער באַלעבעסל, טראָג איך שוין לאַנג אין זיך, זיי לעבן טיף אין מיר. וועגן פעדאָצערן האָב איך שוין אָנגעוואָרפן עטלעכע וואַריאַנטן, און אויך ער, יויעל־דאָוויד, לאָזט מיך ניט צורו. פעדאָצער האָט זיך טיף דערגרונטעוועט צו יויעל־דאָווידס אומגליק... און דעם פידלער שרעקט געוויס דער גורל פונעם ווילנער באַלעבעסל. סאַראַ גרויסע טעמע!

די מעלאָדיע איז געוואָרן אַלץ טרויעריקער און טרויעריקער, די קלאַנגען האָבן זיך געבעטן, געצאַרנט, באַשולדיקט און געזוכט אַן אָנשפּאַר. און אָט איז די עלעגיע געענדיקט.

פּערעץ האָט לאַנג געשוויגן. און זיאַמע האָט ניט געוואַגט שטערן אים און אַרײַנפאָרן אפילע מיט אַ זייגער־מאָשל.

פּערעץ האָט געבעטן זיאַמען אים באַקאַנען מיטן פידלער.

זיאַמעס פרוי טשיפּע־שיפרע איז אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר און ניט מיט איר קאָל גענור־מען שרײַען:

— עזרע! גיי גיכער! פּערעץ, ער אַליין, דער שרײַבער פּערעץ, ווײַל זיך מיט דיר באַקאַנען!

עזרע האָט פלינק זיך גענומען איבערטאָן, און וואָס מער ער האָט געײַלט, אַלץ לענגער האָט געדויערט. אים האָט זיך ניט געגלייבט: וויאַזוי איז עס מעגלעך? פּערעץ? פּערעץ, וועמעס אַ סאַך לידער ער קען אַף אויסווייניק, וועמעס בילד עס הענגט באַ מיריעמען אין שטוב!.. אויב דאָס איז מעגלעך, איז אַלץ אין דער וועלט מעגלעך!

יאָ, דאָס איז ער, פּערעץ, — די זעלבע געדיכטע שווארצע וואָנצעס, די זעלבע ברענענדיקע אויגן, דער זעלבער שמייכל, וואָס אויפן בילד.

פּערעץ האָט זיך פאַנאַנדערגעפּרעגט וועגן פעדאָצערן, נאָר עזרען איז שווער געווען צו ריידן, ענטפערן וואָלט ער איצט געקאָנט בלויז אויפן פידל. און פּערעץ האָט אַליין גענומען ריידן וועגן פעדאָצערן:

— פעדאָצער איז געבענטשט מיט יענעם טיפן טרויער, וואָס עפּנט דעם וועג פאַר עכטער פרייד. די עלעגיע וועגן ווילנער באַלעבעסל, וואָס איך האָב דאָ נאָרוואָס געהערט, דאָס איז דער שיר־האַשירים פון פעדאָצערס נעשאָמע. איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז מיט אָט דער עלעגיע זאָלן זיך באַקאַנען מײַנע נאָענטע פרײַנט, דער פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער מוזיק־שול באָלעסלאַווסקי און שאַבעלסקי, דער דיריזשאָר פונעם אָפּערע־אָרקעסטער. איך וועל טאָן אַלץ, אַז זיי זאָלן אײַך אויסהערן און מיטהעלפן מיט אַלץ, וואָס מעגלעך איז...

עזרע האָט באַ פּאָלינען אין צימערל נאָך ניט באַוויזן קומען צו זיך נאָך דער אויסערגעוויינ־לעכער באַגעגעניש, ווי עס איז אַרײַנגעלאָפן שאַלעמקע און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אויסגעשריִען:

— צוויי בריוו! איינער פון ליפּאָוועץ, דער צווייטער פון בערדיטשעוו!

שאַלעמקע האָט אַ נײַגעריקער נאָכגעשפּירט, ווי עס האָבן געציטערט עזרעס פינגער באַם עפענען די קאָנווערטן, ווי עזרעס אויגן זײַנען אומרויִק געלאָפן איבער די שורעס, ער האָט נאָכ־געשפּירט נאָכן שמייכל אויף זײַנע ליפּן, נאָכן פּנים, וואָס אָט האָט עס זיך געררויטלט און אָט איז עס בלייך געוואָרן.

עזרע האָט אָנגעהויבן פון מיריעמס בריוו:

„...פריִער, ווען דו האָסט נאָך געלעבט אין ליפּאָוועץ, האָב איך קיין זאַך אין דער וועלט אַזוי ניט ליב געהאַט, ווי אַ כאַסענע. מיר האָט זיך שטענדיק געדוכט, אַז דאָס שפּילסטו ניט פאַר כאַסן־קאַלע, נאָר פאַר מיר, אַלץ, וואָס דו האָסט מיט קיין ווערטער ניט געזאָגט, גיסטו איבער מיטן פידל. און איצט, אַז עס קומט אַ כאַסענע, וואָלט איך אַנטלאָפן ווו די וועלט האָט אַן עק... איז אַ כאַסענע אין שטעטל, איז אַלע אין איין קאָל: „האָסט ניט וואָס צו וואַרטן אויף אים — ער איז פאַר דיר אַ נעכטיקער טאָג... פאַרגעס ניט, ווער דו ביסט, און ווער ער איז, ער איז געוואָרן אַ וואַרשעווער, און דו ביסט אין ליפּאָוועץ געבוירן און אַ ליפּאָוועצער וועסטו פאַרבלײַבן, וואַרשע מיט ליפּאָוועץ איז קיין פּאָר ניט! ביזוואַנען איז דער שיר?"

די ווײַטערדיקע שורעס פון דעם בריוו גלײַכן זיך אויס, די אויסיעס זעען אויס פעסטער און זיכערער באַ זיך, און דאָס באַרויִקט עזרען.

„...שפּאַצירן גיי איך אַרויס אָדער די ערשטע, אָדער די לעצטע — איך וויל ניט, מ'זאָל אונדז שטערן. די לעוואָנע, וואָס איז אי אַ ליפּאָוועצער אי אַ וואַרשעווער, טראָגט מיר שטענדיק אַנטקעגן אַ ליכטיקן גרוס פון דיר. איך הייב אויף די אויגן צום הימל און זוך צווישן אַלע שטערן דײַן שטערן. און אַז איך געפין אויס דעם סאַמע ליכטיקסטן, רוף איך אים אָן מיט דײַן נאָמען און בעט אים, ער זאָל דיר שײַנען און שײַנען... דו פרעגסט זיך נאָך וועגן דעם לינעצער כאַוער דײַנעם, וועגן עלישען, מיט וועלכן דו האָסט זיך געלערנט באַ פעדאָצערן. איז קום איך דיר צו מעלדן, אַז עס האָבן זיך צעטראָגן וועגן אים גאָר ניט קיין פריילעכע קלאַנגען. אַנומלטן, ווען איך האָב אופגעהויבן די אויגן אין דער הייך, האָט אַ ליכטיקער שטערן זיך אָפּגעריסן פון הימל, און, פאַלנדיק אויף דער ערד, האָט ער זײַן לעצטן בליץ געגעבן און זיך אויסגעלאָשן. דער שטערן איז אַזוי גיך געפאַלן, אַז ער האָט אַפילע ניט באַוויזן צו צאַנקען, און שטעל זיך פאָר, פונקט אין דער רעגע איז מיר עלישע אַרופגעקומען אויפן זינען. אוי, סאַראַ שלעכטער סימען דאָס איז! האַלעוואַי וואָלט זיך עס אויסגעלאָזט צום גוטן. יעדער מענטש אויף דער ערד האָט דאָך אַ שטערן אין הימל. און פאַלט דער שטערן, פאַלט דער מענטש, און לעשט זיך אויס דער שטערן, ווערט פינצטער דעם מענטשן, און דער מענטש ווערט אויס מענטש..."

גרוסן און גרוסן... עס גריסט אים זײַן טאַטע און איר טאַטע, זײַן מאַמע און איר מאַמע, לייבל און אַלע אירע ברידער, זײַנע שוועסטער און אירע שוועסטער, זײַנע קרויווים און אירע קרויווים, און קינדער, אַלעמענס קינדער לאָזן גריסן גאָר פרײַנטלעך. עס גריסן די שכיינים. עס גריסט די גאַנצע גאַס, ס'גריסט גאַנץ ליפּאָוועץ, און אַלע ווי איינער ווינטשעווען אים, ער זאָל שטאַרק „אוספּייען" אין לעבן.

מיריעם האָט פאַרגעסן, אַז דאָ באַדאַרף מען ענדיקן דעם בריוו, און האָט ווידער אָנגעהויבן פון אָנהייב און ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל „עזרע", „עזרע", „עזרע"!

„... איך האָב פאַר מײַן אייגן געלט, וואָס איך פאַרדין פונעם אויסנייען, אַ ווײַס קלייד זיך אופגענייט. עס פּאַסט מיר, דאָס זאָגן אַלע. איך בין אומישנע געגאַנגען צום אַפּטייקער אַ קוק געבן אויף זיך אין זײַן גרויסן שפּיגל. יאָ, אינדערעמעסן, עס פּאַסט מיר... אָט דאָס ווײַסע קלייד וועל איך אָנטאָן דעם טאָג, ווען דו וועסט אויסהאַלטן די עקזאַמענעס. אין דעם טאָג, ווען איך וועל דיך

גיין באַגעגענען. און דערווײַל ביז עפּעס וואָס איז מיר אומעטיק אָן דיר. פעדאָצערס שורעס, וואָס דו האָסט פאַר מיר געבראַכט אין איינעם פון דײַנע בריוו, האָבן זיך שטאַרק מיר אײַנגעקריצט אין זיקאָרן: „ניט גוט איז דעם מענטשן אַליין צו זײַן, ער איז ווי אַ פאַרגעסענער זאַנג אויף אַן אָפּגעשניטן פעלד, ער איז ווי איין נאָטן־צייכן אויף אַ גרויסן ניט־פאַרשריבענעם בויגן. און וואָס איז איין נאָטן־צייכן? אַ שטומער קלאַנג, גאָרניט מיט נישט...“

פעדאָצערס בריוו הייבט זיך אָן מיט אַן אויסגעצאַצקעוועטן „ליכוויד“, מיט „אַ לאַמנאַצייעך אַל האַנגינעס“ — מיט אַ לויבגעזאַנג דעם שפּילער.

„...מײַן זון, מײַן יורעש! אייביק זאָל דײַן ליכט שײַנען! מײַן טאַלמיד, מײַן נאָכגייער, איבערשטײַגן זאָלסטו מיך, דײַן פאַרגייער! די קרוין פון מײַן קאָפּ, קיינמאָל זאָלסטו ניט אַראָפּפאַלן! זאָל דײַן נאָמען זיך טראָגן ווײַט, ווי דער רייעך פון די געווירצן, וואָס ווערן אויסגעליידיקט פון איין קיילע אין דער צווייטער. זאָל אומעטום דײַן נאָמען זײַן צו לויב, צו שיינקײַט און צו בראָכע. לעב עוויג גליקלעך — אָמיין! אין די ווײַטערדיקע שורעס פון מײַן בריוו טו איך טאָן זאָגן: אַזוי ווויל איז צו מיר, וואָס איך גיי אַוועק פון דער וועלט און לאָז איבער אַ יורעש, ווײַל שטאַרבן און ניט איבערלאָזן קיין יורעש הייסט ניט געלעבט. די וועלט וואָלט קיין קיִעם ניט געהאַט, ווען די אַוועקגייענדיקע וואָלטן ניט איבערגעלאָזט קיין יערושע און ווען די פאַרבליבענע וואָלטן ניט געיאַרשנט. „מעסוירע“! דו געדענקסט, וויפל מאָל איך האָב גערעדט וועגן דעם? „מעסוירע“ הייסט — דאָס גיין און איבערגיין פון האַנט צו האַנט, דאָס איבערגעבן פון מויל צו מויל און פון האַרץ צו האַרץ, דאָס אַוועקגיין און גיין, גיין!“

עזרע קאָן מער ניט אײַנשטיין אויף אָן אָרט. מיט פעדאָצערס בריוו אין דער האַנט הייבט ער אָן שפּאַנען הין און צוריק איבערן צימער. נאָר אָט בלײַבט ער שטיין און ציטערט אויף: פעדאָצער רעדט וועגן עלישען.

„ווו איז עלישע, פרעגסטו מיך? דאָס זעלבע פרעג איך אויך. עלישע! עלישע! ווען איך דערמאָן זײַן נאָמען, ברומען אין מיר מײַנע געדערים און עס וויינט אין מיר מײַן האַרץ. ווי איז דעם רעבן, וואָס זײַן טאַלמיד איז פאַרטריבן געוואָרן פון זײַן טיש, און ווי איז דעם טאַלמיד, וואָס האָט ניט קיין היים, וואָס האָט ניט קיין טיש, וואָס האָט ניט קיין רעבן! מ׳זאָגט: אַ פערל איז אומעטום אַ פערל. נאָר ווי איז צום פערל, וואָס וואַלגערט זיך אין מיסט. ווי איז צום פערל, וואָס באַצירט ניט און דערפרייט קיינעם ניט!“

„די לעצטע צײַט, — שרײַבט פעדאָצער, — האַלט איך זיך אָפּ און פאַר ווייניקער אויף כאַסענעס. שוין ניט די יאָרן, און שוין ניט יענע קויכעס, די עלטער שאַנעוועט ניט. נאָר ווען מ׳האָט פאַרבעטן מײַן קאַפּעליע קיין לינעץ, האָב איך זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט — אין לינעץ וווינען עלישעס עלטערן, און מיר האָט זיך געוואָלט מיט זיי באַקאַנען, זיך זען מיט זיי און זיך דערוויסן, וווהין איז עלישע אַהינגעקומען, וואָס האָט פאַסירט מיט אים. מײַן האַרץ איז צעריסן געוואָרן פאַר עלישען, וואָס נאָוונאַדעוועט ערגעץ איבער דער וועלט און קיינער ווייסט ניט, וווהין ער איז אַהינגעקומען, פאַר כײַע־עסטערן, דער מאַמען זײַנער, וואָס שעלט, רײַסט פון זיך שטיקער און באַוויינט לעבעדיקערהייט איר איין־און־איינציקן זון, און פאַר אים, פאַר כאַצקעלען, פאַר עלישעס פאָטער — דעם ניט־פאַרשטאַנענעם עלנט־איינזאַמען שניצער. זײַנע געבענטשטע הענט און זײַן געבענטשטע נעשאָמע זײַנען איבעריק אין לינעץ. איך בין אַרײַן צו אים אויף אַ האַלבער שאָ, און אָפּגעזעסן בין איך העכער אַ האַלבן טאָג, און כאַצקעלע האָט זיך געהאַלטן בא מיר אין איין בעטן: „וואָס אײַלט איר, איר זײַט דאָך ערשט אַרײַן?“ און ווען כ׳האָב זיך געמאַכט האַרץ, אָנגענומען מיט קויכעס און אַרויס פון שטוב, איז כאַצקעלע מיט מיר מיטגעגאַנגען, געטיאָפּקעט מיט מיר איבער אַלע בלאָטעס, מיך געהאַלטן אין איין אײַנרעדן, אַז מיר גייען דורכן סאַמע קירצסטן וועג, און געפירט האָט ער מיך דורכן סאַמע לענגסטן. ווען איך זאָל זיך בא אים ניט געוויען בעטן, ער זאָל מיך ברענגען צו דער אַכסאַניע, ווײַל איך קאָן נאָך פאַרשפּעטיקן צו דער כאַסענע, איז ווער ווייסט, וווהין ער וואָלט מיך פאַרפירט. אין אַ שאָ אַרום נאָכן אָפּגעזעגענען זיך מיט מיר האָט כאַצקעלע ניט אויסגעהאַלטן און איז ווי אַ ניט־געבעטענער מעכוטן געקומען אויף דער כאַסענע, אַז אין די מינוטן פון איבערײַס, ווען די קאַפּעליע רוט אָפּ, זאָל ער מיך ווידער קאָנען זען, ווידער מיט מיר עפּעס ריידן, דערציילן און דערמאָנען זיך. פאַרטאָג איז ער מיט מיר געגאַנגען אויף דער אַכסאַניע, און ווען כ׳האָב זיך שוין געלייגט אין בעט, האָט ער אַלץ ניט געקאָנט אַוועקגיין, ער איז געזעסן לעבן מיר און באַוויינט עלישען, זײַן איין־און־איינציקע האָפענונג, וואָס האָט אים אַזוי ביטער אָפּגענאַרט... עלישע! עלישע! וואָס האָסטו געטאָן מיט דײַן טאַטן? וואָס האָסטו געטאָן מיט דײַן רעבן? ווער ווייסט, צו וואָס ער קאָן נאָך דערגיין און וווהין ער קאָן זיך נאָך דערקײַקלען, ווײַל דאָס פאַלן האָט קיין גרונט ניט און איז אומענדלעך, ווי דאָס שטײַגן אַרויף“...

פון עזרען שרײַט מיטאַמאָל אַרויס:

— ווו איז עלישע? וואָס האָט פּאַסירט מיט עלישען?

אויב עלישע איז ניט אָנגענומען געוואָרן אין ווארשעווער מוזיק־שול, וועט ער, עזרע, אוודאי און אוודאי ניט אָנגענומען ווערן, ווייַל ווי קומט ער צו עלישען. אזעלכע פידלער, ווי עלישע, זייַנען קיין סאך ניטאָ. אויב עלישע איז אראָפּ פון וועג, איז אַף וועלכן וועג קאָן ער ארוף? פאלט ער דורך אין ווארשע, איז אויך געענדיקט מיט ליפּאָוועץ — ער בלייַבט אָן א היים, אָן נאָענטע און אָן פרייַנט, ער אנטלויפט פון אלעמען, אנטלויפט פון זיך אליין. קיינער ווייסט ניט, וווהין ער איז אהינגעקומען, און פעדאָצער האלט זיך אין איין נאָכפרעגן: ווו איז עזרע? וואָס האָט פּאַסירט מיט עזרען?

עזרעס אומרויִקע אויגן לויפן ארום איבער פעדאָצערס בריוו, זיי זאמלען צונויף אלע טרייסטנדיקע און רופנדיקע שורעס, און עס ווערט אים לייַכטער.

— דו פארשטייסט, שאָלעמקע, — קאָן עזרע מער ניט אייַנהאלטן זייַנע געפילן אין זיך, — קיינמאָל טאָר מען זיך ניט אָפּשטעלן אפן מיטן וועג.

שאָלעמקע איז נייַגעריק צו וויסן, וואָס איז פּאָרט געשען מיט עלישען, און ער פרעגט:

— ווו זשע איז ער געווען?

— ווער? — קוקט אים אָן עזרע.

— וואָס הייסט ווער? עלישע? ער האָט זיך געפונען צי נייִן?

— נייִן, שאָלעמקע, ער האָט זיך ניט געפונען.

— וואָס זשע האָט איר זיך אזוי דערפרייט?

— איך? ווען?

— נאָרוואָס. די גאנצע צייַט, ווען איר האָט געלייענט דעם בריוו, זייַט איר געווען אומעטיק, און מיטאמאָל האָט איר זיך דערפרייט.

עזרע פרווט פארפירן אַן אנדער געשפרעך. נאָר שאָלעמקע לאָזט זיך ניט אראָפּפירן פון וועג.

— אוי, שאָלעמקע, ס׳איז זייער א לאנגע מייַסע.

— אַן אינטערעסאנטע מייַסע ווערט קיינמאָל ניט דערעסן. דערציילט, דערציילט! — איז שאָלעמקע אלץ ניט אָפּגעטראָטן.

— „אמאָל איז געווען א מייַסע", — הייבט אָן עזרע. און שאָלעמקע קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. וויִאזוי ער זאָל זיך ניט זעצן, וויִאזוי ער זאָל ניט אויסדרייען דעם קאָפּ צו עזרען, דוכט זיך אים אלץ, אז ער זיצט ניט גענוג נאָענט, אז ער וועט עפּעס וואָס דורכלאָזן און ניט דערהערן.

— נייִן, — רייַסט עזרע גלייַך איבער דעם ניגן און הייבט ווידער אָן פון אָנהייב, — ניט אמאָל איז עס געווען, נאָר איצט, אין אונדזערע טעג... „די מייַסע איז גאָרניט פריילעך"... האָבן זיך די ווערטער ווידער פארבענקט נאָכן ניגן — די מייַסע הייבט זיך אָן ניט וועגן א יִדישן מיילעך.

— וועגן א וואָסער זשע מיילעך?

— וועגן א מיילעך, וואָס האָט ניט פארמאָגט קיין מעדינע און זייַן קיניגרייַך איז געווען דאָס סאמע גרעסטע — א וועלט א גאנצע — די וועלט פון נעגינע. וועגן א מיילעך, וואָס האָט ניט געהאט קיין אויצרעס פון גאָלד און זילבער, נאָר זייַן אויצער איז געווען דער רייַכסטער פון אלע אויצרעס — דער פידל. וועגן א מיילעך, וואָס האָט קיין כאיִל ניט געהאט, קיין בלוט ניט פארגאָסן און קיינמאָל קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן, — ער האָט בלויז מיט זייַנע קלאנגען הערצער געפאנגען. דאָס איז די מייַסע וועגן עלישען, וועגן עלישע דעם פידלער...

— פונוואנען איז ער?

— פון לינעץ.

— ווו איז ערגעץ לינעץ? לעבן סאמבאטיען, אונטער די האָריי־כוישעך צי ערגעץ לעבן די מידבאָריעס?

— ניט לעבן סאמבאטיען, ניט לעבן די האָריי־כוישעך, ניט לעבן די מידבאָריעס, נאָר לעבן ליפּאָוועץ.

— פון דעם זעלבן ליפּאָוועץ, פונוואנען איר זייַט געקומען? פון דעם זעלבן ליפּאָוועץ, פונוואנען דער זיידע, דער טאטע מיט דער מאמע זייַנען געקומען?

— יאָ, יאָ.

— אויב אזוי, איז דאָך דאָס אפדערעמעסן און ס׳איז ניט קיין מייַסע.

— נייִן, ס׳איז א מייַסע. אַן עמעסע מייַסע... ניטאָ קיין שענערע מייַסעס, ווי די מייַסעס וועגן פידלער. א פידלער איז מער אי פון א מיילעך, אי פון א מאלקע, אי פון א בענמעלעך און באסמאלקע.

עזרע פלעכט ארייַן אין זייַן מייַסע פעדאָצערס באשרייַבונג, וואָס ער האָט דאָ ערשט איבערגעלייענט אין זייַן בריוו וועגן עלישעס שטוב, ווו ער איז געבוירן, וועגן עלישעס טאטן און מא־

מען. ער מאלט אויס פאר שאלעמקען דאס בלאטיקע געסל, דעם שמוציקן הויף, דאס איינגעהויקערטע שטיבל. ער דערציילט וועגן כייע־עסטערס שעלטנדיק מויל און וועגן כאצקעלעס שוויגנדיקן שמייכל און וויינענדיקע קנייטשן אפן פאנעם.

עזרע מאלט אפ עלישען אין דער לענג און אין דער ברייט און שטעלט אים אוועק פאר שאלעמקען ווי ער שטייט און גייט:

— עלישע האט געהאט שפילעוודיקע פינגער, א זינגעוודיק מויל און לאכנדיקע אויגן. ווען ער איז נאך גאר א קליינער געווען, האט אים דער טאטע זיינער, כאצקעלע דער שניצער, אויסגעשניצט א פידל. מיט דעם פידל איז עלישע געשלאפן, מיט דעם פידל איז ער אופגעשטאנען. איינער אן אלטער פאן האט אויסגעלערנט עלישען לייענען נאטן. דער אלטער פאן, וועמען קיין זאך אין דער וועלט האט שוין ניט באוווּנדערט, האט מיטאמאל גענומען זיך וווּנדערן: „אזא, ווי דער עלישע, האט נאך די וועלט ניט געזען. ניט אנדערש, אז דער טייוול אליין שפילט אין אים". אין די פארנאכטן פלעגט עלישע מיט זיינע פידל־קלאנגען פארטרייבן די פייגל אין זייערע נעסטן, באגעגענען די לעוואנע, איינשלעפערן די וועלדער און פעלדער, די ביימער און גראזן, די טייכן און סאזשלקעס, די גאסן און געסלעך. און פארטאג פלעגן עלישעס פידל־קלאנגען באגעגענען די ערשטע שטראלן פון דער אופגייענדיקער זון... וואס גרינגער עלישען פלעגט זיך איינגעבן א מעלאדיע, אלץ מער פלעגט ער הארעווען איבער איר... און דו, שאלעמקע, טוסט פונקט פארקערט! דו, שאלעמקע, האסט פיינט הארעווען, אפגיין מיטן זיבעטן שווייס... עלישען האט זיך אויסגעדוכט, אז דער דריטער פינגער איז בא אים שוואכער ווי אלע איבעריקע, האט ער אים צורו ניט געלאזט. און בא דיר, שאלעמקע, שטייט אפ דער דריטער פינגער און דו טוסט גארניט, ער זאל קאנען דעריאגן די איבעריקע.

שאלעמקע איז רויט געווארן. א פארשעמטער באטראכט ער דעם דריטן פינגער זיינעם פון אלע זייטן און שטיל אין זיך זאגט ער אים צו, אז ער וועט אים מער ניט לאזן אפשטיין, אז ער וועט טאן אלץ אין דער וועלט, אז ער זאל ווערן א פינגער מיט אלע פינגער גלייך.

עזרע הייבט זיך אוף פון דער קושעטקע, בלייבט שטיין אינמיטן צימער און ווייזט שאלעמקען, וויאזוי עלישע פלעגט שטיין, וויאזוי ער פלעגט האלטן דעם קאפ, וויאזוי ער פלעגט נעמען דעם פידל אין דער האנט און וויאזוי ער פלעגט בארירן מיט די פינגער די סטרונעס. אט אזוי באדארף מען האלטן דעם פידל, אט אזוי באדארף מען שפילן! אט אזוי!

— צוזאמען מיט עלישען האבן מיר זיך געלערנט אין בערדיטשעוו, — זעצט זיך עזרע ווידער אוועק אף דער קושעטקע, — צוזאמען האבן מיר זיך געלערנט בא פעדאצערן. עלישע איז געווארן מיין בעסטער כאווער. אבער לאנג זיין צוזאמען האבן מיר ניט געקאנט, מיר האבן זיך געמוזט צעשיידן, עלישע איז אוועקגעפארן קיין ווארשע, ער האט געטרוימט אנקומען אין דער מוזיק־שול, נאר מ'האט אים ניט אנגענומען, ווייל ער, עלישע, איז אן ארעם יידיש באכערל... וואנדערט ער אזוי פון שטאט צו שטאט מיט זיין פידל...

שאלעמקעס לעכצנדיקע אויגןווארטן און בעטן זיך: „נו, און ווייטער, וואס האט ווייטער מיט עלישען געטראפן?" און עזרע ווייסט ניט, וואס ס'האט מיט עלישען ווייטער געטראפן, ווהין ער גייט און ווהין ער וועט קומען.

— ער וואנדערט אזוי פון שטאט צו שטאט מיטן פידל אין דער האנט. ער גייט און זוכט אלץ דעם פרישן שלאגנדיקן קוואל אף צו שטילן זיין דארשט. און ווהין ער קומט, זיינען די קוואלן פארמאכט; און אין וועלכער טיר ער זאל ניט אנקלאפן, עפנט זי זיך פאר אים ניט; ווהין ער זאל ניט קומען, זאגט מען אים: „גיי זיך ווייטער!" ער גייט און קומט צו א שיידוועג... די זון פארגייט... עס ווערט טינקעלער און טינקעלער, און עלישע ווייסט ניט, ווהין זיך קערן און ווענדן: רעכטס צי לינקס, אהין, ווו די זון גייט אוף, אדער אהין, ווו זי פארגייט, אף דארעם צי אף צאפן. און מיטאמאל הייבט זיך אוף א שטורעם, דער ווינט רייסט ארויס פון עלישעס הענט דעם פידל און פארווארפט אים הויך צו די כמארעס — עלישע בלייבט אליין מיטן סמיק אין האנט... און וואס קאן טאן דער סמיק אן דעם פידל, ער קאן בלויז וועקן די ווונדן... א רעגן — א מאבל... ס'דונערט, נאר עלישעס געשריי שרייט אים איבער: „פידל, מיין פידל! וואס זאל איך טאן אן דיר? וואס בין איך אן דיר?" און דער פידל שיקט זיין ענטפער דורכן בליץ, געשריבן מיט פייערדיקע אויסיעס: „עלישע! טייערער עלישע! אן דיר בין איך מער קיין פידל ניט. איך בין א שפענדל, וואס ווערט געטריבן פונעם דונער אף די כוואליעס פון פייער און וואסער... אוי, עלישע, פארוואס האט מען אונדז אזוי באליידיקט! פארוואס האט מען אונדז צעשיידט?"

שאלעמקען הייבט אן קלאפן א צאן אן א צאן, ער קארטשעט זיך צונויף, ווי דער שטורעם מיטן שלאקסרעגן, די דונערס מיט די בליצן וואלטן אים אליין ערגעץ ווייט פארטריבן. און א פארטריבענער וויל שאלעמקע איצט בלויז איינס — א גוטן סאף.

— וויפֿל צײַט ס'איז דורכגעגאַנגען, איז שווער צו זאָגן, נאָר ווען עלישע איז געקומען צו זיך, האָט ער זיך דערזען ערגעץ אין אַ ווײַטער מעדינע, אין אַ פֿרעמדער שטאָט. אין דער מיט צווישן דער שטאָט, וווּהין ער איז געקומען, און דער צווייטער, שכנישדיקער שטאָט איז געשטאַנען אַ הויכער באַרג, און אויפֿן הויכן באַרג איז געהאַנגען דער פֿידל. אַלע נאַכט פֿלעגט דער ווינט אויפֿוועקן די ווונדן פֿונעם פֿידל און דער פֿידל פֿלעגט שרײַען: „עלישע, ווו ביסטו? אָן דיר איז מײַן לעבן קיין לעבן ניט...“

— פֿײַל־פֿון־בויגן יאָגט זיך עלישע נאָכן געשריי פֿונעם פֿידל מיטן סמיק אין דער האַנט. ער וויל צוקומען צום פֿידל, און דער באַרג לאָזט ניט... עלישע פֿירט מיטן סמיק הין און צוריק אינדערלופֿטן, און די לופֿט ווערט פֿול מיט אַ פֿײַנפֿול געשריי: „איך גיי אויס נאָך דיר, פֿידל מײַנער!“

און אַט אַזוי כאַזערט זיך עס איבער נאַכט נאָך נאַכט. די אײַנוווינער פֿון די צוויי שטעט, וואָס געפֿינען זיך צווישן דעם הויכן באַרג, קאָנען ניט איבערטראָגן די גוואַלדן און געשרייען פֿון דעם פֿידל און דעם פֿידלער און מאַכן ניט צו מיט קיין אויג. זיי שלאָפֿן ניט, ווײַל דער ראַכמאָנעס איז בא זיי אָפּגעטאָן געוואָרן פֿון האַרצן — קיין איינער פֿון די אײַנוווינער, וואָס געפֿינען זיך אין די צוויי שטעט, האָט גאָרניט געטאָן אָף אומקערן דעם פֿידל צום פֿידלער...

דער שלעכטער סאָף דערשיטערט שאָלעמקען, און ער צעוויינט זיך הויך, אָף אַ קאָל. און פֿאַר עזרען זײַנען שאָלעמקעס טרערן ווי די טרערן פֿון צושוויער פֿאַרן אַקטיאָר דעם טראַגיקער — די העכסטע באַלוינונג. דער טרויעריקער סאָף פֿון דער מײַסע קערט אום עזרען צום ווײַטן ליכטיקן אָנהייב — ער דערמאָנט זיך יענעם שאַבייסנאַכטס, ווען ער, דער קלײנינקער עזרע, האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען בא שויעל דעם לאַנגן — ער האָט געטראָפֿן דעם טאָן „פֿאַ“ אָף דער סטרונע „סי“ און דעם טאָן „מי“ אָף דער סטרונע „רע“. שויעל דער לאַנגער האָט אים געכאַפּט אָף די הענט, אַרײַנגעלאָפֿן מיט אים אין שטוב און אָנגעהויבן שרײַען:

— יידן, אַ גוטע וואָך! אַ מאַזלדיקע וואָך! מאַזלטאָוו מיט אַ נײַעם קלעזמער!

עזרע איז איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט, יעדערער האָט אים געקניפּט און געקושט, און אַלע האָבן אין איין קאָל געשריִען:

— אַ גוטע וואָך! אַ מאַזלדיקע וואָך!

עזרען דוכט זיך, אַז יענע גוטע וואָך האָט זיך אומגעקערט און אַלע, וואָס זײַנען דאַן געזעסן בא זײַן טאַטן אין שטוב, זיצן אויך איצט און וואַרטן אָף אַ נײַעם אופֿגייענדיקן שטערן... און אַט לויפֿט אַרײַן שויעל דער לאַנגער און זאָגט אָן די גוטע בסורע:

— אַ גוטע וואָך! אַ מאַזלדיקע וואָך! אונדז קומט מאַזלטאָוו, אַט ערשט, די מינוט, איז עזרע ניסגאַלע געוואָרן — זיך אַנטפּלעקט! מאַזלטאָוו מיט אַ נײַעם רעבן פֿון נעגינע, פֿון פֿידל שפּילן!

— מאַזלטאָוו!

— מאַזלטאָוו!

פֿאָרזעצונג קומט

# יעשוע לאַצמאַן

## מײַנע טעג

איך צי הײַנט אויס די טעג אין רײ,
איך צי א בריק פון טאָג צו טאָג,
ס'איז לאַנג דער וועג, וווּהין איך גײ,
מײַן וועג איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג.

ס'איז יעדער טאָג פון פרייד געוועבט,
ס'איז דער קאַיאַר א נײַ געבוירט.
אין טרוים האָב איך מײַן מוט געשעפּט
און זיך צום לעבן אָנגעגורט.

איך צי א בריק פון טאָג צו טאָג,
עס הילכן בערג, דער הימל לאַכט,
א פויגל פליט, מיר דוכט, ער טראָגט
דעם נײַעם טאָג ארויס פון נאַכט.

* * *

לינען

איך ווייס ניט, וואָס דו טראַכסט
און וואָס דײַן האַרץ באַהאַלט,
איך ווייס נאָר, אַז דײַן האַנט
מײַן דאָרשטיק לעבן האַלט.

דו ריזלסט אין מײַן בלוט,
באַפליגלסט מיר מײַן הײַנט,
מײַן האָפענונג, מײַן מוט
דײַן טרײַשאַפט האָט באַשײַנט.

## עס פלאַצט דאָס אײַז

עס פלאַצט דאָס אײַז, דער שניי צעגייט,
אין הימל־בלוי די זון זיך באָדט.
איך זינג, איך לויף; א העלע פרייד
אין האַרץ בא מיר צעשפּרייט זיך האָט.

איך וואַקל זיך, איך גליטש זיך אויס,
איך הייב זיך אויף, איך שטיף, איך לאַך.
מיר ווינקען הענט פון יעדן הויז —
די ליכטלעך אײַז פון יעדן דאַך.

איך צי די הענט צום האָריזאָנט,
צו שטילער ווײַט פון יאָדלע־וואַלד.
עס ווערט דער ווײַטסטער וועג מיר
נאָ'נט —
איך בין א קינד, כאָטש כ'בין שוין אַלט.



עס איז געוואָרן 60 יאָר דעם ווילנער דיכ־
טער יעשוע לאַצמאַן. י. לאַצמאַן האָט אָנ־
געהויבן דרוקן זײַנע ערשטע לידער אין 1929
יאָר אין די אויסגאַבעס, וואָס ס'האָט דעמלט,
אין די שווערע באַדינגונגען פון דער בור־
זשואַזער ליטע, ארויסגעגעבן די ייִדישע
פּראָגרעסיווע שרײַבער־גרופּע.

אין 1940, ווען ליטע איז געוואָרן א סאָוועט־
טישע רעפּובליק, שליסט זיך יעשוע לאַצ־
מאַן אַקטיוו אײַן אינעם ליטעראַרישן לעבן
פון סאָוועטנפאַרבאַנד. ער דרוקט זײַנע
לידער אין דער קאָוונער צײַטונג „דער עמעס",
אין אַלמאַנאַך „בלעטער 1940", אין קאָמיר־
גישן זשורנאַל „שטראַלן".

די לייענער פון אונדזער זשורנאַל זײַנען
באַקענט מיט די לעצטע שאַפונגען פון יעשוע
לאַצמאַן, וואָס זײַנען פאַרעפנטלעכט אין
„סאָוועטיש היימלאַנד" און אין דעם זאַמלבוך
„האָריזאָנטן".

די רעדקאָלעגיע און די רעדאַקציע פון
„סאָוועטיש היימלאַנד" ווינטשן דעם דיכטער
צו זײַן יוביליי א סאַך געזונט און נײַע שעפע־
רישע דערפאָלגן.

עס גליט מײַן אויג: די זון איז שארף,
עס רוישט מײַן בלוט — מײַן לײַב
צעשפּארט,
אלץ, וואָס איך וויל, אלץ, וואָס איך
דארף, —
האָסטו, מײַן זון, פאר מיר געהאט.

איז הערט מײַן וואָרט, איז הערט מײַן ליד,
וואָס שטראָמט פון מיר — פון טיפסטן
קוואַל
און לאָזט מיך קײנמאָל ווערן מיד,
און הײבט מיך אוף, ווי נאָר איך פאַל...

° ° °

טוט א זעץ אין פּויק, אין באַס!
טרײסלען זאָל זיך שטאָט און גאַס.
ס'זאָל אראָפּ דער אלטער גליוועך,
ס'זאָל אים אופרײַסן דער פלאַם,
וואָס איז איבער אונדז אריבער,
ווי א כוואליע אינעם יאַם.

נײן, עס האָט אונדז ניט פארשלונגען
וויסטע טיפעניש פון תהום,
ס'האָט דער ווירבל ניט פארטרונקען,
ניט פארשלעפּט האָט אונדז דער שטראָם.

## א גוטע נאכט

שוין וויפל מאָל האָב איך געזען, אזוי ווי הײַנט:
די זון, זי טריפט אראָפּ אין טײַך,
און ס'דוכט, א שמײכל פון א גוטן פרײַנט
טוישט אויס די וועלט גאָר אף א נײַער וועלט.

און גיריק שלינגט דאָס אויג — דעם זון־פארגאנג,
א בערגל לאכט, עס זינגט זײַן ליד א שטײן,
עס נעמט א בוים א בוים ארום —
דו שטײסט אלײן אין וואלד, און דו ביסט ניט אלײן.

און כוואליעס לויפן אָן — ניטאָ קײן צײַט,
די זון פארגײט, זי קושט זיך מיטן טאָג;
ס'איז ניט אף לאנג, זי קומען וועט צוריק,
עס וועט צעקלינגען זיך איר צונטער־רויטער גלאָק
און אָנזאָגן: עס קומט דאָס גליק, עס קומט דאָס גליק...

דער ברעג פון טײַך און איך
פארהילטע אין פארנאכט —
מיר זײַנען פון אײן שטײן געמאכט.
מיר וועלן אײביק זײַן אין שײַן,
וואָס איז אין אונדז ארײַן.
א גוטע נאכט!

## צווי סאָנעטן

### א געפאנגענער לייב

פאַראַכטונג און סינע צו אַלץ, וואָס ארום.
זײַן ברומען עס טרייסלט די גראַטעס פון שטײַג.
ער טוט מיטאמאָל זיך א לייג און בלײַבט שטום.
דאָס מויל, ווי אן אָפּגרונט, בלײַבט אָפן. ער שווײַגט.

ס'איז זומער. אזוי ווי אין מידבער איז הייס.
די גריווע איז מער ניט די מידבערשע קרוין.
עס שמעקט מיט פּעגירע, מיט מיסט און מיט שווייס,
געפאנגענשאפט פלעט זײַן באַזוניקטן טרוים.

נאָר אָט לויפט א ציטער דורך איבער זײַן פעל.
זײַן עק גיט א וואָרף זיך, ער טוט זיך א שטעל:
„דער מידבער זאָל ווערן סײַ פרײַהײַט, סײַ רויב!"

ער שטייט ווי א דענקמאָל אף שטיינערנעם דיל,
און ס'ווירבלט אינלופטן א גרויזאַם געבריל:
„דער מידבער זאָל ווערן סײַ פרײַהײַט, סײַ רויב!.."

### א קעמל

דער הייסער זאַמד אין מידבער ווי מיט נאָדלען שטעכט.
דער הימל דעקט אַלץ איבער, ווי א בלויער קאָרב.
דער קעמל גייט און טראַכט: „צו צווייען כ'בין פאַרקנעכט —
צום קאַראַוואַן און צו מײַן וויסטן האָרב.

איך טרעט און טרעט, און ס'איז קיין סאָף פאַראַן.
דאָס גלעקל אפן האַלדז קלינגט פול מיט שפּאָט".
ער בייגט אראָפּ זײַן קאָפּ, ציט אויס זײַן שפּאַן,
ער פילט נאָך מער, ווי ס'איז פאַרקנעכט זײַן ברייטער טראָט.

און אָט עס גיסט זיך אָן דער האָריזאָנט מיט בלוט, ער גליט.
עס הייבט זיך אוף א זײַל מיט זאַמד, מיט שטויב, מיט ווינט.
אין כאַלעל ציט זיך אויס א האַנט, וואָס גווירלדיק פאַרבינדט

דעם הימל מיט דער ערד, דעם אומרו מיט דער רו.
דער קעמל טוט א שנאַפּ אַרײַן אין זיך די אָנגעגליטע לופט,
ער לאָזט אראָפּ זײַן האַלדז צום זאַמד און קניט...





# א יאָמטעוו פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אין מאָלדאוויע



אף דער באגעגעניש מיט דער רעדאקציע און מיט די אוטאָרן פון „סאָוועטיש היימלאנד“ האָבן די קעשענעווער לייענער ארויסגעקוקט פון לאנג. זיי זײַנען אפילע שוין געווען א ביסל אייפערזיכטיק צו די אנדערע שטעט, ווען ס׳איז אָפּגעגעבן געוואָרן די בכוירע. די הײַנטיקע ייִדישע לייענער זײַנען דאָך ניט קיין מאכטייסעדיקע אָפּנעמער פון דער ליטעראַרישער פּראָדוקציע. זיי האָבן פּרינציפּיעלע מיינונגען, זיי האָבן פאָרשלאָגן.

מע קאָן זאָגן אָן גוזמע, אז די באגעגעניש אין קעשענעוו איז פארוואנדלט געוואָרן אין א יאָמטעוו פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, אין א ברידערלעכער קולטור־מאניפעסטאציע, וואָס האָט געלאָזט נאָך זיך א לאנגדויערנדיקן אָפּקלאנג אין די געמיטער און אין די מויכעס פון דעם פּילצאָליקן עולעם.

אף דער בינע איז דורכגעגאנגען א דעפילאדע פון דיכטער און פּראָזאיִקער — רוסישע, ייִדישע, מאָלדאווישע. אין די אף דרײַ שפּראכן פאָרגעלייענטע ווערק האָבן געקלונגען מאָטיוון און פּראָבלעמען פון אונדזער הײַנט און פונעם טראגישן נעכטן.

ביז האלבער נאכט האָט זיך פארצויגן די באגעגעניש. אין פול געפּאקטן אקטאָוון זאל פונעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט איז ניט געווען ווו א שפּילקע־קעפּל צו ווארפן. צווישן די שײַנענדיקע פּנעמער — מײַנע פרײַנט פון דער יוגנט, פון דער אונטערערד, די קעמפער, וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער וועג אין אומלעגאלן קאָמיוג. אָט זע איך א מיטגליד פונעם קעשענעווער שטאָט־קאָמיטעט פון יענער צײַט, א טוערן פון דער היגער קולטור־ליגע, ארבעטער־אָרגאניזאטאָרן פון שטרײַקן אף די אונטערנעמונגען.

און די ייִנגערע, די ייִנגערע! וויפל אינטערעסאנטע ביִאָגראפיעס, וויפל שיקזאלן, וואָס בעטן זיך מאמעש אין אונדזערע קומענדיקע ווערק.

שפּעט נאָך האלבער נאכט. דער שמועס האָט זיך פארענדיקט. אָבער דער עולעם האָט ניט קיין כיישעק זיך צו שיידן מיט זײַנע שרײַבער. מע באגלייט זיי דורכן ברייטן, שטארק באלויכטענעם לענין־פּראָספּעקט.

— זאָל אָפטער קומען צו אונדז „סאָוועטיש היימלאנד“!

— דער אָוונט איז געווען אן עמעסער אויסדרוק פון פעלקער־פרײַנטשאפט!

מאָטל סאקציִער

עמיליאן בוקאָוו

## א וואָרט צו א
## מילכאָמע־אונטערצינדער

דו ביסט א טאטע פון קינדער,
דו האָסט דאָך קינדער געוויס,
נו, און א ווייַב, פארשטייט זיך,
א ווייַב און קרויווים.

דו זיצסט אין דייַן פינצטער וועלטל,
צופרידן דו ביסט,
מיינסט, אז מיט דעם, וואָס דו לעבסט נאָר,
טוסטו דער וועלט א טויווע.

איז לעב דיר, לעב אין דייַן וועלטל,
איך גיי ניט צו דיר מיט קיין שטיין, —
נאָר זאָג מיר, ווי קומט עס, זאָלסט דראָען
דייַן אייגן געזינד מיטן אטאָם.
דו ביסט דען א מענטש,
ווען דו קריצסט ווי א וואָלף מיט די ציין?
דו ביסט פאר דייַן ווייַב דען א מאַן?
דו ביסט פאר דייַן קינד דען א טאטע?
ווען דאָס פייַער דו נעמסט צעבלאָזן,
מיינסטו: אף פרעמדע קעפ
וועלן די באָמבעס זיך רייַסן,
די סרייפע — „פון דאָרטן און ביסקל“,
צו דיר אין געפּאנצערטן פאלעץ
וועלן פירן געפּאנצערטע טרעפּ,
און דו וועסט דאָרט רויק זיצן
און זויפן וויסקי.
ניין, גוטערברודער,
ס'א טאָעס.
דו זעסט ניט, דו זעסט ניט, בלינדער,
אז ווען וועסט ארויסלאָזן
דעם מאלכאמאָוועס,
וועט ער קומען
צו דייַנע קינדער.
און דו אליין
וועסט באהאלטן זיך ווו?
עפשער אין סייף
צווישן וועגטלעך שטייַפע?
מיינסט, אז דעם סייף
וועט דער אטאָם לאָזן צורו,
אז דער סייף וועט ניט פּליִען
אין אטאָמישן אויסברוך
צום טייַוול?
דו ביסט א טאטע פון קינדער,
דו האָסט דאָך קינדער געוויס.
נו, און א ווייַב, פארשטייט זיך,
און דאָס אייגענע לעבן איז טייַער.
איז זיץ אין דייַן פינצטער וועלטל
און זייַ זיך אזא ווי דו ביסט,
און שפּיל זיך ניט
מיט פייַער.

יידיש — א. וו.



## מאכשאָוועס און דערמאָנונגען

...ווען איך בין געזעסן באם טיש פון פרעזידיום בייַם דער באגעגעניש פונעם יידישן זשורנאל מיט זייַנע לייע־נער, ווען איך האָב, עפּענענדיק דעם אָוונט, דערנאָך זיך צוגעזעצט צו מייַנע כאווירים־שרייַבער יידן, רוסן, מאָלדא־וואנער, האָבן אין מייַן געמיט אופגעטויכט אָן א שיר רעגונגספולע דערמאָנונגען.

אייגנטלעך, האָב איך א טראכט געטאָן, זייַנען פאר אונדז אין מאָלדאוויע די דאָזיקע אָוונטן א מין געשיכטלעכער העמשעך פון יענע ברידערלעכע קולטור־געזעלשאפטלעכע קאמפן, ווען מיר האָבן, ניט שאנעווענדיק אונדזערע יונגע יאָרן, אלע אינײנעם, זין און טעכטער פון פארשיידענע פעלקער, געשטורעמט די איימעדיקע באסטיליע פון דער באָיארישער אָליגארכישער הערשאפט.

אָט לייענט זייַנע הייַנטיקע לידער יאנקעוו שטערנבערג. און איך דערמאָן זיך, ווי צוגלייַך מיט די אומשטערבלעכע שורעס פון עמינעסקוס פּאָעמע „קיניג און פּראָלעטאריער“ האָבן מיר אף אונדזערע קערמעשלעך און רעוואָלוציאָ־נערע „טייען“ רעציטירט אויך שטערנבערגס פובלי־ציסטיש־פארשארפטע לידער „ווין, דו שטאָט!“, „דימיט־ראָוו“... אייַל איך זיך צו זאָגן דעם וועטעראַן פון דער יידישער סאָוועטישער פּאָעזיע, אז ער איז אויך פאר אונדז, מאָלדאוואנער, א באדייַטנדיקער דיכטער.

באגלייַך מיט די מאָסקווער געסט — מיט אַרן ווערגע־ליס, שיקע דריז, מוישע טייף, מישע לעוו — לייענען זייערע ווערק יעכיעל שרייַבמאן, מאָטל סאקציִער און יאנקל יאקיר... איז ווי זשע קאָן איך עס פארגעסן, ווי מיר האָבן, אין טריבע פינצטערע נעכט ארום געשטשער־בעטע טישן, בא צאנקענדיקע ליכטלעך אינײנעם, אין אונדזערע בײדע שפּראכן, געזוכט און געפונען דאָס פּאסיקע צויבער־וואָרט, וואָס זאָל עפענען הערצער, פאַרהאַרטעווען פויסטן, מוטיקן די שוואכע.

איך בין געזעסן אין פרעזידיום און געקוקט מיט די אויגן פון דער נעשאָמע אף דעם גליקלעכן, עטוואָס אופ־געדעדערטן און שטארק יאָמטעוודיקן עולעם. און נאָכא־

מאָל איז געקומען א דערמאָנונג. דאָס האָבן זיי, די לעגענדארע, די פרי־פארשניטענע זין און טעכטער פון אונדזערע ברידערלעכע פעלקער פאוועל טקאטשענקאָ און כייַע ליפשיץ, יאנקל באָגוסלאווסקי און יורי קאָראָטקאָוו, יעלענע סירבו און אָלגע באנטשיק, רוזי טאָרבאן און אנטאָן אָניקע, וולאדימיר טרעקאָליטש און באָרעך־מוישע דייטש — דאָס האָבן זיי מיט זייער העלדיש־פארגאָסן בלוט, מיט זייער לייַב־און־לעבן אויסגעפלאסטערט אָט דעם וועג, אף וועלכן עס הייבן זיך איצט אוף פאר דעם פארכידעשטן אוילעם די דיכטער און פראָזע־שרייַבער פון די פארברידערטע פעלקער.

דאָס האָבן זיי אין יענע גרויע סומנע פארטאָגן, ווען די פאשיסטישע הענקער האָבן זיי געפירט צום טויט, געטראָגן אין זייערע הערצער און בליקן די נעווייַשע וויזיע פון שיינער, לויטערער פעלקער־פרייַנטשאפט.

...איז זינגט, זינגט, מוישע טייף און פעטרו זאדניפרו, שיקע דריז און גריגאָרי וויערו, מאָטל סאקציער און קאָנסטאנטין שישקאָן, און זאָל אויך די יידישע סאָוועטישע מעכייַעדיקע ליד זיך צעכוואליען איבער אונדזערע מאָלדאווישע פעלדער און פרייען דעם פילפעלקערדיקן לייענער, וועלכער גארט אויך נאָך אייַער טאמציסדיק וואָרט, טייַערע יידישע כאוויירים מייַנע.

**עמיליאן בוקאָוו**

יידיש — י. י.

■

**יאנקל יאקיר**

## אן אדערוף

אין בעלץ אף דער יאָמטעוודיק־דערהויבענער באגעגעניש מיט די אָרטיקע לייענער, ווען אונדזערע מאָסקווער כאווירים און די היימישע שרייַבער — יידן און מאָלדאַוואנער — האָבן געלייענט זייערע ווערק, האָב איך די אויגן מייַנע ניט אראָפּגענומען פון די הערכער פינף הונדערט צוהערער, צווישן וועלכע עס זייַנען געווען פיל, מיט וועלכע מיר, בעסאראבער פראָגרעסיווע יידישע שרייַבער, האָבן איניינעם געפּאָקט און געמאָזלט...

און לעמייַ זאָל איך לייקענען, מער ווי פון אלעמען האָב איך איצט אָנגעקוועלט פון איינעם א גרייַז־גרויען פארשוין, א ייד א דעמב, וועמעס פליעסקערייַען עס האָבן מאמעש פארהילכט דעם זאל. איך האָב געקוקט אף אים, און איך האָב זיך דערמאָנט אזא עפיזאָד.

מאָלט אייַך אויס אף א ווייַלינקע בעלץ, די צווייטע גרויסע שטאָט אין מאָלדאוויע — דער מעדינע פון מאמעליגע און ווייַן — אין כוידעש אָקטיאבער, יאָר 1944. שוין א קייַמעלאָן פון זעקס טעג און נעכט, ווי איך שליאָנדרע ארום איבער די גאסן און געסלעך פון אָט דער כאָרעווער שטאָט. אָפּגעברענטע ווענט, אויסגעלאָשענע פענצטער, פארקוילטע באלקנס, פארגאָסענע מיט בלוט שטיינער וואָרענען איימעדיק: „דו טרעטסט אף קוואָרים!..“

און ווי איך שטיי אזוי א פארקלעמטער, דערזע איך מיטאמאָל עפעס גאָר א מעשונעדיקן שאראבאן, אן איבערגעלאָדענעם מיט ציגל און ליים, וועלכער סקריפעט



און קאראבקעט זיך קוים. איך זע באשייַמפערלעך, אז די פאָדערשטע צוויי רעדער זייַנע זייַנען פון א דייַטשישן מיליטערישן וואָגן, און די אונטערשטע — פון אן אמאָליקן באלעגאָלישן פאעטאָן. און דער אָנטרייַבער אליין איז אויך פארפוצט... אין „ביגדיי־מאלכעס“ — אין אויסגעצוויטעטע כאקי־הויזן און אין א רעקל א לאטע אף א לאטע.

און נאָך איידער איך האָב באוויזן זיך ארומקוקן, ווי דער אָנטרייַבער האָט עס געגעבן א שפרונג אראָפּ פונעם וואָגן און זיך א לאָז געטאָן צו מיר, מיך מאמעש אייַנגעקלאמערט צווישן זייַנע קנאָכיקע אָרעמס און זיך צעכליפעט אף א קאָל.

אין א רעגע ארום בין איך שוין געזעסן מיט אים אפן וואָגן, און ער האָט שוין געפויעלט בא מיר, אז איך וועל אָנשרייַבן וועגן אים און אזעלכע, ווי ער, א בוך, א גרויסן בוך. און אין א צוואנציק מינוט ארום האָב איך פארקאָשערט די ארבל און אים געהאָלפן אויסלאָדן די ציגל פאר דער ערשטער בעקערייַ, וועלכע מע האָט געבויט אין אָט דער צעלאָמעטער שטאָט.

דאָס איז געווען הערש באשעריוועקער, דער פרייליכסטער און בארייַדעוודיקסטער באלאגאָלע אף דעם טראקט בעלץ—פאלעשט. אים האָבן עס אמאָל יידישע אקטיאָרן און שרייַבער געקרוינט מיטן באכיינטן נאָמען „ליטעראַרישער באלאגאָלע“.

דאָס איז יענער מענטש, וואָס פלעגט זאָגן צו דער באוווסטער ארטיסטקע דינע קעניג:

— כ'בעט אייַך, טוט מיר א געפעליקייַט און הילט אייַך ארום דעם האלדז. איר זאָלט כאס־וועכאָלילע ניט פארקילן דעם טאלאנט.

...איז שטעלט אייַך פאָר, גראָד אין דער מינוט, ווען איך האָב דעם פון טשערנאָוויץ געקומענעם ליבן גאסט מוישע אלטמאן אריַינגעפירט אין גרויסן זאל פונעם בעלצער מאָלדאווישן פעדאגאָגישן אינסטיטוט, ווו עס איז פאָרגעקומען די באגעגעניש, האָט זיך אראָפּגעלאָזט אף מייַן אָרעם א האנט — א שווערע, א געוויכטיקע, ווי א האמער.

— דאָס בין איך, ברודערצו... אז מע לעבט, זעט מען זיך...

דערנאָך איז אוועק א סעדרע „זייַט באקאנט“:

— דער איז מייַן זון מוישע, א שאָפער...

— און דאָס איז זייַן ווייַב געניע, א פיאניסטקע...

— און דאָס איז מייַן טאָכטער ציפע...

— און דער איז מײַן אײדעם מישע, א מעכאניק... כאָטש פון אָדעס, אָבער ניט קיין בארימער...

— און דאָס איז מײַן אלטיטשקע פּעסי. הײַנט איז זי שוין א פּענסיאָנערקע. זי האָט אָנגעהויבן ווי אן אופּראַמערן און געענדיקט אלס פארוואלטערן פון דער ווירטשאפט.

און איך אליין, קאַלזמאן די קויכעס טראָגן, ארבעט אין בוי־טרעסט. לויבן איז זיך ניט שײַעך... מעגסט שוין דאָרט גראדע פרעגן אף מיר... ווײסט ניט פארשעמט ווערן...

פארשעמט האָב א י ך זיך, ווען ער האָט מיך גענומען פרעגן אף דעם צוגעזאָגטן גרויסן בוך, „וואָס עפּעס הערט מען עס ניט און מע זעט עס ניט״...

איך האָב דערפילט, ווי די אויערן הייבן אָן בא מיר צו פלאמען, ווי בא א פארשולדיקט כיידער־ייִנגל.

...און אז דער אָוונט האָט זיך געענדיקט און דער צעפריילעכטער, באגײַסטערטער אוילעם האָט ארומגערינגלט די געסט, געדריקט זיי די הענט און פארשאָטן מיט פראגן, האָט מײַן הערש, א שײַנעגדיקער, א צעלויכטענער, עפּעס שוין גאָר פאניבראטסקע זיך א לאָז געטאָן צו די שרײַבער און זיך היימישלעך צערעדט:

— הייסט עס, בלײַבט דער כויוו א כויוו...

און צו מיר:

— מיילע, ווײסטו אים ניט סילעקן, וועלן אים אנדערע סילעקן... סע איז, קיין אײַנהאָרע, דאָ, ווער און מיט וועמען צו גיין צום טיש... לעכאָלאפּאָכעס, איז דער הײַנטיקער אפּדערנאכט געווען א שיינער, פײַנער אדערוף...

האלעוויַ אזוי אף אלע טאָמיד...

■

יעכיעל שרײַבמאן

# מײַנע קעשענעווער אפּלאָדירן

ס׳איז מיר גוט מיט מײַנע קעשענעווער. כ׳האָב זיך, זע איך, מיט וואָס צו בארימען פאר די מאָסקווער געסט. אפילע בא יענע קעשענעווער לייענער, וואָס האָבן געמוזט שטיין בלײַבן אין דורכגאנג צווישן ביידע רייען בענק, איינער לעבן אנדערן בא דער טיר, צי אפן באלקאָן, זעט מען די זעלבע צופרידנקײַט, די זעלבע האנאָעדיקע יאָמטעוודיקײַט אף די פּענעמער.

כ׳זע באקענטע דאָקטוירים מיט זייערע פרויען, באקענטע לערער פון דער קאָנסערוואטאָריע, באקענטע זאוואָד־ארבעטער. עס זעט זיך אָן פונדערווײַטנס א ווײַס־ווײַסער קאָפּ (אן אלטיטשקער פּענסיאָנער) און א יונג מיידל לעבן אים, אפּאָנעם אן אייניקל, מיט א ווײַס דין שארפל אף די אקסל. אָט זיצט די לערערן יעווע איליניטשנע שאָר. אָט זיצט דאָקטער בערגינער מיט דער פרוי און מיט דער שוועסטער. כ׳זע אלע שנײַדער פון מײַן פראָספּעקט. עס זיצן אין די ערשטע רייען די קעשענעווער אונטערערדישע רעוואָליוציאָנערע טוער אוירִיק, לעפּושניאנו, לעסקאָוויטש, שוויטקאיא...

אזויפיל באקענטע מענטשן.

ווי גוט איז זיצן אזוי פּאָנעם־על־פּאָנעם אי מיט דײַנע לייענער, אי מיט דײַנע העלדן!

אן אָוונט פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. וואָס דען איז א באגעגעניש מיט „סאָוועטיש היימלאנד״, אויב ניט קיין באגעגעניש מיט דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראטור? נאָר עפּעס איז דערצו נאָך געווען אפן אָוונט אויב ניט נאָך העכערס. עס איז ניטאָ אף דער וועלט נאָך אזא לאנד, וו ייִדישע שרײַבער באגעגענען זיך מיט זייערע לייענער, ארומגערינגלט מיט אזויפיל פרײַנט — ניט־ייִדישע שרײַבער, שעפער פון די ליטעראטורן אף אנדערע שפראכן.

דער אוילעם הערט און אפּלאָדירט. די פיר שאָ מאכן קיינעם ניט מיד. פארקערט: די פליעסקערײַען ווערן וואָס אמאָל שטארקער און שטארקער. מע וואָלט נאָך געזעסן און געזעסן, געהערט און געהערט. מע אפּלאָדירט די מאָסקווער געסט, דעם ייִדישן זשורנאל. מע אפּלאָדירט דער פארברידערטקײַט, דער אינטערנאציאָנאלער אייניקײַט, דעם אויב ניט נאָך העכער, וואָס איז אזוי אומיטלבאר, אזוי אופריכטיק, אזוי עמעסדיק געקומען צום אויסדרוק אף דעם דאָזיקן וווּנדערלעכן אָוונט אין מײַן היימשטאָט קעשענעוו.



אין זאל פון קעשענעווער פאליטעכנישן אינסטיטוט בייס דער באגעגעניש.



סאמסאָן שליאַכו

# א געשעעניש אפן פעלד

נאָוועלע

„רייד! ענטפער! ווו געפינען זיך די אָנפירער איַיערע? די קאָמוניסטישע אָנפירער?" — עס גרילצט מיר נאָך היַינט אין די אויערן די דאָזיקע זשאַנדאַרמישע פראַגע. כ'האָב וועגן דעם ערגעץ געלייענט צי געהערט פון עמעצן. דאָס רעוואָלווער־רערל איז אָנגעשטעלט קעגן דעם אַרעסטירטנס שלייף:

— ווו געפינען זיך די אָנפירער איַיערע? זאָג!.. — דעם מערדערס האַנט ציטערט ניט, איין קוועטש אפן צינגל און...

— וועסט ריידן צי וועסט ניט ריידן?

— כ'וועל ריידן! — דערהערט זיך פּלוצעם אַן ענטפער.

אין איין רעגע ביַיט זיך אַלץ. דער רעוואָלווער פאַרשווינדט. די ראָצכישע האַנט איז גרייט א גלעט צו טאָן, דעם זשאַנדאַרמס קאָל ווערט ווייך. ער שמייכלט. די שלעגער אַרום און אַרום שמייכלען אויך. האַרטע ליפּן ציטערן אויס א צאַרטן שעפּטש:

— ווו, ווו זיַינען זיי?

דער אַרעסטירטער מאַכט א שפּאַן צום טיש, טוט אין אים א זעץ מיט דער פויסט:

— אָט דאָ זיַינען זיי!..

ער לויפט צו צו דער טיר. עס צעקלינגען זיך די שויבן:

— אָט דאָ!..

די פויסט זיַינע זעצט אין די בענקלעך, איבערן פענצטער, אין דער וואַנט:

— דאָ!.. דאָ!.. דאָ!.. ווו עס ליגט נאָר האַרעוואַניע, דאָרט זיַינען זיי, די קאָמוניסטן!..

פון דעם דאָזיקן ענטפער ווערט מיר נאָך היַינט וואַרעם אף דער נעשאָמע. נאָר וויַיטער, וואָס איז געשען וויַיטער? איז דען די דאָזיקע איין־און־איינציקע שטים ניט דערשטיקט געוואָרן דורך סאַדיסטישע געלעכטערס, גראָבע קלאַפּס? און דערנאָך איז געוואָרן שטיל... בעסויל־עמדיק־שטיל... „קאָנען דען שריַיען, — פלעג איך טראַכטן, — הילצערנע טירן, גלעזערנע פענצטער, שטיינערנע ווענט?"

קאָמוניסטן זיַינען דעמלט געווען אזוי ווייניק! און דאָס פאָלק איז פאַרפינצטערט, פאַרצאַרנט, פאַרווילדעוועט פון דער נויט, פון גאַלאָכים, פון פּרימאַרן...

און אָט האָט מען מיך אַליין צום ערשטן מאָל אַרעסטירט.

ס'האָבן מיך ניט געאַרט ניט די מוירעדיקע קלעפּ איבער די באָרוועסע פיאַטעס, ניט די אַנדערע אומענטשלעכע סיגוראַנצע[1]־פּייַניקונגען. זייער שלאָגן האָט מיר אפילע ניט ווי געטאָן. ווי געטאָן האָט מיר שפּעטער, אין די זשאַנדאַרם־פּאָסטנס, ווו עס איז אויסגעקומען איבערצונעכטיקן בייסן לאַנגן וועג צופוס קיין קעשענעוו.

ווי מע האָט מיך נאָר געבראַכט צו אזא זשאַנדאַרמישן פּאָסטן, פלעגן די עלטסטע גוט דורכקאָנטראָלירן די זיגלען אפן גרויסן בייַכיקן קאָנווערט, וואָס איז מיט מיר מיטגעגאַנגען פון עטאַפּ צו עטאַפּ, און מיך דערנאָך איבערגעבן אין אַנדער קאַנוואַי, א פרישערן, א מער זיכערן, א ספּעציעל אויסמושטרירטן. די זשאַנדאַרמען מיט זייערע גרויסע דלאַניעס, פון וועלכע עס זיַינען נאָך ניט אַראָפּ די מאָזאָליעס, אָנגעריבענע פון די לאָפּעטעס און קירקעס, האָבן אף מיר געקוקט מיט א מעסוקענער סינע, האָבן אָנגעלאָדן די ביקסן. איידער מיר האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין וועג, האָבן זיי מיר פאַרדרייט די הענט אפן רוקן און, ווי ס'איז נאָר טונקל געוואָרן, אָנגעטאָן מיר קייטן אף די הענט און אף די פיס.

כ'האָב געפּרוווט א שמועס טאָן מיט זיי, זאָגן זיי, אז כ'האָב דאָך קיינעם ניט דערהאַרגעט, קיינעם ניט באַגאַנוועט, איך קעמף דאָך פאַרן עמעס, פאַרן מענטשן...

— פאַרמאַך דאָס מויל, קאָמוניסט!.. — האָט מען מיר געענטפערט און דערלאַנגט מיט א שפּיץ פון א שטיוול אין די זיַיטן.

די שוואַרצע כאַשכעס פונעם זשאַנדאַרמישן קעלער איז מיר אַפּטמאָל אויך פאַרקראָכן אין דער נעשאָמע אַריַין.

איינמאָל, ווען כ'האָב אָנגעכאַפּט בא דער האַנט א געזונטן זשאַנדאַר און אים ניט געלאָזט מיך א זעץ טאָן, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אף מיר,

[1] סיגוראַנצע — רומעניש־באָיאַרישע אָכראַנקע.

מיר פאַרקאָוועט די הענט, מיך אַרויסגעשטופּט אין דרויסן און אַרײַנגעשלײַדערט אין אַ מין קאַמער. כ'בין אויף שטיקער האָלץ עטלעכע רעגעס געלעגן אַזוי אָן אָנגעצונדענער און געפיבערט, קוים געקומען צו־זיך. די קוטשמע מײַנע איז מיר אַראָפּגעפאַלן פונעם קאָפּ און זיך ערגעץ געוואַלגערט אויף דער ערד. כ'האָב געפילט, ווי איך הייב אָן פאַרגליווערט ווערן, און זיך גיך אַ שטעל געטאָן אויף די פיס.

„נאָר ניט פאַרפרוירן ווערן!.. נאָר ניט פאַרפרוירן ווערן!..“

דער שווייס אויפן שטערן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין גלעזערן הײַטל, אַ הײַטל מיט טויזנט נאָדלען.

אַזוי־אָ, מיט אַרונטערגעדרייטע הענט, האָב איך געפּרוּווט אָנטאָן די קוטשמע. כ'ווייס ניט, וויפל כ'האָב זיך אַזוי געמוטשעט, נאָר כ'בין סאָפּקאָל־סאָף ווידער געבליבן ליגן מיט אַ הוילן קאָפּ, אָן אויסגעמאַטערטער, אויפן האָלץ.

„געשיקט זיך, די דאָזיקע זשאַנדאַרמען זײַנען אַזעלכע כײַעס און ווילן לאָזן אַ מענטשן פאַרפרוירן ווערן?..“

נאָר ווער האָט מיר געקאָנט ענטפערן דערויף?

די לאַנגע ווינטער־נאַכט האָט זיך שוין פון לאַנג אַראָפּגעלאָזט איבערן דאָרף. כוץ דעם האַווקען פון אַ פּאָר הינט און אַ צעצויגן מרוקען פון אַ קו האָט מען גאָרנישט ניט געהערט. דאָס האָלץ אונטער מיר האָט אויסגעזען ווי אַ מין שוואַרצער טאַרע־טיש, כ'האָב שוין ניט געפילט ניט די נאָז, ניט די אויערן, ניט די פיס... איבערהויפּט האָב איך ניט געפילט די אונטערגעדרייטע הענט. כ'האָב קיין ריר ניט געקאָנט טאָן, קעדיי אַ ביסל צו דערוואַרעמען זיי. און די פאַרקאָוועטע, פאַרשוואָלענע און פאַרשטאַרצטע הענט האָבן מיך אַרײַנגעוואָרפן אין אַ מין בלינדער פאַרצווייפלטקײַט.

כ'האָב אָנגעהויבן שרײַען.

כ'האָב געקוויטשעט מיט די לעצטע קויכעס מײַנע, קעדיי אײַנצוברעכן די שטילקײַט פון דער דאָזיקער קאַמער, מענטשן אין דאָרף זאָלן מיך דערהערן. ס'קאָן ניט זײַן, עמעצער זאָל ניט הערן, עפּעס זאָל ניט געשען. ס'קאָן ניט זײַן...

נאָר ס'איז גאָרנישט ניט געשען. דאָס קאָל מײַנס איז אַלץ שוואַכער געוואָרן, און איך בין אינגאַנצן שטיל געבליבן. כ'בין געלעגן אַזוי אויף אַ זײַט, ווי אַ קלאָץ, מיט אַן אַקסל צוגעקוועטשט צום האָלץ, און געשוויגן. די הענער אין דאָרף האָבן אויסגעקרייעט האַלבע נאַכט. איין שטיקל געדאַנק האָט נאָך געטליִעט אין מיר: אָט אַזוי ווערן מענטשן פאַרפרוירן... פאַרפרוירן.

שפּעטער אָבער, גלײַך ווי ער וואָלט געלאָקערט אויף דער לעצטער מינוט מײַנער, וואָס מיר איז נאָך געבליבן צו לעבן, האָט זיך אין קאַמער אַרײַנגעשטעלט דער זשאַנדאַר.

— נו, באָלשעוויק, וועסט נאָכאַמאָל אויפהייבן אַ האַנט אויף אַ רומענישן זעלנער?

ער האָט מיך אויפגעשטעלט, מיר אַרויפגעקוועטשט די קוטשמע אויפן קאָפּ, און אָט בין איך שוין אין אָנגעהייצטן זשאַנדאַרמישן צימערל; אין אַ פּאָר מינוט אַרום דרעמל איך פאַרכאַלעשט אײַן.

פאַרטאָג איז שוין לעבן מיר געשטאַנען אַ נײַער קאָנוואָיִר, וואָס האָט מיך געדאַרפט פירן ווײַטער, — דעם לעצטן עטאַפּ. אויך דער זשאַנדאַר האָט אָנגעלאָדן די ביקס. ער האָט עס אומיסטן געטאָן פּאַמעלעך, קאָנקאָנדיק מיטן הענטל, איך זאָל פאַרשטיין, וואָס עס דערוואַרט מיך טאָמער עפּעס־וואָס. נאָר איך האָב זיך דערצו ניט צוגעהערט. אַלץ איז מיר געווען גוט באַקאַנט. כ'האָב געוווּסט, אַז מײַן וואָך קאָן מיך מעכאַבעד זײַן מיט אַ קויל קלוימערשט צוליב „אַ פּרוּוו צו אַנטלויפן“. וויפל כאַווירים האָט מען שוין דערשאָסן אונטער אַזאַ־אָ אויסרייד!

נאָר ניט דערפון האָב איך איצט געטראַכט. כ'בין געווען שרעקלעך אויסגעמוטשעט. די פיס זײַנען מיר געווען פול מיט וווּנדן און געשוואָלן צי פונעם פראָסט, צי פון די שמיץ איבער די פּיאַטעס, און כ'האָב ניט געקאָנט גיין. און סײַוויסײַ, וווּהין גיי איך? וואָס וואַרט דען אויף מיר דאָרט, אין קעשענעוו?

מיט איין אויג האָב איך געכאַפּט אַ קוק אויפן גרויסן פאַרשטעמפּלטן קאָנווערט, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פונעם קאָנוואָיִרס טאַש. צווישן די „קאָמפּראָמעטירנדיקע מאַטעריאַלן“, וואָס ליגן אין קאָנווערט, איז פאַראַן אַ בריוול, וואָס איך מוז אָפּלייקענען, כ'טאָר בעשום־אויפן ניט אָנרופן באַם נאָמען דעם, וואָס האָט עס געשריבן. אַדרעסירט איז דאָס בריוול צו מיר. דערפאַר טאַקע האָט מען מיך אַזוי געפּײַניקט. דעריבער פירט מען מיך איצט פון פּאָסטן צו פּאָסטן אין דער קעשענעווער סיגוראַנצע די „אויספאָרשונג“ פאָרצוזעצן.

איך בין געווען זיכער אין זיך. כ'וועל קיינעם ניט אויסגעבן, כ'זאָל אפילע באַצאָלן מיטן לעבן. נאָר איך טו דאָס, ווי כ'האָב עס דעמלט מיט מײַן גאַנצער קאַלטבלוטיקײַט באַטראַכט, ניט אויס רעוואָליוציאָנערער העלדישקײַט, נאָר — ווײַל דאָס לעבן איז מיר דעמלט אַ ביסל... יאָ, יאָ... אַ ביסל נימעס געוואָרן.

דאָס פאַרבלאָוטע ווינטערדיקע פעלד, אַ שטומס און אַ מיִעס, מיט די גרויסע פאַרפרוירענע שטיקער בלאָטע, מיטן שוואַרצן וועג, וואָס האָט זיך געשפּרייט אונטער מײַנע פאַרווּנדעטע פיס, האָט מיך געדריקט, אונטערגעשטראָכן מײַן איינזאַמקײַט. ס'איז מיר נאָכגעגאַנגען יענץ אייך־און־איינציק קאָל, אַ דערשטיקטס פון די זשאַנדאַרם־שלעגער, אַ קאָל, וועגן וועלכן כ'האָב ערגעץ געלייענט צי פון עמעצן געהערט:

„דאָ!.. דאָ!.. דאָ!.. ווו עס ליגט האַרעוואַניע, דאָרט זײַנען זיי, די קאָמוניסטן!..“

נאָר די דאָזיקע זשאַנדאַרמישע בעסטיע הינ־טער מיר האָט דאָך אויך ערשט ניט לאַנג, ביזן דינען, געהאַרעוועט. געהאַרעוועט מיט א קירקע, מיט א לאָפּעטע... כ׳האָב זײַן פּאָנעם ניט געזען, ער האָט די גאַנצע צײַט געשפּאַנט הינטער מיר. כ׳האָב מערער געפֿילט איידער געזען דעם שאַרפֿן שפּיץ פֿונעם באַגנעט אף זײַן ביקס. נאָר צו וואָס דאַרף איך דאָס פּאָנעם זײַנס זען? ס׳איז פּונקט אזא פּאָנעם, ווי בא דעם נעכטיקן זשאַנדאַרם, דעם אייערנעכטיקן: א טעמפּ, א האַרט, א גלײַכ־גילטיק, א פֿאַרגרעבט פּאָנעם...

כ׳בין אוועקגעפֿאַלן אף די שפּיציקע שטיקער בלאָטע — די פֿיס האָבן מיר מער ניט געדינט. כ׳האָב ניט געפֿרעגט, צי איך מעג. זאָל ער טאָן מיט מיר, דער זשאַנדאַר, וואָס ער וויל. כ׳מוז א ביסל כאַפּן דעם אָטעם, א קוק טאָן, וואָס מיט מײַנע פֿינגער איז געשען. עפּשער וועל איך זיך גאָר אינגאַנצן אָפּזאָגן צו גיין ווײַטער. וווּהין וועל איך עס, אף אַן עמעס, פֿאַרשפּעטיקן?

כ׳האָב אויסגעטאָן דעם שוך און קוים אַראָפּ־געצויגן דעם זאָק. דעם זשאַנדאַרמס שאָטן איז גע־פֿאַלן אף מיר. באַמערקנדיק, אז ער באַטראַכט מײַנע פֿיס, האָב איך דעם זאָק גיך אַרופֿגעצויגן און זיך צוריק אָנגעהויבן אָנטאָן.

— ביסט א קאָמוניסט, האַ? — האָט מיך דער זשאַנדאַר א פֿרעג געטאָן, האַלטנדיק די ביקס אויסגעשטרעקט צו מיר, ווי ער האָט זי די גאַנצע צײַט געהאַלטן.

כ׳האָב אים ניט געענטפֿערט.

— ווילסט, איך זאָל דיך אָפּלאָזן?.. — האָט ער מיטאַמאָל א זאָג געטאָן. — זאָלסט אַנטלויפֿן?..

כ׳האָב אים אָפּגעמאָסטן פֿון אונטן ביז אַרויף און דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט זיך מיט זײַן בליק. אין זײַנע אויגן איז עפּעס געלעגן באַ־האַלטן, און איך האָב געוווּסט וואָס: זעענדיק מײַנע צעקאַליעטשעטע פֿיס, האָט ער געוואָלט א כוויזעק טאָן איבער מיר. אָדער נאָך בעסער: ער וועט מיך לאָזן מאַכן א צען — צוואַנציק שפּאַן און — א קויל אין רוקן. „א פּרווו צו אַנטלויפֿן“. ניין, גוטער־ברודער, אויב מ׳האָט דיר געהייסן אזוי טאָן, איז שיס גלײַך, פֿון דער נאָענט. וואָס איז, דײַנע שעפֿן דערלויבן ניט אזוי? זיי האָבן מוירע פֿאַר אַן עקספּערטיזע, פֿאַר א ראַש...

— נו, ווילסט?.. — האָט ער ווידער געפֿרעגט.

— וואָס פּלוצעם?.. וואָס איז געשען?.. — האָב איך פֿאַרכמורעט א זאָג געטאָן און זיך אופֿגע־שטעלט.

— גאָרניט... פּאַשעט... כ׳נעם און לאָז דיך אָפּ!..

כ׳האָב אים נאָכאַמאָל אַרײַנגעקוקט אין די אויגן. יאָ, עפּעס ליגט אין זיי באַהאַלטן. נאָר וואָס?



גריגאָרע וויערו

## וועלכע שאָ איז איצט

ווײַט אין הימל
באַם שאַריִען,
ראָז און רויט
די ברעגן גליִען,
ווי א צווײַגל
מאַלינעס,
ווי א בינטל
קאַלינעס.

פֿרעג איך
בא דעם גאַסן־קערער:
וועלכע שאָ,
וועלכע שאָ,
מײַנסטו, איז אַן ערעד?
— די ראָזעווע,
די רויטע שאָ
איז אַצינדערט־אָ.

גיי איך ווײַטער,
גיי איך גלײַך,
שווימט א שיפֿל
אָפּן טײַך.
ביידע וועסלעס
בלוי און פּלאַטשיק,
בלוי דאָס פֿישל
אָפּן האַטשיק.
שרײַ איך: פֿישער,
בלויער לײַן,
וועלכע שאָ
זאָל איצטער זײַן?

— אויב אזוי... — האָב איך קימאט ווי צעשריִען זיך און א ווייַז געטאָן אפן קאָנווערט, וואָס האָט ארויסגעקוקט פונעם טאש, — אויב דו ביסט אזא גוטער... עפן אוף דעם קאָנווערט און נעם ארויס פון דאָרטן א קליין פאפירל... א בריוועלע... לאָמיר זען, צי דו ביסט טאקע אזא גוטער!

דער זשאנדאר האָט זיך אף א רעגע אויסגעדרייט, באטראכט דעם וועג, זיך ארומגעקוקט, ארויסגענומען פונעם טאש דעם קאָנווערט און אָנגעהויבן אופרייַסן מיט די פינגער די זיגלען.

— ווארט, וואָס טוסטו, וואָס?.. ניט אזוי!.. טשעפע ניט די שטעמפלען!

כ׳האָב א קוק געטאָן אין איין זייַט וועג, אין דער אנדערער זייַט וועג און שטילערהייט א טאָרע געטאָן דעם זשאנדאר באם אקסל:

— קום אוועק אהין, אין פעלד...

מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט הינטער א בערגל. דער זשאנדאר איז א רעגע געזעסן לעבן מיר און געשוויגן. זעענדיק, אז איך קוק אי צום קאָנווערט, אי צום באגנעט, האָט ער פארשטאנען, וואָס איך מיין, און זיי מיר דערלאנגט ביידע.

קלאָר: ס׳איז אונדזערער א מענטש — א קאָמוניסט.

מיט א ציטערנדיקער האנט שטופ איך ארונטער די שארף פונעם באגנעט אונטערן צוגעקלעפטן שפיץ פונעם קאָנווערט און טו מיט צוויי פינגער א ריר אָן די „קאָמפראָמעטירנדיקע דאָקומענטן". פאמעלעך, איינס נאָכן אנדערן, שלעפ איך ארויס די פאפירן און צעלייג זיי אף דער פאָלע פונעם זשאנדארמס שינעל.

אף א בויגן פאפיר איז אָפגעקלאפט מיט א מאשינקע א רעשימע פון אלע „דאָקומענטן": מייַן פאלשער פאס... א קסאוויאד פון א פראָקלאמאציע... און נומער דרייַ — דאָס בריוול, וואָס איך זוך...

אָט איז עס! כ׳האלט עס אין די הענט. אָט באלד וועל איך עס צערייַסן אף פיצלעך און עס וועט זיך צעפליִען מיטן ווינט. דערנאָך וועלן מיר



יאנקעוו שטערנבערג (פון רעכטס) שמועסט מיט זייַנע לאנדסלייַט — לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד".

— וואָס, דו זעסט ניט,
דו ביסט בלינד?
די סאמע בלויע,
די סאמע, סאמע בלויע שאָ
איז אצינד.

לויפט א שטעגל
קרום און קאָס.
שנייַדט א שניטער
דאָרט דאָס גראָז.
קלינג און קלאנג
זייַן קאָסע קלינגט,
גרינע לידער,
דאכט, זי זינגט.

שרייַ איך: שניטער,
אָ־אָ־אָ!
זאָג מיר, כ׳בעט דיך,
וועלכע שאָ,
וועלכע שאָ
אצינדערט־אָ?

הייבט דער שניטער
אוף דעם קאָפּ,
און ער ענטפערט
בייזלעך אָפּ:
— וואָס, דו ווייסט ניט?
איצטער־אָ
איז די סאמע
גרינסטע שאָ.

גיי איך, זע איך,
לעם א מיל
ליגט א פעפער
אין דער קיל.
קוים דערמונטערט
אים פון שלאָף.
— פעפער, פעפער,
כאפּ זיך אוף!
עפשער ווייסטו,
וועלכע שאָ,
וועלכע שאָ
אצינדערט־אָ?

גלאָצט דער פעפער
אויס די אויגן.
וועלכער זייגער,
וואָס מיר זייגער?
ס׳איז אצינד
די טונקלע שאָ.

ייִדיש — ש. דריז

דעם קאָנווערט צוריק פאַרקלעפּן, און מ׳וועט גאָרניט דערקענען. געזאָגט און געטאָן... נאַר, שטיי נאַר! וויאַזוי זשע וועט זײַן מיט דער רע־שימע? מע וועט דאָך באַלד זען, אַז מ׳האָט עפּעס אַרויסגענומען און ווער ס׳האָט אַרויסגענומען.

— מע קאָן ניט טאָן גאָרניט! — טו איך א זאָג.

— פאַרוואָס?

— די רעשימע טאָר מען ניט צערײַסן, און אין דער רעשימע איז אַלצדינג אויסגערעכנט... וועסט באַלד אַרײַנפאַלן...

— ניט מעסוקן!..

— וואָס הייסט ניט מעסוקן? ס׳האָט דאָך ניט קיין זין, איין קאָמוניסט זאָל זיך ראַטעווען און דער צווייטער זאָל אַרײַנפאַלן...

— יאָ, אָבער...

— קיין שום „אָבער“, — לאָז איך אים ניט אויסריידן, גלײַך אויס די פּאַפּירן און הייב זיי אָן צוריק אַרײַנלייגן אין קאָנווערט, — מיר זײַנען אַזוי אויך ווייניק. יעדער מענטש איז טײַער, בי־פּראַט א קאָמוניסט, וואָס מאַכט דורך זײַן מילי־טער־דינסט אין זשאַנדאַרמעריע...

— יאָ, אָבער... איך בין ניט קיין קאָמוניסט!

— וואָס?

כ׳בין געבליבן זיצן פאַרהילצערט.

— ניט קיין קאָמוניסט?.. וואָס זשע דען?

— אַזוי... פּאַשעט... א מענטש!..

— א מענטש? — בין איך מיט מײַן גאַנצן וועזן אַרײַנגעקראָכן אים אין די אויגן אַרײַן, זען, וואָס עס באַהאַלט זיך דאָרטן. און כ׳האָב געזען...

— נעם! נעם וואָס דו דאַרפסט!.. איך בין... גלאַט אַזוי!..

— יאָ! — האָב איך געמורמלט. — גלאַט אַזוי... גלאַט אַזוי...

דאָס פעלד אַרום און אַרום איז געלעגן שטום און פאַרגליווערט.

— ניין! — האָב איך א זאָג געטאָן. — כ׳וועל גאָרנישט ניט נעמען. קיין שום בריוול ניט... קיין שום פּאַפּירל ניט... אָט וועלן מיר דעם קאָנווערט צוריק פאַרקלעפּן... ווי ער איז געווען פריִער... אָט אַזוי... אַזוי...

כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט, צי מע זעט קיינעם ניט.

— און איצט מאַך דרײַ שפּאַן אַף צוריק... ס׳זאָל זײַן די נייטיקע „דיסטאַנץ“... וואַרט אויס. נאַ, שטעק אַרויף אַף דער ביקס דעם באַגנעט... האַלט זי ווי פריִער — אויסגעשטרעקט... אָט אַזוי... גייען מיר... כאַווער.



וואַסילע וואַסילאַקע

## ווײַס גראָז

נאָוועלע

ס׳איז ווי דער ערדס א טשופּרינע, דאָס דאָזי־קע גראָז. אַפּן ווינט מאַכט עס: ששש־שו־ו־ו, ששש־שו־ו־ו! אַפּן ווינט... אָן אויסגעריסנס, אָן אײַנגעטונקענס אין קאַלך, א באַרשט אַף דער וואַנט, קרעכצט עס: הרש, הרש... עס רעדט זיך וועגן אַזאַ ווײַס גראָז, וואָס הייסט באַ אונדז נעגאַ־רע. דער גאַנצער באַרגרוקן איז פול מיט דעם דאָזיקן צעווינטיקטן גראָז. הע־היי, געשיקט זיך, אַז די ערד פאַרמאָגט א קאָל?

דאָס גראָז שאָקלט מיטן קאָפּ: שש־ששאַ־אַ־אַ־אַ...

ס׳איז אַזוי? ס׳איז ניט אַזוי?

סאָפּקאָלסאָף גראָז, געוויינלעך גראָז, נעגאַרע...

כ׳בין דעמלט, געדענק איך, געלאָפן, אַז דאָס האַרץ איז מיר שיר ניט אַרויסגעפאַלן:

— א טויטער סאָלדאַט ליגט אין גראָז!

— וואָס רעדסטו, ברע! ווען, וויאַזוי, ווו?

כ׳האָב זיי, דאַכט זיך, קלאָר געזאָגט, און זיי, דער אוילעם, ווידעראַמאָל:

— וואָס הייסט א טויטער! ווו, וויאַזוי?

— די שאָף האָבן זיך איבערגעשראָקן... א טויטער סאָלדאַט אין גראָז!.. — האָב איך דערציילט מיט דער נעשאָמע אַף די ליפּן. — קומט... ס׳האָבן זיך איבערגעשראָקן די שאָף!

פון יענער זײַט באַרג, אין די וועלדער, האָבן געקלאָפּט האַרמאַטן. ערשט אייערנעכטן האָבן זיי געקלאָפּט לעבן פּרוט, איצט הערט מען זיי ערגעץ אַרום רעדען. ס׳האָט דעמלט, מיט א טאָג פריִער, געגאָסן א רעגן, און פון א לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן עק דאָרף, האָט יאָן נאַטאַלי־

צעס, אזוי־אַ דורכטראַגנדיק זיך, געשריִען, עפּשער וועט אים עמעצער דערהערן:

— מע־מע־ע־עי!.. סינזשערעס, מעפּטוליאַסעכעס, קאַטיאַלעס זון... ארגיר... טויט! פאַרוווּנדעט!

ער האָט געוואָרפן מיט די אקסל, געוויזן מיט די הענט, געשריִען:

— אַט דאָרטן, אַט דאָרט אפן פעלד, גייט און זעט!

אַלץ געשריִען און געשריִען.

די אַלטע מעפּטוליאַסעכע איז אומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב:

— כ׳בעט אייַך, מענטשן! גוטע מענטשן. קומט... ער איז בא מיר איינער...

קיינער איז ניט געבליבן זיצן אין דער היים. מע האָט געהערט, אז טויט איז מעפּטוליאַסעכעס זון, סינזשערעס, קאַטיאַלעס, ארגיר, עפּשער נאָך עמעצער... פונוואַנען זאָל יאָן, מייַן מומע נאַטאַליצעס, פינקטלעך וויסן? אין אונדזערע מעקוימעס זייַנען ניט געווען קיין מילכאָמעס פון אונדזערע עלטער־עלטערזיידעס אָן, פון זינט מיטן טערק. מילכאָמע־טויטע אַ־דאָ אין אונדזער דאָרף?!

די מעפּטוליאַסעכע האָט אַלץ געיאָמערט:

— טייַערער מייַנער און ווילער מייַ־נער!

א ווינט האָט נאָך אויך דעמלט צוגעבלאָזן. דאָס גראָז האָט זיך געוויגט אַט אהין, אַט אהער: שש־שא־א... שש־שא־א... ס׳האָט זיך צונויפגעזאמלט א גאנצער אוילעם. יעדער איינער האָט גערעדט אף זיין שטייגער:

— ער איז, נעבעך, טויט...

— עלנט, ווי א שטיין... גלייַך אין קאָפּ אריין!..

— אוועק, דו, שאַלטיק איינער... זע נאָר, ווי ער שטופּט זיך! — האָבן מיך די אלטע לייַט ניט צוגעלאָזט נאָענט.

די מעפּטוליאַסעכע, א ווייַסע און אויסגעמוטשעטע, האָבן צוויי ווייַבער געהאַלטן אונטערגעשפּאַרט בא די אָרעמס.

— טייַערער מייַ־נער און קליינינקער מייַ־נער!..

— נו, שווייַגט שוין אמאָל! כאַפּט בעסער א קוק. עפּשער וועט אים עמעצער דערקענען!

— נעמט אוועק אין א זייַט די ווייַבער... די טראָגנדיקע ווייַבער — אין א זייַט!..

— גאַרניט, גאַרניט? קיין שום דאָקומענט ניט?

— וועמעס איז דער דאָזיקער מאמזער, וועמעס, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאר די רייד?.. אוועק, דו, גאַרנישט איינער!..

— און דער, וואָס האָט אים דערזען דער ערשטער, וואָס זאָגט ער, וואָס?

— אזעלכע צוויי טעג, און נאָך אזא זון פון אויבן...

— טייַערער מייַ־נער און קליינינקער מייַ־נער!..



אנדריי לופּאַן

## פּאַכאָמס ברונעם

ס׳האָבן זיידעס דערציילט, אז נאָך לאַנג נאָוועגנאַד
אים די וועגן אהיימגעבראכט האָבן,
און מער פון א לעבן איז דורך,
זינט ער האָט
דעם ברונעם אַ־דעם אויסגעגראָבן.

געכאַלעשט דער קאַנט האָט אָן וואַסער א לעק,
ווייַט ארום איז די ערד געווען טרוקן,
און ער האָט געגראָבן אין טאָל,
באַם וועג,
מיט זקייניש־געבויגענעם רוקן...

א טאָג נאָך א טאָג, וואָך־איַין און וואָך־אויס.
דעם רידל פארקלעמט אייַנגעשפּארטער,
ביז ס׳האָט געטאָן דאָס וואַסער א ברויז
פון טיף פון שטיינעריק־האַרטער...

וואָס ווייַטער געטאָן? יעדיִעס אונדז פעלט.
די, וואָס האָבן געוווּסט, זיך פארקליבן
האָבן שוין לאַנג אף דער עמעסער וועלט,
נאָר דער ברונעם פּאַכאָמס איז געבליבן.

עס גייען די מענטשן פארביַי און די צייַט.
אין אָוואַר פאר אונדזערע אויגן פארזונקען.
דאָ ארבעטן הייַנט די קאָלווירטישע לייַט,
דאָ קומען מידע דאָס איַין־וואַסער טרינקען.

כ׳בין נייַגעריק הייַנט, וויפל דאָ אָפּגערוט
האָבן וואַנדערער, גייער,
און צו דעם לעבן
אוועק זייַנען נאָכדעם געשטאַרקטע מיט מוט,
וואָס ס׳האָט זיי דער מיזאַמער זאָקן געגעבן.

זיי קענען אים ניט, פון אים ניט געהערט.
נאָר וועגן ברונעם זיי רעדן,
ווי וועגן
דעם פעלד, וואָס גאָלדענע שעפע געבירט,
ווי וועגן דער בראָכע פון זומער־רעגן...

ייִדיש — מ. סאַקציִער

די מומע מײַנע נאַטאַליצע האָט זיך געלאָזט הערן פון דער זײַט, פון צווישן די טראַגנדיקע ווײַבער:

— גלײַך ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט... די טירן זײַנען געווען פאַרמאַכט, הער איך פלו־צעם: „מאַ־מע־ע!“ ער איז עס געווען, יאַניקע. כ׳בין באַלד אַרויס אין דרויסן. אַ דונער זאָל דיך שוין דערשלאָגן, דײַטש פאַרשיווער, ווי דו האָלטסט דאָרטן אין איין דונערן האַלטסטו.

— היי, סינזשערעס אייגענע, טוט אַ קוק נאָכ־אַמאָל, קוקט גוט...

— אַרגיר איז געווען אַ נידעריקער און אַ מאָ־גערער...

— עפּעס אַ ביסל ענלעך צו מישע קאַטיאַלען... נאָר ווי קאָן מען וויסן, אַז דאָס פּאָנעם איז... טוט אַ קוק אַפן פּאָנעם!.. ווו איז דאָס פּאָנעם? וואָס איז מיטן פּאָנעם?..

— שטאַרבט אַ מענטש, און דו ווייסט ניט, וואָס ער איז, ווער ער איז, ווען ער איז...

— טײַערער מײַ־נער און קליינינקער מ־ײַ־נ־ע־ר!..

— אוילעם, טוט נאָכאַמאָל אַ גוטן קוק!.. — האָט עמעצער אַ שטאַרקן געשריי געטאָן, און די ווײַבער האָבן פאַרגעסן, אַז זיי זײַנען טראַגנדיק, און די קינדער האָבן מער ניט געוואָלט וויסן, אַז זיי זײַנען קינדער, און אַלע, צונויפגעשטופּטע אייניינעם אַרום און אַרום, האָבן מיר געהויבן מיט די אַקסל: „איזן איז ער, הייסט עס, אָן אונדזערי־קער, נאָר עפּעס ניט פון אונדזער דאָרף, דאַכט זיך“...

— מײַנער, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען אין פײַער אַרײַן, — האָט די מומע נאַטאַליצע גע־רעדט אַף אַ מעסוקן הויך קאָל, — האָט ער אַזוי געזאָגט: „מאַמע, אַ טויטער וועל איך זײַן — און פון אונדזערע וועל איך מיך ניט אָפּזאָגן!..“ און אַז כ׳האָב געהערט, ווי ער האָט געשריִען: „טויט! פאַרווונדעט! אָט דאָ, אָט דאָ, אַפן פעלד. גייט און זעט!“ בין איך אַרויס אין דרויסן און האָב אָנגעהויבן גוואַלדעווען, ווי אַ משוגענע: „יאַ־נעו! יאַ־נעו!“

אויסהערנדיק זי, האָט דערנאָך דער אוילעם אָנגעהויבן צעשפּרייטן זיך איבערן פעלד, ווער אַפן באַרג, ווער אַראָפּ אין טאָל. צוערשט קאַטיאַ־לעס אייגענע — ברידער, שוועסטערקינדער, פע־טערס, דערנאָך אַלע אַנדערע. זיי האָבן געזוכט און גענישטערט אין אָקאָפּעס, אין קאַנאַוועס, גע־בראַכט פון דאָרט צו טראָגן ווער אַ פאַרוואָל־גערטע גאַז־מאַסקע, ווער אַן אײַזערנע קאַסקע, אַ שפּליטער, אַ גראַנאַטע.

— וואַרפט דאָס אַוועק צו אַלדי רוכעס, וואָס האַלט איר דאָס, וואָס?!

די מעפּטוליאַסעכע האָט אַלץ געיאָמערט, און דאָס גראָז, געהוידעט פונעם ווינט, האָט זיך אַלץ געכוואַליעט, גלײַך עס וואָלט אַפן רוקן אַף זײַנעם געוויגט דער מעפּטוליאַסעכעס יאָמער־געשרייען; און דער אוילעם, ווי פאַרכמורעט ער איז שוין ניט געווען, האָט זיך נאָך מער פאַרכמורעט.

— וואָס שטייסטו און ציילעמסט זיך, דו? וואָס, האָסט נאָך קיין טויטן מענטשן ניט געזען, האַ?

— היי, סינזשערעס אייגענע, ווו האָט איר אַהינגעטאָן דאָס דאַזיקע קלאָפּערגעצײַג?

— די גראַנאַטע קאָן נאָך מיטאַמאָל אויפרײַסן!

— אַ ציגײַער! ווער גיט פאַרייכערן, אוילעם?

דערנאָך, פּלוצעם, איז דער אוילעם שטיין גע־בליבן אַ פאַרשטומטער, אָן אָטעם, און ס׳האָט זיך נאָר געהערט, ווי עס פּײַפט דאָס גראָז און ווי די מומע נאַטאַליצע שיט מיט קלאָלעס, גלײַך ווי שטיקער פײַער וואָלטן אָנגעהויבן זעצן פון איר מויל אַרויס.

— אָף־אָף־אָף... נאָר אַש זאָל פון זיי, גאָטעניו, בלײַבן, און דאָס אַש זאָל אין אַלע עקן צעטראָגן דער ווינט; און דער ווינט זאָל ניט אָנשטילט ווערן, ביז ס׳וועט פון זיי, גאָטעניו, פון יענע, וואָס האָבן אָנגעהויבן די מילכאָמע אַף דער וועלט, קיין סימען ניט בלײַבן!..

— טײַערער מײַנער און קליינינקער מ־ײַ־נ־ע־ר!..

אַזוי האָט עס אַלץ געדויערט, ביז עמעצער פון די מאַנצבלען האָט סאָפּקאָלסאָף אַ געשריי געטאָן:

— און מיט אים־אָ, אוילעם, וואָס טוען מיר מיט אים־אָ?!

פונעם דאָרף זײַנען מענטשן נאָך געגאַנגען און געגאַנגען אַהער. פון טויער צו טויער, פון קרע־ניצע צו קרעניצע, האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף אַלץ געראַשט און געקאָכט:

— ווײ, ווײ, ווײ!.. ווער זשע זאָל עס זײַן ווער?.. — און מע איז אַלע געלאָפן צום טויטן.

דאָ, ווײַט פונעם דאָרף, אַפן באַרגרוקן, זײַנען מיר געשטאַנען און געוואַרט אַף לאַפּעטעס. און שטייענדיק אַזוי און וואַרטנדיק אַזוי, האָט, אַפּאָ־נעם, יעדער איינער עפּעס געטראַכט...

— דער מענטש!!! וואָס איין מענטש קאָן טאָן דעם אַנדערן מענטשן!.. אַ וואָלף אין וואַלד וועט עס דיר ניט טאָן!..

— ניין, ס׳איז ניט אונדזער מישע... — האָט וויינענדיק דערציילט קאַטיאַלעס ווײַב, — מײַן מישע האָט געהאַט דאָ־אָ... אַפן האַלדז... כ׳בין דעמאָלט געווען מיט אים אַף דער צײַט בין איך געווען... כ׳האָב ניט געהאַט אין שטוב קיין שווע־בעלעך, בין איך זיך דורכגעגאַנגען צו דער מאַ־מען, בין איך זיך דורכגעגאַנגען... כ׳טו אַ נעם דאָס פּעקעלע, נעם אַרויס דרײַ שוועבעלעך, טוט זיך פּלוצעם אָן עפן די טיר... כאַפּ איך און באַ־האַלט גיך די שוועבעלעך אונטערן שאַלעכל, באַ־האַלט איך... איז מײַן מישע געבוירן געוואָרן מיט דרײַ שוועבעלעך, אָ דאָ־אָ, אַפן האַלדז...

— כ׳בין געשטאַנען און געצויגן וואַסער, הער איך פּלוצעם: „אַרגיר, קאַטיאַלע, סינזשערע, דער

מעפּטוליאַסעכעס". נו, פאַרשטייט זיך, די ערד נעמט צו. נאָר מע זאָל ניט וויסן ווער? אָן אַ נאָמען?

— עפּשער איז דאָס טאַקע אַרגיר, ברע?.. טוט נאָכאַמאָל אַ גוטן קוק... ווּהין רוקט איר זיך, ווּהין? אַוועק, שאַלטיקעס!

ס'איז אַרגיר צי ס'איז ניט אַרגיר — ווער זאָל עס פּינקטלעך וויסן ווער, אַז אַרגיר האָט קיינעם אין דאָרף ניט פאַרמאָגט... איינער אַליין, ווי אַ פריי̆ער פויגל אין פעלד... ס'האָט זיך אַמאָל אַראָפּגעיאַוועט צו אונדז אין דאָרף, איך בין נאָך דעמלט אַף דער וועלט ניט געווען, אַ ציגיי̆נער, אַ לעפלמאַכער. אַראָפּגעיאַוועט זיך און אינגיכן, טאַקע דאָ אין דאָרף, געשטאָרבן. דער אוילעם האָט צונויפגענומען אַ פּאָר קערבלעך, דעם אַלטן ציגיי̆נער מעקאַבער געווען, און דאָס דאָרף איז פאַרבליבן מיט דעם דאָזיקן אַרגירן אַף די הענט, — דאָס האָט ער פאַרמאָגט, דער ציגיי̆נער: אַ ייִנגל און אַ קאָוואַדלע. דאָס ייִנגל האָט צו גאָרנישט ניט געטויגט. דערנאָך, אַז ער איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער אָנגעהויבן דינען באַ יענעם, באַטראַקעווען, פאַרדינגען זיך אַפן כוידעש, אַפן יאָר, נאָר מערער אַפן טאָג. „וואָס וועל איך גיין וואַרטן, ביז ס'וועט אַוועק אַ גאַנצער כוידעש, — פלעגט ער זאָגן, — אַ גאַנץ יאָר?!.." אַז ער פלעגט לאַכן, פלעגן מיר, קינדער, אים האַלטן אין איין קוקן אין מויל אַריי̆ן. ער איז געווען שוואַרץ, ווי קויל, האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר פליישיקע ליפּן, און ציין האָט ער געהאַט וויי̆סע־וויי̆סע, גרויסע, שיינע. ווי זשע קענסטו אַזאַ מענטשן ניט האַלטן אין איין קוקן אין מויל אַריי̆ן?

די מאַנצבילען האָבן נאָכאַמאָל באַטראַכט דעם טויטן, געזוכט עפּעס אַ סימען, געהויבן מיט די אַקסל, און פלוצעם האָט די מומע נאַטאַליצע אָנגעהויבן שריי̆ען:

— וואַ־סער! דערלאַנגט אַ ביסל וואַסער!..

דער אוילעם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער מומען צו מיי̆נער, און זי, די מומע נאַטאַליצע, האָט געהאַלטן אונטערגעשפּאַרט באַ די אַקסל אַ וויי̆בל און געשאָטן מיט קלאָלעס, דאָס מאָל געשאָלטן מאַמעש די זון:

— אַז צעלאָזט זאָלסטו ווערן, און פאַרשוווּנדן זאָלסטו ווערן, און פאַרלאָשן זאָלסטו ווערן, ווי דו דערגייסט אונדז נאָך פון אויבן די יאָרן אויך!..

— נו, שוין... אַ דאַנק, אַ דאַנק... — האָט דאָס פאַרכאַלעשטע וויי̆בל געמורמלט, און מע האָט געזען, ווי עפּעס שטאַרקט זי זיך, עפּעס נעמט זי זיך אין די הענט אַריי̆ן. און צווישן אוילעם האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן דורכגאַנוועגען וויי̆בערישע שעפּטשערייען:

— קוק זי אָן... אָט איז זי דאָך... דאָס איז דאָך מאַרינע, מאַרינע געבאַנס!

— כי־כי... דער מאַן אירער וועט זיך דערוויסן... ס'וועט זיי̆ן פרייליך...

נאָר די מאַנצבילען האָבן זיך געמאַכט ניט הערנדיק — ס'זאָל כאָטש אַפילע איינער געוועזן וועלן אַ נייג טאָן דעם אויער.

— אונגען איז אָפּגעווישט פון דער ערד!.. מ'האָט מענטשן באַגראָבן לעבעדיקערהייט!..

— ראָכלע דאָדלס איז אַראָפּ פון זינען! זי זיצט אין קעלער און זינגט לידער!

מאַרינע געבאַנס, אַ פאַרפרעמדטע, אַ וויי̆סגעוואָרענע ווי קאַלך, זעט, דאַכט זיך, קיינער ניט, — מע דערציילט איצט אַנדערע, מער שרעקלעכערע זאַכן, וועגן דער דאָזיקער מילכאָמע היטלערס, וואָס האַלט שוין דריי̆ טעג און דריי̆ נעכט. די אַלטע מעפּטוליאַסעכע באַגלייט די רייד מיט איר שוידערלעכן יאָמער:

— טיי̆ערער מיי̆־נער און קליינינקער מ־יי̆־נ־ער!..

און פלוצעם, מיטאַמאָל, צווישן דער אַלטערס יעכצערייען, ווי דער טויטער סאָלדאַט איז אַזוי־אָ געלעגן, האָט זיך מאַרינע געטאָן אַ בייג איבער איבער אים און אַ שטיק האַרץ האָט זיך ווי אָפּגעריסן פון איר:

— אַר־גי־יר! — האָט זי דאָס פּנעם אירס באַהאַלטן אין אַ טיכל, געשטיקט זיך דערין, און פונעם טיכל אַרויס, פון צווישן די פויסטן, מיט וועלכע זי האָט פאַרשטופּט דאָס מויל, האָט זיך געהערט, ווי פון אונטער דער ערד אַפיר: — הו־הו־הו...

מיר זיי̆נען אַלע געבליבן פאַרשטיינערט. אַלע איניינעם האָבן מיר באַשטימט געטראַכט, אַז ער איז אונדזערער, דער דאָזיקער סאָלדאַט, אונדזערער, פון אונדזער דאָרף. נאָר מיר זיי̆נען ניט געווען זיכער, עפּעס האָט זיך עס ניט געוואָלט גלייבן. איצט האָבן מיר מיט די אייגענע אויגן געזען, אַז ס'איז אַרגיר... און מיר האָבן אים געבראַכט צו קוורע, ווי די ערד האָט געמאָנט און ווי דער טויטער האָט געמאָנט...

נאָר ווען די מענטשן פון אונדזער דאָרף האָבן זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע, האָב איך געהערט, ווי איינער האָט אַ זאָג געטאָן, אַז ער האָט אַרגירן באַגעגנט ערגעץ אין אַ שלאַכט באַם דניעסטער, און אויב ער איז אומגעקומען, איז ער דאָרטן אומגעקומען; אַ צווייטער האָט זיך מאַמעש געשוווירן, אַז ער איז מיט אים געווען איניינעם באַם דאָן, און ער איז, אַפּאָנעם, דאָרטן פאַרפאַלן געוואָרן, אַרגיר, אויב ס'איז פון אים ביז איצט קיין שום יעדיִע ניטאָ; אַ דריטער האָט דערציילט, אַז ער האָט זיך געפונען איניינעם מיט אַרגירן באַ דער וואָלגע אונטער איין דאַך, און אויב ער איז ביז היי̆נט ניטאָ, איז אַ סימען, אַז ער איז ניטאָ, — מאַכמעס פון אונטער יענעם־אָ דאַך איז קימאַט קיינער ניט אַרויס קיין לעבעדיקער!

אַז מע טוט אָבער אַ פרעג מאַרינע געבאַנס, ענטפערט זי אַזוי:

— ווער, ארגיר?.. אָףףף!.. טײַערינקער, מײַנער... ער איז דאָ! מע האָט מיר אפילע אין קאָרטן געטראָפן, אז ער איז דאָ! ער איז דאָ!.. ווײַט, ווײַט פונדאנען, נאָר ער איז דאָ. און ער וואָלט געקומען, נאָר עס פעלן אים בײדע פיס. ער האָט זיך זײַן מישפּאָכע. וואָס זשע וועט ער קומען, טײַערינקער מײַנער?!

נאָר דאָס ווײַסע גראָז, די נעגארע, וויגט זיך שעפּטשענדיק, ווי דעמלט, אהין און אהער: שש־שאַ־אַ־אַ... שש־שאַ־אַ־אַ...

וואָס ווייסט גראָז?..



יאָן ק. טשאָבאַנו

## א פארנאכט אין די קאָדרעס

כ'האָב געהאַט דאָס גליק געבוירן צו ווערן אין די קאָדרעס, אין צענטער פון מאָלדאוויע, אין קאַנט פון ווײַנגערטנער, סעדער און וועלדער.

אן אלט פאָלקסווערטל זאָגט, אז דער מענטש ווערט געבוירן מיט צוויי אווײרעס — אײנע דער מאמעס און די צווייטע דעם טאַטנס. איך בין קעגן מײַן ווילן געבוירן געוואָרן נאָך מיט א דריטער אווײרע: מיט דער אווײרע פון שרײַבן. און אז כ'בין אויסגעוואקסן א גרויסער, האָב איך אָנגעשריבן א ראָמאן וועגן די מענטשן, וואָס וווינען אין די קאָדרעס, און טאקע אזוי־אָ א נאָמען געגעבן דעם ראָמאן: „די קאָדרעס". און פון דעמלט אָן, פון זינט כ'האָב שאָלעם געמאַכט מיט דער דריטער אווײרע מײַנער, לאָזן מיך די מענטשן פון די קאָדרעס ניט צורו. זיי פאָדערן: ווען עס קומען צוגאַסט קײן מאָלדאוויע שרײַבער פון אנדער רעפּובליק, איז ברענג זיי, כאַווער־לעבן, אהער צו אונדז, אין אונדזערע מעקוימעס!..

די שײנע אָסיענס האָט קײנער ניט אויסגעטראַכט. מאָלדאוויע האָט הײַנטיקן אָסיען געגעבן אונדזער סאָוועטישן היימלאַנד 734 טויזנט טאָן ווײַנטרויבן און אן ערעך 200 טויזנט טאָן קאָלערליי אנדערע פּײרעס. קימאַט דער גרעסטער טייל דערפון קומט פון די קאָדרעס. איז דען פאַראַן אין מאָלדאוויע א רײַכערע און געבענטשטערע צײַט, ווי אָסיען? ווי זשע באַווײַזט מען ניט די יִדישע שרײַבער, וואָס זײַנען איצט דאָ צוגאַסט אין אונדזער רעפּובליק, דעם דאָזיקן גאָלדענעם אָסיען אין די קאָדרעס?

ווער עס איז אין אונדזערע געגנטן ניט געווען, זאָל כאָטש דורך א קלײנער לעגענדע דערפילן דעם רייעך זייערן. ווען גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, — דערציילט מען דאָ וויציק, — זײַנען די מענטשן פון די קאָדרעס געווען פארנומען באַם פּאַשען די שאָף. אז זיי זײַנען אהיימגעקומען, איז שוין די גאַנצע ערד געווען פארטײלט. וואָס זשע טוט מען מיט אײַך? — זאָל געווען א זאָג טאָן דער אייבערשטער. — האקלאל, כ'וועל אײַך אָפּשנײַדן א שטיק גאַנײדן, און פּאָטער...

א לעגענדע בלײַבט א לעגענדע. נאָר דער הארבסט אין די קאָדרעס איז בעעמעס א גאַנײדן. אין דרויסן איז ווארעם. איבער די סעדער און ווײַנגערטנער שוועבן אינדערלופטן שפּינוועבספעדעם. עס פינקלט אין די אויגן. דעם אָסיען באַזינגט מען דאָ אין א ווינטשעוואַניע אן ערעך אזוי:

איר זאָלט לעבן, איר זאָלט בליִען,
ווי די עפּל, ווי די בארן
אינמיטן זומער
און ווי אונדזער אָסיען דער רײַכער,
פון דער גאַנצער וועלט דער געליבטער!

אין די הויפן ראַשט זיך. בא די טויערן יאָגן אום כאַסענע־שאַפערס, ארומגעבונדענע מיט האַנטעכער ארום די אָרעמס; אין די הענט האַלטן זיי פלאַטשיקע קריגלעך ווײַן; און וועמען זיי באַגעגענען, פארבעטן זיי אף דער כאַסענע. אין די קאָדרעס פּראַוועט מען כאַסענעס נאָר אָסיען.

איך, ווי דער מאַכניס־אוירעך, בין הוילע אויג־און־אויערן. כ'וויל זען, צי דער הארבסט אונדזערער געפעלט די געסט. אף בײדע זײַטן שאָסיי הייבן זיך אָן טונקען אין געל־גרינער אָסיען־פארב די גרויסע ווײַנגאָרטן־מאַסיוון פון דעם (איבערן גאַנצן לאַנד און אויסער די גרענעצן פונעם לאַנד גוט־באַקאַנטן) טעכניקום־סאָווכאָז „גרעטיִעשט". אזוי־אָ, פארבײַיאָגנדיק, דערציילן מיר אין אווטאָ אונדזערע געסט וועגן דעם דאָזיקן סאָווכאָז. און ווען די געסט דערוויסן זיך, אז פריִער איז דאָ געוואקסן א „ווײַנגאָרטן פון אספאַלט", הייבן זיי מיט די אקסלען, מיינען, אז עס קומט שוין ווידער א וויציקע לעגענדע. נאָר דאָס מאָל איז עס א טרויעריקער עמעס. יאָ, יאָ: א „ווײַנגאָרטן פון אספאַלט". פריִער, ווען די רומענישע באָיאַרן

האָבן דאָ געהערשט, האָט א געוויסער אונטערנעמער, וועמען ס׳איז פאר די 25 יאָר באַארישער הערשאפט קוים געלונגען אויסצואוספאלטירן א מינע אַנדערהאלבן קילאָמעטער אף דער קעשענעווער הויפטגאס, שאכערמאכערדיק אָפּגעקוועטשט פון דער אספאלט־אפּערע אזויפיל קליגערס, אז ער האָט זיך געקויפט א שטיק ערד, אראָפּגעבראכט פון פראנקרײַך ספּעציאַליסטן און אויסגעפלאנצט א וואונדערלעכן ווײַנגאָרטן. דעם דאָזיקן ווײַנגאָרטן האָט דער קעשענעווער אוילעם א נאָמען געגעבן: „דער ווײַנגאָרטן פון אספאלט“.

די געסט, הער איך, לויבן די הארבסט־קאָלירן, קוקן זיך אײַן אין די פריש־פאראקערטע ערד־פאסן, אין די אָפּגעשניטענע קוקורוזע־שטעקנס, וואָס שטייען בינטלעכווײַז אף די פעלדער, ווי פויערישע קוטשמעס. די מאשין פאָרט ארײַן טיפער אין די קאָדרעס. די פארטאָגיקע נעפּלען האָבן פארברוינט די וועלדער, א ביסל זיי צוגעטריקנט. עס הערט זיך א מין קלינגען, ווען מיר פאָרן פארבײַ די געדיכטע ביימער, ווי אין א מײַסעלע, וווּ דער וואלד איז פון קופער. דאָ און דאָרט בא די זײַטן פון די בערגלדיקע ווײַנגערטנער זעען זיך אָן קארשן־ביימלעך צונטער־רויטע, ווי בלוט. עמעצער פון די געסט זאָגט:

— אָט אָ־דאָ־אָ, אין די קאָדרעס, זיצן און שאפן! שוין די נאטור אליין וואָלט דיך ניט געלאָזט אומגיין ליידיק...

די געסט זײַנען מענטשן פארשיידענע. שרײַבער פארשיידענע. ארן ווערגעליס איז, ווערדליק איך ווייס, אופגעוואקסן אפן ווײַטן מיזרעך; שיקע דריז און מישע לעוו — אין אוקראַינע; מוישע טייף — אין ווײַסרוסלאנד; אויך מײַנע לאנדסלײַט יאנקעוו שטערנבערג, יעכיעל שרײַבמאן, יאנקל יאקיר און מאָטל סאקציער זײַנען געבוירענע אין פארשיידענע טיילן בעסאראביע. יעדנס געגנט האָט זיך אירע וואונדערלעכע שיינקײַטן. און עס וואקסט אין מיר דאָס הארץ, ווען איך זע, ווי עס כידעשט זיי אלעמען אויך די שיינקײַט פון מײַנע מעקוימעס. כ׳לייקן ניט, איך וויל, אז די קאָדרעס זאָלן זיי געפעלן. כ׳וויל, אז עס זאָל פארבלײַבן אין זיי די זעלבע בענקשאפט אהער, וועלכע איך טראָג אין זיך. מיר האָבן דערוף איין פארנאכט אין די קאָדרעס, א ליטערארישן צוזאמענטרעף מיט די ליטעראטור־ליבהאָבער פונעם דאָרף טעלעשעו — דאָס היים־דאָרף פונעם מאָלדאווישן קלאסיקער אלעקסאנדרו דאָניטש. אייגנטלעך, איז דאָניטש געבוירן געוואָרן א פיר קילאָמעטער לעבן טעלעשעו, אין א פריציש הייפל, וווּ קליינע קינדער לערנען איצט גראמאָטע און וווּ א קוועלכל מורמלט, אין הונדערט יאָר ארום נאָכן שרײַבערס טויט, נײַע פערזן, ווארטנדיק, עס זאָל זיך א יאווע טאָן אן אנדער דיכטער, וואָס זאָל די דאָזיקע נײַע מורמלערײַען אופקלײַבן און אויסלייגן אף פאפיר. געוויינלעך, ווען מיר פאָרן קיין טעלעשעו, זײַנען מיר געוווינט צו זאָגן, אז מיר פאָרן אין דאָניטשס היים־דאָרף, מאכמעס דאָס דערפל, וווּ דער מעשאָלים־שרײַבער איז געבוירן, איז א צווײַג פון טעלעשעווער קאָלווירט, און די יינגלעך און מיידלעך פון דעם דאָזיקן קליינעם, ווי א זומער־פייגעלע, דערפעלע שטודירן, ווי א לימוד קאנטקעטעניש, דעם שרײַבערס שאפונגען אין דער גרויסער טעלעשעווער מיטלשול. דאָ טאקע, אין דער שול, וועט פאָרקומען דער אָוונט פונעם יידישן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“. ס׳האָבן אונדז מעקאבל־פּאָנעם געווען דער דירעקטאָר פון דער שול און נאָך א דירעקטאָר פון דער שול און נאָך איין שול־דירעקטאָר. וואָס איז דאָס? — כידעשן מיר זיך. — איין שול מיט דרײַ דירעקטאָרס?

— ווארט, כאווײרים, וועלן מיר אײַך באלד קלאָר מאכן. אָט ער איז דער איצטיקער דירעקטאָר. איך בין געווען דירעקטאָר אין שול, ביז מע האָט מיך אויסגעקליבן פאר קאָלווירט־פאָרזיצער. און אָט ער איז געווען שול־דירעקטאָר, ביז מע האָט אים אויסגעקליבן אלס פארטרעטער פונעם קאָלווירט־פאָרזיצער.

— נו, נו, ס׳איז גוט. ארײַנגעפאלן, הייסט עס, צווישן פעדאגאָגן. ס׳וועט אונדז גאָרניט זײַן שלעכט צווישן אײַך.

— יאָ, נאָר בא אונדז אין די קאָדרעס, — זאָגט דער קאָלווירט־פאָרזיצער, — אײדער דער מענטש נעמט זיך עפּעס טאָן, פארזוכט ער פריער א קאפעטשקע ווײַן...

— אזא איז דאָ דער מינהעג. און קיין מינהעג ברעכט מען ניט! — טוט א זאָג דער סעקרעטאר פון דער קאָלווירטישער פארטיי־אָרגאניזאציע.

קעגן מינהאָגים וועלן מיר, פארשטייט זיך, ניט גיין. ארומשפאצירנדיק א ביסל אין די קאָלווירטישע סעדער, לאָזן מיר זיך אלע אוועק צו די ווײַנקעלטערס. אפן וועג דערציילט אונדז מיט פרייד דעם פאָרזיצערס פארטרעטער, אז זיי האָבן שוין אראָפּגענומען די גאנצע גערעטעניש און אָפּגעגעבן דער מעלוכע בא די צוויי טויזנט טאָן ווײַנטרויבן.

— נאָר פאר געסט איז נאָך אויך עפּעס איבערגעבליבן! — לאכט דער פאָרזיצער.

אין די קעלטערס באגעגנט אונדז דער הויפּטווײַנציכטלער פונעם קאָלווירט און הייבט אונדז אָן פירן צווישן הונדערטער פעסער, וואָס שטייען ארום־און־ארום איבערן גאנצן הויף. ער פירט אונדז, מיר זאָלן ניט פארבלאָנדזשעט ווערן. מיר שפאנען אראָפּ אף טרעפּלעך אין א לאנגן קעלער, און פלוצעם, ווי דורך א נעס, טוט זיך א יאווע ארויס א ווײַס פויעריש לעבל ברויט, א צעשניטענס אף ריפּטלעך, און א צענדליק גלעזער, בײַכיקע מאָנאכן, ווי מע רופט זיי אין די קאָדרעס.

דער אוילעם הייבט אָן פארזוכן. מע ווערט היימישער איינער מיטן אנדערן. און איך, וואָס דארף שפּעטער דעם ליטעראַרישן אָוונט פירן, טראכט:

צי וועלן מיר קענען לייענען די לידער, די נאָוועלן? צי וועלן מיר אפן אָוונט ניט אָנהייבן זינגען? נאָר אלץ גייט, זע איך, קעשורע, מע פארזוכט מיט קאָפּ.

די סימכע אין קעלער האָט, כאָלילע, ניט געשמעקט מיט קיין באכוס־סימכע. עס זייַנען געווען אופריכטיקסטע און עמעסדיקסטע פרייַנטשאפטרעגעס צווישן צוויי ברידערלעכע ליטעראטורן. די באגעגענישן מיט די ייִדישע שרייַבער אין מאָלדאוויע זייַנען פארוואנדלט געוואָרן, ווי די געסט האָבן עס אליין מוידע געווען, אין א מין קלייַנער דעקאדע פון דער ייִדיש־סאָוועטישער ליטעראטור אף דער מאָלדאווישער ערד. דער ליטערארישער אָוונט אין טעלעשעו איז געווען די דריטע ליטערארישע באגעגעניש. און נאָך דער ברידערלעכער אטמאָספער אפן אָוונט אין קעשענעוו, אין דער ראדיִאָ און טעלעוויזיע, אף דער באגעגעניש אין שרייַבער־פארבאנד, האָבן מיר זיך אזוי פארכאווערט און דערנעענטערט, גלייַך מיר וואָלטן אלע געווען שרייַבער פון מאָלדאוויע, מיט איין טעמאטיק, מיט איינע און די זעלבע שטרעבונגען. אפּאָנעם, דער געמיינזאמער ציל פון אלע נאציִאָנאלע ליטעראטורן פונעם סאָוועטנפארבאנד, די געמיינזאמע אופגאבעס, וואָס שטייען פאר די סאָוועטישע שרייַבער, זייַנען אונדז אלע גלייַך נאָענט, און דער כילעק איז נאָר, וואָס מיר קליידן אָן אין פארשיידענע קליידער די זעלבע הומאניסטישע אידייען.

ווי זשע איז דורכגעגאנגען אונדזער ליטערארישער אָוונט? דער גרויסער זאל אין דער נייַער טעלעשעוער שול איז געווען פול מיט מענטשן. לערער, שילער, יונגוואַרג. א פייַערלעכע שטילקייַט, קיין שאָרך האָט זיך אין זאל ניט געהערט. דער אָוונט האָט געהאט א גרויסן, ערנסטן דערפאָלג. מע קאָן א סאך ריידן וועגן קולטור־פּראָגרעס אין די דערפער. אויך וועגן פּראָגרעס אין טעלעשעוער קאָלווירט. כ׳וויל דאָס אָבער אלץ צונויפפרעסן אין דער איינער פראזע, וואָס כ׳האָב געהערט פון יאנקעוו שטערנבערגן:

— סארא שיינע יוגנט ס׳איז אויסגעוואקסן! ס׳האָט מיך אזוי ניט גערירט דער אומגעהייַער גרויסער אינטערעס זייערער פאר ליטעראטור, פאר קולטור, די אויגן זייערע, וועלכע האָבן דורשטיק א בלישטשע געטאָן בא יעדער פּאָעטישער וויבראציע, ווי ס׳האָט מיך ביז טרערן גערירט זייער שיינקייַט. ייִנגלעך און מיידלעך — הויכע, געזונטע, לעבעדיקע — שווארצע און בלאָנדע. שיינע!

מיך האָט דעם דיכטערס באמערקונג גערירט אָט פארוואָס:

אין 1936 האָט דער גאנצער אורהיִעווער קרייַז, דאָס הארץ פון די קאָדרעס, ניט געקאָנט שיקן קיין בוקארעשט אף א פאראד קיין איין יוגנטלעכן. די קאָמיסיע האָט קיין איין ייִנגל און קיין איין



פּ א וו ע ל  ב אָ צ ו

## ערד

פאר דיר האָב איך, מייַן ליבע,
געקליבן צארטע ווערטער
און האָב אינעם זיקאָרן
אייַנגעכאזערט זיי.
און נאָך לאנגן שווייַגן
כ׳לערן זיך איצט ווידער
שטיל זיי דיר צו זאָגן
אָן ראש און אָן געשריי.

ווי א גרויסער קישעף
ביסט פאר מיר געוועזן,
ווען די קאלטע שנייגלעקלעך
האָסט דער וועלט געטיילט.

כ׳ווייס ניט, ווו דו נעמסט עס,
אלע דייַנע פארבן —
פרעגן בא דער קווייט?
איז וואָס פארשטייט
א קווייט?

כ׳טרינק די שטארקע זאפטן —
דעם געטראנק פון בינען,
פון אלע דייַנע בעכערס
אינעם בלעטער־קאנט.

מיידל ניט געפונען פאסיק לויט דעם ווּקס. אַלע — האָט זי מאָטיווירט — זייַנען שלעכט דערנערט. איבער די בוריאַנעס און דער מאַמעליגע פון שלעכטער פּאַפּעשוי־מעל, וואָס זיי עסן, זייַנען זיי צעפלאָסן, צעליאַפּעט.

ס׳האָבן מיר באַלד אַ שניט געטאָן דעם מויעך די דעמלטיקע שווערע מיִעסע יאָרן. איצט זייַנען מיר געוווינט צו זען עלעקטרישע ליכט אין די דערפער, ראַדיאָ־אַפּאַראַטן אין די הייַזער, טעלעוויזיע־אַנטענעס אויף די דאָרפישע דעכער. אַלץ איז געווינלעך, זעלבסטפאַרשטענדלעך. ווען האָבן אַמאָל, אין יענע יאָרן, די מענטשן פון די קאָדרעס געהאַט דאָס גליק צו זען בא זיך אין דאָרף שרייַבער, הערן, ווי זיי לייענען זייערע ווערק, הערן, ווי זיי דערציילן וועגן זייער שאַפן, — שרייַבער פון קעשענעוו, פון מאָסקווע, און נאָך ייִדישע שרייַבער?

אַ פאַרנאַכט אין די קאָדרעס. ס׳שאַט ניט, וואָס מ׳האָט אונדז נאָך דער באַגעגעניש אַזוי גיך ניט אָפּגעלאָזט. אין געוועזענעם הויז פון דעם פּאָרעץ, וואָס האָט ביז מיט 25 יאָר צוריק אַרויסגעקוועטשט דעם גאַנצן שווייס פון די טעלעשעווער פויערים, האָט זיך באַוויזן אַפן טיש אַ הייסע, זוניקע מאַמעליגע, געבראָטן פלייש, צעלאָזטע פּוטער, פולע טעלער מיט שאַפענער ברינדזע. מיטן וועג צום פּאָרעצס הויז, אין וועלכן עס געפינט זיך הייַנט די קאָלווירט־פאַרוואַלטונג, האָט מען געזען אָנקומען באַדע מאַנאָלען, דעם הויפּט־ווייַנציכטלער, מיט אַ הילצערנעם עמער ווייַן אין די הענט. מאַכמעס אויף וואָס טויג ווייַן, אויב ניט אויף צו פאַרבינדן אַ שמועס מיט געסט? אויב ניט אויף צו זאָגן זיך איינער דעם אַנדערן אַ גוט וואָרט בא אַ גלעזל ווייַן?

אַ טייל פון די געסט האָבן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן פאַרזוכט מאָלדאַווישע מאַמעליגע. צום ערשטן מאָל געטונקען שאַפענע ברינדזע אין פּוטער. איינציקע צווישן די געסט זייַנען געווען אין אַ סאַך לענדער, געזען אַ סאַך געגנטן, און איצט צום ערשטן מאָל טויעם געווען טולבורעל[1]. איך, ווי דער מאַכניס־אוירעך, האָב זיך געפרייט מיט די אַלע גוטסקייַטן, געפרייט זיך, וואָס די געסט פרייען זיך, און אַזוי געטראַכט:

„זאָל שטענדיק זייַן אַזוי גוט, אַזוי ברידערלעך, ווי אין דאָזיקן פאַרנאַכט אין די קאָדרעס!

---

[1] טולבורעל — מאָלדאַווישער יונגער ווייַן.

---

די נאָוועלן פון ס. שליאַכו, וו. וואַסילאַקע און דעם עסיי פון י. טשאַבאַנו גיבן מיר אין דער איבערזעצונג פון י. שרייַבמאַן.

ס׳איז דייַן וואַלד דער גרינער
פול איצט מיט נעגינע.
און דייַן מאָן־בליט פלאַקערט
אין דעם זון־פאַרגאַנג.

זאָג, פונוואַנען נעמסטו
אַלע דייַנע טייַכן,
וואָס געלייַטערט קומען
צו דעם ברויז פון יאַם?

זאָג, ווו נעמסטו טעג,
וואָס שמעקן, ווי די בלומען.
כ׳ווייס, איך ווייס דעם ענטפער,
כאָטש אַליין איך פרעג.

אָן דיר, מייַן ערד מייַן גוטע,
וואָס וואָלט מיט אונדז געוואָרן,
מיט די זינד מיט אונדזערע,
וואָס שטעכן, ווי דער פראָסט?
וואָס וואָלטן מיר געטאָן
מיט אַלע שווערע יאָרן,
וואָס האָבן פּייַן און ווונדן,
וואָס האָבן בלוט געקאָסט.

פאַר דיר, פאַר דיר, געטרייַע,
איך קלייַב, ווי פּערל, ווערטער,
ווייַל דיר האָב איך פאַרטרויט
מייַן גורל און מייַן זייַן.

קיינמאָל וועט ניט שפּעט זייַן
נאָכאַמאָל און ווידער
דערקלערן זיך אין ליבע
צו דער, וואָס ברענגט מיר שייַן.

ייִדיש — א. גאָנטאַר

טריבונע פון לעבן

ארן ווערגעליס

# COMO EL URUGUAY NO HAY

## אונדזערע פרײַנט אין „אונדזער פרײַנט"

די ערשטע ייִדן האָבן זיך באַוויזן אין מאָנטעווידעאָ צוריק מיט א יאָר פופציק. געקומען זײַנען זיי פון די שכייניעסדיקע לענדער, דערהויפּט פון ארגענטינע, ווו אף דער בסולע־ערד פון דער פּאַמפּע האָבן זיך שוין געהאַט פאַרפעסטיקט די ייִדישע קאָלאָניעס — דאָס מאָשיכיסטישע ווערק פון באַראָן הירש. שפּעטער, אין די צוואַנציקער יאָרן, האָבן מאַכנעס יונגע אימיגראַנטן שוין געשטראָמט דירעקט פון פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, בעסאַראַביע. דאָס איז געווען א האַרעפּאַשנער (אין זײַן מערהײַט) אוילעם, וועלכער האָט פאַרזוכט די פאַנסקע און באַיאַרישע פאַרפאָלגונגען, דעם פּאַוויאַק און די סיגוראַנצע, געוווּסט אויך פון מאַרקסיסטישע קרײַזלעך און ערשטמײַיִקע מאַניפעסטאַציעס... אין אורוגווײַ זײַנען די ייִדן ניט געגאַנגען אין סטעפּ אַרײַן, דער ייִשעוו האָט זיך קאָנצענטרירט אין מאָנטעווידעאָ גופע, און דאָס איז די סיבע, פאַרוואָס הײַנט־צו־טאָג ווױנען קימאַט אַלע פופציק טויזנט אורוגווײַער ייִדן אין דער הויפּטשטאָט פונעם לאַנד.

מײַן באַקאַנטשאַפט מיטן פּראָגרעסיוון ייִדישן ייִשעוו פון אורוגווײַ, דאָס הייסט מיטן דאָרטיקן ייִדישן פאָלקסמענטש, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פאַר מײַן רײַזע אהער. פון מאָל צו מאָל פלעגט קיין מאָסקווע אָנקומען א גאַסט פון דער ווײַטער לאַטײַן־אַמעריקאַנישער רעפּובליק. און איך מוז זיך מודע זײַן, אז די ערשטע צײַט פלעג איך זוכן אין אים א מין „אייראָפּעיִש־איבערגעטאָנענעם טשאַררוּאַ"[1], ווײַל פונדערווײַטנס, ווי באַוווּסט, זעט זיך קימאַט ניט אָן דאָס רעאַלע, און אויב דערצו שטייט נאָך פאַר די אויגן דער עקזאָטישער שאַבלאָן, איז קלאָר, אז אַלץ, וואָס קומט פון יענער ווײַט, מאָלט זיך אויס, ווי עקזאָטיק.

רעאַל איז פאַר מיר בלויז געווען די צײַטונג „אונדזער פרײַנט", אירע אכט זײַטן אינדערוואָכן און צוועלף אום שאַבעס, דאָס האַרטלעכע פּאַפּיר, אף וועלכן זי דרוקט זיך, מיט אויסיעלעך, און דער איקער מיטן אויסלייג, וואָס מאַכן זי שטאַרק ענלעך צו אונדזערע סאָוועטישע ייִדישע אויסגאַבעס פון די דרײַסיקער יאָרן. איך פלעג זיך מאַמעש וווּנדערן: ווי קומט עס „אהין" אזא פאַרשטענדלעכע פאַר אונדז בלאַט? ווען די פאַרוואַלטערן פון „אונדזער פרײַנט" עסטער בורשטיין איז אַנומלטן געקומען צו פאָרן קיין מאָסקווע זיך היילן, האָב איך זיך דערוווּסט, אז דאָס איז שוין אן אַלטע בלאַט און ס'איז נאָך א פּראַגע, ווער אף וועמען עס איז ענלעך: זי אף אונדזערע אויסגאַבעס צי אונדזערע אויסגאַבעס אף איר?.. אַלײן עסטער בורשטיין האָט אַרײַנגעבראַכט מיט זיך אַזויפיל געמיטלעכע פּאַשטעס, אַזויפיל קאָלאָריט פון א פאַרוואָרצלטן ייִשעוו, אז עס האָט געצויגן א קוק צו טאָן, וויאַזוי דער דאָזיקער ייִשעוו זעט אויס דאָרט, אין זײַן ווײַטער ווײַט.

און אָט איז מאָנטעווידעאָ. איך גיי אַרויס פון האָטעל אף דער ראַמבלאַ פּאָסיטאָס — אף דער „ברעג־גאַס באַ די גריבלעך". דער דאָזיקער נאָמען וואָלט געקלאָנט קלינגען עקזאָטיש, ווען מע ווייסט ניט, פונוואַנען ער שטאַמט. די נעגרען־שקלאַפן פלעגן אויסגראָבן באַ דעם טײַכל, וואָס האָט זיך אין יענע צײַטן אַרײַנגעגאָסן אין דער לאַ־פּלאַטאַ, גריבלעך, אף צו שווענקען דאָס וועש פון זייערע ווײַסע האַרן. איצט איז שוין ניטאָ ניט דאָס טײַכל, ניט די גריבלעך. גיי איך אַרויס אף דער ראַמבלאַ פּאָסיטאָס, און אין צען—פופצן מינוט אַרום בין איך שוין אף כוליאַ עררעראַ אי אָבעס 1171, אין דער רעדאַקציע פון „אונדזער פרײַנט" — דאָס וויזיט־קאַרטל פונעם פּראָגרעסיוון ייִדישן ייִשעוו אין אורוגווײַ.

באַ א זײַטיק טישל דערזע איך טאַקע זי, די פאַרוואַלטערן, עסטער בורשטיין, א מידע פון איר טאָגטעגלעכער שווערער מי, א גליקלעך־שמייכלענדיקע צום טומלדיקן מאָנטעווידעער אמכאָ, וואָס לאָזט ניט דורך די געלעגנהײַט אַרײַנצוקומען מיט א טײַנע, אָדער מיט אן אייצע, אָדער מיט א באַקאָשע, אָדער מיט א גלאַט־אַזוי־זיך־וויזיט אין דער רעדאַקציע פון דער באַליבטער פאָלקס־צײַטונג.

„אונדזער פרײַנט" איז ברייט פּאָפּולער ניט נאָר אין אורוגווײַ, נאָר אויך אין אַנדערע לאַטײַן־אַמעריקאַנישע לענדער, ווו עס לעבן ייִדן; אין א גרויסער מאָס איז „אונדזער פרײַנט" צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון אורוגווײַער „איקוף" גווירעם געווען דערצו, אז דער פּראָגרעסיווער ייִשעוו איז דאָ דער דאָמינירנדיקער. עס איז אויך קיין סאָפעק ניט, אז די פאָלקס־ליבע און די באַדײַטנדיקע ראָל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון זײַן לאַנד האָט „אונדזער פרײַנט" זיך דערשלאָגן דערפאַר, ווײַל אומעטום און שטענדיק, אין יעדער פונדאַמענטאַל־טאַכיקער פראַגע געפינט באַ אים דער פּראָסטער מענטש א שטעלונג, וואָס איז פרײַ פון האַנאַכעס די בירגערלעכע נאַציאָנאַל־רעאַקציאָנערע אָדער פּאַשעט אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן.

פאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד", נום. 2, 1966.

[1] אן אינדיאַנישער שייוועט.

גיי איך, הייסט עס, איבער דער רעדאַקציע, פון טיש צו טיש און באַקאַן זיך מיט די, וועלכע זײַנען „שולדיק" אין דעם, וואָס אין מאָנטעווידעאָ דערשײַנט טאָגטעגלעך, אין משך פון דרײַסיק יאָר, אָט די מוטיקע ייִדישע פאָלקס־צײַטונג. אָט דערמאָן איך זיך, אַז, בלעטערנדיק אין מאָסקווע דעם „אונדזער פרײַנט", פלעג איך אַלע מאָל זיך אָפּשטעלן בײַ אַ ווינקעלע אויף אַן אינווייניקסטער זײַט, ווו אין אַ שאַרפזיניק־וויציקן פּערז, ניט שטאַרק קיין ראַפינירטן פון פּראָפעסיאָנעל־דיכטערישן שטאַנדפּונקט, רעדט איינער אַ באַשטענדיקער אַוטאָר זיך דורך מיטן לייענער וועגן קאַלעריי טאָג־פּראַגן. דער אַוטאָר שרײַבט זיך אונטער מיטן פּען־נאָמען „איטשעלע". האָב איך מיר אויסגעמאָלט, אַז דאָס דאַרף זײַן איינער פון יענע אַרײַנזאָגער, צו וועלכע עס ציט זיך אַ גלײַכער פאָדעם פון די אַמאָליקע הערשעלע אָסטראָפּאָליערס. אויך אויסערלעך האָב איך אים זיך פאָרגעשטעלט, אָט דעם איטשעלע: גרינג ווי אַ פעדערל, שאַרף דער קין, פאַרשנורעוועטע קלוגע ליפּעלעך, שפּיציקע לאַנגע אויערן... בין איך טאַקע בײַם מײַן ערשטן באַזוך אויף כּוליאַ עררערא אי אַבעס געבליבן שטיין מאַמעש אָן לאַשן, ווען אין רעדאַקציע־צימער, לעבן סאַמע אַרײַנגאַנג, האָב איך בײַ אַ הויכער „קאָנטאָרקע", אַ מין זשורנאַליסטישן ווערקשטעל, ענלעך אויף אַ שטענדער, דערזען איטשעלען — אַ הויכוווּקסיקן, ברייטפּלייציקן, אַן ערנסט־שווערלעכן, באַאַרטן, אײַנגעהאַלטענעם אין די באַוועגונגען און אין די רייד מענטשן. און נאָך גרעסער איז געווען מײַן פאַרוווּנדערונג, ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז „איטשעלע" — דאָס איז ייִצחאָק שיינער, דער סאָלידער פּאָליטישער קאָמענטאַטאָר פון „אונדזער פרײַנט"...

מיר איז ניט אויסגעקומען — ניט אין אורוגווײַ, ניט אין די פאַרייניקטע שטאַטן, ניט אין פּאַריזש — צו אינטערעסירן זיך מיט דער פראַגע, וויאַזוי די פּראָגרעסיווע ייִדישע פּרעסע, וועלכע לעבט פון געלט־זאַמלונגען בײַם פאָלק, באַזאָרגט מאַטעריעל אירע רעדאַקציע־מיטאַרבעטער. נאָר עס איז געשען אַזוי, אַז דאָ, אין „אונדזער פרײַנט", אויף מײַן ערשטער באַגעגעניש מיטן קאָלעקטיוו פון דער רעדאַקציע, האָב איך, ענטפערנדיק אויף אַ פראַגע, דערציילט וועגן דעם דורכשניטלעכן געהאַלט פון אַ מיטאַרבעטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד". ווען איך האָב געענדיקט ריידן, האָט איינער פון די בײַוועזנדע אַ זאָג געטאָן:

— אָ, אונדזער איטשע שיינער... צי נעמט, לעמאָשל, הערש שעכטערן... זיי זײַנען ערשטראַנגיקע זשורנאַליסטן... און איר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי שווער דאָס לעבן איז...

— וויפל, זאָגט זשע מיר, איז דער געהאַלט פון אַ מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע „אונדזער פרײַנט"?

דער שאָכן מײַנער האָט זיך פאַרטראַכט. ווײַזט אויס, אַז אין אָט דער מינוט האָט זיך אים ניט שטאַרק געוואָלט ריידן וועגן לעבנס־פּראָזע. איך האָב נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט, און ער האָט געפּרווּט אָפּקומען מיט אַ ווונטש:

— האַלעווײַ זאָל אונדזער דורכשניטלעכער געהאַלט דערגרייכן צוויי אַ האַלב טויזנט פּעזעס...

— פאַרוואָס נעמט איר גראָד אָט די ציפער?

— ווײַל בײַ אונדז איז באַוווּסט, אַז צוויי טויזנט פינף הונדערט פּעזעס איז דער מינימום, וואָס עס פאַרדינט איצט אין מאָנטעווידעאָ אַ גאַסן־קערער.

איך ווייס ניט, צי דער מאָנטעווידעער ייִדישער שרײַבער פּישל טאָביאַש איז אַן אָנגעשטעלטער אין „אונדזער פרײַנט", ס'איז אָבער ניט געווען קיין פאַל, איך זאָל קומען אַהין און ניט טרעפן בײַ דער אַרבעט פּישל טאָביאַשן. און דאָס וויכטיקסטע: טאָביאַשעס גלענצנדיקע לויט דער פאָרם אַרטיקלען, עסייען און פּאָליטישע קאָמענטאַרן אין „אונדזער פרײַנט" שטעלן אים אַוועק צווישן די באַדײַטנדיקע ייִדישע ליטעראַטור־קענער און פּובליציסטן — ניט נאָר פון לאַטײַן־אַמעריקע. און דאָך מוז ער צוזאַמען מיט זײַן פרוי כּאַנע טאָביאַש (אַן אָנפירערן פון דער „ייִדישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פרויען־באַוועגונג") זיך פאַרנעמען אין דער היים מיט אַ מלאָכע, קעדיי צו פאַרדינען אויפן לעבן און שאַפן פאַר זיך די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן דעם גאַנצן ברען פון זײַן האַרצן דער צײַטונג, די קולטור־אונטערנעמונגען.

און אַזוי צוביסלעך קומען מיר צו צו דעם ייִנגסטן לויט די יאָרן, אָבער דעם עלטסטן צווישן די רעדאַקטאָרן פון „אונדזער פרײַנט" — מיר קומען צו צו מייער טשיזשן.

איצט, ווען איך שרײַב אָט די שורעס, ווייס איך שוין, פאַרשטייט זיך, פאַרוואָס עס האָט מיך אין מאָנטעווידעאָ אַזוי געצויגן צו באַגעגענען זיך מיט די אָנהייבער פון דער רעוואָליוציאָנערער „דינאַסטיע טשיזש"; דעמלט אָבער האָב איך נאָך ניט געוווּסט, אַז מייער טשיזשס באָבע שטאַמט פון וואָלין, פון אַ דערפל לעבן דעם שטעטל אולאַנאָוו, וואָס איז מיט מײַן וואָלינער געבורט־שטעטל ליובאַר ווי אַ שטוב מיט אַן אַלקער, — ניין, איך האָב עס ניט געוווּסט. און פונדעסטוועגן האָט מיך געצויגן אַרײַנצוקומען אין דער שטוב, ווו עס וווינט די אַלטע כײַעסאָרע, וועגן וועלכער מע האָט מיר דערציילט אַזויפל טשיקאַווע זאַכן.

און איינמאָל האָט מיך מײַן אורוגווײַער קאָלעגע, דער שעף־רעדאַקטאָר פון „אונדזער פרײַנט", געבראַכט אויף דער אַלטער גאַס אַגראַציאַדאַ, צו אַ ניט הויך הויז, ווו בײַם אַרײַנגאַנג האָט איינער פון די אײַנוווינער — מייערס טאַטע שלוימע טשיזש — אַרויסגעשטעלט אַ טאָוול מיט פאָטאָ־קאַרטלעך (ער איז אַ פאָטאָגראַף). מיר האָבן זיך אופגעהויבן אויף הילצערנע טרעפּ אין אַ באַשיידענער דירע, און איך האָב דערזען פאַר זיך אַ טיש מיט מענטשן, וואָס בלויז קעדיי זיך צוצוזעצן צו אַזאַ טיש און אַ שמועס טאָן מיט די, וואָס זיצן אַרום אים, בלויז צוליב דעם אַליין איז שוין קעדײַ געווען צו קומען פון מאָסקווע קיין מאָנטעווידעאָ.

עס קאָן אַוואַדע זײַן, אַז, לייענענדיק אָט די ווערטער, וועט מייער טשיזש קנייטשן מיט די פּלייצעס: „וואָס וויל ער האָבן פון מײַן באָבען? וואָס וויל ער האָבן פון מײַן טאַטן? אַלטע מענטשן..." פאַרלויף איך דעם וועג און זאָג, אַז איך פאַרשטיי טשיזשן: פון דער נאָענט זעט אַלץ אויס וואָכעדיקער, אָבער עס וועט קיין גוזמע ניט זײַן, ווען איך וועל זאָגן, אַז, קוקנדיק אויף די עטלעכע מענטשן בײַ אָט דעם טיש, האָב איך ווי געבלעטערט אין געדאַנק די געשיכטע פונעם פּראָגרעסיוון ייִדישן ייִשעוו אין אורוגווײַ.

מיט 55 יאָר צוריק איז א יונגערמאַן פונעם וואָלינער שטעטל כמעלניק, מאָרדכע דובינסקי, אָנגעקומען קיין ארגענטינע. אין דרײַ יאָר ארום האָט ער ארויסגענומען אהין זײַן יונג ווײַבל כײַע־סאָרע („איך האָב כאסענע געהאט קיין כמעלניק, — זאָגט זי, — און אָנגעשפּארט אזש קיין בוענאָס־אײַרעס...")

אין 1928 האָט כײַע־סאָרעס טאָכטער ראָכל כאסענע געהאט קיין אורוגווײַ פאר שלוימע טשיזשן, און די מישפּאָכע האָט אָנגעשפּארט אזש קיין מאָנטעווידעאָ. מייערס טאַטע איז דאן אין דעם יונגן יִשעוו געווען איינער פון די אָנפירער פון דער באַוועגונג. איצט, בא'ן דעם טיש, לאָזט זיך מייער ווײלגיין און טרײַבט קאַטאָוועס: ער טוט א ווונק אפן טאַטן, וואָס איז אַלע יאָרן געווען און איז, נאַטירלעך, אויך אף דער עלטער געבליבן א פול־לײַביקער („ווי א פעטער בורזשווי"), און זאָגט מיט א פריילעך קאָל:

— די געפאר פאר דער באַוועגונג אין די יאָרן, ווען ס'האָט געווילדעוועט דער עקאָנאָמישער קריזיס, די ארבעטלאָזיקײַט, איז באשטאנען אין דעם, וואָס אין די רייען פון א הונגער־דעמאָנסטראציע, לעמאָשל, האָט זיך באדארפט באווײַזן כאַווער שלוימע טשיזש, מײַן פעטער בורזשווי, און שרײַען: „גיט אונדז ברויט! מיר זײַנען הונגעריק!.."

דער „פעטער בורזשווי" שמייכלט אונטער. ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, נאָר צוזאמען מיט די אַנשיי־האָדאָר האָבן ער און זײַנע כאַווײרים יאַקאָס אין יענע פײַערדיקע טעג „אָפּגעשפּאָרט" פאר דעם הײַנטיקן דאָר א פּראָגרעסיווע טאָג־צײַטונג... שלוימע טשיזש דערמאָנט זיך, וויאזוי אין איינעם א זומער־אָוונט פון 1934 האָבן זיך צונויפגענומען די, וועלכע זײַנען איצט שוין פארוועבט אין לעגענדעס — דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „אונדזער פרײַנט" מוישע ריכטער, דער גרינדער פונעם ערשטן מאָנטעווידעער יִדישן קולטור־צענטער „מאָריס ווינטשעווסקי" באָרעך יאָפּע, דער שטענדיק פארהאָרעוועטער און פארהאַוועטער „באַלעבאָס" פון רעדאַקציע מוישע גאָלדבערג, און צווישן זיי אויך מוישע טשיזש, דער קומענדיקער מיטגליד פונעם ערשטן דירעקטאָריום פון „אונדזער פרײַנט", — און מע האָט געפּאסקנט קורץ און שארף: עס וועט זײַן א יִדישע פּראָגרעסיווע צײַטונג אין מאָנטעווידעאָ; מע טרעט צו ארויסצוגעבן צוליב דעם אקציעס צו 5, 10 און 25 פּעזעס; מע הייבט אָן פאר „אונדזער פרײַנט" שאפן אבאָנענטן...

— נו, איז טאַקע טשיקאַווע צו וויסן, — טוט א ווונק שלוימע טשיזש צו מייער טשיזשן, — וואָס וואָלט הײַנט געטאָן דער סיניאָר שעף־רעדאַקטאָר, ווען דער „פעטער בורזשווי" וואָלט מיט דרײַסיק יאָר צוריק ניט צונויפגעקלאפּט פאר אים דאָס זיך־בענקעלע אין רעדאַקציע? האַ?

דער סיניאָר שעף־רעדאַקטאָר האַלט אף די הענט דאָס מיידעלע טאַמקע, דאָס אור־אייניקל פון כײַע־סאָרע פּאַסאַלי (אזא איז איר וואָלינער מיידלשער נאָמען). לעבן דעם סיניאָר רעדאַקטאָר פון דער יִדישער צײַטונג זיצט א יונגע פרוי מיט אויסגעשפּראָכן אינדיאַנישע געזיכט־שטריכן, — זי הייסט אַלמאַ. זי איז א דערצויגלינג פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון אורוגווײַ. זי הייבט שוין אָן ביסלעכווײַז צו פארשטיין אייניקע באזונדערע יִדישע ווערטער. און אויב צו דעם אַלעם נאָך צוגעבן מייער טשיזשס מאַמע, וואָס איז ביז הײַנט אַקטיוו אין דער פרויען־באַוועגונג, און א פעטער זײַנעם, וועלכער זיצט אויך דאָ באַם טיש, און א כאַווער א יוגאָסלאַוו, אן אינזשעניער, וואָס קומט ארײַן צו די טשיזשס און איז דאָ אן אייגענער מענטש, — אויב אָט אזוי, פּאַמעלעך, ניט געכאפּט, א שמועס טאָן מיט יעדן איינעם פון זיי, וועט עפּשער ניט סטײַען קיין טאָג מיט קיין נאכט, אָבער דאָס בילד פון אורוגווײַ וועט זיך אויספורעמען גאַנץ אָנשוילעך...

ווען איך קלײַב זיך שוין אַוועקגיין, טיילט מען מיר מיט די גרעסטע און די סאַמע אָפּגעהיטע בא יעדן אין הארצן יעדיִע: צו אכציק יאָר איז די באָבע כײַע־סאָרע ארײַנגעטראָטן אין דער אורוגווײַער קאָמוניסטישער פּארטיי.

מיר זאָל זײַן פאר דײַן שטאָלץ הארץ, כײַע־סאָרע די וואָלינערן...

מיט אייניקע טעג שפּעטער, ווען איך האָב זיך שוין געהאט באקאַנט מיט דער פארצווײַגטער פּראָגרעסיווער ארבעט אין „יִדישן מאָנטעווידעאָ" — מיטן פּרעכטיקן קולטור־פּאַלאַץ אף זשיטלאָווסקיס נאָמען (מע רופט אים היימיש „דאָס מוישע־ריכטער־הויז"; אויסגעבויט איז דער פּאַלאַץ אף די אָפּגעשפּאָרטע פּעזעס פונעם ארבעטס־פאָלק); מיט דעם פּראָגרעסיוון קולטור־צענטער אין מאָנטעווידעער יִדישן שטאָט־ראַיאָן, וואָס טראָגט (פון שפּאַנישע, פארשטייט זיך, שפּראַך־וואָרצלען) דעם צופּעליק־קעגנזעצלעכן און דעריבער גוטמוטיק־שמייכלענדיקן נאָמען גאָיעס (אָדער גויעס?); מיט דער צענטראַלער יִדישער שול „ד"ר כאַיִם זשיטלאָווסקי", מיט דער יִדישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פרויען־באַוועגונג און יוגנט־באַוועגונג; מיטן קולטור־קרײַז „שאָלעם־אַלייכעם", מיט דער ביכער־קאָמיסיע, ביבליאָטעק־קאָמיסיע, דראַמקרײַז און כאָר, — ווען איך האָב זיך מיט דעם אַלעמען גענויער באַקאַנט, איז מיר קלאָר געוואָרן, אז דער פּראָגרעסיווער יִדישער יִשעוו אין אורוגווײַ איז א באַווײַז פון געוויסער טראַדיציאָנעלקײַט (די באָבע כײַע־סאָרע), פון איין זײַט, און פון הײַנטצײַטיקער פארפונדעוועטקײַט (פאַראַן דאָ אַפילע א סיסטעם פון קעגנזײַטיקער הילף, אן אייגענער שפּיטאָל, א באַנק אן אייגענער און אַפילע... א „פּראָגרעסיווער בעסוילעם"; וועגן דעם אַלעם וועל איך נאָך דערמאָנען אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען), פון דער צווייטער זײַט.

## די יִדישע רעאַקציע — א פארזונקענע שיף

שטעלט אײַך פאָר אף איין רעגעלע אזא אידיליע: קיין אורוגווײַ קומט צו פאָרן פון מאָסקווע א גאַסט, און, ווײַל אורוגווײַ איז אורוגווײַ — Como el Uruguay no hay, טרעפט ער דאָ בלויז מענטשן פון גוטן ווילן, אזעלכע, וואָס זיי זוכן ניט צו פארקלאפּן מיט אויסגעדראָשענע, איינזײַטיקע פאָרווורפן דעם דיאַלאָג צווישן דעם גאַסט און דעם נײַגעריקן אוילעם.

נאָר אין אורוגווײַ איז דאָך אויך פאראַן אן „אייגענע" יִדישע רעאַקציע. וואָס עמעס איז עמעס, זי איז, ווי איך האָב זיך איבערצײַגט, טאַלאַנטלאָזער, איידער איר גלײַכן אין אנדערע לענדער פון דער „פרײַער וועלט", נאָר זי איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט און האָט אויך א לאַנגיאָריקע דערפאַרונג.

וועגן דעם, פֿונוואַנען עס קומט אַרויס די אורוגווייער ייִדישע רעאַקציע, האָב איך, שוין נאָכן אומקערן זיך פֿון מײַן רײַזע, געפֿונען אַן אַרטיקל — טאַקע אין דער צײַטונג „אונדזער פֿרײַנט". דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפֿט־לעכער טוער קאַרלאָס לעוואָוויטש דערציילט, אַז נאָך אין אָנהייב פֿון די דרײַסיקער יאָרן זײַנען צוזאַמען מיטן אימיגראַנטישן שטראָם געקומען קיין מאָנטעווידעאָ אויך גווירים־אדירים און זייערע אידייִשע מעשׂאָרסים, וועלכע האָבן אָפֿן נײַעם אָרט גלײַך גענומען זיך אײַנקויפֿן אין ייִכּעס דורך מיטהעלפֿן דער דיקטאַטור פֿונעם ד״ר טעררא, וואָס האָט דאַן געווילדעוועט אין אורוגווײַ, דורך רודפֿן די ייִדישע פּראָגרעסיווע באַוועגונג. „אָנגעזעענע ציִוניסטישע, אַזויגערופֿענע „נאַציִאָנאַלע" קלאַל־ייִסראָעל־אַסקאָנים, — שרײַבט ק. לעוואָוויטש, — האָבן זיך אָפּיציעל פֿאַרנומען מיט מעסירע. זיי האָבן דורך דער מעסירע־באַשעפֿטיקונג באַקומען מעלוכע־פּאָסטנס און פֿון דאָרט געהאָלפֿן צענזורירן ייִדישע בריוו, אָנווײַזן אויף פּאָליטיש־פֿאַרדעכטיקע עלעמענטן..."

איז אַט, הייסט עס, פֿון וועלכע מעקוירים עס שטאַמען די היינטצײַטיקע „פֿײַנע ייִדן", וועלכע קאָרטשען פֿון זיך מייליץ־יושערס און שטאַדלאָנים פֿאַר די „געקריוודעטע" ייִדן פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד...

אין נאָמען פֿון די „פֿײַנע ייִדן" אין אורוגווײַ רעדט אַ „צענטראַל־קאָמיטעט", וואָס, פֿון איין זײַט, פֿאַריי־ניקט ער מיט גרויסע מאַטערנישן פֿיר שטאַרק פֿאַרשיידענע, צווישן זיך צעקריגטע, קעהילעס: אַ ספֿאַרדישע, אַן אונגאַרישע, אַן אַשקענאַזישע און אַ דײַטשישע, און פֿון דער צווייטער זײַט, איז ער אַליין אָפּהענגיק אין זײַן טעטיקײַט פֿונעם ציִוניסטישן אויבער־ראַט, וועלכער ווייסט אויך ניט, אויף וועלכער וועלט ער איז: די „פּאַרטייען" און „גרופּירונגען", וועלכע גייען אין אים אַרײַן, האָבן אין זינען בלויז און אויסשליסלעך זייערע אייגענע אינ־טערעסן... דער דאָזיקער ביניען וואָלט זיך פֿראָסט און פּאָשעט צעפֿאַלן, ווען די „פֿײַנע ייִדן" וואָלטן ניט געווען סאָלידאַר צווישן זיך אין איין פּונקט — אין פֿײַנטשאַפֿט צום פּראָגרעסיוון נוסעך אין ייִדישן לעבן.

קורץ גערעדט, אין אורוגווײַ האָט קיין אידיליע אויף דעם גאַסט ניט געוואַרט.

דער גאַסט — דאָס בין איך, און, אַ צוגעוווינטער צו אָפֿטע צוזאַמענשטויסן מיט דער רעאַקציע, וואָלט איך עפּשער זיך ניט גענומען דערציילן ספּעציעל וועגן דעם אורוגווײַער וואַריִאַנט אירן, אָבער בײַס מײַן רײַזע קיין מאָנטעווידעאָ האָב איך דערפֿילט, ווי אָפּגעשוואַכט עס איז היינט די אַנטיסאָוועטישע ייִדישע רעאַקציע, ווי דעמאַסקירט זי איז אין רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס פֿאַר די לעצטע פּאָר יאָר האָבן די פֿאַלקסמאַסן אָנגעהויבן צו באַקומען אַלץ מער און מער אינפֿאָרמאַציע פֿון ערשטן קוואַל וועגן דעם לעבן פֿון די סאָוועטישע ייִדן, — דערפֿילט האָב איך עס באַשײַמפּערלעך בײַס מײַן רײַזע קיין אורוגווײַ, און וועגן דעם לוינט צו דערציילן.

געציילטע טעג פֿאַר מײַן אָנקומען אין מאָנטעווידעאָ האָבן די מאַנהיגים פֿונעם רעכטן לאַגער, פֿילדערנדיק אין זייער צײַטונג „היינט" און דורך דער ראַדיִאָ „קאָל ציִען בעורוגווײַ" וועגן „סאָוועטישן רישעס און סינעס־ציִען", געקלאָגט זיך, אַז עס ווערן קלוימערשט „געשטעלט שוועריקײַטן די קאָנטאַקטן". נאַטירלעך, אַז איצט האָט מען געקאָנט דערוואַרטן אַ געוויסע באַפֿרידיקונג אויך אין יענעם לאַגער, אויף וויפֿל גופֿע דער באַזוך פֿון אַ ייִדישן סאָ־וועטישן שרײַבער איז אַ קאָנקרעטער אויסדרוק פֿון קאָנטאַקטן. אָבער די רעאַקציִאָנערע ייִדישע זשורנאַליסטן און קלאַל־טוער האָבן פֿאַרקערעוועט גאָר אין אַן אַנדער זײַט. די צײַטונג „היינט" איז אַרויס מיט אַ דעקלאַראַציע פֿונעם „ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט" (ווידעראַמאָל וועגן „רישעס", „סינעס־ציִען", „אַנוסים" אאַוו. אדגל.). ווען אין צוזאַמענהאַנג מיט מײַן קומען איז צונויפֿגערופֿן געוואָרן אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ, אויף וועלכער עס האָבן זיך געמאָלדן די אַלגעמיין־אורוגווײַישע (פֿון אַלע ריכטונגען) און פּראָגרעסיווע ייִדישע צײַטונגען, האָט דער „היינט", אַרויסשטעלנדיק זיך אויף לײַטיש געלעכטער, געלאָזט וויסן, אַז, אַזוי און אַזוי, „ער וועט ניט גיין הערן", וואָס מע וועט אים דאָרטן זאָגן, „ער וועט שוין בעסער פֿאַרזעצן פּראָטעסטירן קעגן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם". נו, אַז אַ צײַטונג, ביפֿראַט נאָך אַ צײַטונג פֿון אַ „ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט", וויל פּראָטעסטירן, איז דאָך ניט שײַעך... אָבער אויסגעזען האָט עס, ווי מײַנער אָדער אײַערער אַ שאָכן וואָלט זיך אוועקגעשטעלט אונטער די פֿענצטער און געשריִען, אַז בײַ מיר אָדער בײַ אײַך אין שטוב קומען פֿאָר שלעכטע זאַכן, און ווען מיר גייען אַרויס צו אים אויף דער גאַס, קעדיי דערציילן, וואָס אין שטוב טוט זיך, פֿאַרשטעקט ער זיך די אויערן און זאָגט, אַז פֿון אונטער די פֿענצטער וועט ער אַלציינס ניט אַוועקגיין, ער וועט ניט אויפֿהערן שרײַען אויף דער גאַנצער גאַס, אַז אין שטוב בײַ אײַך צי בײַ מיר קומען פֿאָר שלעכטע זאַכן...

און דאָך איז עס פֿון סאַמע אָנהייב געווען אַ רעטעניש: וואָס קומט פֿאָר מיט דער ייִדישער רעאַקציע? עפּעס באַלעבעבטשעט זי פּוסטע ווערטער און מאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַן אָנגעדרייט מעכאַניש שפּילכל, וואָס טאַנצט נאָך אַלץ מיט אַ גרילץ, בײַס אַלע האָבן זיך שוין אָפּגעקערט פֿון דעם. אין די גרויסע לאָקאַלן פֿון מאָנטעווידעאָ נעמען זיך צונויף טאָגטעגלעך טויזנטער ייִדן, קעדיי אויסצוהערן דעם גרוס פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד; אויף אָט די באַגעגענישן האָבן, ניט אָנפֿרעגנדיק זיך בײַם „ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט", אַ פֿלײַץ געטאָן אויך די ציִוניסטיש־געשטימטע פּאָשעטע פֿאָלקסמענטשן, און ער, דער „צעקאַ", שרײַט נאָך אַלץ: „איך וויל ניט הערן!..", „איך וועל ניט הערן!.." ניט קענענדיק אויסבאַהאַלטן דעם ביזאָיען, האָט דער אַרויסגעבער פֿון דער באַלעבאַטיש־רעליגיעזער וואָכנשריפֿט „מאָמענט" ב. מאַרגוליעס געמוזט אָנשרײַען אויף זײַנע קאָלעגן. אָט וואָס ער האָט געשריבן אין זײַן צײַטונג: „מיר האָבן זיך דערנידעריקט. עפּעס האָט עס אויסגעוויזן, אַז מיר האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר אים, עפּעס אַ פּאַכעד איז אונדז באַפֿאַלן, און מיר האָבן זיך פֿאַר אים אויסבאַהאַלטן... איז דאָס געווען אין אונדזער אינטערעס און צו אונדזער קאָנוועניענץ? וואָס פֿאַר אַ קאָשמאַר איז אונדז באַפֿאַלן, אַז מיר זאָלן אַזוי ציטערן פֿאַרן לפני מי אתה עומד?[1] לפי עניות דעתנו[2], זײַנען מיר געווען ווײַט פֿון אויסגערעכנט צו זײַן. מיר האָבן מיט אונדזער מאַכרים זײַן ווערגעליסן פּראַקטישעס גאָר ווייניק דערגרייכט — און לאָמיר אויך מעגאַלע־סאָד זײַן, — ס'האָט אויף אים אויך גאָר ווייניק געווירקט".

---

[1] ליפֿניי מי אַטאָ אוימייד — פֿאַר דעם, פֿאַר וועמען דו שטייסט?

[2] לעפֿי אַניִוס דאָאַטיינו — געמיינט: לויט אונדזער באַשיידענער מיינונג.

יאָ, די אופירונג פון דער מאָנטעווידער יִדישער רעאַקציע איז געווען אַ רעטעניש... ס'איז אָבער דורכגעגאַנגען ניט קיין סאך צײַט, און דער שטוינענדיקער אוילעם האָט זיך דערוווּסט די סיבע דערפון. פיל מענטשן האָבן אפילע ניט געגלייבט, אַז אַזוינס קאָן געשען. אָבער ס'איז אַ פאַקט: אַ באַראַטונג פון די יִדישע ציִעניסטישע קלאַל־טוער פון אורוגוויַ און פון די בירגערלעך־רעכטע מיטאַרבעטער פון דער יִדישער פרעסע אין אורוגוויַ האָט צונויפגערופן... די יִסראָעל־אַמבאַסאַדע. אַף דער באַראַטונג (אין דער געבײַדע פון דער אַמבאַסאַדע) האָט איינער פון די דיפּלאָמאַטן, נעמלעך דער צווייטער סעקרעטאַר, פאָרגעלייענט אַ טעלעגראַמע פון יערושאָלאַיִם, פונעם יִסראָעלדיקן אויסערן־מיניסטעריום. דער אורוגווײַער ציִעניסטישער פרעסע און דעם „יִדישן צענטראַל־קאָמיטעט" איז געמאַכט געוואָרן אַ פאָרוואורף, פאַרוואָס זיי האָבן ניט אַראָפּגעריסן די ערשטע קאָנטאַקטן פונעם מאָסקווער גאַסט מיט די יִדן אין אורוגווײַ, אַרײַנגערעכנט די ציִעניסטיש־געשטימטע יִדן, און ס'איז באַפוילן געוואָרן צו פּרוּוון אָרגאַניזירן אַ בויקאָט... די אָרטיקע רעאַקציע איז געבליבן ווי צעמישט: קעדיי לאָזן אין גאַנג די כײרעם־מאַשין, האָט ניט געסטײַעט קיין קויכעס, איז געבליבן אָוועקצוגיין מיט צײַן־קריצעניש אין אַ זײַט, מאַכן אַן אָנשטעל, אַז מע זעט ניט, וואָס בא די מאָנטעווידער יִדן קומט איצט פאָר, און, פאַרוקנדיק דעם קאָפּ צווישן די קני, איבערכאַזערן איינס און דאָס זעלבע: „מיר זעען ניט, מיר הערן ניט... מיר פּראָטעסטירן... מיר וועלן פּראָטעסטירן..."

האָט זיך עס געטאָן אַ ביסל אַף דער יִדישער גאַס אין מאָנטעווידעאָ. מע האָט געלאַכט אין די קולעקעס. און וואָס ווײַטער, האָט מען אַלץ מער געלאַכט. די רעדלפירער פון דער רעאַקציע, פריטשמעליעטע פון דער יערושאָלאַיִמער טעלעגראַמע, האָבן זיך פאַרשטעקט אין די פינצטערע ווינקלען, און דערווײַל האָט אין דעם מאָנטעווידער זאַל „פּאַלאַסיאַ דע גאַליסיאַ" אַ טויזנטקעפּיקער אוילעם — פּראָגרעסיווע יִדן און ציִעניסטן — אויסגעהערט אַ פירשאַיִקן רעפעראַט וועגן דעם לעבן פון די יִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד; אין די מאָנטעווידער פאַרנאַכטן זײַנען העל באַלויכטן געווען די פּראָגרעסיווע קולטור־הײַזער; שמועסן און באַגעגענישן ־מיט דער יוגנט, אומאָפּהענגיק פון פּאָליטישע ריכטונגען, מיט די שול־קינדער, מיט די אַקטיוויסטן פון דער מוטואַליסטאַ (פאַרבאַנד פון קעגנזײַטיקער הילף) זײַנען געווען געווידמעט דער ליטעראַטור־ און קולטור־טעטיקײַט פון די סאָוועטישע יִדן, די נײַע ווערק פון מאָסקווער, קיִעווער, טשערנאָוויצער, בירָאָבידזשאַנער, קעשענעווער, ווילנער, אָדעסער שרײַבער, די פּילצאָליקע קאָנצערטן פון די יִדישע עסטראַדע־אַנסאַמבלען אין סאָוועטנפאַרבאַנד און, פאַרשטייט זיך, ווי אַ שטענדיקע גרונט־פראַגע, — דעם עקאָנאָמישן מאַצעוו פון די סאָוועטישע יִדן.

אַפן צווייטן טאָג נאָך מײַן אָנקומען קיין מאָנטעווידעאָ האָט מיך אין האָטעל באַזוכט דער דירעקטאָר פון דער היגער ראַדיאָ־אוידיציע „קאָל ציִען בעורוגווײַ" און אַרויסגעבער פון דער וואָכנבלאַט אַף שפּאַניש „סעמאַנאַריאָ העבּרעאָ" יוסף יערוזאַלימסקי. זײַענדיק, ווי עס איז צו זען געווען פון זײַנע רייד און פון זײַנע האַנדלונגען, אַ געטרײַער הערצוגליִנג פון דער טראַדיציאָנעל־ציִעניסטישער סוויווע, איז יערוזאַלימסקי דערצו נאָך אַ געשעפטסמאַן, אַ קליִענט בא אַט דער סוויווע. דאָס באַטײַט זייער אַ פּאַשעטע זאַך: אויב אין איין שיינעם טאָג זאָלן אַף יערוזאַלימסקין אָנהייבן קוקן קרום די דייעזאָגער פון די קעהילעס און פון „יִדישן צענטראַל־קאָמיטעט", הערט ער גלײַך אויף צו באַקומען געצאָלטע אָנאָנסן, אַף וועלכע עס האַלטן זיך סײַ זײַן ראַדיאָ און סײַ זײַן וואָכנבלאַט, און דאָס באַטײַט אומפאַרמײַדלעכן באַנקראָט פאַרן הער דירעקטאָר און אַרויסגעבער. לויט דער נאַטור איז יערוזאַלימסקי גאָר קיין אָבסקוראַנט ניט, ער וויל, זעט אויס, אויך ניט האַנדלען מיט אַנטיסאָוועטיזם. אין דער זעלבער צײַט געדענקט ער, אַז גוטן ווילן שמירט מען ניט אַף ברויט, ווי פּוטער. קעדיי האָבן ברויט מיט פּוטער, זײַנען נייטיק געצאָלטע אָנאָנסן...

יערוזאַלימסקי האָט אַרויסגערופן בא מיר סימפּאַטיע. איך האָב געזען אין אים אַן אופריכטיקן קעגנער. אין מעשעך פון אַן ערעך אַ וואָך צײַט פלעגט ער טאָגטעגלעך אַרײַנקומען צו מיר און קימאַט פון דער שוועל אָן, אופעפענענדיק דאָס קעסטל פון זײַן מאַגניטאָפאָן און אויסרעגולירנדיק די מאַשינעריע, אַ זאָג טאָן מיט אַ ריין געשעפטלעכן טאָן:

— איז וועלן מיר, הייסט עס, פאָרזעצן די פּאָלעמיק אונדזערע...

מיר האָבן באַם מאַגניטאָפאָן ניט געלייענט פון אַ פּאַפּיר. מיר האָבן געשמועסט, געפירט אַ פּאָלעמיק, ווי אַ קאָמוניסט מיט אַ ציִעניסט, וועגן אַ ברייטן קרײַז פראַגן. מיר האָבן געשמועסט, און דאָס רעדל מיט דער לענטע אַפן מאַגניטאָפאָן האָט זיך געדרייט.

בייס אונדזער ערשטער באַגעגעניש איז געווען אָפּגערעדט, אַז מירן פאַרשרײַבן אַן אינטערוויו אַף איין טעגלעכער טראַנסליאַציע, דאָס הייסט אַף אַ שאָ צײַט. אַף מאָרגן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין טויזנטער היימען פון די מאָנטעווידער יִדן האָט מען די פּאָלעמיק צווישן דעם סאָוועטישן קאָמוניסט און דעם אורוגווײַער ציִעניסט געהערט מיט גרויס אופמערקזאַמקײַט, און עס האָבן זיך גלײַך אַ שאָט געטאָן באַקאָשעס און פאָדערונגען, מע זאָל דעם שמועס פאָרזעצן. יערוזאַלימסקי, אַ פאַרכאַפּטער פונעם אינטערעס צו זײַן „אונטערנעמונג", איז געקומען ווידער צו מיר, און מיר האָבן געשמועסט, און דאָס רעדל מיט דער לענטע אַפן מאַגניטאָפאָן האָט זיך געדרייט. בייסן פאַרענדיקן איבערגעבן די צווייטע ראַדיאָ־שאָ אין עפּיר האָט יערוזאַלימסקי צוגעזאָגט די צוהערער אַ דריטע טראַנסליאַציע, און אַ פערטע, און אַ פינפטע...

נאָר... אין איינעם אַ טאָג איז יוסף יערוזאַלימסקי געקומען אין האָטעל אַ פאַרזאָרגטער, כאָטש ער האָט עס ניט שטאַרק אַרויסגעוויזן. „די ווײַטערדיקע טראַנסליאַציעס, — האָט ער געזאָגט, — וועלן מיר דערווײַל אָפּשטעלן, אָבער מיר דאַרפן פאָרזעצן דעם שמועס און פאַרשרײַבן אים, ווײַל עס וועט דורכגיין אַ טאָג־צוויי, און מיר וועלן ווידער אַרויס אין עפּיר".

די געצוווּנגענע פּויזע האָט יערוזאַלימסקי דערקלערט מיט דעם, וואָס עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אָנאָנסן, וועלכע ער מוז טראַנסלירן. ער קאָן ניט „מיט פּאָליטיק פאַרנעמען די גאַנצע וואָך". אינדערעמעסן אָבער איז גע־

ווען אן אנדער סיבע: די אַנאָנס־געבער האָבן געדראָעט, אַז אויב „קאָל ציון בעורוגוויי“ וועט פאַרזעצן איבערגעבן די שמועסן וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, וועט דער הער דירעקטאָר יערוזאַלימסקי אופהערן צו האָבן ברויט מיט פוטער. די ייִדישע רעאַקציע האָט אַ טופּע געטאָן אַף יערוזאַלימסקין מיטן פוס. דער דירעקטאָר פון „קאָל ציון בעורוגוויי“ האָט פונדעסטוועגן פאַרגעזעצט קומען צו מיר אין האָטעל־נומער, מיר האָבן געשמועסט און דעם שמועס פאַרשריבן. יערוזאַלימסקי איז אַלעמאָל געווען זיכער, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן וועלן די טראַנסליאַציעס ווידער איבערגעגעבן ווערן אין עפיר. נאָר דאָס זײַנען געווען בלויז גוטע האָפענונגען. אַנשטאָט פאַרזעצן, ווי עס איז עפנטלעך געמאָלדן געוואָרן, צו טראַנסלירן די פראַגן און ענטפערס וועגן די ווירקלעכע פאַקטן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צום לעבן פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, האָט דער זעלבער יוסעף יערוזאַלימסקי איבערגעגעבן אין עפיר אַן אומגלייבלעכע לויט דער אַנטיסאָוועטישער טיפּשעס אַרויסטרעטונג פון איינעם אַ זעליק שאַשאַן — ניין, ניט קיין געזעלשאַפטלעכן טוער פון אורוגוויי, נאָר אַ צוגעשיקטן פון ייִסראָעל, אַ שעליעך פונעם טעל־אַוויווער מאַפּאַם אין מאָנטעווידעאָ. אַף וויפל די שאַשאַנס האָבן, אַזוי צו זאָגן, געזאָלט אונטערהאַלטן מיט זייער פײַער יענע געוויסע טעלעגראַם פון יערושאָלאַיִם, איז, ווײַזט אויס, די מאַפּאַמישע אַנטיסאָוועטישע אַרויסטרעטונג געווען פאַר יוסעף יערוזאַלימסקין אַ מין מעגלעכקײַט צו באַווײַזן, אַז נישקאָשע, די אַנאָנס־געבער מעגן זײַן רויִק, ווײַל „קאָל ציון בעורוגוויי“ איז ניט אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פונעם סאָוועטישן פּראָפּאַגאַנדיסט...

נו, און די ראַדיאָ־צוהערער, די מאָנטעווידעער ייִדן? זיי האָבן, ווי איך האָב שוין געזאָגט, געשטוינט, צוקוקנדיק דעם ספּעקטאַקל, און, אַף וויפל אין אַזעלכע טרויעריקע סיטואַציעס איז שטענדיק דאָ ביזע־ביזאַיענדיקער קאָמיזם, האָבן זיי אויך געלאַכט...

בעקיצער, פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז דער „צענטראַל־קאָמיטעט“ פון דער אורוגווײַער ייִדישער רעאַקציע קאָן ניט אַריבערטראָגן, ווען וועגן דעם לעבן פון די סאָוועטישע ייִדן דערציילט אַ סאָוועטישער ייִד, און ניט ער, דער מייליך־יווישער באַ דער לאַ־פּלאַטאַ. אַגעוו, ווען איך האָב אין אַ מעסיבע פון פרײַנט, אויסדריקנדיק אומצופרידנקײַט, אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז פאַר די אָנפירער פונעם „ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט“ פון אורוגוויי וואָלט בעסער געווען צו פאַרנעמען זיך מיט אייגענע ייִדיש־אורוגווײַער איניאָנים, וועלכע זײַנען זיי מער באַקאַנט, איידער אונדזערע, סאָוועטישע, האָט מען זיך איבערגעקוקט פאַרכידעשט:

— ביסט זיכער, אַז דער טערק ווייסט אונדזערע נויטן און דײַגעס?

איך האָב אַ פרעג געטאָן, וואָס עפּעס גאָר אַ טערק? און מע האָט מיר דערציילט, אַז דער גלאַוונע מאַכער אין „צענטראַל־קאָמיטעט“, טאַקע דער זעלבער, וואָס האָט באַ מײַן קומען אין מאָנטעווידעאָ אָפּגעדרוקט אין „הײַנט“ די גאַליקע דעקלאַראַציע וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, איז אַ רײַכער ייִד פון טערקײַ, און געוויינלעך איז ער גאַנץ ווײַט פון ייִדישע נויטן אין אורוגוויי.

אַ צופאַל האָט מיר ווידער דערמאָנט וועגן אָט דעם דאָזיקן קלאַל־טוער און זײַנע אינטערעסן. דאָס איז געווען אין יענעם טאָג, ווען מיר האָבן זיך געלאָזט אַף אַ שפּאַציר אין דער ריכטונג פון פּונטאַ דעל עסטע. פאָרנדיק מיטן ברעגלאַנד, האָבן מיר אונטערוועגנס, פאַרשטייט זיך, אַרײַנגעקוקט אין דער עלעגאַנטער בײַשטאָטישער יאַטקע „דער שמייכלענדיקער אָקס“, אין וועלכער עס הענגט אַ פּילצוזאָגנדיקער פּלאַקאַט „ביינער אומזיסט“, — און פון דאָרטן האָבן מיר פאַרקערעוועט צו אַ פאַרבליבענער פון די אַלטע צײַטן ניט גרויסער פעסטונג „סאַנטאַ ראָסאַ“ („די הייליקע ראָזע“).

די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. אויסער אַלע פאַרגעניגנס, וואָס איך האָב דאָ געהאַט, האָב איך נאָך באַקומען אַ פאָרשטעלונג, וויאַזוי מאָנטעווידעער ייִדן זעצן איבער פון שפּאַניש אַף ייִדיש. אָנווײַזנדיק אַף די אויסיעס, אויסגעקריצטע באַם אַרײַנגאַנג אין דער פעסטונג — „Fortin Santa Rosa“, האָט דער טומלדיק־פריילעכער זונדל זוץ[1], וואָס טיילט זיך אויס אין גאַנץ מאָנטעווידעאָ מיט זײַן שטאַלטנעקײַט און הויכן וווקס, אַ פרעג געטאָן באַ מיר:

— צי ווייסטו, וואָס עס באַטייט Fortin?

און גלײַך אַליין געגעבן אַן אויסשעפּנדיקן ענטפער:

— Fortin איז אַף ייִדיש, פאַרשטייסטו מיך, Fortaleso...

דערזעענדיק דעם פאַרוווּנדערטן אויסדרוק אַף מײַן פּאָנעם, האָט זונדל זוץ אויסגעשריִען:

— אַ, דו פאַרשטייסט ניט... Fortin, Fortaleso... נו, מאַלענקאַיאַ קרעפּאָסט!..

— אַ קליינע פעסטונג, — האָב איך, ווי אַנטשולדיקנדיק זיך פאַר זונדלען, געזאָגט אַף ייִדיש.

— זעסטו דאָך... אַז דו ווילסט, קענסטו אַליין איבערזעצן פון שפּאַניש...

איז אָט, ווען מיר האָבן שוין ווי עס געהער צו זײַן באַקוקט די Fortin – Fortaleso – Маленькая крепость — קליינע פעסטונג, זײַנען מיר אַוועק כאַפּן פרישע לופט אין דעם דערבײַיִקן וואַלד. און מיטאַמאָל צערעדט מען זיך מיט אַן אָרטיקן מענטשן, און עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער באַלעבאָס פונעם וואַלד איז, — מיינט איר ווער? — דער אָנפירער פונעם ייִדישן „צענטראַל־קאָמיטעט“, דער „טערק“.

גייען מיר אַרום אין דעם „טערקס“ וואַלד — מיר, ייִדן פון אורוגוויי און סאָוועטנפאַרבאַנד, און ריידן וועגן דעם, אַז מיסטאָמ האָט ער ספּעציעלע סיבעס, צוליב וועלכע ער שענקט זײַנע טעג און נעכט דעם פאַרוואָרלאָזטן און פאַרגעסענעם ייִדישן פאָלק. נו, לאָמיר זאָגן, ער איז אַ פרומער ייִד און ער וויל העלפן אומקערן די סאָוועטישע „פאַרגרעבטע ייִדן“ צו ייִדישקײַט... דער מענטש, וואָס האָט אונדז דערציילט, וועמעס וואַלד דאָס איז, האָט געזאָגט שמייכלענדיק:

— קומט, וועל איך אײַך באַווײַזן, סאַראַ פרומער ייִד דער באַלעבאָס פונעם וואַלד איז...

[1] ז. זוץ — ייִדישער פּראָגרעסיווער טוער אין אורוגוויי.

מיר זײַנען דורכגעגאַנגען אַ שפּאַן פּופּציק, און באַם ראַנד וואַלד, דאָרט, ווּ אַן אָפֿענע לאָנקע קומט אַרויס צום הייפֿל פֿון דער „פּאָרטין סאַנטאַ ראָסאַ״; האָבן מיר דערזען אַ קאַטוילישע גאָטסמוטער מיט אַ יעזוסל אויף די הענט. ווײַזט אויס, אַז דער „נאַציאָנאַלער ייִד״, וואָס קעמפֿט פֿאַר ייִדישקייט אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, וויל מיט דער הילף פֿון אָט דער קאַטוילישער הייליקייט צוגעבן טוריסטן כיישעק צו באַזוכן זײַן וואַלד, און עפּשער לווינט אים ביכלאַל צו זײַן אין מיסכער־איניאָנים אַ קאַטאָליק, — אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר ווען מיר זײַנען געשטאַנען באַ דער הייליקער מאַריִע און געשמועסט וועגן דעם נאַציאָנאַלן ייִדן פֿונעם ציִעניסטישן „צענטראַל־קאָמיטעט״, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זונדל זוץ ווייסט ניט נאָר, וויאַזוי עס הייסט אויף רוסיש אַ פֿעסטונג, נאָר אויך אַ היפּש ביסל געדיכט געזאַלצענע און געפֿעפֿערטע רוסישע ווערטער...

ריאָ דע לאַ־פּלאַטאַ — דער טײַך פֿון זילבער... אַמאָל פֿלעגט מען איבער אָט דעם גרויסן וואַסערוועג אַרויספֿירן פֿון באָליוויע און פּערו דעם טײַערן מעטאַל. הײַנט זײַנען פֿאַראַן מער צוגעפּאַסטע מיטלען דאָס צו טאָן. לאַ־פּלאַטאַ האָט פֿאַרלוירן איר זילבערנע ראָמאַנטיק.

און טאַקע, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען אויפֿן האָריזאָנט, פּונקט אַנטקעגן דעם מאָנטעווידעער האַפֿן, די טונקעלע קאָנטורן פֿון אַ האַלב־פֿאַרזונקענער שיף, איז מיר געקומען אויפֿן זינען, אַז דאָס איז עפּשער איינע פֿון יענע קיילעס, וועלכע האָבן, אַזוי צו זאָגן, זיך אונטערגעריסן די קריזשעס, פֿירנדיק פֿולע טריומען מיט שווערן זילבער, און דערנאָך, שוין אַ שטאַרק אָפּגעניצטע, געבליבן שטעקן באַם אַרײַנגאַנג אין האַפֿן.

נאָר דערוווּסט האָב איך זיך וועגן דער פֿאַרטרונקענער שיף גאָר אַן אַנדער געשיכטע. ניין, ס׳איז דאָ ניטאָ קיין ראָמאַנטיק, אַפֿילו אויף קיין גראָשן ניט. אַן ענגלישער דאַמפֿער „קאַלפֿעאָן סטאַר״, אָנגעלאָדן מיט אורוגווײַער פֿלייש, איז צוריק מיט אַ יאָר זעקס אַרויף אויף אַ זאַמד־באַנק. דער דערמלטיקער מיטגליד פֿונעם רעגירונגס־ראַט און דירעקטאָר פֿון דער צײַטונג „דיאַ״ („דאָס לאַנד״) פּאַטשעקאָ, אַן אויוווערבאַטל, איז אַרויס מיט אַ באַשולדיקונג, אַז דאָס האָבן די סאָוועטישע טראַולערס, וועלכע כאַפּן וואַלפֿישן אין אַטלאַנטישן אָקעאַן, אַרײַנגעהאַקט אַ מינע אין „קאַלפֿעאָן סטאַר״. פּאַטשעקאָ האָט געפֿאָדערט, אַז אורוגוויי זאָל צערײַסן די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט דעם „רוסישן אַגרעסאָר״. גאַנץ מאָנטעווידעאָ אָבער, אויסער פּאַטשעקאָן, האָט גערעדט וועגן דעם, אַז די אַלטע שיף האָבן דערטרונקען אַליין די באַלעבאַטים אירע, קעדיי צו באַקומען אַ גרויסע פּוּיטעקע פֿאַר דער סטראַכאָווקע. די אײַנוווינער פֿון דער שטאָט וואָלטן זייער גיך פֿאַרגעסן אין אָט דער געשיכטע, וואָס איז אַזוי טיפּיש פֿאַרן קאַפּיטאַליזם, נאָר אַ לענגערע צײַט האָט מען פֿון דער פֿאַרזונקענער שיף ניט אַרויסגענומען דאָס פֿלייש, און ווײַל מאָנטעווידעאָ האָט זיך ניט פֿאַרשטעקט די נאָז, האָט פֿון דער רײנער לאַ־פּלאַטאַ דאָך זיך געטראָגן אַזאַ איפּעש, אַז מע האָט שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן. באַ די ברעגן פֿון דעם גרויסן טײַך האָט געזעטעמט, געהאָרעוועט, געפּרייט זיך און געליטן די וווּנדער־שיינע שטאָט, צו וועלכער עס פֿלעגן קומען און פֿון וועלכער עס פֿלעגן אָפּשווימען הונדערטער און הונדערטער שיפֿן, עס האָט זיך אַפֿילו געקאָנט דאַכטן, אַז פֿאַרבײַגייענדיק לעבן דעם אָרט, ווּ עס האָט געשטעקט די ווערעמדיקע „קאַלפֿעאָן״, האָבן די לעבעדיקע שיפֿן זיך אָפּגעקערט פֿון איר, ווי פֿון אַ פּייגער, — און זי איז געשטאַנען און געאָוועט, ביזוואַנען געוואַגטע פֿײַערלעשער צוזאַמען מיט סאַפּיאָרן האָבן אַרויסגעלאָזט פֿון איר אין דעם יאָגנדיקן וואַסער די פֿאַרפֿוילטע געדערים.

איצט שטייט „קאַלפֿעאָן סטאַר״ אַ פֿאַרגעסענע, אין אַ זײַט פֿון די קאָמוניקאַציעס. די מאָנטעווידעער קוקן שוין ניט אַפֿילו אין איר זײַט, און פֿרעגט נײַן און נײַנציק פּראָצענט היגע אײַנוווינער, ווער עס איז פּאַטשעקאָ, וועלן זיי קנייטשן מיט די פּלייצעס, — די גאַנצע געשיכטע איז אַ פֿאַרס, און איך, אַ גאַסט, רייד וועגן איר בלויז דערפֿאַר, ווײַל „קאַלפֿעאָן סטאַר״ דערמאָנט מיר שטאַרק די מאָנטעווידעער ייִדישע רעאַקציע, און עס ווילט זיך פֿרעגן באַ דעם אורוגווײַער ייִדן:

„הער מיך אויס, טײַערינקער, ווען וועסטו שוין אַרויסוואַרפֿן דאָס טוכלע אַנטיסאָוועטישע „פֿלייש״ פֿון די פֿאַרזונקענע טריומען פֿון „דײַן״ ייִדישער רעאַקציע?״

## האָרנעראָ

צי ווייסט איר, וואָסער פֿייגעלע איז דאָס סאַמע אורוגווײַיִשע, דער אַזוי צו זאָגן אורוגווײַער וואָראָביי? איך בין געגאַנגען אין דער פּאַמפּע און צו די ראַנטשאָס, קעדיי עס זען, און, גלייבט מיר, אַז דאָס איז ניט קיין עקזאָטישער פֿויגל, ער האָט ניט קיין לאַנגן בלאָו־רויט־גרינעם צעפֿעדערטן עק. ער הייסט האָרנעראָ, פֿונעם וואָרט האָרנאָ — אויוון. ער בויט זײַן נעסט נאָענט לעבן דעם מענטשנס היים, געוויינלעך אויף אַ סטויפּיקל פֿונעם פּלויט אָדער אויפֿן דאַך פֿון אַ ראַנטשאָ, ניט אין געדיכטע גרינע קרוינען, ווי אַנדערע פֿייגל. די נעסט בויט דער האָרנעראָ, ווען ער געפֿינט פֿאַר זיך אַ „זי״, ער קלעפּט אויס פֿאַר זײַן קומענדיק געזינדל אַ היימעלע פֿון ליים, פֿעדערן, וואָל, טרוקענע צווײַגלעך, און די נעסט זעט אויס ווי אַ ליימענער דאָרפֿישער אויוון. אַליין איז דער האָרנעראָ אַ גרויברוינלעכער, ווי די אויסגעטריקנטע ליים פֿון זײַן נעסט. האָרנעראָ, זאָלט איר וויסן, איז אַ האָרעפּאַשניק, דער גאַוטשאָ צווישן די פֿייגל. ווען איך טראַכט וועגן אורוגווײַער פֿאָלק, מאָל איך מיר אויס דאָס געשטאַלט פֿון אַ האָרנעראָ; ווען איך טראַכט וועגן האָרנעראָ, שטעל איך אים זיך ניט פֿאָר אָן אורוגוויי.

פֿאַר די וויניקע טעג פֿון מײַן רײַזע האָב איך זיך מאַמעש אײַנגעליבט אין די פּאַשעטע (גרוי־ברוינלעכע, ווי אויסגעטריקנטע ליים) מענטשן, וואָס האָבן אויסגעבויט זייער נאַציאָנאַלע נעסט צווישן בראַזיליע און אַרגענטינע. בראַזיליע איז מוירעדיק גרויס. אַרגענטינע איז מוירעדיק גרויס. אורוגוויי איז דאָס קלענסטע לענדעלע אין לאַטײַן־אַמעריקע. אייניקע טײַנען אַפֿילו, אַז די ענגלענדער האָבן אַמאָליקע יאָרן צוגעטראַכט אורוגוויי, קעדיי ניט לאָזן בראַזיליע זיך „צודריקן״ צו אַרגענטינע. מע דאַרף אויך ניט פֿאַרגעסן אין דעם „גרויסן צאָפּנדיקן שאָכן״, אין

אמעריקע, וואָס טוט אַלץ, אַז דער „קליינער דאָרעמדיקער שאָכן“, אורוגוויי, זאָל זיין אַ מין אַמעריקאַנער פּאָלוואַרק, וואָס אַרבעט אויס פלייש... און ניט געקוקט אַף אָט דער „איידעלער“ אַרומרינגלונג און אַף דעם, וואָס אין מעשעך פון יאָרהונדערטער האָבן זיך אין אָט דעם אויסגעליטענעם לאַנד געהאַלטן אין איין בייטן קאָלאָניזאַטאָרן — שפּאַנישע אַף פּאָרטוגעזישע און פּאָרטוגעזישע אַף שפּאַנישע, — ניט געקוקט אַף דעם, האָט דער מענטש — דער האָרנעראָ אופגעבויט זיין נאַציאָנאַלע נעסט, און ער היט זי אָפּ און פאַרפולקומט זי.

די ספּעציפישע שטריכן פונעם אורוגווייער פאָלקס־כאַראַקטער קאָן מען זען בא דעם גאַוטשאָ — באַם דאָרפס־מענטש, דעם אָנטרייבער פון פי, וואָס איז געוויינלעך, ווי מע זאָגט אַף ייִדיש, אַ מענטש אָן אַ גאַל — אַפילע אין דער שפּראַך פונעם לאַנד האָט עס באַקומען אַן אָפּשפּיגלונג. ווען מע וויל זאָגן: „האָסט מיר געטאָן אַ טויווע“, זאָגט מען: „האָסט מיר געטאָן אַ גאַוטשאַדאַ...“

דער גאַוטשאָ גייט אַרום מיט באַרוועסע האַרטע פיס איבערן שטעכיקן ווילדגראָז פון דער פּאַמפּע. זיין אייבערשטער מאַלבעש, די פּאָנטשאָ, וואָס דינט אים אויך פאַר אַ קאָלדרע, — דאָס איז אַ שטיק וואָלן צייג מיט אַן אויסשניט אַף דורכצושטופּן דעם קאָפּ. ער, דער גאַוטשאָ, האָט ליב זיינע פאָלקס־זינגער — די פּאַיאַדאָרן. טאַנצן טאַנצט ער אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פון אַ גיטאַרע און אונטערן געזאַנג פון זיינע שכיינים. מע זאָגט, אַז ניט ווייניקער פון פופציק מינים טענץ האָט ער געטאַנצט: אַ סיעליטאָ, ווען דער זינגער ווענדט זיך מיט זיין ליד צום cielo – cielito (צום הימל — הימעלע), אַ פריילעכן ליבע־טאַנץ גאַטאָ, אַ פּעריקאָן, אַ מילאָנגאַ...

און דאָ, אין אָט דעם אָרט פון מיין באַשרייבונג פונעם אורוגווייער פאָלקס־כאַראַקטער, ווען איך רייד וועגן די טענץ פונעם גאַוטשאָ, וועל איך אָנקומען צו אַן איבערגעניצעוועט ייִדיש ווערטל: דער טאַנץ גייט ניט פאַר... דער מאַטע.

וואָס איז עס אַזוינס — אַ מאַטע?

— קומט צו מיר אַריין אויסטרינקען אַ מאַטע...

— פון אַ מאַטע זיך אָפּזאָגן — איז כילעל־האַשעם...

— מיר האָבן שוין מיט אים, גאָט צו דאַנקען, ניט איין מאַטע אויסגעטרונקען...

אַ מאַטע איז אַ טרינקעכץ, בא די אורוגווייער און אַרגענטינער — קימאַט אַזאַ נויטווענדיקייט, ווי ברויט, ווי זאַלץ, ווי לופט... אינמיטן שטאָט גייט אַרום אַ באַיאָרטער מאַנצבל און האַלט אין דער האַנט אַ טעפּעלע, אין וועלכן ס'איז מיט זודיק וואַסער פאַרגאָסן אַן אָנגעדרויבלט געוויקס (מע רופט עס זשערבאַ). די דאָזיקע ביטערע „טיי“ זופּט דער באַיאָרטער פעטער, ניט אַרויסלאָזנדיק פון מויל די באָמביליאַ — אַזאַ טרייבל מיט אַ פאַרברייטערטן עק, וואָס איז אַריינגעשטעלט אין טעפּעלע.

זשערבאַ וואַקסט אין פּאַראַגוויי. בא אונדז אין מאָסקווע קאָנט איר זי זען אין די אַפּטייקן — מע רופט זי „פּאַראַגווייער טיי“, און זי דינט (זאָלן מיר טויזנט מאָל מויכל זיין די אורוגווייער ווילע מענטשן, איך בין ניט שולדיק אין דעם), אין דער מעדיצין דינט זי פאַר אַן אָפּפיר־מיטל. ווען איך בין געקומען קיין מאָנטעווידעאָ, איז די טעמע נומער איינס דאָרט געווען די דראַמאַטישע ידיִע, אַז זשערבאַ איז ווידער טייערער געוואָרן, דער אָרעמער מענטש וועט מוזן פאַרלייגן דאָס העמד פון לייב, קעדיי קויפן פאַר זיך זשערבאַ. און אויב איר ווילט וויסן, — האָט מען מיר גלייך געמאָלדן, איז די מייסע דערפון אַזאַ: ווען אין איין שיינעם טאָג זאָל פּאַראַגוויי אופהערן, כאָלילע, פאַרקויפן אורוגוויי זשערבאַ, וואָלט אויסגעבראָכן אַ מילכאָמע...

ווי אומעטום, האָבן אויך דאָ די ייִדן איבערגענומען ניט ווייניק כאַראַקטער־שטריכן פון דער אַרומיקער באַ־פעלקערונג. אין אורוגווייער פאָלק האָט ניט דער נאַציאָנאַלער אַנטאַגאָניזם קיין וואָרצלען. עמעס, פאַראַן דאָ פאַר אויסלענדער אַ וואָרט גרינגאָ, וואָס האָט אַ בייטאַם פון ביטל. נאָר מע דאַרף וויסן, וויפל געברענטע צאָרעס די אויסלענדישע קאָלאָניזאַטאָרס האָבן געבראַכט אַף דער לאַ־פּלאַטאַ. פאַר די ייִדן האָט דער גאַוטשאָ ביכלאַל ניט צוגע־טראַכט קיין ספּעציפישן נאָמען. ייִדן הייסן בא אים צערטלעך „רוסאָ“, פּונקט ווי רוסן, טשעכן, ליטווינער, יוגאָ־סלאַוון, פּאָליאַקן.

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר עס טוט מיר וויי, וואָס די ייִדישע אימיגראַנטן אין אורוגוויי האָבן אין די 20—30־ער יאָרן זיך ניט דורכגעשלאָגן צו דער פּאַמפּע. דאָס האַרץ זאָגט מיר אונטער, אַז זיי וואָלטן געוואָרן גוטע שכיינים מיט די גאַוטשאָס. צום באַדויערן, האָט דאָס לעבן צוגעגרייט פאַר די ייִדן אין אורוגוויי גאָר אַן אַנדער גוירל. געקומען זיינען זיי אין אַ לאַנד, וווּ די ערד האָט שוין פאַרכאַפּט דער לאַטיפונדיסט און אין דער שטאָטישער עקאָנאָמיק איז שוין געהאַנגען איבערן קאָפּ די כמאַרע פון אַ שווערן קריזיס. האָבן זיי קיין אַנדער ברירע ניט געהאַט און גענומען זיך צו די אַלטע פּראָפעסיעס (גלייך ווי מע וואָלט נאָך געלעבט אין די אַמאָליקע שטעטלעך): מעלאָכע אָדער קליינהאַנדל.

אין מאָנטעווידעאָ האָט מען מיר דערציילט וועגן דער טרויעריקער פיגור פונעם קאַטשיוואַטשניק, וואָס האָט אין דער ניט ווייטער פאַרגאַנגענהייט פאַרפולט די ייִדישע גאַס. אייניקע פון די עלטערע מענטשן דאָ זיינען אין דער יוגנט געווען קאַטשיוואַטשניקעס. זיי פלעגן אַרומגיין איבער די הויפן מיט אַ קויש סכוירע אַפן בויך, און אַף אַ געמישטן ייִדיש־שפּאַנישן זשאַרגאָן פלעגן זיי מיט טרערן אין די אויגן פּרוּוון איינריידן דעם אָרעמען אורוגווייער, ער זאָל איינהאַנדלען אַ מעציִע: שפּיגעלעך, צינד־מאַשינקעס, זייף, העמדער, נאָדלען, טיכעלעך, מיט איין וואָרט „קאַטשיוואַטשעס“, קליינקייטן. ווען אַזאַ וואַנדערנדיקער לופטמענטש פלעגט, טופּענדיק מיט זיינע אַלפּאַרגאַטאָס (לייוונטענע שיך), זיך באַווייזן מיטן קויש בא אַ ראַנטשאָ אין דער פּאַמפּע, פלעגט שווער זיין אים אונטערצושיידן פונעם גאַוטשאָ, און ס'איז קיין כידעש ניט, וואָס ביידע האָבן זיי ניט געזען איינער אינעם צווייטן קיין פרעמדן. זונדל זוץ, וואָס ווייסט, וויאַזוי מע רופט אַלצדינג אָן אַף רוסיש, האָט מיר געזאָגט, אַז „עס וועט ניט שאַטן, אויב מע וועט קאַטשיוואַטשניקעס, לעמאָשל, אָנרופן פּאָשעט „קאַראַביינעקעס“...

עטוואָס שפּעטער האָבן זיך באַוויזן די „קלאַפּערס“ — אַגענטן בא די אַזויגערופענע קווענטניקעס (מער פאַר־מעגלעכע, איידער די קאַטשיוואַטשניקעס, אָבער אויך אַז־אָך־און־וויי־סאָכרים, וועלכע האָבן פאַרקויפט סכוירע אַף

קרעדיט). קעדיי „נעמען דעם קוינע“, פלעגן די אגענטן אַנקלאפן אין זייַן טיר. אכוץ די קאטשיוואטשניקעס, קוועטניקעס און קלאפערס, זייַנען בא די אורוגווייַער ייִדן נאָך געווען קאמבאלאטשניקעס. דאָס וואָרט נעמט זיך פונעם נאָמען פון דער „גאס פון דרייַ לאָמפּן“, ווו מע האָט געהאנדלט מיט אלטווארג.

דער קאטשיוואטשניק, דער קלאפער, — זיי האָבן שוין געהאט זייער אייגענעם פאָלקלאָר, זייערע מידעס, זייערע גענג, וואָס באוויַיזן, אז דאָס איז א טיפּיש אורוגווייִש־ארגענטינישע דערשייַנונג — א ייִדישע לויטן כאראקטער און א גאוטשישע לויט דעם געמיט־צושטאנד. ווען דער מאָנטעווידעער קאטשיוואטשניק וואָלט, פונקט אזוי ווי א געוויסער יעהופעצער לופטמענטש, געהאט זייַן אייגענעם שאָלעם־אליַיכעם, וואָלט ער הייַנט עפּשער אויך, ווי זייַן פאָרגייער, געקומען פון מאָל צו מאָל אין שטוב אריַין צו די זין און טעכטער פון די ערשטע אימיגראנטן און געמאכט זיי פריילעך און טרויעריק מיט א מייַסע וועגן דעם דורכגעלעבטן לעבן... די קאטשיוואטשניקעס פון מאָנטעווידעאָ זייַנען אלס פראָלעטאריזירטער עלעמענט אריַין אין דער פּראָגרעסיווער באוועגונג צוזאמען מיט די ייִדישע האָלץ־ארבעטער, שטעפער, בייַטלמאכער, שנייַדער.

אין מאָנטעווידעאָ ליגן בישכיינעס די ייִדישע און נעגרישע געטאָס. אנסינא, די נעגער־גאס, און אלוועאר, די אמאָליקע צענטראלע גאס פונעם ייִדישן ראיאָן, זייַנען, ווי שוועסטער, ענלעך איינע אף דער צווייטער. דער ארכיטעקטאָר רעוס האָט פארשטאנען, וואָס ער בויט...ביידע גאסן זייַנען אָפּגעטיילט פון דער שטאָט. זיי זעען אויס ווי גרויסע לענגלעכע הויפן. אין די פארנאכטן שיט ארויס די אָרעמקייַט אף דער גאס — טאקע אזוי היימיש ווי אין א הויף. ביידע געטאָ־קווארטאלן הייסן „באריאָ רעוס“ („רעוסעס קווארטאל“; די נעגערן גיבן נאָך צו „דעל סור“: „רעוסעס קווארטאל אף דאָרעם“, ווייַל דאָס איז א דאָרעם־געגנט פון מאָנטעווידעאָ).

אף אלוועאר האָב איך זיך דערפילט, ווי אין אן אלטער טכום־שטאָט בא אונדז אף דער אוקראַינע. פאזע דעם „שליאך“ (אזוי פלעגט מען דאָך רופן די אויסגעברוקירטע גאס אין שטעטל) שטייען מויערלעך מיט אָפּגעקלאפטע געטינקעווטע ווענט. קימאט יעדעס מויערל האָט א טויער — אף אריַינפאָרן מיט פערד־און־וועגעלע. אין די הויפן טריקנט זיך גרעט. בא די אינווייניקסטע אריַינגאנגען — הילצערנע גאנעקעס.

און אָט איז די נעגער־געטאָ. איך בין אהער געקומען הארט פאר דער פייַערונג פונעם טאָג פון אומאָפּהענגיקייַט פון אורוגווייַ (25 אווגוסט), וועלכער איז אויך דער טאָג, ווען די אורוגווייַער רעוואָליוציע האָט באפרייַט די נעגערס פון שקלאפערייַ. די אייניקלעך פון יענע שקלאפן אָרדענען איַין אין אָט דעם טאָג קארנאוואלן.

אף דער גאס אנסינא, טאקע אינמיטן דער גאס, האָט א כאָפּטע שווארצע ייִנגעלעך מיך אריַינגעשלעפּט מיט גוטמוטיקן צוטרוי אין זייער שפּיל אין פוטבאָל. אורוגווייַער, ווי באוווּסט, רופט מען „פאנאטיקער פון דער לעדערנער פילקע“. איך האָב דאָס גלייַך דערפילט, ווייַל אין עטלעכע מינוט ארום האָט „מייַן“ קאָמאנדע (איבער מיר אוואדע) פארשפּילט, איצט איז פארבליבן אוועקצוגיין, נאָר די ייִנגלעך, דערוווּסט זיך, אז איך בין א „רוסאָ“ און א „סאָוועטיקאָ“, האָבן גענומען מיך איַינריידן, איך זאָל קומען אף זייער קארנאוואל. קעדיי שוין איַינצוגעוויַנען מייַן הארץ, האָט איינער פון די נעגער־ייִנגלעך, דער סאמע וווּקסיקער פון זיי, מיר דערציילט, אז ניט ווייַט פונדאנען, סאכאקל א פּאָר קווארטאלן ווייַטער, איז פאראן א גאס דוראזנאָ, ווו די ייִדן האָבן אויסגעבויט א „ליכטיקן מויער אף צו לייענען און צו לערנען“. און אז זייַנע „קאָמפאניעראָ־רוסאָ“ האָבן א פּאָר מאָל געבראכט אים אהינצו אף א „יאָמטעוו פון געזאנג“.

ווען איך האָב געזאָגט די כעווערעלייַט, אז, צום באדויערן, פאר איך מאָרגן אוועק פון מאָנטעווידעאָ און איצט מוז איך גיין טאקע אהין, אין „ליכטיקן מויער, וואָס די ייִדן האָבן אויסגעבויט אף צו לייענען און אף צו לערנען“ — אין זשיטלאָווסקי־פּאלאץ, הייסט עס, האָבן זיי געמאָלדן, אז דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, האָב איך טאקע געזאָגט, נאָר אָפּלאָזן קאָנען זיי מיך ניט: זיי ווילן מיר כאָטש באוויַיזן, פון וועלכן הויף זיי זייַנען, און דאָס איז פינף שפּאַן פונדאנען, אף דער גאס קואריים, וואָס הייסט אזוי נאָך א טייַך ערגעץ אין דער טיפעניש פון אורוגווייַ...

און אין הויף אף קואריים האָט זיך ערשט אָנגעהויבן מייַן באגעגעניש מיט די גאסטפרייַנטלעכע אורוגווייַער נעגערן. איך האָב דאָ פארגעסן אין מייַן צוזאָג ניט פארשפּעטיקן אין זשיטלאָווסקי־פּאלאץ, אזוי הארציק איז געווען דער שמועס, אזוי שיין זייַנען געווען די מענטשן, אזוי נייַ איז פאר מיר געווען זייער לעבן.

דעם הויף רעמלט ארום פון דרייַ זייַטן א לאנג צווייִשטאָקיק געבייַ מיט א הילצערנער גאלעריי, וואָס ציט זיך, ווי א באלקאָן, ארום דעם גאנצן הויז אף דער הייך פון צווייטן שטאָק. אזעלכע אָרעמע הויפן הייסן קאָנווענטיזשאָ, דה. א הויף ענלעך אף א מאָנאסטיר. די קאָנווענטיזשאָ, וווהין מיר זייַנען געקומען, רופט זיך „מעדיא מונדאָ“ („האלבע וועלט“). און טאקע, ווען איך און מייַנע כאווירים זייַנען אריַין אהער, האָבן פון אלע טירן, פון אלע ליקן, פון אויבן און פון אונטן, זיך א שאָט געטאָן אזויפיל האלב־אָנגעטאָנענע פריילעכע קינדער און זקיינים, פרויען און מאנצבלען, אז עס האָט זיך געדוכט: א האלבע וועלט קומט זיך דאָ צונויף.

עטלעכע שאָ האָב איך פארבראכט אין „מעדיא מונדאָ“. מיך האָט איבערראשט די פרייַנטלעכע באציִונג פון אָט די מענטשן, די אריסטאָקראטישקייַט, וואָלט איך זאָגן, פון זייער כאראקטער און דער נאטירלעכער פאטריאָטיזם זייערער. ווען איך האָב זיך גענומען געזעגענען, האָט דער יונגער באָכער וואשינגטאָן ריוויערא, דער זון פון דער אופראמערן פונעם הויף, ווילנדיק פארגלעטן א ביסל פאר אן אויסלענדישן שרייַבער די אָרעמקייַט פון זייַן לאנד, געזאָגט:

— מיינט ניט, אז גאנץ אורוגווייַ לעבט אזוי, ווי מיר...

אויב שוין יאָ פארגלייַכן א פּאָשעטן אורוגווייַער מענטשן צו א האָרנעראָ, איז דאָך קיין סאָפעק ניט, אז אויך דער ייִדישער אמכאָ איז א „האָרנעראָ“, און דער נעגער, דאָס אייניקל פונעם שקלאף — ער איז אויך א „האָרנעראָ“. איך בין גליקלעך, וואָס מיט אלע זיי — מיטן גאוטשאָ, מיטן ייִדן, מיטן נעגער — האָב איך אויסגעטרונקען א מאטע...

(סאָף קומט)

זאַלמען קאַהאַן

# א וואונדערבארער קינסטלער

טאנכום קאפלאנס ליטאָגראפיעס צו שאָלעם־אלייכעמס ווערק „דער פארקישעפטער שניידער“, „טעוויע דער מילכיקער“, זיינע קינסטלערישע סעריעס „א ציגעלע“, „ייִדישע פאָלקסלידער“ זיינען שוין א ביבליִאָגראפישע זעלטנהייט.

קאפלאנס נאָמען איז היינט ברייט באוווסט אין סאָוועטנפארבאנד און ווייט אויסער די גרענעצן פון אונדזער לאנד. זיינע ווערק געפינען זיך אין לענינגראדער רוסישן מוזיי, אין דער טרעטיאקאָווער גאלעריי, אינעם מאָסקווער קונסטמוזיי אף פושקינס נאָמען, אין פארשיידענע מוזייען פון גאָר דער וועלט. מיט זיי האָבן זיך באקאנט לאָנדאָן און פאריזש,ווארשע און טעל־אוויוו, ניו־יאָרק און מילאן, דרעזדען און טורין.

אריינפיר־ווערטער צו קאפלאנס אלבאָמען האָבן געשריבן איליא ערענבורג און סאמויל מארשאק. „אף דער וואנט פונעם צימער, ווו איך ארבעט, הענגען קאפלאנס ליטאָגראפיעס, זיי פארשאפן מיר גרויס פרייד“, — שרייבט ערענבורג. „אלץ איז געמאכט מיט דער האנט פון א מייסטער, וואָס איז בעקויעך שטעלן פאר זיך גרויסע קינסטלערישע אופגאבן און לייזן זיי מיט געוואגטקייט“, — שטרייכט אונטער ס. מארשאק.

אף דער אלפארבאנדישער אויסשטעלונג פון עסטאמפּן איז טאנכום קאפלאן באלוינט געוואָרן מיט אן ערן־מעדאל.

לאָמיר אָבער אָנהייבן פון סאמע אָנהייב.

אין ווייסרוסלאנד, אפן ברייטן שליאך צווישן באָברויסק און האָמעל, איז דאָ א שטאָט ראָהאטשאָוו. אין 1902 איז דאָ באם קאצעוו לייווי־ייִצכאָק קאפלאן געבוירן געוואָרן א זון. מע האָט אים א נאָמען געגעבן טאנכום. א שווער לעבן געווען. פון א פלייש־קרעמל אין א ייִדיש שטעטל איז ניט גרינג געווען צו ציִען די כאיונע.

טאנכום איז געוואקסן א פייִק, נייגעריק ייִנגל. פון זיין אויג האָט זיך גאָרנישט ניט אויסבאהאלטן, ער האָט זיך געסטארעט אלץ באנעמען און באזיניקן. שוין קלענערהייט האָט ער געפרווווט אויסדריקן אין בילדער זיינע קינדערשע איינדרוקן. בא וועמען לערנען זיך קונסט איז אין שטעטל ניט געווען. האָט ער זיך אליין געלערנט פונעם לעבן, צוגעקוקט זיך צו יעדן ווינקעלע, צו די מענטשן.

אין ראָהאטשאָוו האָבן אין יענע צייטן געוווינט העכער זעקס טויזנט ייִדן — צוויי דריטל פון דער גאנצער היגער באפעלקערונג. דאָס זיינען געווען הויפּטזאכלעך שניידער, שוסטער און אָרעמע קרעמער. די נויט איז געווען גרויס. דער קאמף פארן שטיקל ברויט איז געווען שטארק און פארביסן. ס׳איז געוואקסן די קליינשטעטלדיקע קאָנקורענץ, צוזאמען מיט איר — דער דראנג נאָך „רעקלאמע“. יעדן שניידער און שוסטער, יעדן קרעמער האָט זיך געוואָלט בארימט מאכן זיין סכוירע דורך געצאצקעטע שילדן מיט גרויסע און פיינע אויסיעס, וואָס זאָלן צוציִען די קליִענטן.

אף מאָלן אזוינע שילדן איז טאנכום געווען א מייסטער. אין דער ארבעט האָט אים געהאָלפן זיין נאָענטסטער כאווער, זיין בעסטער פריינט פון די קינדער־יאָרן. מוליק האָט מען אים גערופן. רייך און פילארטיק איז געווען מוליקס פאנטאזיע. די ביידע ייִנגלעך פלעגן אָנמאָלן אזוינע שילדן, וואָס פארבייגייער פלעגן פון זיי לאנג ניט קאָנען אָפּרייסן דאָס אויג. די יונגע קינסטלער האָבן צעטיילט צווישן זיך די פונקציעס: טאנכום האָט געמאָלט אויסיעס, מוליק — שיך, שטיוול, א זשיליעט אָדער הויזן...

מוליקס פאמיליע איז געווען האלקין.

פון אָט דעם כאווער טאנכומס, פון אָט דעם טשיקאוון קינסטלער, איז אויסגעוואקסן אונדזער דיכטער שמועל האלקין.

אין די אָוונטן פלעגן ביידע כאוויירים זיך פארקלייבן אין א ווינקל אפן בוידעם, און מוליק פלעגט לייענען טאנכומען זיינע לידער...

ווער ווייסט, ווי עס וואָלט אויסגעזען דער גוירל פונעם יונגן ראָהאטשאָווער קינסטלער טאנכום קאפלאן, ווען ניט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע. טאנכום איז דאן אלט געוואָרן קוים פופצן יאָר. ער האָט אָבער גוט דערפילט און דערזען, ווי נייע טויערן צעעפענען זיך. אין דער נייגעבוירענער געזעלשאפט איז פאר פאָלקס־טאלאנטן גרייט געווען א ברייט פעלד פון טעטיקייט.

טאנכום לערנט זיך, און איינצייטיק ווערט ער אליין א לערער פון מאָלעריי אין א שול. אין 1921 שיקט אים דער ראָהאטשאָווער ראיבילד־אָפּטייל לערנען זיך אין דער פעטראָגראדער קונסט־אקאדעמיע.

פון דאן אָן איז טאנכום קאפלאן א לענינגראדער.

די ערשטע יאָרן נאָכן פארענדיקן די אקאדעמיע פּרוווט ער ארבעטן אין פארשיידענע געביטן. א געוויסע צייט האָט ער זיך פארנומען מיט איליוסטרירן ביכער, מיט מאָלן פלאקאטן, געווען א דעקאָראטאָר. דאָס זיינען אָבער צופעליקע ארבעטן. זיין עכטער בארוף איז געווען, פארשטייט זיך, מאָלעריי. ער מאָלט פייזאזשן, פּאָרטרעטן. ער איז אָן אָפטער גאסט אין זיין אלטער היים. די ראָהאטשאָווער געסלעך, נידעריקע כאטקעס און בלאָטעס זיינען געווען זיין סטודיע, די שטעטלדיקע טיפּן — זיינע פּערסאָנאזשן. ער ארבעט אָנגעשטרענגט, זוכט מיטלען צו דערגרייכן מער אויסדריקלעכקייט, טיפער באווייזן דעם מענטשלעכן כאראקטער.

אָט זיינען טאנכום קאפלאנס בילדער פון יענער צייט:

אן אלטע איינגעהויקערטע שטוב, א קרום געסל, א באלעגאָלע, א הילצערנער קלויסטער, מיידלעך, ייִנגלעך, ווייבער און קינדער פון שטעטל. דאָס אלץ מאָלט דער קינסטלער מיט עקספּרעסיע, רעאליסטיש, לעבעדיק, מיט ליבע צו דער דעטאל.

דאָך איז דאָס געווען בלויז דער ערעוו־פּעריאָד פון זיין קינסטלערישער טעטיקייט.

אין דער צווייטער העלפט דרײַסיקער יאָרן איז פאָרגעקומען א גרינטלעכער קער אינעם שעפערישן וועג פון טאנכום קאפלאן.

דער לענינגראדער קינסטלער ג. טראוגאָט האָט אין 1937 געגרייט א פילארטיקע עקספּאָזיציע פארן עטנאָגראפישן מוזיי. ער האָט פאָרגעלייגט קאפלאנען העלפן אים אויספורעמען אינעם מוזיי דעם אָפּטייל, געווידמעט דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט. עס איז געווען פאָרויסגעזען צו שאפן א סעריע ליטאָגראפיעס „די פארגאנגענהײַט“ — וועגן דעם לעבן פונעם אלטן יידישן שטעטל. קאפלאן האָט זיך שטארק פארינטערעסירט מיט דער דאָזיקער ארבעט. באזונדערס האָט אים צוגעצויגן די ליטאָגראפיע־טעכניק, און ער הייבט אָן ארבעטן אין די ליטאָגראפישע ווארשטאטן אונטער דער אָנפירונג פונעם קינסטלער נ. ווערייסקי.

די ערשטע ליטאָגראפיעס ווידמעט קאפלאן זײַן היימשטאָט, וועלכע ער מאָלט מיט א ליבלעכן הומאָריסטישן שמייכל. דער דאָזיקער ציקל ליטאָגראפיעס, אף וועלכן דער קינסטלער האָט געארבעט פיר יאָר צײַט (ביז דער מילכאָמע), איז בא אים פאראייניקט אונטערן אלגעמיינעם נאָמען „קאסרילעווקע“. שוין אין דעם נאָמען פילט זיך די נאָענטקײַט פונעם קינסטלער צו שאָלעם־אלייכעמס טעמעס און מאָטיוון, וועלכע וועלן שפּעטער פארנעמען דעם אויבנאָן אין זײַן שאפונג.

„קאסרילעווקע“ הייסט דער ציקל דערפאר, ווײַל דער קינסטלער זעט אין שטעטל רעשטלעך פון אמאָל, וואָס האָבן געקאָנט דערמאָנען דאָס, וואָס אונדזער גרויסער הומאָריסט האָט געזען. אָט זײַנען בילדער פון דעם דאָזיקן ציקל: „א בעהיימע, וואָס קוקט אין פענצטער“, „ציגן“, „א גוסרעגן“, „די רײַכע גאס“, „כאָסן־קאלע“.

די קאסרילעווקער סעריע האָט קאפלאן געוואָלט פאָרזעצן אף די נײַע מאטעריאלן פון די מאָלדאווישע און בעסאראבישע שטעטלעך, וווּהין דער קינסטלער איז ארויסגעפאָרן ערעוו דער מילכאָמע. ער האָט געבראכט פון קעשענעוו, טשערנאָוויץ און פון פיל שטעטלעך א סאך צייכענונגען, פון וועלכע ער האָט זיך געקליבן שאפן נײַע פילפארביקע ליטאָגראפיעס. די מילכאָמע האָט צעשטערט זײַן פלאן.

אין די מילכאָמע־יאָרן האָט טאנכום קאפלאן געוווינט אף אוראל, אין דער שטאָט טשוסאָווױ, פערמער געגנט. דאָ זײַנען ניט געווען קיין ליטאָגראפישע ווארשטאטן, און דער קינסטלער קערט זיך ווידער אום צו מאָלערײַ. זײַן טעמע ווערט די אוראלער נאטור. זײַנע העלדן — די מענטשן, וואָס גיבן אָפּ אלע זייערע קויכעס דעם פראָנט. דער קינסטלער קומט אָפט אף די זאוואָדן, פאָרט ארויס אין די קאָלווירטן. אין 1943 באטייליקט ער זיך אין א גרויסער קינסטלערישער אויסשטעלונג אין סווערדלאָווסק אף דער טעמע „אוראל — די שמידערײַ פונעם סאָוועטישן געווער“.

אינעם לעצטן מילכאָמע־יאָר קערט זיך קאפלאן אום קיין לענינגראד. ער הייבט גלײַך אָן ארבעטן איבער א גרויסער סעריע ליטאָגראפיעס, וואָס ווײַזן דעם מילכאָמע־אָנבליק פון דער לענין־שטאָט. אָט ליגט פאר אונדז קאפלאנס לענינגראדער אלבאָם. די ערשטע זײַטן הייסן „מילכאָמע“. מיר זעען א כאָרעווע שטוב. נאָרוואָס האָט א באָמבע דורכגעלעכערט דעם דאך. א געוועזענע היים איז פארוואנדלט געוואָרן אין א בארג ציגל־ברוך. די פאָלגנדיקע זײַט: אין שטאָט איז פינצטער. דער סוינע טאָר קיין שטראל שײַן ניט דערזען. די שטאָט באהאלט זיך אונטער די פליגלען פון דער נאכט, פארטיידיקט זיך. נאָך א בלאט: הונגעריקע, מידע מענטשן רייניקן דעם שניי, לייגן דורך א וועג פאר פוסגייער; אָפּגעשוואכטע הענט רעמאָנטירן דעם צעבאָמבירטן ברוק. דאָס זײַנען בילדער, וועלכע באווײַזן מיט גרויס קראפט די מוטיקײַט און פעסטקײַט פון די לענינגראדער, וועלכע האָבן געגעבן א שווע צו אײַנהיטן די שטאָט, ניט דערלאָזן, אז דעם סוינעס שטיוול זאָלן באטרעטן דעם אספאלט פונעם ניעווא־פראָספעקט.

א סאך פון זײַנע בילדער־ליטאָגראפיעס האָט טאנכום קאפלאן אין יענע יאָרן געווידמעט דער אופשטעלונג פונעם נאָכמילכאָמעדיקן לענינגראד: די שטאָט פארהיילט אירע ווונדן, זי הייבט זיך אוף, גלײַכט זיך אויס, בויט נײַע הײַזער אף די כאָרעווע פלעצער, דאָס לאנד סאליוטירט דער לענין־שטאָט.

די לענינגראדער סעריע ליטאָגראפיעס זײַנען דערשינען אין א באזונדער אויסגאבע. איינצלנע בילדער פון דער סעריע זײַנען ארויסגעגעבן געוואָרן פיל מאָל און האָבן געהאט גרויס דערפאָלג.

אין 1948 ווערט קאפלאן באשטימט אלס הויפּט־קינסטלער פונעם לענינגראדער גלאָז־זאוואָד. זײַנע קינסטלערישע וואזעס און סערוויזן נעמען שטארק אויס מיט זייער שײנקײַט און אָריגינעלקײַט. ער שאפט אויך קאָלערליי גלעזערנע קינסטלערישע וויטראזשן. איינצײַטיק פארנעמט ער זיך מיט איליוסטראציעס צו ביכער. זײַנער א ספּעציעלער אלבאָם פון ליטאָגראפישע איליוסטראציעס צו טשעכאָווס ווערק (20 בילדער) איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין א טיראזש פון 25 טויזנט עקזעמפּליארן. וווּנדער־שיין איז זײַן איליוסטראציע צום „בלינדן מוזיקאנט“ פון קאָראָלענקאָ.

א נײַער ווענדפונקט אין טאנכום קאפלאנס שאפונג איז שאָלעם־אלייכעם. זײַן ערשטע סעריע שאָלעם־אלייכעם־ליטאָגראפיעס איז געבויט אף די מאָטיוון פונעם „פּארקישעפּטן שנײַדער“. זי איז בעשײַטע אויסגעשטעלט געוואָרן אין לענינגראדער קינסטלער־הויז און האָט ארויסגערופן אנציקונג בא די צושויער און בא קינסטלער־פּראָפעסיאָנאלן.

די סעריע איז לעכאטכילע באשטאנען פון פערציק בילדער. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זײַנען צוגעגעבן געוואָרן צו איר נײַע ליטאָגראפיעס. הײַנט באשטייט די גאנצע סעריע „דער פארקישעפּטער שנײַדער“ פון בערערך 45 בויגן־בילדער.

עס איז אוממעגלעך אָפּצורײַסן דעם בליק פון די דאָזיקע קונסט־ווערק. אָט איז שימען־עליע. זײַן פּאָנעם דריקט אויס די בענקשאפט נאָך פרײַער לופט, די שטרעבונג כאָטש א קאפּעלע האנאָע צו האָבן פונעם לעבן. אנטקעגן אים — דאָדיע דער קרעטשמער. אין זײַנע כיטרע אייגעלעך איז צו דערקענען זײַן קרעטשמערישן כאראקטער. און אָט איז דער מעלאמעד פון קאָזאָדאָיעווקע כאַיִם־כאָנע און זײַן ווײַב טעמע־גיטל. ווי פארביק ס'איז אין זייערע שטריכן אויסגעדריקט די פארגליווערטקײַט, פּראָווינציעלקײַט!

די ציג, דער באָק, די פּייזאזשן פון קאָזאָדאָיעווקע און זלאָדייעווקע רופן ארויס אַי א שמייכל, אַי אנציקונג פאר דער קינסטלערישער קראפט. זעסט בוילעט א יידיש שטעטל אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט: קרומע פּלויטן, צעבראָכענע לאָדן, פארשווארצטע ווענט, אָפּגעריסענע קינדער. באנאנד דערמיט די ליכטיקע וועלט, די זון און דאָס גראָז, דאָס טײַכל, פעלד־בלימעלעך — דאָס אלץ, וואָס עקזיסטירט ניט פאר שימען־עליען. און יעדע דעטאל רעגט... אז מע קוקט דורך דעם אלבאָם, דוכט זיך, אז מע האָט נאָרוואָס געזען א טעאטער־שפּיל, גע־

הערט א קלוג, שארפזיניק וואָרט פון שאָלעם־אַלייכעמען גופע.

אין דער זעלבער צײַט פילט מען אין יעדן בילד בעכוש די באַציִונג פונעם קינסטלער צום מאַטעריאַל. דאָס איז א באַציִונג פון א סאָוועטישן קינסטלער, וועלכער פילט גוט די אומפארמיַידלעכקײַט פונעם אומקום פון דער אַלטער וועלט. שימען־עליע דער שנײַדער און דאָדיע דער רענדאר זײַנען באַם קינסטלער בוילעט אויסגעדריקט ווי צווײ פּאָליוסן, וואָס שטייען איינער קעגן דעם צווייטן ניט נאָר באַרויגעז, נאָר קעמפעריש. אין אַזא פּלאַן זײַנען געמאָלט די שטעטלדיקע באַלמעלאָכעס, די אָרעמשאַפט, און אַנטקעגן זיי — די פּניי־האָיִר.

אין 1957 און 1959 האָט די לענינגראַדער אָפּטיילונג פונעם אַלפארבאַנדישן קינסטלערישן פאָנד צווײ מאָל ארויסגעגעבן טאַנכום קאַפּלאַנס אַלבאָמען „דער פּאַרקישעפּטער שנײַדער“.

נאָכן „פּאַרקישעפּטן שנײַדער“ אַרבעט קאַפּלאַן אַף א רײ איליוסטראַציעס צו ייִדישע פאָלקסלידער. א טייל פון די דאָזיקע איליוסטראַציעס איז געווען אויסגעשטעלט אין לענינגראַד אין 1958 און האָט געמאַכט א שטאַרקן אײַנדרוק. דאָס זײַנען געווען די בילדער „אַפן פּריפּעטשיק“, „אַט אַזוי נייט א שנײַדער“, „שלאָף, מײַן קינד“, „עליִ־מיילעך“ און „איציקל האָט כאַסענע געהאַט“. יעדעס בילד איז געווען באַגלייט מיטן טעקסט פון די פאָלקסלידער. שפּעטער זײַנען צו דער סעריע צוגעקומען לירישע בילדער אַף די מאָטיוון פון שאָלעם־אַלייכעמס „שיר־האַשירים“. אין 1961 איז ארויסגעגעבן געוואָרן דער דאָזיקער ציקל ליטאָגראַפיעס אין אַלבאָמען.

סאָף 1961 פילט אויס טאַנכום קאַפּלאַן, וועלכער איז שוין צו דער צײַט שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן אויך אין די אויסלענדישע קינסטלערישע קרײַזן, א ספּעציעלע באַשטעלונג פון דער לאָנדאָנער קונסט־גאַלעריי „גראָווענאַר־גאַלעריי“. ער שאַפט אַן אַלבאָם ליטאָגראַפיעס אין צווײ פילפאַרביקע וואַריִאַנטן אַף דער טעמע „כאַד־גאַדיאָ“. די דאָזיקע סעריע איז באַצירט מיט רײַכע סטיליזירטע אָרנאַמענטן. לויט דער לאָנדאָנער באַשטעלונג איז דער דאָזיקער אַלבאָם ארויסגעגעבן געוואָרן דורך דער סאָוועטישער פאַרייניקונג „מעזשדונאַראָדנאַיאַ קניגאַ“.

אין 1959 טרעט דער קינסטלער צו צום פאַרווירקלעכן זײַן לאַנג פאַרטראַכטע אַרבעט אַף א נײַער גרויסער סעריע ליטאָגראַפיעס לויט די מאָטיוון פון שאָלעם־אַלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער“. דאָס זײַנען אוניקאַלע ליטאָגראַפיעס, וואָס האָבן אין דעם זשאַנער צו זיך קיין גלײַכן ניט. פאַר דרײַ יאָר צײַט שאַפט ער העכער הונדערט ליטאָגראַפיעס — אַן אייגנאַרטיקע טעוויע־ענציקלאָפּעדיע.

אינעם טעוויע־ציקל האָט זיך שטאַרק פאַרברייטערט קאַפּלאַנס קינסטלערישער האָריזאָנט. א שלאַל בילדער, אײַנדרוקן, טיפן, מענטשלעכע באַציִונגען האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן מיטן שאָלעם־אַלייכעם־מאַטעריאַל און צוזאַמען געגערט די נײַ־געבוירענע קינסטלערישע געשטאַלטן. ווי א גרויסער אַרטיסט קען אַמאָל אַפּסנײַ צעעפענען פאַרן צושויער דאָס געשטאַלט פונעם ליטעראַרישן העלד, אַזוי האָט קאַפּלאַן אַף אַן עכט אַרטיסטישן אויפן אויסגעשטעלט פאַר דער וועלט, באַווײַזן אין אַלע דעטאַלן, צעעפנט, אָפּט צעפּראַלט, אויסגעזונגען אַף זײַן קינסטלערישן אויפן דאָס געניִאַלע ווערק פון שאָלעם־אַלייכעמען.

אין יעדן בילד זעען מיר די נעשאָמע פונעם קינסטלער, זײַן אויפן פון אינטערפּרעטירן דעם מאַטעריאַל, זײַן שטאַנדפּונקט אַף אים. אין גרונט ליגט דאָ די קינסטלערישע שילדערונג פון סאָציִאַלע גרופּעס, זייערע קעגנזאַצן. נאָר דער קינסטלער באַנוגנט זיך ניט מיט באַווײַזן סטאַטישע בילדער, ער מאָלט דינאַמישע קאָנטראַסטן, אויסלאַכנדיק די בירזשע־העלדן, די בלוטזויגערס און באַווײַזנדיק מיט ליבע דעם האָרעפּאַשניק, דעם פאָלקסמענטש. ער דערלערנט די ביִאָגראַפיע פונעם רעוואָליוציִאָנער פּערטשיק, איבערטרעטנדיק די שאָלעם־אַלייכעם־ראַמען, ער גייט אים נאָך, פּערטשיקן, אַזש קיין סיביר.

מיר זעען דעם טײַך, וווּ שפּרינצע האָט זיך דערטרונקען; צייטלס און מאָטלס דאָרף אַנאַטאָווקע, וואָס ווערט באַ שאָלעם־אַלייכעמען בלויז דערמאָנט; די בירזשע מיט איר טומל און הו־האַ; און אָט איז מענאַכעם־מענדל, אַפילע מיט זײַן שיינע־שיינדלען און מיט זײַן שוויגער.

מיט שטאָלץ און ווירדע איז דאָ באַקרוינט דער פּאָשעטער מענטש. שטאָלץ זײַנען באַ זיך טעוויעס טעכטער. שטאָלץ איז טעוויע: ער האָט זײַנע כעזשבוינעס מיט די יעהופּעצער גווירים, מיטן אוריאַדניק און מיט דער גאַנצער אָרדענונג. אַזא איז שאָלעם־אַלייכעמס טעוויע, און אַזוי מאָלט אים אונדז קאַפּלאַן.

דעם גאַנצן טעוויע־ציקל קלײַבט זיך דער קינסטלער ארויסגעבן אין דרײַ טיילן. צווײ אַלבאָמען פונעם ציקל זײַנען שוין דערשינען, צו 25 בויגן־בילדער יעדערער.

...מיר זײַנען ווידער באַם קינסטלער אין וואַרשטאַט.

— זאָל דער קינסטלער עפּעס דערציילן וועגן זײַנע פּלענער.

— פּלענער?

ער איז איצט אין דער וועלט פון מוזיקאַלע קלאַנגען, ער הערט דײַטלעך, ווי עס שפּילט א פידל, ווי עס בלאָזן טרומייטן, ווי עס בייזערט זיך די פּויק...

קאַפּלאַן אַרבעט איצט אַף א סעריע וועגן מוזיקאַנטן. און ווידער אַף שאָלעם־אַלייכעמס מאָטיוון: סטעמפּעניו — דער גרויסער פאָלקס־טאַלאַנט, דער פריילעכער גײַסט פון פאָלק — ער רעגט איצט דעם קינסטלער.

א סאַך בילדער פון דער סטעמפּעניו־סעריע זײַנען שוין פאַרטיק. פון די לעצטע ליטאָגראַפיעס קוקט אַף אונדז סטעמפּעניו מיט זײַן שפּילעוודיק־שטיפערישן בליק, ראָכעלע מיט איר זעלטענער שיינקײַט. מיר זעען די מוזיקאַנטן אַף א פריילעכער כאַסענע... אַלץ איז דורכגעדרונגען מיט מוזיק, מיט זון און מיט בליצנדיקע שטראַלן.

נאָך א טרוים האָט דער קינסטלער.

ער האָט פאַרטראַכט א סעריע בילדער אַף די מאָטיוון פון שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק צו ייִדישע פאָלקסלידער.

טאַנכום קאַפּלאַן פירט א ברייטע קאָרעספּאָנדענץ מיט גאָר דער וועלט. אַף זײַן שרײַבטיש קאָן מען זען קאָנווערטן מיט מאַרקעס פון ווײַטע שטעט פון אַלע קאָנטינענטן, פון פאַרשיידענע מוזייען פון אונדזער לאַנד. פון אומעטום שרײַבט מען אים, אינטערעסירט מען זיך מיט זײַן שאַפונג.

אָט ליגט א דיקער פּאַקעט פון דרעזדען. נאָרוואָס האָט מען אים צוגעשיקט דעם פּראָספּעקט און קאַטאַלאָג פון דער פּערסאָנעלער קאַפּלאַן־אויסשטעלונג אין דער דרעזדענער גאַלעריי. דאָרט זײַנען עקספּאָנירט איבער הונדערט בילדער.

דער קינסטלער האָט פאַרטראַכט צו שאַפן א סעריע פּייזאַזשן פון לענינגראַד, אָפּשפּיגלען די צעבליִונג פון דער סאָציִאַליסטישער לענין־שטאָט.

ער איז שוין ניט קיין יונגערמאַן, טאַנכום קאַפּלאַן, נאָר ער איז נאָך גאָר יונג אין זײַנע טרוימען. זײַן טאַלאַנט איז רײַף, די האַנט — פעסט, דאָס אויג — שאַרף.

●

יִשׂראל סערעבריאַני

# הירש דאָבין

העכער דרײַסיק יאָר איז שוין הירש דאָבין טעטיק אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. פאַר די דאָזיקע יאָרן איז ער דורכגעגאַנגען אַ שווערן און קאָמפּליצירטן וועג.

הירש דאָבין געהערט צו יענע שרײַבער, וואָס ווייסן גוט, מיט וואָס עס לעבט און עטעמט דער אַרבעטס־מענטש, דער האָרעפּאַשניק. דערפון נעמט זיך טאַקע, וואָס אין זײַנע ווערק גיט ער אָפּ אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט די איבערלעבונגען און שטימונגען פונעם אַרבעטנדיקן — סײַ אין פרידלעכן לעבן און סײַ אין דער צײַט פון מילכאָמע. דערבײַ סטאַרעט זיך שטענדיק דער אַוטאָר אַליין צו בלײַבן „אין שאָטן“. דאָבין שרײַבט מערסטנטייל וועגן דעם, וואָס ער אַליין האָט דורכגעמאַכט און דורכגעלעבט. אָט דער רעאַלער הינטערגרונט פון זײַנע ווערק גיט זיי צו איבערצײַגונגס־קראַפט און לעבנסוואָרהאַפטיקייט. דער שרײַבער קאָפּירט אָבער ניט די פאַקטן; ער גיט זיי שטענדיק צו אַ קינסטלערישע פאַראַלגעמיינערונג.

דאָבינס ערשטע דערציילונג „כאַנקע“ (צײַטונג „שטערן“, 8—9, מאַרט 1928) איז געווידמעט דער נײַער סאָוועטישער פרוי. אין 1931 לאָזט שוין דאָבין אַרויס אַ זאַמלונג דערציילונגען „אַרום אַ מיל“.

די דאָזיקע פריִיִקע ווערק זײַנע טראָגן אויף זיך דאָס שטעמפּל פון יענער צײַט. אין זיי האָט דער אַוטאָר, לויט זײַנע דעמאָלטיקע מעגלעכקײַטן, פאַרקערפּערט הויפּטזאַכלעך מאָטיוון פון די איבערבויונג־פּראָצעסן, סאָציִאַלע געראַנגלען („ווער וועמען?“), פאַרשיידענע שטייגערישע, מישפּאָכע־קאָנפליקטן און קאָליזיעס: קינדער טרעטן אַרויס קעגן די עלטערן און זוכן אַ וועג צו דער נײַערווירקלעכקײַט („כאַנקע“, „אַרום אַ מיל“, „אויף אַ נײַעם וועג“); וואַקלונגען, בלאָנדזשעניש צווישן דער יוגנט גופע; קאַמף פאַר אַ קאָלווירטיש דאָרף („דער פּרווו, סקיצע“); אָפּגאַנג־פּראָצעסן בײַ געוויסע סאָציִאַלע שיכטן („אַ פּריצע“).

אין אָט די ווערק זײַנען אָפּגעשפּיגלט ניט בלויז געוויסע לעבנס־דערשײַנונגען פון יענע יאָרן, נאָר אויך דער אייגנאַרטיקער שפּעפערישער צוגאַנג פונעם שרײַבער באַם רעאַליזירן און לייזן די אָדער יענע טעמע. און כאָטש דאָבין ווײַזט שוין אויך דאָ אַרויס זײַן נייגונג צו פּסיכאָלאָגישער באָאַבאַכטונג, „אַ געוויסע נעטיִע צו פּסיכאָלאָגישע ניואַנסן“[1], איז אָבער די אַלגעמיינע מאָטיווירונג פון דעם מענטשנס גאַנג, פון זײַן אויפפירונג אַ צו גראָדליניקע, פון אויסן געצוווּנגענע און פאָרויס באַשטימטע. אין דעם זין איז דאָבין דאַן, כאָטש אויף זײַן אויפן, געגאַנגען מיטן זייער פאַרשפּרייטן אין יענע יאָרן פּרימיטיוון וועג פון שילדערן מענטשן און געשעענישן. אייניקע דערציילונגען פון יענע יאָרן האָט ער שפּעטער אַליין ניט אַרײַנגענומען אין זײַנע זאַמלונגען[2].

אַ סאַך אינטערעסאַנטער און פאַרביקער באַווײַזט זיך דאָבין אין זײַנע בירעבידזשאַנער מאָטיוון („באַם אַמור“, 1935, און באַזונדערס אין דער זאַמלונג „צווישן בינשטאָקן“, 1941), וווּ ער האָט שוין צו טאָן דעריקער מיט פּאָזיטיווע געשטאַלטן און מיט פרישע, נײַע, אפילו אויסטערלישע פאַר אים דערשײַנונגען און פּאַסירונגען.

די דאָזיקע דערציילונגען זײַנען דורכגעדרונגען מיט אַ פײַנער ליכטיקער ראָמאַנטיק, זיי זײַנען פּאַטעטיש, אַמאָל אויך עקזאָטיש באַפאַרבט. מיט ליבע און צאַרטקײַט שילדערט דאָבין די מענטשן פונעם נײַעם רײַכן קאַנט — סײַ די היגע אַלטע אײַנוווינער און סײַ די נײַע אײַנוואַנדערער, — זייערע צווישנבאַציִונגען, די ערשטע באַקאַנטשאַפט פון די איבערוואַנדערער מיט דער רײַכער נאַטור פון בירעבידזשאַן („צווישן בינשטאָקן“, „דער טויט פון אַ יעגער“, „אין וועג“, „אין וואַלד“, „טונזע“).

זייער כיינעוודיק באַווײַזט דאָבין די נאַיִווע צווישנבאַציִונגען פונעם ייִדישן באָכער כאָנאָן מיט דער יונגער טאָכטער פונעם אָרטיקן בינענציכטלער גודימאָוו („צווישן בינשטאָקן“); די באַגעגעניש פונעם יונגן ייִדישן לערער פון קאָלווירט „די רויטע סאָפּקע“ מיט דער „יונגער אָראָטשאָנקע“ טונזע, וועלכע ער האָט שפּעטער אַלפי־טאָעס „אונטערגעשאָסן“ אויף יאַגד ווי אַ ווילדע ציג („טונזע“), און אַ רײ אַנדערע טשיקאַווע מאָמענטן און עפּיזאָדן.

אין דער זאַמלונג „צווישן בינשטאָקן“ טיילט זיך אויס די הומאָריסטישע דערציילונג „אויף דער עלטער“ און באַזונדערס די נאָוועלע „זיך צעקריגט“, וווּ דער אַוטאָר באַווײַזט זײַנע פּערסאָנאַזשן אין קאָמישע סיטואַציעס.

דער פּענסיאָנער גדאַליע איז געקומען קיין בירעבידזשאַן צוזאַמען מיט זײַן פרוי בלויז אויף אָפּצורוען זיך באַם זון נאָכעם — דעם הײַנטצײַטיקן „גוויר“, לויט גדאַליעס אַמאָליקע האַסאָגעס. ער האָט אָבער לאַנג ניט אויסגעהאַלטן און זיך ווידער געשטעלט צו זײַן אַרבעט, צו גלעזערײַ, ווײַל ווי קאָן דאָס צוזען דער אַלטער האָרעפּאַשניק, אַז אַלע מענטשן זײַנען טאָג און נאַכט פאַרנומען מיט אַרבעט און ער אַליין איז דער אייציקער „ליידיקגייער“...

אַגעוו, האָט זיך דאָבין ניט לאַנג צוריק נאָכאַמאָל געווענדט צו דער דאָזיקער טעמע, אַ ביסל אין אַן אַנדער אַספּעקט (זע די דערציילונג „דער פּאָדפּאָלקאָווניק“ אין „סאָוועטיש היימלאַנד“, 1961, נומ. 2).

---

[1] זע מ. דאַניִעל — „די יונגע פאַלאַנגע“ (זשורנ. „די רויטע וועלט“, 1929, נומ. 4), וווּ ער רעדט וועגן דאָבינס ערשטע דערציילונגען „כאַנקע“ און „אַ פּריצע“.

[2] אַשטייגער, אַזוינע דערציילונגען, ווי „ניכטערע טעג“ (זשורנ. „רויטע וועלט“, 1931, נומ. 11), „אייגנס“ (דאָרטן, נומ. 12) און אַנד.

די דערציילונג „זיך צעקריגט“ ווייַזט אונדז נאָך איין טיפּ פון א האָרעפּאשניק — דעם סטאָליער שויעל דעם האָראָדעצער, וועלכער האָט זיך „צעקריגט“ מיט ביראָבידזשאן „איבער א קלייניקייַט, און ניט אזוי מיט ביראָבידזשאן, ווי מיט דעם דרייַ־און־צוואנציקיאָריקן פּאָרזיצער פונעם מעבל־ארטעל“, וואָס האָט אים באאוולט. שויעלן האָט זיך געדוכט, אז מע האָט זיך מיט אים אופגעהערט צו רעכענען. דאָס האָט שוין אָנגערירט זייַן ארבעטערישע אייגנליבע, זייַן ערע. עס דערגייט אזוי ווייַט, אז ער פאָרט אפילע אוועק מיט דער פאמיליע פון ביראָבידזשאן. אָבער קעגן זייַן אייגענעם ווילן, אדאנק דעם גרויסן אינטערעס, וואָס זייַנע לאנדסלייַט ווייַזן דאן ארויס צו ביראָבידזשאן און צו אים אליין ווי צו אן „אלטן“ ביראָבידזשאנער, ווערט ער גאָר אן אגיטאטאָר און ווערבירער פון נייַע אייַנוואנדערער פאר ביראָבידזשאן. ער קערט זיך אום צוריק קיין ביראָבידזשאן שוין ניט בלויז מיט זייַן פאמיליע, נאָר מיט אן עשעלאָן נייַע איבערוואנדערער.

דאָבין האָט דאָ ארויסגעוויזן א נייַעם שטריך פון זייַן באגאבונג — אָרגאנישן הומאָר, מיט וועלכן ער באגלייט זייַן באליבטן פערסאָנאזש — דעם צעבאלעוועטן „אקשן“, דעם סטאָליער־יונג שויעל דעם האָראָדעצער מיט זייַנע קאפּריזן און כאראקטעריסטישע פּאָסטעמקעס. דער אווטאָר לאָזט זייַן העלד פאָרן צוריק אין שטעטל, זיך פּערעבענדעווען וויפל זייַן הארץ גלוסט. ער באגלייט דעם פערסאָנאזש מיט א פארבאהאלטענעם שמייכל און איראָניע. ער ווייסט דאָך שוין פון פריִער, מיט וואָס דאָס אלץ וועט זיך ענדיקן. אָבער ניט דער סטאָליער־יונג און ניט דער לייענער זייַנען עס ניט כוישעד ביז דער לעצטער מינוט.

דאָבינס פּאָפּולערקייַט ווי א שרייַבער איז אויסגעוואקסן נאָך דער מילכאָמע, ווען ער האָט אָנגעשריבן זייַנע אינטערעסאנטע פארטיזאנער־דערציילונגען, די זאמלונג „אף דער ווייַסרוסישער ערד“ (1947) און דעם ערשטן טייל פונעם ראָמאן „דער קויעך פון לעבן“ (אלמאנאך „היימלאנד“, 1948, נומ. 4, זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“, 1963, נומ. 2, 3), וועלכער איז, אגעוו, נאָרוואָס דערשינען אין רוסיש[1].

אין די דאָזיקע ווערק האָט זיך ה. דאָבין באוויזן פאר אונדז, ווי א מייַסטער פון דער רעאליסטישער פּסיכאָלאָגישער פּראָזע. זייַנע דערציילונגען זייַנען אָפּט דורכגעדרונגען מיט א פארבאָרגענער, צוריקגעהאלטענער לייַדנשאפט און מיט ליריזם. אין זייַן ראָמאן האָט ער זיך אנטפּלעקט ווי א געניטער שעפער פון פאנאנדערגעוויקלטע עפּישע בילדער.

דער גרעסטער טייל פון ה. דאָבינס פּילצאָליקע פּערסאָנאזשן טיילט זיך אויס מיט פּסיכאָלאָגיש־דיפערענצירטע שטריכן, מיט א כאראקטעריסטישער פאר דער אָדער יענער סיטואציע האנדלונג. דאָ איז ניטאָ זיך וואָס צו וווּנדערן. דער אווטאָר אליין איז דאָך איינער פון די פּראָטאָטיפּן פון זייַנע געשילדערטע העלדן — פארטיזאנער און איינער פון די קעמפער פון געטאָ. ער דאַרף גאָרנישט ניט צוטראכטן. ער זעט פאר זיך שטענדיק די לעבעדיקע מוסטערן און מאָדעלן. ער טראָגט זייַנע געשטאלטן אין זיך אליין. אין איינציקע ערטער פיגורירט ער טאקע אליין קימאט מיטן אייגענעם נאָמען (דער שוסטער הירשל דאָבעס אין דער דערציילונג „בא דער אייַזנבאן“).

ווען דאָבין וואָלט אָנגעשריבן פּאָשעט זיכרוינעס וועגן זייַן פארטיזאנישער דערפארונג און וועגן די אויסטערלישע פּאסירונגען, וואָלט עס אויך פארכאפּט דעם לייענער, ווי די באווייַזן פון א לעבעדיקן איידעס. אָבער דאָבינען האָט, אפּאָנעם, ניט באפרידיקט אזא מין וועג. ווי אן עכטער קינסטלער מיט א רייַכער לעבנס־דערפארונג, האָט דאָבין אָנגעמאָלט א ריי טיפּישע בילדער פונעם העראָישן און טראגישן קאמף פון די ברידערלעכע סאָוועטישע פעלקער און באזונדערס פונעם ייִדישן פאָלק, וואָס האָט אויסגעטראָגן אומגעהייערע יעסורים אין דער דאָזיקער פרעצעדענטלאָזער מילכאָמע מיטן סאמע פארברעכערישן, סאדיסטישן סוינע פון דער מענטשהייַט. דאָבין האָט אויך באוויזן דעם סאָוועטישן ייִדן אין קאמף, מיט ביקס אין האנט, אין דער פארטיזאנער־מאכנע, אף אונטערערדישער ארבעט אין געטאָ און אויסער דער געטאָ.

הירש דאָבינס פארטיזאנישע ווערק זייַנען שוין, ווי געזאָגט, דערשינען אין עטלעכע אויסגאבעס, און פון אויסגאבע צו אויסגאבע ווערן זיי פארפולקומט. איינציקע דערציילונגען, אויך די ערשטע קאפּיטלען פון זייַן ראָמאן, האָט ער גרינטלעך איבערגעארבעט און ארייַנגעטראָגן א ריי פּרינציפּיעלע, קינסטלערישע קאָרעקטיוון.

דאָס איז באזונדערס קענטיק אף זייַן ראָמאן „דער קויעך פון לעבן“ (לעכאטכילע, אין אלמאנאך „היימלאנד“, האָט ער געהייסן „טייַערער פון לעבן“) און אף דער דערציילונג „דער צופאל אין וואלד“ (שפּעטער אין רוסיש — „דער לעצטער פּרווו“), וווּ איינציקע פערסאָנאזשן באקומען אפילע אנדערע נעמען. דער אווטאָר פארקירצט דאָ קימאט א גאנץ קאפּיטל וועגן די „איבערלעבונגען“ פונעם פאשיסטישן מענוּוול ליסקע, איינעם פון די קאָמאנדירן פון דער שטראָף־עקספּעדיציע קעגן די פארטיזאנער, וואָס האָט זיך איבערגעטאָן אין א רויטארמייִשער פאָרם און דערמיט שיר ניט ארופגעפירט אפן פייַער די ייִדישע מיידלעך, וועלכע באהאלטן זיך אויס אין וואלד. אין לעצטן וואריִאנט איז די דערציילונג געוואָרן מער צילגעווענדט און מאָנאָליטיש, מער דייַטלעך לויט דער אידיי. דאָס איז שוין „דער לעצטער פּרווו“, דער לעצטער ניסאָיען פון די צוויי ייִדישע מיידלעך און ניט גלאט אזוי „א צופאל אין וואלד“.

אין זייַן ראָמאן שטרייַכט אונטער דאָבין די אין אלגעמיין באוווּסטע דערשייַנונג, אז אין דער צייַט פון מילכאָמע און אין אנדערע שווערע קאטאסטראָפעס באקומען די מענטשן א גאָר נייַעם אויסזען, אָדער ריכטיקער, זיי אנטפּלעקן זיך אין זייער עכטן מעהוס: איינציקע מיט זייער נעגאטיווער זייַט און אנדערע, פארקערט, גיבן מיטאמאָל א בליץ מיט א נייַער שייַן. קיינער וואָלט, אשטייגער, ניט דערווארט פונעם אפּאָליטישן וואָלאָדיע סארישטשעוו, פונעם שאָפער אנטאָן אָדער פונעם אָפּגעשטאנענעם באלעגאָלע, וואָס טרעט ארייַן אין א געראנגל מיט די היטלעראָווצעס, — אז די דאָזיקע מענטשן זאָלן קאָנען ארויסווייַזן אזא מין עכטע מעסירעסנעפעש.

פון די פילצאָליקע פּערסאָנאזשן פונעם ראָמאן טיילן זיך אויס א ריי פולבלוטיקע מענטשלעכע געשטאלטן. איינציקע פון זיי האָבן שוין גלייַך פון די ערשטע טעג פון דער אָקופּאציע באשטימט זייער וועג פון אָרגאניזירטן קאמף מיטן סוינע (מארגוליס, סימע אווערבוך, אידע פארבער, וואָלאָדיע סאריטשעוו, יוליִא סערגייעוונא אוראלאָוואַ, אנדריי רודאָוויטש, מאלצעוו, עפראַיִם, מיכיי ווארדאָווסקי, דער פארוווּנדעטער לייטענאנט מאָרעוו, די גרופּע פארבליבענע רויטארמייער, איינציקע יונגטלעכע, דער אומבאוווּסטער יונגער מענטש און אנד.). עמעס, ניט אלע פון די אויסגערעכנטע העלדן זייַנען געוויזן גענוג

[1] Г. Добин. Сила жизни. Роман и рассказы. «Советский писатель», Москва, 1965.

דײַטלעך. נאָר דאָס איז נאָך שווער צו פֿאַרלאַנגען אין אַלע פּראָטים פֿונעם ערשטן טייל פֿון דעם ווערק. דער וועג פֿון די אויסגערעכנטע פּערסאָנאַזשן איז אָבער אין גרונט שוין גענוג קלאָר. וועגן זייער ווײַטערדיקן גורל דערוויסן מיר זיך טיילווײַז אויך פֿון אַנדערע ווערק דאָבינס. דער שנײַדער גערשן, אַשטייגער, פֿון דער דערציילונג „דערלייזונג“, וועלכער פֿאַרנאַרט און דערהאַרגעט זײַן דײַטשישן שעף, — דאָס איז דער זעלבער גערשן, וואָס איז לעכאַטכילע (אין ראָמאַן) פֿאַרגלייבט אין דעם „קולטורעלן“ דײַטשישן אָקופּאַנט. איבער אים פֿאַרבלײַבט טאַקע באַ די דײַטשן זײַן שוואָגער יאָסל פֿאַרבער מיט דער מישפּאָכע. אין דער דערמאָנטער דערציילונג טרעפֿן מיר שוין גערשענען אַף אַ ווײַטערדיקן, העכערן שטאַפּל פֿון באַוווּסטזײַן. נאָך דעם אומקום פֿון זײַן גאַנצער פֿאַמיליע שטעלט זיך גערשן אַפֿן וועג פֿון אַקטיוון קאַמף. עמעס, דערווײַל איז עס נאָך אַ געראַנגל פֿון אַן איזאָלירטן מענטשן, אַ קאַמף, וואָס קומט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג. צו טײַער האָט גערשן באַצאָלט פֿאַר דער דאָזיקער „לערע פֿון סינע“, לויט שאָלאָכאָווס אויסדרוק. אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר אויך דער אָפּגענאַרטער גערשן איז ענדלעך געקומען צום ריכטיקן פֿאַרשטאַנד.

ווי מיר זעען, איז אין דער דערמאָנטער דערציילונג שוין דאָ אַ געוויסער רעמעז אַף די פּערספּעקטיוון פֿונעם ראָמאַן, אַף דעם ווײַטערדיקן גורל פֿון אייניקע פּערסאָנאַזשן.

גלײַכצײַטיק מיט די מער־ווייניקער שטאַנדהאַפֿטיקע עלעמענטן זײַנען באַוויזן אין ראָמאַן אויך אייניקע אָפּגעניאַרטע מענטשן, וואָס וואַקלען זיך (לאַפּידוס, דער פּאָליצײַ קראַסנאָווידאָוו און אַנד.); עס ווערן געמאָלט אויך אָפֿענע פֿאַרעטער און צופּאַסלער (דער געוועזענער מיטאַרבעטער פֿון קאַדרען־אָפּטייל באַרסוק, דאָלמעטשער ראָזנבליט, דער פֿאָרזיצער פֿון יודענראַט זעלינגער, דער פּאָליצײַ גאַרוסעוויטש, דער שעף פֿון דער ייִדישער פּאָליצײַ קאַזשדאַן, וואָלפֿזאָן און אַנד.) און אַ ריי פֿאַשיסטישע מענוואָלים (פֿאָן רענצעל, דער „אָנפֿירער“ פֿון די טאָרף־אויסגראָבונגען, דער שפּיק מיט דעם הוט).

דאָבין באַווײַזט ריכטיק, ווי דער עצעם קאַמף מיט די אָקופּאַנטן נעמט אָן פֿאַרשיידענע פֿאָרמען: אָן אָפֿענעם מאַסן־פּראָטעסט און סטיכייִשע אויפֿרײַסן פֿון איינצלנע, די ערשטע סימאָנים פֿון אָרגאַניזירטער אומלעגאַלער, אונטערערדישער אַרבעט און נעקאָמע־אַקטן פֿון יעכידים; די נעקאָמע־טאַטן פֿון דעם אומבאַוווּסטן יונג אין דער אָפּגעטראָגענער לעדערנער קורטקע; די ייִנגלעך — אונטערצינדער פֿון דער וואָליקעס־פֿאַבריק; דער דרייסטער טאַט פֿון וואָלאָדיע סאַריטשעוו און פֿונעם שאָפֿער אַנטאָן, וועלכע ריזיקירן מיטן לעבן און ראַטעווען מענטשן; די ווירדיקע אויפֿירונג פֿון פֿעניען — דער שאָכנטע פֿונעם פֿאַרעטער באַרסוק, — וועלכע פֿאַרטיידיקט פֿון אים די ייִדישע מישפּאָכע, אאַוו.

די האַנדלונג פֿונעם ראָמאַן ענדיקט זיך ערעוו דער מעטאָדיש־צוגעגרייטער שרעקלעכער „אַקציע“ פֿונעם זעלבסטצופֿרידענעם, זעלבסטזיכערן אָקופּאַנט.

מע דאַרף האָפֿן, אַז אין דעם ווײַטערדיקן טייל פֿונעם ראָמאַן וועט דער אַווטאָר נאָך מער אַנטפּלעקן זײַנע העלדן און וועט נאָך פֿולער דערציילן וועגן די מערקווירדיקע גוירלעס פֿון זײַנע פּילצאָליקע, אינטערעסאַנטע פּאָזיטיווע פּערסאָנאַזשן, וועגן זייער מאָראַלישער גווורע און די פֿאַרבינדונגען מיט דער „גרויסער ערד“, מיטן אַלגעמיינעם באַזיניקטן קאַמף פֿונעם סאָוועטישן פֿאָלק קעגן די פֿאַשיסטישע אָקופּאַנטן.

אין דאָבינס נײַער רוסישער זאַמלונג, וואָס איז אינגאַנצן געווידמעט די מילכאָמע־יאָרן, זײַנען אײַנגעשלאָסן אויך נײַן דערציילונגען פֿונעם פּאַרטיזאַנישן ציקל. די מערהײַט פֿון די דערציילונגען זײַנען שוין באַקאַנט דעם לייענער און האָבן באַקומען אַ פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג פֿון דער קריטיק.

אין דער זאַמלונג אַנטפּלעקן זיך פֿאַרן לייענער די גרונט־שטריכן פֿון דאָבינס שעפֿערישער מאַניר — פֿריִער פֿאַר אַלץ זײַן פֿאַרטיפֿערטע פּסיכאָלאָגישע שילדערונג, זײַן לאַקאָנישער סטיל. דאָבינס פּאָעטיק, ווי עס האָט שוין אָפּגעמערקט אין אַן אַרטיקל י. דאָברושין, געפֿינט זיך „אונטער אַ געוויסער ווירקונג פֿון בערגעלסאָנען און ניסטערן“. דאָס זעלבע מערקן אָפּ אויך אַנדערע קריטיקער. דעם אַווטאָר אינטערעסירט דער לעבעדיקער מענטש מיט זײַן רײַכן אינערלעכן לעבן. ער שילדערט אים אָפּט אין דער צײַט פֿון דעפּרעסיע און ייִעש און גלײַכצײַטיק אין דער צוגעבונדנקײַט צום לעבן באַ אַלע אומשטענדן, אין דער שטרעבונג און בענקעניש נאָך שיינקײַט און גליק („די מוטער“, „בענקשאַפֿט“, „אין אָרלויב“, „אויסקויף“, „גאָלד“). דאָבין ווײַזט אויך דעם מענטשנס הילפֿלאָזיקײַט און פֿאַרוואַרטיילטקײַט, ווען ער איז איינזאַם. אַנדערש זעט אויס דער מענטש, ווען ער איז אײַנגעשלאָסן אין דער „מאַכנע“ פֿון פּאַרטיזאַנער, אַרבעטער, אין דער אונטערערד פֿון געטאָ („אין איינער אַ נאַכט“, „באַ דער אײַזנבאַן“, „פֿאַרבײַגייענדיק“).

די כאַראַקטעריסטיק פֿון דאָבינס שאַפֿן וואָלט געווען ניט פֿול, ווען מיר דערמאָנען ניט אויך זײַן ניט לאַנג פֿאַרעפֿנטלעכטע דערציילונג „איר שוועסטער“ („סאָוועטיש היימלאַנד“, 1964, נומ. 3).

דאָס איז ניט קיין צופֿעליקע דערציילונג, זי איז פּונקט אַזוי „אַווטאָביאָגראַפֿיש“, ווי אַלע אַנדערע ווערק פֿון הירש דאָבין. און פּונקט ווי אומעטום, איז אויך דאָ דער אַווטאָר אַליין „אין שאָטן“, כאָטש דאָ דערלויבט ער זיך גראָד צו ריידן אין דער ערשטער פּערזאָן („זי האָט אונדז צען מאָל אָנגעזאָגט און געבעטן...“). באַ אַ יאָמטעוודיקן טיש, צוזאַמען מיט פֿרײַנט דערמאָנט מען די טראַגישע צײַטן, צום גליק — שוין פֿאַרגאַנגענע אַף אייביק. וווּנדערט זיך ניט, וואָס באַ עמעצן באַווײַזט זיך אַמאָל אַ טרער, וואָס עס שווימען אַרויס פֿאַרשוווּנדענע, לײַבלעך־נאָענטע נעמען. דאָס אַלץ גייט אומבאַמערקט אַרײַן אויך אין די לעבהאַפֿטע שמועסן און דיסקוסיעס וועגן דער הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור און וועגן די אויפֿגאַבן פֿון קונסט, וועגן די אומויסשעפּלעכע פּראָבלעמען און טעמעס, וועלכע וואַרטן נאָך אַף זייער קינסטלערישער פֿאַרקערפּערונג.

דער שרײַבער־קאָמוניסט הירש דאָבין זעצט איצט פֿאָר די אַרבעט איבער זײַן ראָמאַן „דער קוויטש פֿון לעבן“ — אַ זייער וויכטיקע, אינטערעסאַנטע, פּאַטריאָטישע טעמע! דער אַווטאָר האָט נאָך אַ סאַך וואָס צו זאָגן וועגן זײַנע מיטקעמפֿער — פּאַרטיזאַנער, וועגן זײַן פּערזענלעכן אַקטיוון אָנטייל אין דעם הייליקן קריג.

הירש דאָבין געפֿינט זיך אין סאַמע בלי פֿון זײַן שאַפֿן, און פֿאַר אים עפֿענען זיך ברייטע האָריזאָנטן.

ז. ווענדראָף

# די 70־יאָריקע מילכאָמע

## (אַ פאַרזען פון דער געשיכטע)

די מילכאָמע, וואָס די דײַטשישע פירשטן־קאַטאָליקן און פירשטן־פּראָטעסטאַנטן האָבן געפירט צווישן זיך אין XVII יאָרהונדערט, אַ מילכאָמע, אין וועלכער עס זײַנען ביסלעכווײַז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אַ רײַ פעלקער און לענדער — ענגלאַנד, האָלאַנד, פראַנקרײַך, דענעמאַרק, שוועדן און שײדים וײסן וועל נאָך, — איז אַרײַן אין דער געשיכטע ווי „די 30־יאָריקע מילכאָמע“. די מילכאָמע צווישן פראַנקרײַך און ענגלאַנד פאַר די שטעט און געגנטן, וואָס ענגלאַנד האָט פאַרכאַפּט (די מילכאָמע האָט, ווי באַוווּסט, זיך אָנגעהויבן אין 1334 און האָט, מיט קורצע האַפּסאָקעס, זיך געצויגן ביז 1465), האָט די געשיכטע פאַרשריבן ווי די „100־יאָריקע מילכאָמע“ און, אין איין גאַנג, פאַרײביקט דעם נאָמען פון דעם פּויערשן מײדל זשאַנאַ ד׳אַרק, וועלכע האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון די פאָלקסמאַסן, פאַריאָגט דעם אַגרעסאָר־פאַרכאַפּער און איז פאַרבליבן אין דער געשיכטע ווי די אָרלעאַנער יונגפרוי.

די געשיכטע האָט באַשריבן אַ סאַך אַנדערע מילכאָמעס מיט זײערע העלדן, מיט זײערע מאַפּאָלעס און ניצחונעס. בלויז איין מילכאָמע האָט די געשיכטע פאַרזען, עפּשער באַוווּסטזיניק פאַרשוויגן. דאָס איז די מילכאָמע, וואָס איך האָב קאָרעוו צו 70 יאָר געפירט, און אויף וויפל מײַנע שוואַכע קויכעס דערלויבן מיר, פיר איך זי אַדהײַעם, מיט רעדאַקטאָרן, וואָס ווייסן שטענדיק בעסער, אײדער איך, וויאַזוי צו שרײַבן. דעם דאָזיקן בלויז פון דער געשיכטע וויל איך פאַרפילן.

נאָר אײדער איך טרעט צו פאַרפילן דעם בלויז פון דער געשיכטע, וויל איך קלאָר מאַכן, אַז מײַן מילכאָמע קעגן רעדאַקטאָרן איז קיינמאָל ניט געווען און איז ניט קיין מילכאָמע קעגן אַ קלאַס. אַדעראַבע, איך האַלט, אַז שרײַבער און רעדאַקטאָרן געהערן צו איין און דעם זעלביקן קלאַס פּען־אַרבעטער. דאָס איז אַ מילכאָמע בלויז קעגן יענע רעדאַקטאָרן, וואָס ווייסן שטענדיק בעסער. זיי ווייסן, וואָס ס׳איז בעסער פאַר דיר, דעם שרײַבער, וואָס ס׳איז בעסער פאַר אים, דעם רעדאַקטאָר, וואָס ס׳איז בעסער פאַר דעם לייענער, וואָס ס׳איז בעסער פאַר דער ליטעראַטור, — אַלץ „ווייסן זיי בעסער“. און דער בעסער־ווייסנדיקער רעדאַקטאָר בעסערט אַזוי אויס אײַער שאַפונג, אַז איר דערקענט אַליין ניט אײַער באַשעפעניש.

איך נעם זיך ניט אונטער צו שרײַבן די גאַנצע געשיכטע פון דער 70־יאָריקער מילכאָמע. דערויף וואָלט איך געדאַרפט לעבן כאָטש נאָך אַ העלפט פון מײַנע שוין אָפּגעלעבטע יאָרן. איך וועל בלויז ברענגען עטלעכע עפּיזאָדן פון דער מילכאָמע, וועלכע, ווי איך האָף, וועלן געבן אַ באַגריף וועגן דער מילכאָמע אינגאַנצן.

איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס איז ניט געווען קיין מילכאָמע פאַר מאַכט, פאַר רעליגיע, פאַר טעריטאָריעס, פאַר נאַפט, פאַר קופּער, פאַר גאָלד, איבער וועלכע די „פרײַע“ וועלט פירט בלוטיקע מילכאָמעס. דאָס איז געווען און איז פאַרבליבן אַ הײליקע מילכאָמע פאַר אַבזאַצן, פאַר שורעס, פאַר ווערטער.

אינדערעמעסן, אַ שרײַבער ווערט „באַפליגלט“ מיט אַן אידעע, מיט אַ גליקלעכן געדאַנק. ער בויט אויס אַ סוזשעט, ער אַרבעט אויס אַ פּלאַן פון זײַן שאַפונג, ער שטעלט אויס אַ גאַלערײַע פּערסאָנאַזשן — יעדערער מיט זײַן פּנים און מיט זײַן כאַראַקטער. ער שרײַבט און מעקט, ער שלײַפט און פײַלט יעדער זאַץ, יעדער וואָרט. ער שלאָפט ניט קיין נעכט, טראַכטנדיק, ווי בעסער, ווי בולעטער אַרויסברענגען זײַן אידעע, ווי פולקומער, לעבעדיקער באַווײַזן זײַנע „העלדן“. קומט צו גיין יענער מין רעדאַקטאָר, וואָס „ווייסט בעסער“, און צעפּאַטערט אײַך די גאַנצע פּאָסטראָיִקע!

אַד קאַן — די הקדמה. איצט — צום עצם ענין.

אָנגעהויבן האָט זיך די מילכאָמע אינעם ערשטן יאָר פונעם איצטיקן יאָרהונדערט, בײַ מײַן ערשטן טראָט אויף דעם דאָרנדיקן, אָבער לאָקנדיקן וועג פון אַ פּען־אַרבעטער.

איך בין דאַן געווען אַ יונגער, געזונטער באָכער מיט אַ געזונטן אַפּעטיט, מיט אַ קאָפּ, פול מיט פּלענער, און מיט אַ האַרץ, פול מיט פאַרלאַנגען און שטרעבונגען, נאָר מיט אַ פּוסטער קעשענע און, ניט זעלטן, מיט אַ פּוסטן מאָגן. מײַן ברויטגעבער — דעם לאָדזשער קליינעם פאַבריקאַנטל און גרויסן ציוניסט — האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב די האָזע צו „טרײַבן לעצאָנעס פון ציוניזמוס“, האָט ער מיך אַרויסבאַגלייט מיט דער גוטער אייצע צו געפינען פאַר זיך אַן אַנדער אָרט ווו צו טרײַבן מײַנע „פּוילע לעצאָנעס איבער דער הײליקער אידעע פון ציוניזמוס“.

אָבער קיין אַנדער אָרט, ווו צו „טרײַבן לעצאָנעס איבער ציוניזמוס“, האָב איך ניט געפונען — ער האָט מיר געמאַכט אַ גוטן שם, האָט ער מיר געמאַכט, אָט דער פאַבריקאַנט! — איז וואָס טוט מען, אַז קיין געלט איז ניטאָ און אַפּעטיט איז פאַראַן מער, וויפל ס׳איז גוט פאַר אַ מענטשן מיט אַ פּוסטער קעשענע? האָב איך געטראַכט און געטראַכט, ביז כ׳האָב זיך דערטראַכט: איך וועל ווערן אַ צײַטונג־קאָרעספּאָנדענט!.. גאַזעטן, האָב איך געהערט, צאָלן גוט געלט פאַר קאָרעספּאָנדענציעס... נעם איך און שרײַב אָן אַ לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ „פון אונדזער לאָדזער קאָרעספּאָנדענט“ און שיק עס אַוועק אין דער פּעטערבורגער צײַטונג „קאָפּייקאַ“, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט איר אַרויסגעבער מיליאָנען. און אַזוי ווי איך בין שוין געווען אַ „סאָזנאַטעלנער“ יונגערמאַן, האָב איך קיין אַנדער טעמע פאַר דער ערשטער קאָרעספּאָנדענץ אין דער רוסישער „קאָפּעשעסקער „קאָפּייקאַ“ ניט געפונען, ווי נאָר וועגן דעם,

ווי די קליינע פאבריקאנטלעך זײַנען די גרעסטע עקספּלואטאטאָרס פון די ארבעטנדיקע גנבעך! דארף איך אײַך דערציילן, אז „די ערשטע פרוכט פון מײַן פען" האָט ניט דערזען די שײַן פון דער וועלט!

אומזיסט אָפּווארטנדיק עטלעכע וואָכן, האָב איך געפּרוּווט דאָס מאָל אין ייִדיש: אוועקגעשיקט א קאָרעספּאָנדענץ אין דער וואָכנבלאט „דער יוד", ווי ווײַט איך געדענק, דאן די איינציקע ייִדישע וואָכנבלאט אין רוסלאנד, וואָס האָט געהאט איר רעדאקציע אין ווארשע און געדרוקט זיך אין קראקאָוו. דאָס מאָל בין איך שוין געווען אי פּראקטישער, אי פאַרזיכטיקער: איך האָב געשריבן ניט וועגן די פאבריקאנטן בלוטזויגערס, נאָר וועגן דעם, וואָס די „ייִדישע געזעלשאפטלעכקײַט" — בעמיילע די פארמעגלעכע — טוען פאר זייערע „אָרעמע ברידער". איך האָב לאנג געווארט, אָבער דערווארט זיך: דעם 2 אווגוסט 1900 (שפּעטער מיט יאָרן פארגעסט איר ניט נאָר די דאטעס, נאָר אפילו דעם אינהאלט פון אײַערע ארטיקלען און קאָנט אָפּט זיך ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם אָדער יענעם בוך אײַערן, נאָר די דאטע, ווען איר האָט צום ערשטן מאָל דערזען אײַער נאָמען אין דרוק, וועט איר קיינמאָל ניט פארגעסן) איז די קאָרעספּאָנדענץ ענדלעך אָפּגעדרוקט געוואָרן און אונטער איר איז געשטאנען מײַן פולע אונטערשריפט: ז. ווענדראָווסקי! אלע מײַנע פּסעוודאָנימען צוזאמען — ז. ווענדראָף, וו. נ. דראָף, וואנדערהאָף, סאמכאָדי, מאָסקווין, ד. וואָלין און אנדערע, — אונטער וועלכע איך האָב שפּעטער געשריבן, האָבן מיר ניט פארשאפט אזויפיל פרייד און שטאָלץ, ווי דאן, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען מײַן נאָמען אין געדרוקטע אויסיעס! ס'האָט געהאלטן דערבײַ, איך זאָל דארפן קויפן א נײַעם הוט — אזוי איז געשוואָלן מיר געוואָרן מײַן קאָפּ פון דערפאָלג, פון גײַווע. נאָר מײַן פרייד האָט לאנג ניט געדויערט, מײַנע „לאָדזער טוער", ווי איך האָב געשריבן, האָט דער רעדאקטאָר געמאכט פאר „לאָדזער ציוניסטן"!

איך האָב פארשפּאָרט צו קויפן א גרעסערן הוט. דער קאָפּ איז מיר צוריק קליין געוואָרן. ס'איז מיר פּאָשעט פינצטער געוואָרן אין די אויגן: סטײַטש, איך, א „סאָזנאַטעלנער" פּראָלעטאריער, א „פּרינציפּיעלער קעגנער פון ציוניזם", זינג שוואָכים ציוניסטן! כ'וועל דאָך ניט קאָנען די אויגן ווײַזן פאר דער וועלט!.. איך ווייס ניט, צי וועלכער־ניט־איז אויסערן־מיניסטער אָדער דיפּלאָמאט פון א גרויסמאכט טראכט אזוי לאנג וועגן דער פאָרם און אינהאלט פון א פּראָטעסט צו א צווייטער מעלוכע, וויפל איך האָב געטראכט איבער דעם נוסעך און אינהאלט פון מײַן „שארפן פּראָטעסט" דער רעדאקציע, וואָס האָט „פארלעצט מײַנע פּרינציפּן". איך בין שוין גרייט געווען אָפּצושיקן מײַן פּראָטעסט, ווען מיר איז אָנגעקומען זעקס רובל האָנאָראר פאר דער קאָרעספּאָנדענץ — מײַן ערשטער ליטעראַרישער האָנאָראר! דער קאָפּ איז מיר ווידער געשוואָלן געוואָרן: אז מע צאָלט מיר געלט פאר שרײַבן, בין איך דאָך א זשורנאליסט, א שרײַבער!.. און דאָ האָב איך געמאכט מײַן ערשטן און לעצטן קאָמפּראָמיס מיט מײַן „זשורנאליסטישן" געוויסן: איך האָב דעם פּראָטעסט ניט אָפּגעשיקט... דער פארלאנג צו זען ווידעראמאָל מײַן נאָמען אין דרוק איז געווען אזוי גרויס און די זעקס רובל זײַנען מיר אזוי נייטיק געווען, אז איך האָב בא זיך געפּועלט, אז „ס'איז אוואדע געווען א דרוקפעלער", און אנשטאָט דעם פּראָטעסט האָב איך גלײַך אוועקגעשיקט א צווייטע קאָרעספּאָנדענץ, און ווידעראמאָל דאָס זעלביקע: מײַנע קלאל־טוער זײַנען געוואָרן ציוניסטן! אפילו די, מיר אזוי נייטיקע, עטלעכע קערבלעך פאר דער קאָרעספּאָנדענץ האָבן מיך דאָס מאָל ניט געקאָנט מער אָפּהאלטן: כ'וועל דאָך ניט וויסן וווּהין די אויגן אהינצוטאָן פאר באקאנטע! און איך האָב גלײַך אוועקגעשיקט א „שארפן, אנטשיידענעם פּראָטעסט" און פארלאנגט א דערקלערונג פון דער רעדאקציע. די דערקלערונג איז געקומען גיכער, ווי איך האָב דערווארט: די רעדאקציע ווייסט, וואָס זי האָט צו טאָן און נייטיקט זיך ניט אין מײַנע אייצעס, ניט אין מײַנע קאָרעספּאָנדענציעס... דערמיט האָט מײַן „מיטארבעטערשאפט" אין „יוד" זיך פארענדיקט, נאָר מײַן מילכאָמע מיט די שטענדיק „בעסער־וויסנדיקע" רעדאקטאָרן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן.

די צווייטע מילכאָמע איז פאָרגעקומען אף דער טעריטאָריע פונעם קעגנער — אין גלאזגאָ, שאָטלאנד. אין דער דאָזיקער גרויסער אינדוסטריעלער, געננוג שמוציקער שטאָט, מיט א צוויימיליאָניקער באפעלקערונג און מיט וואָסערע עטלעכע און צוואנציק טויזנט ייִדן, האָב איך זיך באקאנט מיט א ייִד, וואָס איז געווען איבערן קאָפּ אײַנגעטונקט אין ביכער. ער איז געווען אן אייגנטימער פון א בוקיניסטישער בוך־האנדלונג. אין זײַן בוקיניסטישער בוך־האנדלונג האָט איר געקאָנט געפינען אלטע אויסגאבן פון שעקספּיר ביז קאָנאן־דאָיל, פון וואָלטער ביז פּאָל דע קאָק, פון געטע ביז שפּילהאגען, פארעלטערטע אויסגאבן פון דער „בריטישער ענציקלאָפּעדיע", פאנטאסטישע אלט־נײַע דעטעקטיוו־ראָמאנען און רײַזע־באשרײַבונגען פון סאָפּיע ווערישהאָפער און בראָשורן וועגן אָקולטישער וויסנשאפט... ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אָט די אלע אויצרעס אָנגעזאמלט פאר זיך זעלבסט: ווען איר זאָלט אין בוך־האנדלונג ניט קומען, האָט איר אים שטענדיק געפונען פארטיפט אין א בוך. אפילו ווען ער פלעגט באדינען א זעלטענעם קונה, פלעגט ער, דאכט זיך, אויך איין אויג האלטן אף דעם בוך, אין וועלכן ער איז פארטיפט געווען, ווען דער קונה איז ארײַן אין קראָם.

קיין גרויסע גליקן האָט דער ייִד, אפּאָנעם, פון זײַן ביזנעס ניט געמאכט. האָט ער, ווי סע רעדט זיך, א ביסל צוגעקנעלט: געשריבן „שפּאנענדע" ראָמאנען פאר דעם לאָנדאָנער „ייִדישן עקספּרעס".

א מאָדנער ייִד איז ער געווען, דער בוקיניסט און ראָמאניסט: היפּש געבילדעט, שטארק באלעזן, באקאָנט מיט פארשיידענע צווײַגן פון דער וויסנשאפט. נאָר מער פון אלץ האָבן אים אינטערעסירט אזעלכע „וויסנשאפטן", ווי אָקולטיזם, ספּיריטיזם, מאגנעטיזם, מעסמעריזם...[1] וועגן לעצטן האָט ער אפילו אָנגעשריבן א בראָשור אין ענגליש און אָפּגעדרוקט זי אף אייגענעם כעזשבן. נאָר אזויווי קיין באלאָנים צו קויפן די בראָשור האָבן זיך ניט געפונען, האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן א גוט געשעפט: איך זאָל צעטיילן די בראָשור אין די גלאזגאָער בוכהאנדלונגען אף קאָמיסיע, דאָס הייסט וויפל זיי וועלן פארקויפן, פאר אזויפיל וועלן זיי צאָלן. די איבעריקע — כאזאָרע — צוריק אומקערן אים. דעם רעווע — לאכצאָים: מיר 50 פּראָצענט, אים 50 פּראָצענט. קיין מיליאָנערן זײַנען מיר פון דעם גלענצנדיקן געשעפט ביידע ניט געוואָרן.

איז אָט דעם טשיקאווון ייִד אײַנגעפאלן ארויסצוגעבן אין גלאזגאָ א וואָכנבלאט — „די ייִדישע צײַטונג". און, אזויווי ער האָט פון מיר אליין שוין געוווּסט, אז איך בין „א

---

[1] מעסמעריזם — א וויסנשאפט לויט דעם נאָמען פון דעם ווינער דאָקטער פראנץ מעסמער (1734—1815), וועלכער האָט „געהיילט" מיט זײַן אייגן־דערפונדענעם אויפן פון היפּנאָטיזם.

זשורנאַליסט פון דער היים", האָט ער מיך גלײַך אײַנגעלאַדן צו ווערן א שטענדיקער מיטארבעטער פון דער צײַטונג אף שטענדיקן געהאלט — דערווײַל 12 שילינג א וואָך...

מײַן זשורנאַליסטישע ארבעט דארף איך אָנהייבן פון קלײַבן אנאָנסן פאר דער צײַטונג... „איר פארשטייט דאָך אליין, אז אָן אנאָנסן קאָן קיין צײַטונג ניט עקזיסטירן". אנאָנסן דארף איך קלײַבן ניט בלויז אין גלאזגאָ, נאָר אויך אין אלע אנדערע גרויסע שטעט פון שאָטלאנד, „דערווײַל פון שאָטלאנד", שפּעטער וועט מען דארפן צופאָרן אויך אין ענגלישע שטעט. אין יעדער שטאָט זײַנען פאראן פירמעס, וואָס אנאָנסירן קעסיידער אין אלע צײַטונגען. „זייער גאנצער ביזנעס איז געבויט אף רעקלאמע". איך דארף בלויז זײַן ענערגיש, ווו עס פאָדערט זיך, אפילע צודרינגלעך, און קיין אנאָנסן וועלן ניט פעלן. פון יעדער אנאָנס באקום איך 20 פּראָצענט פון דער אײַנגעקאסירטער סומע. א גאָלדן געשעפט!..

איך פארזיכער אײַך, אז באקומען אנאָנסן פאר א צײַטונג, וואָס איז נאָך ניט געבאָרן געוואָרן, איז ניט פון די גרינגע זאכן. נאָר ווער שטעלט זיך אָפּ פאר שוועריקײַטן, ווען עס האנדלט זיך וועגן ווערן א שטענדיקער מיטארבעטער פון א צײַטונג און נאָך „מאכן א לעבן" דערבײַ? בין איך געגאנגען, און געפאָרן, און געקומען צוריק מיט אנאָנסן, און די צײַטונג האָט אין א מאזלדיקער שאָ אָנגעהויבן צו דערשײַנען. דער פּערסאָנאל פון דער רעדאקציע איז באשטאנען פון מר. אָפּענהיים, רעדאקטאָר און ארויסגעבער, און פון מיר, דעם „זשורנאליסט פון דער היים", וואָס האָט געליפערט „קאָפּיע" אזויפיל, וויפל ס'האָט זיך געפאָדערט: נײַס, רעפּאָרטאזש, פעליעטאָנען, ארטיקלען, כראָניק — אלץ, וואָס א צײַטונג פאָדערט, אויסער די לייטארטיקלען און א ראָמאן אין פאָרזעצונגען, וועלכע ס'האָט געשריבן דער רעדאקטאָר גופע. אלץ איז געגאנגען קעשורע, ביז מיר האָט זיך אויך פארגלוסט צו דרוקן אין דער צײַטונג א ראָמאן, מײַן ערשטן — און לעצטן — ראָמאן. וועגן וואָס א ראָמאן? וועגן א יונגן מענטשן אן אידעאליסט, א טרוימער, וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט אין ווײַטע לענדער זוכן ברויט, בילדונג, פרײַהײַט און ליבע. פון די אלע גוטע זאכן האָט ער אין דעם פרעמדן לאנד געפונען בלויז א ביסל בילדונג און היפּש ליבע. זײַן געליבטע איז אויך פונקט אזא אידעאליסטיש געשטימטע, ווי ער. זיי טרוימען צוזאמען וועגן... נאָר וואָס אין דער כילעק, וועגן וואָס זיי האָבן געטרוימט, ווען דער רעדאקטאָר האָט, ניט זאָגנדיק דעם מעכאבער דאָס אנדערע וואָרט, כאסענע געמאכט דעם אידעאליסט מיט א צווייטער — מיט א לײַטיש ייִדיש קינד, געגעבן אים נאדן א גוט־צאָלנדיק טעבעקאָ־סטאָר, ס'הייסט א טאבאק־קראָם, און זיי האָבן געלעבט גליקלעך, זיי און זייערע קינדער, ביזן סאָף פון זייער לעבן. כאסענע געמאכט דעם באָכער און אָנגעשריבן „ענדע"...

וועדליק איך שטויס מיך איצט אָן, וואָלט מײַן ראָמאן, ווען אפילע ער וואָלט ניט פארשניטן געוואָרן אין רעכטן בלי, סײַוויסײַ ניט ארײַן אין דעם גאָלדענעם פאָנד פון דער וועלט־ליטעראטור און אפילע ניט אין מײַנע „געזאמלטע ווערק", נאָר דאן האָט מיך דער „אומפארשעמטער ווילקיר" פון דעם רעדאקטאָר אזוי אופגעבראכט, אז איך האָב פארלאָזט די רעדאקציע, ווי סע רעדט זיך, מיט א גרויסן טראסק מיט דער טיר...

מער האָט מען מײַנע ראָמאנען ניט פארשניטן אין זייער רעכטן בלי, ווײַל איך האָב מער קיין ראָמאנען ניט געשריבן, נאָר רעדאקטאָרן, וואָס „ווייסן בעסער" און וואָס ווען זיי ווילן נאָר, געפינען זיי שוין, וויִאזוי מעקאצער צו זײַן מיר מײַנע יאָרן (איר זעט דאָך!), האָבן מיר קיינמאָל ניט געפעלט. אזוי, לעמאָשל, פון מײַנס אן ארטיקל, אין וועלכן איך האָב ארײַנגעלייגט מײַן גאנץ ביסל פארמעגן — מײַנע געדאנקען, מײַנע געפילן, מײַן ביסל הומאָר, מײַן ביסל סאטירע, מײַן גאנצע „לעבנס־פילאָסאָפיע", האָט איינער א רעדאקטאָר, וואָס „ווייסט בעסער", אָפּגעשניטן דעם סאָף, וואָסערע הונדערט שורעס, אין וועלכע עס איז געקומען דער גאנצער האיויצע מידוואָריינו, די „פילאָזאָפיע דער געשיכטע", דער טאמצים, מיט איין וואָרט, אלץ, צוליב וואָס דאָס ארטיקל איז געשריבן געוואָרן.

וואָס דער לייענער קלערט וועגן א שרײַבער פון אזא געמאלטן ארטיקל און וועגן רעדאקטאָר, וואָס לאָזט דורך אזעלכע קריפּלען, איז גרינג אָנצושטויסן זיך: ביידע ויסטע קאליקעס!..

איינער א רעדאקטאָר פון א שטארק פארשפרייטער ווארשעווער צײַטונג האָט קיינמאָל ניט געשניטן, ניט צוגעגעבן, ניט געענדערט קיין וואָרט אין דעם, וואָס איך האָב געשריבן פאר זײַן צײַטונג, פארקערט, ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוווּנדערן, ווי גיך איך שרײַב און וויפל „קאָפּיע" איך קאָן דערלאנגען. ער אליין פלעגט האָרעווען אף זײַן לייטארטיקל ביז שפּעט אין דער נאכט. נאָר וואָס דען, ער האָט מיך קעסיידער געלערנט, ווי און וועגן וואָס מע דארף שרײַבן.

— וואָס איר זאָלט ניט שרײַבן — אן ארטיקל, א פעליעטאָן, א דערציילונג, — געדענקט, אז איר שרײַבט ניט פאר אײַערע צען באקאנטע אינטעליגענטלעך — פּײַנשמעקערס. ווען איר שרײַבט, האָט שטענדיק פאר אײַער אויג דעם ייִד פון א גאנץ יאָר, וואָס האָט שוין אָפּגעגעסן דעם פעטן שאבעסדיקן טשאָלנט, אויסגעשלאָפן זיך נאָך ווארמעס, זיצט אין זײַנע ווײַסע העמד־ארבל, טרינקט לעבלעכע טיי פון א הליאק און לייענט א בלאט־צײַטונג... אזא ייִד דארף אײַערע דריידלעך מיט אײַער פילאָסאָפיע אף קאפּאָרעס, שרײַבט אזוי, אז אים זאָל זיך דאכטן, אז מע האָצקעט אים אונטער, אז מע קיצלט אים, ער זאָל האנאָע האָבן פון אײַער שרײַבערײַ, ווי פון זײַן טשאָלנט. גיט אים א העמשעך פון זײַן טשאָלנט, נאָר לײַכטער ווי דעם טשאָלנט: פעט, געשמאק און גרינגער צו פארדײַען, ווי דעם טשאָלנט...

קאָנט איר עפּעס דערווידערן קעגן אזא מעטאָדיק פון זשורנאליסטיק?

באשרײַבן אלע מײַנע קאלטע און הייסע מילכאָמעס מיט רעדאקטאָרן איז דאָ ניט שײַעך. דאָס איז א טעמע פאר א פונדאמענטאל ווערק. איך וועל דעריבער זיך באנוגענען בלויז מיט נאָך א פּאָר רעדאקטאָרן פון א צוויי איסט־סײַדער „פּייפּערס".

סאָף 1907 בין איך געקומען פון אמעריקע אלס קאָרעספּאָנדענט פון א ניו־יאָרקער ייִדישער צײַטונג און פון א וואָכנבלאט, ניט סטאם א קאָרעספּאָנדענט, נאָר א ר ײַ ז נ ד ע ר קאָרעספּאָנדענט: איך בין ארומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און באשריבן, וואָס כ'האָב געזען, געהערט און וואָס איך האָב גערעכנט, אז ס'וועט זײַן אינטערעסאנט פארן לייענער...

אלץ איז געגאנגען קעשורע, ביז איינער א מאָרדגעשיכטע.

אין יענע יאָרן האָבן אנארכיסטן און סאָציִאליסטן־רעוואָליוציִאָנערן אין רוסלאנד פּראקטיקירט עקספּראָפּריִאציע — „עקסן", ווי ס'האָט דאן געהייסן. ספּעציעלע גרופּעס פלעגן מיט געווער אין די הענט אָנפאלן אף בענק, אף

פאַסט־קאָנטאָרן און פאַרכאַפּן וויפֿל ס'האָט זיך געלאָזן „פאַר די באַדערפֿנס פֿון דער רעוואָליוציע“.

אונטער דער מאַסקע פֿון „רעוואָליוציאָנערן“ האָבן אויך געטאָן זייער אַרבעט פּשוטע באַנדיטן, גאַנגסטערס. די לעצטע האָבן אָפֿט געפּרוווט נעמען „מיט גוטן“: זיי פֿלעגן אַרײַנשיקן רײַכע לײַט אַ בריוול: זײַט מוחל, אין דעם און דעם טאָג און שעה אַוועקלייגן דאָ און דאָרט קאַך וואָקאַך, אויב ניט, שרײַבט אַ צוואָה...

דאַרף איך, צו מײַנע צרות, גראָד זײַן אַן איידעס פֿון דעם, ווי איינער אַ ייִד, וואָס האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק פֿון דער „גוטער אייצע“ צו סילעקן די געפֿאָדערטע עטלעכע קערבלעך און האָט, אַפּאַנעם, ניט גענומען ערנסט דעם „אויב ניט“, איז אינמיטן העלן טאָג דערשאָסן געוואָרן אויף איינע פֿון די אָדעסער גאַסן, און דער שיסער, פֿון זײַן זײַט, איז געטראָפֿן געוואָרן פֿון אַ פּאָליציייִשער קויל, וואָס האָט פּונקט אַזוי גוט געקאָנט טרעפֿן אין מײַן בויך, ווי זי האָט געטראָפֿן אינעם בויך פֿון „עקסמאַן“, וועלכער איז געפֿאַלן טויט סאַמע בײַ מײַנע פֿיס. און אַזוי ווי דער דערשאָסענער ייִד, מאַרגאַליס, איז געווען אַ באַוווּסטער אָדעסער אַדוואָקאַט און אַן אָנגעזעענער געזעלשאַפֿטלעכער טוער, האָב איך וועגן דער מײַסע־נוראָ אָנגעשריבן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט פּיירושים אין מײַן צײַטונג. נו, האָב איך, ווי סע רעדט זיך, געקויפֿט זיך אַ מאַפּטיר. „אָט דאָס איז דער מאַטעריאַל, הייסט עס, וואָס מיר דאַרפֿן, — האָט מיר קעסיידער געשריבן דער רעדאַקטאָר. — אײַערע שמועסן מיט מענדעלע מוכר־ספֿרים, מיט ביאַליקן, ראַווניצקין, מיט אוסישקינען זײַנען עפּשער אינטערעסאַנט פֿאַר אַ צענדליק לעזער פֿון אונדזער צײַטונג. די איבעריקע ווייסן ניט, ווער זיי זײַנען, און אינטערעסירן זיך ניט מיט זיי. גיט אונדז וואָס אָפֿטער אַזעלכע סענסעישאַנעל נײַס... האַטניוז, ווי מע זאָגט בײַ אונדז אין אַמעריקע. איר זײַט געווען אין אַמעריקע און איר ווייסט, וואָס האָטניוז איז: הייס־זודיקע, צאַפּלדיקע נײַס!“

איך האָב געוווּסט, וואָס דאָס מיינט, נאָר אַזויווי אָרגאַניזירן „עקסן“ האָב איך ניט געקאָנט און אַליין בין איך אויך אַ קנאַפּער שיסער, האָבן מײַנע קאָרעספּאָנדענציעס אַלץ ווייניקער און ווייניקער באַפֿרידיקט דעם רעדאַקטאָר, ביז איך האָב, סאָפּקאָלסאָף, זיך געמוזט צעשיידן מיט מײַן „דזשאָב“.

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די 20־ער יאָרן האָב איך באַקומען פֿון אַן איסט־סײַדער אַמעריסטן פֿאַרשפּרייטן „פּייפּער“ אַ פֿאָרשלאָג צו ווערן זײַן מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט. דער פּייפּער האָט דאַן געהאַט, אויב ניט אַ פֿרײַנטלעכע, איז לעכאָלאַפּאָכעס, אַ טאָלעראַנטע באַציִונג צו „די סאָוועטן“. האָב איך זיך מעיאַשעװ געווען מיט כאַווירים, קאָמפּעטענטע אין אַזעלכע זאַכן, און יענע האָבן מיר געראַטן אומבאַדינגט אָנצונעמען דעם פֿאָרשלאָג. „וואָס איז דאָ פֿאַראַן וואָס צו טראַכטן, — האָבן זיי געזאָגט, — זאָל צווישן די אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן זײַן כאָטש איין סאָוועטישער מענטש, אַן אייגענער, וואָס וועט וויפֿל־ניט־איז קעגנשטעלן די ליגנס און רעכילעס, וואָס עס ווערן דאָרטן פֿאַרשפּרייט וועגן אונדזער לאַנד. שרײַבט, דערציילט זיי דעם עמעס וועגן אונדז, באַקאַנט דעם אַמעריקאַנער לייענער מיט אונדזער ווירקלעכקײַט אַזוי ווי זי איז. דאָס וועט זײַן אַ נייטיקע און נוצלעכע אַרבעט“.

איך האָב אָנגענומען דעם „דזשאָב“, נאָר ביטנײַ, אַז אין מײַנע קאָרעספּאָנדענציעס זאָלן קיין שום ענדערונגען ניט געמאַכט ווערן, קיין איין וואָרט אַפֿילע זאָל ניט אויסגעמעקט ווערן אָדער צוגעגעבן ווערן. ביסלעכווײַז האָט דער פּייפּער געענדערט זײַן „אָריענטאַציע“ צו „סאָוועט־רוסלאַנד“, ביז ער איז, סאָפּקאָלסאָף, געוואָרן אָפֿן פֿײַנטלעך צו אונדז. איך האָב באַשלאָסן אָפּצוגעבן מײַן „דזשאָב“, נאָר די זעלביקע קאָמפּעטענטע כאַווירים האָבן בעשום־אויפֿן ניט מאַסקים געווען מיט מיר. „אַדרעבאַ, — האָבן זיי געזאָגט, — ווײַל די צײַטונג איז געוואָרן פֿײַנטלעך צו אונדז, איז אײַער מיטאַרבעט אין איר נאָך וויכטיקער. זאָל כאָטש איין ליכטיקער שטראַל פֿון עמעס דורכדרינגען די פֿינצטערניש פֿון ליגנס און רעכילעס, וואָס זי פֿאַרשפּרייט וועגן אונדז, שרײַבט אַזוי לאַנג, ווי די צײַטונג דרוקט אײַערע אַרטיקלען“.

די צײַטונג האָט אָבער אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער גענומען לייגן מײַנע קאָרעספּאָנדענציעס „אונטערן טישטעך“. געצאָלט, גוט באַצאָלט, און ניט געדרוקט.

„וויפֿל איז דער שיר צו מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר די באָלשעוויקעס? — האָט מיר געשריבן דער רעדאַקטאָר. — ווען ניט דאָס, וואָס איר קאָנט סטאַם גוט שרײַבן, וואָלטן מיר זיך שוין לאַנג צעשיידט מיט אײַך. מיר ווילן אײַער מיטאַרבעט, אָבער מיר וואָלטן געוואָלט, איר זאָלט שרײַבן ווייניקער פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען און מער „היומען אינטערעסט סטאָריס“. איר זײַט געווען אין אַמעריקע און איר ווייסט — עס מיינט...“ אָבער מײַנע „היומען אינטערעסט סטאָריס“[1] האָבן אין זיך אויך געהאַט אַ היפּש ביסל „פּראָפּאַגאַנדע“. דער רעדאַקטאָר האָט געהאַלטן דעם אָפּמאַך און קיין וואָרט ניט געענדערט אין מײַנע קאָרעספּאָנדענציעס, נאָר וואָס דען, מע האָט גענומען ענדערן די „קעפּ“ פֿון מײַנע אַרטיקלען, אָפֿט געמאַכט אַזעלכע „קעפּ“, אַז ווען זיי וואָלטן געווען מײַנע „קעפּ“, ניט דעם רעדאַקטאָרס, וואָלט איך ווערט געווען, מע זאָל מיר מײַן קאָפּ אָפּהאַקן. ווי, צום בײַשפּיל, געפֿעלט אײַך אַזאַ מין פּראָוואָקאַטאָרישער „קאָפּ“, ווי „קאָמוניסטן בײַטן ווײַבער אָפֿטער ווי שקאַרפּעטקעס“, איבער אַן אַרטיקל, אין וועלכן עס ווערט דערציילט וועגן דעם קאַמף פֿאַר זיטלעכקײַט, פֿאַר פֿאַמיליע־ריינקײַט, וואָס ווערט געפֿירט אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד?

דער „קאָפּ“ האָט זיך אַזוי געפּאַסט צום אינהאַלט פֿון אַרטיקל, ווי אַ שטרײַמל אויף אַ קאָזאַק, נאָר דער כעזשבן איז געווען: „מוישע“ וועט עס ניט באַמערקן.

אַזאַ „קאָפּ“ האָבן שוין מײַנע פּלייצעס ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן, נאָר מײַנע ראַטגעבער זײַנען באַשטאַנען דערויף, אַז איצט איז מײַן מיטאַרבעט אין איר ערשט נייטיק. האָב איך אַוועקגעשיקט טעלעגראַפֿיש אַ שאַרפֿן פּראָטעסט און ווײַטער געשריבן, ביז מיר — איך און דער רעדאַקטאָר — זײַנען שוין געשטאַנען איינער דעם צווייטן ווי אַ ביין אין האַלדז, און ווי עס האָט געזונגען דער גרויסער רוסישער פּאָעט נעקראַסאָוו אין זײַן ראָמאַנס: „געווען איז די ליבע אָן פֿרייד, ס'וועט זײַן די צעשיידונג אָן לייד...“

מיט רעדאַקטאָרן, וואָס „ווייסן בעסער“, באַגעגנט איר זיך אָפֿט ניט בלויז אין רעדאַקציעס פֿון צײַטונגען און זשורנאַלן, נאָר אויך אין פֿאַרלאַגן.

אַ פֿאַרלאַג פֿון אַ פֿאָלקס־דעמאָקראַטישער רעפּובליק האָט זיך געווענדט צו מיר מיט אַ באַקאָשע: העיויס זיי האָבן באַשלאָסן אַרויסגעבן אויף זייער לשון מײַן ביכל „ראַסקאַזי אָ בילאָם“, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“, בעטן זיי מיך, איך זאָל זיי צושיקן דעם ייִדישן אָריגינאַל, ווײַל אַן איבערזעצונג פֿון אַן איבערזעצונג וועט אויסקומען ערגער, ווי אַן איבערזעצונג פֿונעם אָריגינאַל. האָב איך זיי אַרויסגעשיקט

---

[1] דאָ: געשיכטעס פֿון אַלגעמיינע אינטערעסן.

דעם אָריגינאַל מיט נאָך א צענדליק דערציילונגען, וועלכע איך, און עפּשער אויך מײַנע לייענער, האַלטן פאַר די מיר מער געלונגענע.

צווישן די אָפּגעקליבענע דערציילונגען זײַנען אויך געווען עטלעכע גרויסע און קלענערע דערציילונגען פונעם יידישן ארבעטער־לעבן אין ענגלאַנד און אין אמעריקע. נו, האָבן די רעדאַקטאָרן פון פאַרלאַג אַף אייגענער אַכרײַעס געמאַכט אין ביכל אַזא „פּאָגראָם“, אַז ווען איך האָב האָר אַף מײַן קאָפּ, וואָלטן זיי זיך מיר געשטעלט „דיבאָם“. עטלעכע דערציילונגען זײַנען ניט ארײַן אין דער זאַמלונג אָן א פאַרוואָס. פּאָשעט, אַזוי האָט געוואָלט דער בעסער־ווייסנדיקער רעדאַקטאָר. איין דערציילונג איז פאַרבראַקירט געוואָרן, ווײַל אין איר פיגורירט א רעוו, וואָס טײַנעט אײַן מיט יידישע באַלמעלאָכעס — סטרייקערס, אַז „סטרייקס, בונטן איז ניט קיין יידישע זאַך“; אַז „אויב איר האָט א סיכסעך מיט רעב רעפּאָעלן (דעם באַלעבאָס ווייערן), איז דערויף פאַראַן א ראָוו, דאַיאָנים, זאָלן געזונט זײַן, פאַראַן שיינע באַלעבאַטים מיט גלײַכע קעפּ. אָט צו וועמען יידן דאַרפן גיין אויסצוגלײַכן א סיכסעך. אָבער שטרײַקן, בונטן, פּע, כאַלאָשעס. ס'איז ניט פאַר יידן!“

„ארויסשטעלן א ראָוו אין אַזא ניט־שיינער ליכט קאָן מען ניט, — האָט מיר געשריבן דער רעדאַקטאָר, — עפּשער איז ער גאָר אומגעקומען אין די גאַז־אויוונס פון מײַדאנעק“... אפּאָנעם, אַז דעם רעדאַקטאָרס האַרץ בלוטיקט שטאַרקער ווי מײַנס פאַר די אומגעקומענע אין מײַדאנעק... שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס די מײַסע איז וועגן א שטרײַק, וואָס איז פאָרגעקומען מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק אין א יידיש שטעטל, ווען ניט נאָר קיין גאַז־אויוונס, — היטלער, יימאַך־שמוי, אַליין איז נאָך געווען אין די ווינדעלעך.

די „ענגליש־אמעריקאַנער“ דערציילונגען זײַנען געפּאסלט געוואָרן, ווײַל „קיינער האָט ניט אָנגעשריבן וועגן אמעריקע אַזויפיל ביטערן עמעס, ווי העמינגוועי, קאָלדוועל, פאָלקנער, דזשאָן סטיינבעק, אירווינג שאָו, ארטור מילער און אנדערע. און אַלץ, וואָס א סאָוועטישער שרײַבער וועט שרײַבן וועגן אמעריקע, איז „נול“ קעגן דעם, ס'וועט קלינגען פּאָשעט לעכערלעך...“

איך קען אָט די אַלע אויסגערעכנטע שרײַבער און א פּאָר צענדליק מער און האַלט פון אייניקע פון זיי א וועלט, נאָר, כאָטש איך ווייס, אַז „איך גרייך ניט צו זייערע קנעכל“, האָב איך, איבערלייענענדיק דעם מאָטיוו פון דעם רעדאַקטאָר, זיך דערשראָקן אַף טויט: וואָס וועט זײַן, האָב איך מיט שוידער געטראַכט, ווען אַלע רעדאַקטאָרן וועלן אָנהייבן זיך באַנוצן אָט מיט דעם פּעלערהאַפטן און שעדלעכן מעטאָד פון פאַרגלײַכן? דאַן איז דאָך א סאָף צו דער גאַנצער ליטעראַטור! וואָרעם ווער קאָן זיך פאַרגלײַכן צו האָמערן אין פּאָעזיע, צו שעקספּירן אין דראַמאַטורגיע, צו טאָלסטאָיען אין ראָמאַן? און אַלץ, וואָס איז געשריבן געוואָרן נאָך זיי אין די אַלע זשאַנרען, איז דאָך „נול“, „פּאָשעט לעכערלעך“ אין פאַרגלײַך מיט די ווערק פון אָט די ריזן! און וואָס עפּעס נאָר די ליטעראַטור? אין געפאַר איז אויך די מאָלערײַ, די סקולפּטור, די מוזיק — אַלע צווײַגן פון קונסט, וואָרעם ווער וועט וואגן מאָלן נאָך ראַפאַעלן, מאַכן סקולפּטורן נאָך מיקעלאנדזשעלאָ, שרײַבן מוזיק נאָך בעטהאָווען און טשײַקאָווסקי? יענע האָבן עס דאָך שוין „בעסער געמאַכט!“

איך האָב געקעמפט ווי א לייב קעגן דער געפאַר, וואָס שטייט פאָר — ניט מײַן ביכל — דער גאַנצער ליטעראַטור, אַלע צווײַגן פון קונסט, און האָב די שלאַכט פאַרשפּילט. מײַן ביכל איז, אָן מײַן האַסקאָמע, ארויס פון דרוק אַזוי, ווי די „בעסער ווייסנדיקע“ רעדאַקטאָרן האָבן געוואָלט.

איך האָב וועגן דער לעצטער שלאַכט געשריבן א ביסל בעאַריכעס, קעדיי, טאָמער וועט דאָס פאַרקריפּלטע באַשעפעניש ארײַנפאַלן אין אײַערע הענט, זאָלט איר וויסן, אַז ידי לא שפכו את הדם[1] — איך בין ניט שולדיק אין דעם געבורט פון אָט דעם מאַפּל, און זאָל די זינד פאַלן אַף די קעפּ פון די שולדיקע, ניט אַף מײַן קאָפּ...

די בלוטלאָזע מילכאָמע דויערט נאָך אַלץ...

[1] יאַדיי לוי שאָפּכו עס האַדאַם — ניט מײַנע הענט האָבן פאַרגאָסן אָט דאָס בלוט.

## כראָניק

### 60־טער געבורטסטאָג פון נאָטע לוריע

די ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקײַט האָט ברייט אָפּגעמערקט דעם 60־טן געבורטסטאָג פון נאָטע לוריע. אַף דער פײַערלעכער פאַרזאַמלונג אין אָדעס האָבן דעם יובילאַר באַגריסט פאָרשטייער פון די געגנטלעכע פאַרטיייִשע, סאָוועטישע און קולטור־אָרגאַניזאַציעס. וועגן נאָטע לוריעס שעפערישן וועג האָט גערעדט אין נאָמען פון די אָדעסער שרײַבער וולאַדימיר ליאַסקאָווסקי. די דיכטער ג. קאַרעוו, וו. בערשאַדסקי, וו. געטמאַן, וו. לאָגווינענקאָ, כ. ווײַנערמאַן, יו. טרוסאָוו, אָ. אוווראָוואַ. האָבן פאָרגעלייענט לידער, געווידמעט דעם יובילאַר.

נאָטע לוריען איז אונטערגעטראָגן געוואָרן אַן ערן־גראַמאָטע פונעם געגנטלעכן אויספּירקאָם.

די אָדעסער צײַטונגען „זנאַמיאַ קאָמוניזמאַ“ און „טשערנאָמאָרסקאַיאַ קאָמונאַ“, די קיִעווער „ליטעראַטורנאַ אוקראַיִנאַ“, דער „ביראָבידזשאַנער שטערן“ האָבן אָפּגעדרוקט ארטיקלען אין צוזאַמענהאַנג מיטן 60־טן געבורטסטאָג פון נאָטע לוריע.

א ספּעציעלן רעפּאָרטאַזש וועגן דעם יובילײַ־אָוונט האָט באַוויזן די אָדעסער טעלעוויזיע.

### הירש אָשעראָוויטשעס רײַזע קיין פוילן

דער יידישער סאָוועטישער שרײַבער הירש אָשעראָוויטש האָט זיך אומגעקערט פון א רײַזע קיין פאָלקס־פוילן. ווי א כאָשעוון גאַסט האָבן אים אויפגענומען די יידישע שרײַבער פון וואַרשע. אַף א ליטעראַרישן אָוונט לעקאָוועד הירש אָשעראָוויטשן אין וואַרשעווער יידישן פאָלקס־קלוב זײַנען ארויסגעטראָטן שלוימע בעליס, הערש סמאָליאַר, דאָוויד ספאַרד.

מ. שאַפּיראָ

# דער אויצער פון ייִדיש

(נאָכעם סטוטשקאָווס אָנדענק)

די ייִדישע שפּראַכוויסנשאַפט האָט ניט לאַנג צוריק געליטן א שווערן פאַרלוסט: ס׳איז געשטאָרבן דער באַדייַטנדיקער לעקסיקאָגראַף נאָכעם סטוטשקאָוו — דער אַווטאָר פונעם אויסטערלישן מאָנומענטאַלן ווערק „דער אויצער פון דער ייִדישער שפּראַך“[1].

געבן א באַגריף וועגן סטוטשקאָווס באַדייַט פאַר אונדזער שפּראַך־פאָרשונג, וועגן זייַנע פאַרדינסטן פאַר דער ייִדישער קולטור־וועלט ביכלאַל הייסט שרייַבן טאַקע וועגן אָט דעם בוך זייַנעם, וועגן סטוטשקאָווס וויכטיקסטן לעבנס־אופּטו.

מיר הייבן אָן בלעטערן דעם בוך און צוביסלעך, אליין ניט צו באַמערקן, לייענען מיר זיך אַרייַן אין זייַנע באַזונדערע קאַפּיטלען. א מאָדנע זאַך: פאַר די אויגן לויפן פאַרבייַ באַזונדערע ווערטער, צעוואָרפענע ווערטער־באַהעפטן, און דאָך — שווער אָפּצורייַסן זיך; מע דערפילט דעם שעפערישן אָטעם פון א פאָלק, ס׳פאַרפלייצט א מעכטיקער שטראָם פונעם פאָלקס געדאַנקען און געפילן, פון זייַן כאָכמע און דערפאַרונג, פון זייַן טאָגטעגלעכער אויסקומעניש, פון זייַנע ליידן און פריידן, און דאָס אַלץ — אויסגעדריקט אינעם באַזונדערן וואָרט, אינעם שפּריכוואָרט, אינעם וויץ, אינעם אידיאָמאַטישן אויסדרוק. 730 היפשע צווייששפּאַלטיקע זייַטן, אָנגעשפּיקעוועט מיט לעקסיק און פראַזעאָלאָגיע, מיט אַלץ, וואָס גייט פונעם פאָלקס מויל אָדער וואָס ס׳איז צו טרעפן אין דער ייִדישער קינסטלערישער און וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, דערין אויך אין לערנביכער, אין ספּעציעלער לעקסיקאָגראַפישער ליטעראַטור, אין פאָלקלאָר־זאַמלונגען. צוזאַמען מיטן ברייטן פאָרוואָרט פונעם רעדאַקטאָר, דעם באַוווּסטן פילאָלאָג און ייִדיש־פאָרשער מאַקס ווייַנרייַך, מיט דער „האַקדאָמע פונעם מעכאַבער“ און מיט א וויכטיקן „זוכצעטל“ (בא 30 טויזנט ווערטער) — סאַכאַקל בא א טויזנט זייַטן!

און וואָס מער מיר פאַרטיפן זיך אינעם בוך, אַלץ מער שטוינען מיר, אַלץ מער באַוווּנדערן מיר דעם מעכאַבער, דעם ענטוזיאַסטישן פאָרשער, וואָס האָט געוואָגט נעמען אויף זיך אַזא ריזן־אַרבעט — אויפצוזאַמלען דעם גאַנצן ייִדישן וואָרטשאַץ, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן פאַר זייַן מאַטעריעלן און גייַסטיקן געברויך אין משך פון הונדערטער יאָרן! און ניט בלויז געוואָגט, נאָר טאַקע פאַרווירקלעכט! וויפל זשע ליבע צו אונדזער וואָרט דאַרף מען אין זיך טראָגן, מע זאָל א היפּשן טייל פון א מענטשן־לעבן אָפּגעבן אויף דער סקרופּולעזער אַרבעט — אויפקלייַבן ברעקלעכווייַז אַזא וואָרט־שעפע, און וויפל דאַרף מען פאַרמאָגן גלויבן אינעם קיִעם פון אונדזער שפּראַך, מע זאָל אַזא לעקסיקאָגראַפישן ביניען אויפשטעלן גראָד אין די יאָרן פון דער שוידערלעכסטער קאַטאַסטראָפע פאַרן מיזרעך־אייראָפּעיִשן ייִדנטום — דעם גרונטיקן לעבעדיקן קוואַל פון דער ייִדישער שפּראַך!

ס׳קומט אויך אויף א פאַרגלייַך — דאַל! דער באַרימטער רוסישער וואָרט־זאַמלער, דער לעקסיקאָגראַף וולאַדימיר איוואַנאָוויטש דאַל, דער אַווטאָר פונעם קאַפּיטאַלן 4־בענדיקן „אויסטייַטש־ווערטערבוך פון דער לעבעדיקער גרויסרוסישער שפּראַך“[2]. נאָכעם סטוטשקאָוו — א ייִדישער דאַל? סייַ קאָמעדיק, סייַ אייכעסדיק איז עפּשער שווער צו שטעלן דאָ א גלייַכצייכן. יענער, דאַל, האָט געאַרבעט איבער זייַן ווערק העכער 40 יאָר, און צו טאָן האָט ער געהאַט מיט דער גרויסער רוסישער שפּראַך אין איר גאָרער דיאַלעקטאַלער בונטקייַט — אויף די אומגעהייערע ראַכוועסן פון אַזא ריזיק לאַנד, ווי רוסלאַנד; און ער האָט ניט בלויז צונויפגעזאַמלט און פאַנאַנדערגעשטעלט דעם וואָרט־אויצער, נאָר אויך אויסגעטייַטשט, אַרויסגעבראַכט, ווי ווייַט ער איז אימשטאַנד געווען, אַלע סעמאַנטישע שאַטירונגען פון די ווערטער און אַרום יעדן וואָרט אָנגעהויפּנט דעם גאַנצן צו אים אָנגעהעריקן פראַזעאָלאָגישן און פּראָווערבישן (שפּריכוואָרטלעכן) שטאָף; און ס׳איז דאָך גוט באַוווּסט, ווי רייַך ס׳איז דער רוסישער פאָלקלאָר, ווי אומויסמעסטלעך ס׳איז זייַן פאַרנעם!

און דאָך לאָזט זיך מאַכן דעם פאַרגלייַך: דאַל — סטוטשקאָוו. מעג זייַן — פיל קלענער דער פאַרנעם, מעג זייַן — אַנדערשדיקער דער בוי, אָבער פּונקט אַזוי געטרייַ, פּונקט אַזוי אַמעגלעכסט אויסשעפּיק און פּונקט אין אַזא מאָס — א לעבנסווערק, א ווונדערלעכער מאָנומענט!

לויטן פאַרטראַכט, לויט דער ציל־אייַנשטעלונג, לויטן בוי איז דער „אויצער“ א נייַס אין דער גאָרער ייִדישער לעקסיקאָגראַפיע, און אַפילע אַזא רייַכע לינגוויסטישע ליטעראַטור, ווי די רוסישע, פאַרמאָגט נאָך דערווייַל ניט אַזא טיפּ לעקסיקאָגראַפיש ווערק. דער „אויצער“ איז, ווי געזאָגט, ניט קיין אויסטייַטש־ווערטערבוך: ער גיט ניט די באַטייַטן פון ווערטער צי פון אויסדרוקן מיט די מיטלען פון ייִדיש גופע; אַוואַדע איז עס ניט קיין פּאַראַלעלער, פאַרטייַטש־ווערטערבוך: די ווערטער ווערן ניט פאַרטייַטשט אינעם „אויצער“ אויף אַן אַנדער שפּראַך. דער גאַנ־

[1] דער אוצר פון דער ייִדישער שפּראַך פון נחום סטוטשקאָוו, אונטער דער רעדאַקציע פון מאַקס ווייַנרייַך, ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט — ייִוואָ, 1950, ניו־יאָרק.

[1] סטוטשקאָוו האָט געאַרבעט איבער זייַן ווערק, ווי ער זאָגט וועגן דעם אין דער האַקדאָמע, אַן ערעך אין די יאָרן 1937—1950.

[2] דערשינען אין די יאָרן 1861—1868.

צער וואָרט־פאַרמעג איז דאָ פאַנאַנדערגעשטעלט ניט לויטן אַלעפבייס, נאָר לויט די רעאַליען, לויט די באַגריפן, וואָס ווערן אויסגעדריקט אין ווערטער צי אין פראַזעאָלאָגישע באַהעפטן.

מירן פּרוּוון אַף אייניקע ביישפּילן געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם בוי פונעם „אויצער".

ארום דעם באַגריף „קלוגשאַפט" זיינען אָנגעגעבן אינעם „אויצער" אַזעלכע סובסטאַנטיוון:

קלוגקייט, פאַרשטאַנדיקייט, פאַרשטענדיקייט, געשליפנקייט, פּיפּיקייט; קלוגשאַפט, כאָכמע, כאָכמעס־שלוימע, פּיקכעס; סייכל, פאַרשטאַנד, טפיסע, האַוואָנע, האַסאָגע; אינטעליגענץ, סמעקאַלקע; אַמקעס, געניאַליטעט, געוינעס, כאַריפעס, שאַרפזינען, שאַרפזין, שאַרפזיניקייט, עספּרי, היסכאַקמעס.

קאָפּ, קאָפּשטיק... איבערגעשפּיצטער קאָפּ... (בא 60 אַזעלכע ווערטער).

כאָכעם, ווילדער כאָכעם,... פּיקייעך,... באַרסייכל,... קלוגע יאַרמעלקע, שמאַד־קאָפּ... אַ גערייכערטע ליולקע... מייוון דאָוואָר מיטויך דאָוואָר, כאַכאָמים פון אונטערן אויוון, כאַכמיי־האַלעזשאַנקע,... (העכער 60 אַזעלכע ווערטער).

אַזוי אויך — אַדיעקטיוון, ווערבן, אומפאַרענדערלעכע ווערטער (אַזויגערופענע אינוואַריאַנטן), פראַזעאָלאָגישע באַהעפטן און שפּריכווערטער.

אָט זיינען אייניקע ביישפּילן צו פראַזעאָלאָגישע באַהעפטן און שפּריכווערטער:

פראַז. — קאָפּ, גיב סייכל! דער קאָפּ איז אים אַפן אָרט; ער איז קליגער ווי פּרימער; ער האָט מער אין קאָפּ, ווי אין קעשענע;... ער איז ניט קיין מעלופּם־קינד; ער איז ניט פון אונטערן אויוון;... ווער עס איז שיין — איך בין קלוג (21 אַזעלכע אויסדרוקן).

שפּריכוו. דאָס ביסל סייכל איז ווערט געלט;... ווו מע דאַרף האָבן מויעך, העלפט ניט קיין קויעך;... בא פערד קוקט מען אַף די ציין, בא מענטשן אַפן סייכל; אַ מאַשקן זאָל מען פאַרזעצן און קלוג זאָל מען זיין!.. פאַרברענט זאָל ווערן דער סייכל, וואָס קומט צו שפּעט;... כאָכמע דערנאָך איז אַ גוטער בראָך;... אַז דער קלוגער באַנאַרישט זיך, בלייבט ער אויך אַ נאַר... (83 אַזעלכע שפּריכווערטער).

ווו די שפּראַך גיט גענוג שטאָף, ווערן אויסגעטיילט באַזונדער אויך פאַרגלייכונגען:

קלוג ווי שלוימע־האַמעלעך (אַליין), ווי דער (ליכטיקער) טאָג, ווי די זון, ווי די (גאַנצע) וועלט, ווי אַ מיניסטער, ווי אַ מאַמזער, ווי אַ הויקער, ווי אַ האָמענקע, ווי האָמענקעס קאָפּ, ווי דער טייוול, ווי דער רועך... ווי סיטרעאַכרע, ווי דער שוואַרציאָר; שאַרף ווי אַ מעסער, ווי אַ כאַלעף, ווי אַ שער־מעסער, ווי אַ בריטווע.

דער אווטאָר פונעם „אויצער" האָט געשטרעבט צו זיין ווי ווייט מעגלעך אויסשעפּיק. פאַרשטייט זיך, ניט אומעטום איז עס אים געלונגען. ווי עס זאָגט מיט רעכט מאַקס ווייַנרייך אין זיין פאָרוואָרט צו סטוטשקאָווס ווערק, „אויסשעפּן אַ שפּראַך איז אומעגלעך". אין גרונט אָבער איז דער „אויצער" אַ פאַרלאָזלעכער ו ו אָ ר ט ־ א י נ ו ו ע נ ־ ט א ר פון יידיש. די דאָזיקע פונקציע זיינע איז בעפּיירעש אַ ביז גאָר וויכטיקע. און מיר קענען ניט לייענען רויִק אַזעלכע ווערטער אין דער „האַקדאָמע פונעם מעכאַבער":

„ווען די אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט, זיינען מיר שוין אַלע געווען אַווײלים און געזעסן שיווע נאָך אונדזערע ברידער און שוועסטער אין אייראָפּע, וואָס זיינען פון אַמאָליקן פאַרשניטן געוואָרן פון דער ערד...

דער מעכאַבער האַלט פאַר אַ זכיִע, וואָס אַף זיין גוירל איז אויסגעפאַלן אָפּצוראַטעווען ביקסאַוו אַ טייל פון דער גרויסער שפּראַכיקער יערושע, וואָס זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזט".

נאָר בלויז אַזאַ ציל — צו אינווענטאַריזירן די שפּראַךיערושע — וואָלט באַדייט שטיין מיטן פּאָנעם אויסשליסלעך צום אָווער. דער מעכאַבער איז ניט געווען אַף אַזויפיל פּעסימיסטיש. אין דער זעלבער האַקדאָמע דריקט ער אויס זיין האָפענונג, אַז זיין ווערק וועט זיין אַ ס ט י מ ו ל פ א ר ד ע ר ו וי ט ע ר ד י ק ע ר א נ ט ו ו י ק ל ו נ ג פ ו ן י י ד י ש. מיר מיינען, אַז גראָד דאָס איז די וויכטיקסטע פונקציע פון סטוטשקאָווס לעקסיקאָגראַפישן ווערק און אַז דאַפקע אין דעם באַשטייט די גרעסטע ווערט זיינע.

סטוטשקאָוו האָט אין אַ געוויסער הינזיכט געהאַט פאַר זיך אַ שווערערע אויפגאַבע, איידער אַזעלכער, וואָס זאָל פּרוּוון שאַפן אַן אַנאַלאָגיש ווערק פאַר אַן אַנדער שפּראַך. נעמען, אַשטייגער, יידיש און רוסיש. יעדערע פון אָט די צוויי שפּראַכן האָט זיך אירע דיאַלעקטן, און די ליטעראַרישע שפּראַך איז אינטערדיאַלעקטאַל; יעדערע פון זיי אַנטהאַלט אין באַשטאַנד פון איר לעקסיק פאַרשיידענע היסטאָריש אַנטשטאַנענע אָנשיכטונגען. לעמאָשל, רוסיש — אַלטסלאַוויזמען, עכטע רוסיזמען (אור־רוסיזמען), אַנטלייונגען פון פאַרשיידענע שפּראַכן, דערין אויך אינטערנאַציאָנאַליזמען; יידיש — גערמאַניזמען, העברעיִזמען, סלאַוויזמען, אייניקע ראָמאַניזמען און ווידעראַמאָל אינטערנאַציאָנאַליזמען; און די ליטעראַרישע שפּראַך איז אַ געלייטערטער העכערער סינטעז פון אָט די אַלע עלעמענטן. אַזוי איז עס אויך אין אַנדערע שפּראַכן.

יידיש אָבער ווייסט דערצו נאָך פון אַזאַ לעקסישער דיפערענצירונג, וואָס פיל אַנדערע שפּראַכן זיינען פון איר פריי. ווייל אויב אין זינען האָבן די ג ע ר ע ד ט ע שפּראַך, קען, אייגנטלעך, זיין אַ רייד וועגן אַ פאַרשיידענעם יידיש אינעם גלאָבאַלן פאַרנעם: אַ רוסיש־סאָוועטישן, אַ צאָפּןאַמעריקאַנישן, אַ לאַטייַן־אַמעריקאַנישן. ס'האַנדלט זיך וועגן אַזאַ טיפער דורכגעזאַפּטקייט פון יידיש מיט ווערטער פון דער אַרומיקער שפּראַך־סוויווע, וואָס ברענגט מיט זיך נייַע אייכעס. נאָכעם סטוטשקאָוו האָט דעריבער געמוזט אַרייַנעמען אין זיין „אויצער" סיי די שמאָל־דיאַלעקטאַלע לעקסיק און סיי יענע שפּעטערדיקע לעקסישע אָנשיכטונגען, וואָס מיט זיי איז אַרומגעוואַקסן געוואָרן די שפּראַך אין באַזונדערע לענדער, דערהויפּט אינעם לאַנד מיטן גרעסטן יידישן יישעוו — אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צאָפּן־אַמעריקע. אין „אויצער" פיגורירן, לעמאָשל, באַנאַנד מיט טעלער, סלוי, עסצימער די אַנטשפּרעכיקע אַמעריקאַניזמען — פּלייט, דזשאַר, דייַנינג־רום אאַז״וו.

אינעם „אויצער" איז געגעבן אויך דאָס שמאָל־פאַךטערמינאָלאָגישע וואָרט. צב. פון ש ו ס ט ע ר ײַ — קאַפּול, קאָפּיט(ע), קאָלאָדקע, לייסט;... שוסטער־האַמער, ריכטעווע־האַמער, ראַנדמעסער, שטאָכזעצער, אאַז״וו. — בא 500 ווערטער און אויסדרוקן, וואָס זיינען געברויכלעך אין דער שוסטער־בראַנזשע!

אַזוי אויך מיט וויסנשאַפטלעכער טערמינאָלאָגיע — לויט פאַרשיידנסטע צווייַגן.

ניט אויסגעמיטן איז אויך די וווּלגאַרע לעקסיק און אַפילע ווערטער פון דער גנאָווים־שפּראַך („הענטשקעלאָשן").

ס'איז ניט איבערצושאַצן די ווערט פונעם „אויצער" פאַר דער ווײַטערדיקער ייִדישער לעקסיקאָגראַפישער אַרבעט. מיר האָבן עס באַזונדערס שטאַרק געפילט און פילן עס אויך איצט אין אונדזער אַרבעט איבערן רוסיש-ייִדישן ווערטערבוך. ווײַל דער מעכאַבער האָט אויסגענוצט אַ גוזמע קוואַלן, פאַרשיידנסטע לערנביכער און לעקסיקאָגראַפישע אַרבעטן, דערין אויך יענע, וואָס זײַנען דערשינען אין ראַטנפאַרבאַנד אין די ביזמילכאָמע-יאָרן; און איצט איז שוין שווער פאָרצושטעלן זיך, ס'זאָל קענען געשאַפן ווערן אַן ערנסטער ווערטערבוך — מיט ייִדיש אַלס איינער פון די שפּראַכן — אָן דער הילף פונעם „אויצער".

ספּעציעל דאַרף באַצייכנט ווערן דער באַדײַט פונעם „אויצער" פאַר דער אַרבעט פונעם ייִדישן שרײַבער און איבערזעצער. ס'איז נאָך ביז הײַנטיקן טאָג ניט געשאַפן געוואָרן קיין ברייטער סינאָנימישער ווערטערבוך פון דער ייִדישער שפּראַך. דער וואָרטשטאָף אינעם „אויצער" איז אַזוי פאַנאַנדערגעשטעלט, אַז ניט בלויז ער גיט גרייטן סיסטעמאַטיזירטן רוי-מאַטעריאַל פאַר אַזאַ ווערטערבוך, נאָר ער קען, שוין אַזאַ ווי ער איז, גוט צודינען דעם שרײַבער אין זײַן צומאָל פּײַנלעכער אָנשטרענגונג צו געפינען דעם דרינגענדיק נייטיקן סינאָנים.

קלאָר, אַז פאַר יעדן, וואָס קומט אָן צום „אויצער", שטייט די האַרבע פראַגע וועגן אָפּקלײַב, וועגן דער ל י ט ע ר א ר י ש ע ר  נ אָ ר מ ע.

סטוטשקאָוו האָט גענומען אָף זיך אויך אַזאַ אויפגאַבע — צו געבן נאָרמאַטיווע אָנווײַזונגען. מיט באַזונדערע סימאָנים באַצייכנט ער ווערטער, וואָס „זײַנען ניט אָנגענומען אין דער קולטור-שפּראַך", אויך ווערטער, וואָס מע קען זיי יאָ געברויכן אין דער קולטור-שפּראַך און מע קען זיי אויך אויסמײַדן. זעט אויס, אַז אין דער דאָזיקער נאָרמיר-אַרבעט האָט געזאָגט זײַן אויטאָריטעט וואָרט אויך דער רעדאַקטאָר (מאַקס ווײַנרײַך).

ניט אַלע אַזעלכע נאָרמאַטיווע פאָרשלאָגן זײַנען פאַר אונדז אָנעמבאַר. מיר פאַרשטייען, לעמאָשל, ניט, פאַר-וואָס ווערן אָנגעגעבן אַלס „ניט-אָנגענומענע אין דער קול-טור-שפּראַך" אַזעלכע ווערטער, ווי אויבערפלעכלעך, אומ-וועזנטלעך, הינזיכט, בײַשפּיללאָז, צוגעגלעך, קעגנשטאַנד, געפאַר, לעבנסגעפאַר, וואַלדציכטלער אאַז.

מיר מיינען, אַז אַזעלכע ווערטער זײַנען ניט בלויז דער-לאָזלעך, נאָר בעפּיירעש נייטיק אינעם ליטעראַרישן גע-ברויך. אייניקע פון זיי קענען — באַנאַנד מיט זייערע סינאָנימען — גילטן פאַר סעמאַנטישער דיפערענצירונג. פרג.: בײַשפּיללאָז — беспримерно און אומפאַרגלײַכ-לעך — несравненно, הינזיכט: אין דער הינזיכט (отношении) в этом смысле און באַציִונג (צו עמעצן, צו עפּעס) отношение (к кому-либо, к чему-либо)

אַנדערע אַזעלכע ווערטער גיבן צו געוויסע סטי-ליסטישע שאַטירונגען, צב.: אויבערפלעכלעך — „דילע-טאַנטיש", поверхностно און אויבנופיק — бегло, не очень-то вникая в суть. דער סאָוועטיש-ייִדישער קולטור-טוער וועט גערנדיקער געברויכן אומוועזנטלעך איידער ניט-עצעמדיק, ניט-טאַמציסדיק, לעבנס-געפאַר — איידער פיקועך-נעפעש און כיירעף-נעפעש. דאָ גייט ניט אין דער אָפּשטאַמונג פון די ווערטער, אין עפּעס אַ טענ-דענץ צו ווײַכן פונעם העברעיִש-שטאַמיקן וואָרט — אין אַ באַשטימטן סטיליסטישן אַספּעקט זײַנען אַזעלכע העב-רעיִזמען אויך באַרעכטיקט; ס'גייט דאָ אין אַ נאַטירלע-כער שטרעבונג צו שרײַבן  פ אַ ר ש ט ע נ ד ל ע ך  און אויסצומײַדן דעריבער דעם  אַ ר כ אַ יִ ש ן  וואָרטשטאָף. פיל געלונגענער איז אויך וואַלדציכטלער איידער וואַלד-ציִער; די וואָרטבילדונג איז דאָ אַ דענאָמינאַלע, פונעם סובסטאַנטיוו וואַלדצוכט (פרג: בינענצוכט — בינענציכט-לער, פיצוכט — פיציכטלער) און ניט אַ דעווערבאַלע (ניט פון ציִען וואַלד). און אַזעלכע סינאָנימען, ווי געפאַר און סאַקאָנע, זײַנען ביידע אַלציינע טוישווים אין ייִדיש. געפאַר איז אין פּראַט פון ווײַטערדיקער וואָרט-בילדונג אפילע בעסער, איידער סאַקאָנע. אַשטייגער, געפאַרלאָז איז נאַ-טירלעכער פון סאַקאָנעלאָז אָדער אָנסאַקאָנעדיק.

ס'איז אויך ניט קלאָר, פאַרוואָס אַזעלכע סלאַוויזמען, ווי פּאַלאָזשעניע, אוספּייען, סמיעלע, שמיאַלע און פיל אַנ-דערע, זײַנען באַצייכנט אַלס ווערטער, וואָס פּאַקולטאַטיוו קענען זיי יאָ געברויכט ווערן אינעם ליטעראַרישן ייִדיש; מיר האַלטן אַזעלכע ווערטער פאַר אויסערליטעראַרישע.

די נאָרמאַטיווע פונקציע איז אָבער ניט דער איקער אי-נעם „אויצער"; איר האָט די ברייטע אין געוויסע פאַלן בלײַבן באַ אײַער מיינונג אין נאָרמאַטיווע פראַגן — דער „אויצער" וועט דערפון זייער ווייניק אָנווערן. ס'בלײַבט דער רײַכער סינאָנימישער שטאָף זײַנער; ס'בלײַבט אומ-באַרירט דער גוואַלדיקער פּראָוועריבישער שאַץ; ס'בלײַבט די ניט-אָפּשאַצבאַרע ווערט פונעם „אויצער" פאַר דער ווײַטערדיקער אַרבעט איבערן ייִדישן וואָרט; ס'בלײַבט דער הערלעכער אָנדענק פונעם פאַרשטאָרבענעם לעקסיקאָגראַף נאָכעם סטוטשקאָוו, פאַרייביקט אינעם פּרעכטיקן געבײַ — אינעם מעגלעכסט פולן  וו אָ ר ט - אי נ ו ו ע נ ט אַ ר  פון דער ייִדישער שפּראַך.

---

# כראָניק

## א באַגעגעניש מיט אַלטע באָלשעוויקעס

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צוגרייטונג צו די פײַערונגען פון די רומפולע דאַטעס — 50 יאָר סאָוועטנמאַכט און 100 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן וו. אי. לענין, איז אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" דעם 14 פעברואַל פאָרגעקומען אַ באַגעגעניש מיט אַ גרופּע אַלטע באָל-שעוויקעס, וואָס האָבן געפירט זייער רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין ווײַסרוסלאַנד.

מיט זיכרוינעס וועגן 1905 יאָר האָט זיך געטיילט דער כאַווער עדואַרד מעדנע — מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון 1903. די כאַוויירים אַווראָם ביילין, סאַמויל כאַווקין, אַלעק-סאַנדער קריניצקי, סאָפיאַ סאַמאַרדינאַ, לייב סטראָנגין, יעליזאַוועטאַ קאָגאַן אאַ. האָבן דערציילט וועגן באַזונדערע עפּיזאָדן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און פון בירגערקריג, וועגן זייערע אומפאַרגעסלעכע באַגעגענישן מיט וו. אי. לענינען.

אין נאָמען פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט די כאַשעווע געסט באַגריסט דער הויפּט-רעדאַק-טאָר פונעם זשורנאַל אַרן ווערגעליס. עס זײַנען אַרויסגעטראָטן דער מיטגליד פון רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאַל סאָניע פּרײַ, די דיכטער מאָטל גרוביאַן און כאַים מאַלטינסקי.

נאטאן זאבארע

# איידער איך זעץ זיך צום שרײַבטיש

די האק אין די מעגושעמדיקע הענט פונעם פראָגער גוילעם און דער פלינקער מויעך פון דער הײַנטצײַטיקער עלעקטראָנען־מאשין, — אלציינס איז אין זיי ניטאָ דער רואך־כאַיִם, דער לעבנס־הויך, וואָס זאָל זיי מאכן פאר אויס ראָבאָטן.

ס׳זײַנען פאראן ווערק, אין וועלכע דער שרײַבער לייגט ארײַן א סאך „האָרעוואניע". אף אָנצוטאָן דעם העלד אין ביגדיי־מאלכוס באצירט ער אים מיט די סאמע אויסטערלישע פארגלײַכן, עפּיטעטן און מעטאפאָרן. מיט גרויס „אכרײַעס" שײַערט ער און שלײַפט ארום יעדן אויסדרוק, און דאָך קאָן מען פון אָט דעם געשטאלט ניט אָפּנעמען דעם גוילעם.

פערעץ, דער גרויסער קינסטלער פון אידייען און געשטאלטן, האָט קיינמאָל זיך ניט געשראָקן פאר א דײַטשמעריזם. ער האָט זיך געקאָנט א כיינדל טאָן מיט א געשמאקן לאָקאליזם. דערפאר אָבער האָט ער געקאָנט א בליץ טאָן און ארויסבאקומען דעם טיפן מיין פונעם וואָרט, זײַנע פארשיידענע שאטירונגען, דעם קנייטש און די קאוואָנע, וואָס ליגט אמאָל פארבאָרגן אין א גאנץ געוויינלעכן אויסדרוק.

בא פערעצן, וועלכער האָט גוט באהערשט און געשריבן אויך פויליש, דײַטש און העברעיִש, איז דאָס וואָרט, די שפּראך געווען אן אינסטרומענט ניט לעשעם שיין־שרײַבערײַ, נאָר אף אויסצודריקן גרויסע געפילן און געדאנקען, א מיטל אף זיך צו דערגרונטעווען צו דער נעשאָמע פונעם פּאָשעטן וואָרט אינעם פאָלקס מויל, ארויסשעפּן פון אים אזוינס, וואָס אף קיין שום אנדער לאָשן וואָלט עס עפשער ניט מעגלעך געווען.

ס׳איז באוווּסט, אז אזעלכע גיגאנטן, ווי דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי, פלעגן אמאָל צעשטערן די אָנגענומענע גראמאטישע, סינטאקסישע שפּראכלעך־סטיליסטישע קלאָלים צוליב א מער וויכטיקן קינסטלערישן זין.

דאָס האָט א שײַכעס אויך צו נאטור־שילדערונג. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען באלזאקן, בא וועלכן דער פּייזאזש איז קימאט ניטאָ, שאָלעם־אלייכעמען מיט זײַנע גאָר בעצימצעמדיקע נאטור־באשרײַבונגען. דערמיט מיין איך ניט צו פארמינערן אָדער כאָלילע מעוואטל צו מאכן די באדײַטונג פון בילדערישקײַט, דעם גרויסן ווערט פון א געסאָקט־ראפינירטער שפּראך. איך וויל בלויז זאָגן, אז אָט די אלע זיבן גוטע זאכן זײַנען נאָך ווײַט ניט גענוג אף לעבעדיק צו מאכן דעם גוילעם, אף צו ארײַנבלאָזן אין אים א לעבנס־אָטעם.

מיטן זעלבן פענדזל, מיט די זעלבע פארבן קאָן מען באשאפן א קונסט־ווערק און א לובאָק־געמעל. דער גריכישער דיכטער סימאנידעס (וואָס האָט געלעבט אין זעקסטן יאָרהונדערט פאר אונדזער צײַט־רעכענונג) האָט געזאָגט: מאָלערײַ איז שווײַגנדיקע דיכטונג, און דיכטונג איז ריידנדיקע מאָלערײַ. איז וואָס קאָן מען שוין זאָגן וועגן עפּיק? וועגן די גרויסע ראָמאן־לײַוונטן? וועגן דראמע?

דער לייענער קאָן בא מיר פרעגן: און וואָס איז מיקויעך אזוינע וויכטיקע קאָמפּאָנענטן, ווי ארכיטעקטאָנישער געבוי פון ווערק, פארכאפּנדיקע פאבול, אינטריגע, פּסיכאָלאָגישע טיפקײַט, פילאָסאָפישע זוכענישן? איך בין מאסקים: דאָס זײַנען זייער וויכטיקע קאָמפּאָנענטן. אָבער וויפל שרײַבער האָבן געבראָכן רוק־און־לענד, פארמאָגנדיק די אָדער יענע פון די אויבן אויסגערעכנטע מײַלעס? די „העכסט אינטערעסאנטע" שאָמער־בלאָושטיין־ראָמאנען, — וואָס איז פון זיי געבליבן?

מע קאָן, פארשטייט זיך, אָפּקומען מיט א שאבלאָנעם טערעץ, א פאנאציייע, וואָס באשטייט פונעם איין־און־איינציקן אבסטראקטן שלאָג־וואָרט: טאלאנט! וואָס זשע איז דאָס אזוינס? מיט וואָס עסט מען עס?

עמעצער האָט אמאָל געזאָגט: יעדער יונגער פראנצויז קאָן אָנשרײַבן א גוטע ליד, אפילע א ראָמאן. נאָר ניט יעדערער פון זיי איז א שרײַבער, א דיכטער. איז וווּ ליגט דער סאָד, וואָס פאר איינעם איז די שאפונג א ניט־זעבארער שפּינוועבס־פאָדעם, וואָס ער רײַסט אים לײַכט אדורך און קומט גלײַך ארײַן אינעם הייכל פון עכטער ניט געקינצלטער קונסט, און פארן צווייטן איז דאָס א פארמאכטער שלאָגבאום?

מיר דוכט, מיר ווערן אָפּט באגײַסטערט פון... מעלאָכע. פון דעם מעכאבערס פייִקײַט אונטערצוטראָגן א מין קעמוי מײַסטערשאפט צי אפן געביט פון סוזשעט, צי פון שיינשרײַבערײַ. מיר ווערן אָפּט ארײַנגענארט דורך א קאלטער גלאטקײַט פון דער שפּראך אָדער דורכן פוסטן גלאנץ פון א בילד, וואָס דערמאָנט אין ערעוו־מענדעלע־צײַטן; און דערבײַ פארגעסן מיר אין אזא זעלבסטפארשטענדלעכן באדינג, ווי עכטע פּאָשעטע נאטירלעכקײַט. נאָך א זאך. מיר לייגן לאכלוטן קיין אכט ניט אפן אייגנארט פונעם שרײַבער, אף זײַן אייגענעם גאנג און אויפן פון שילדערן. פּרוּווט, אדעראבע, א טאָעס האָבן און פארפלאָנטערן א בלעטל פערעץ מיט שאָלעם־אלייכעמען. אויך אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור: ס׳וועט זיך ניט געפינען אזא לייענער, וואָס זאָל א זײַטל ניסטערס אָננעמען פאר בערגעלסאָנס, און פארקערט.

מיר קענען קיפּניסעס עמאָציאָנעלע פּאשטעס, זײַן ליריש באטאמט דערציילן מיט אן אָנהייב פון נאיִווקײַט וועגן די ליבע, ווילדע מענטשן און באלעכאַיִם, וועגן זייערע גוטע און שלעכטע אייגנשאפטן. און אָט האָט זיך באוויזן א באגאבטער רוסישער יונגער שרײַבער מיט א גרעסערער דערציילונג אין זעקסטן נומער „נאָווי מיר". זײַן נאָמען איז אנאטאָלי סיאָמין. די דערציי־

לונג הייסט „זיבן אין איין הויז“. לייענסטו דאָס ווערק, וואָס באווייַזט די הינטערגאַס פון א גרויסן קראַך מיט זייַנע מענטשן, און ס'קאָן זיך דוכטן, אז ס'האָט א שמעק געטאָן מיט קיפּניסעס סלאָוועשנע. דער זעלבער ליבלעך־נאיִווער צוגאַנג צו פּראָטים פון א געוויינלעך לעבן. די זעלבע איך־פאָרם, ווו דער דערציילער איז א יונגער זשורנאַליסט, בא קיפּניסן דער קומענדיקער שרייַבער, און זיי זייַנען ביידע פון איין בלוט און פלייש מיט זייער סוויווע, מיטן שטייגער־לעבן פון זייערע העלדן. דאָך קאָן דאָ קיין רייד ניט זייַן פון האַשפּאָע. ניט ווייַל אנאַטאָלי סיאָמין האָט קיפּניסן ניט געקענט לייענען, נאָר ווייַל אָט דער ראַסטאָווער שרייַבער האָט ארויסגעבראַכט זייַן דערפאַרונג אף אזא אייגנאַרטיקן אויפן, אז גלייַך פון די ערשטע פּאָר זייַטן דערפילט מען די אנדערע אטמאָספער, דעם אונטערשייד פון צייַט און אָרט, דעם אייגענעם אויפן פון מאָלן די מענטשנס באַציִונג צו דער אָדער יענער סיטואַציע.

די פּראָבלעם פונעם „דרייַעק“, ווען עס ווערט דערציילט וועגן א ליבע־קאָנפליקט, איז אַלט ווי די וועלט. אין דער ליטעראַטור פון אַלע פעלקער איז זי ניט איין מאָל באַלויכטן געוואָרן. שאָלאָכאָוו איז איינער פון אונדזערע גרעסטע מייַסטערס. מע קאָן פון אים לייַכט באַווירקט ווערן. אָבער אריבערטראָגן דאָס, וואָס ער שרייַבט וועגן נאַטאַליען און אַקסיניען, פונעם שטילן דאָן אף אן אנדער אָרט און ניט נעמען אין אַכט די צייַט, די סוויווע, — וועט עס זייַן עפּיגאָנערייַ.

מע קאָן, פאַרשטייט זיך, אוועקשטעלן דעם העלד אין די סאַמע אויסטערלישע סיטואַציעס. ער איז בא אונדז קעכוימער בעיאַד האַיויצער. מע קאָן אים מאַכן קלוג און נאַריש, גוט און שלעכט. אויב אָבער ער וועט ניט זייַן עכט אייגנטימלעך צוגעפּאַסט צו דער ארומרינגלונג און צום אַרט דענקען און האַנדלונג, וועלכע זייַנען געגעבן געוואָרן בלויז פאַר אים, פאַר זייַן ניוואָ און כאַראַקטער, וועט עס זייַן א בראָכע לעוואַטאָלע. גייען מיר דעמלט ארויס פונעם געדער פון קונסט.

אמבוילעטסטן ווייַזט זיך עס ארויס, ווען מע פאַרמעסט זיך צו געבן די אָפּשפּיגלונג פון א וויכטיקן היסטאָרישן צייַט־אָפּשניט. זאָל עס זייַן רעוואָליוציע, צי דער פּעריאָד צווישן רעוואָליוציעס, צי אפילע דער ווייַטער אָוואַר פון מיט הונדערטער יאָרן צוריק. אַלציינס מוז מען דאָ אויספורעמען די עכטע געשטאַלטונג פון דער צייַט און פון די מענטשן, וועלכע זייַנען ווייַט ניט קיין שרייַפעלעך, נאָר יעדער איינער איז א טייל פונעם גאַנצן, וואָס הייסט — לעבן.

אָט דאָס זייַנען איצט מייַנע ראַנגלענישן, ראַיוינעס און פּראָבלעמעס, מיט וועלכע איך זעץ זיך צו געווינלעך צום שרייַבטיש.

●

# כראָניק

## פּראָיעקטן פאַר א דענקמאָל אין באַבי־יאַר

אין קיִעווער אַרכיטעקטאָרן־הויז איז באַוויזן געוואָרן אן אויסשטעלונג פון פּראָיעקטן פון א דענקמאָל די קאָרבאָנעס פון נאַציזם אין באַבי־יאַר. א גרויסן אינטערעס האָט ארויסגערופן די באַהאַנדלונג פון די 33 עקספּאָנירטע פּראָיעקטן.

העכער טויזנט קולטור־טוער האָבן אָנטיילגענומען אין אָט דער באַהאַנדלונג, צווישן זיי די באַקאַנטע שרייַבער פון אוקראַיִנע סאַווא גאָלאָוואַניווסקי, פּעטראָ פּאַנטש, וויקטאָר נעקראַסאָוו, ניקאָלייַ דובאָוו, כאַיִם לויצקער, הערש פּאָליאַנקער, יעכיִעל פאַליקמאַן אא.

באַקאַנענדיק די פאַרזאַמלטע מיט די באַשלוסן פון דער געזעלשאַפטלעכער עקספּערטיזע וועגן יעדער צוגעשטעלטער אַרבעט, האָט דער אַרכיטעקטאָר לעוו ווייַנשטיין אונטערגעשטראָכן, אז באַם אָפּשאַצן די פּראָיעקטן זייַנען גענומען געוואָרן אין אַכט די מיינונגען און פאָרשלאָגן פון הונדערטער באַזוכער פון דער אויסשטעלונג. די אידיי פון שאַפן א מאָנומענט אין באַבי־יאַר, — האָט געזאָגט לעוו ווייַנשטיין, — האָט צוגעצויגן צו זיך מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציִאָנאַליטעטן: רוסן, ייִדן, אוקראַיִנער.

די אַוטאָרן פון איין פּראָיעקט, לעמאָשל, זייַנען אַווראָם מילעצקי, אדא ריבאַטשוק און וולאַדימיר מעלניטשענקאָ, די אַוטאָרן פון א צווייטן — ע. גאַרבאַן, מ. קראַסאָטין, ע. פרידמאַן, ב. קלימושקאָ.

אין דער דיסקוסיע האָבן אָנטיילגענומען בא דרייַסיק מענטשן, וועלכע האָבן אונטערגעשטראָכן, אז דער מאָנומענט, וואָס וועט אופגעשטעלט ווערן אין באַבי־יאַר, דאַרף ניט נאָר רירן הערצער, ניט נאָר דערמאָנען אין דער שוידערלעכער טראַגעדיע פון די צענדליקער טויזנטער קדושים. דער דענקמאָל דאַרף רופן און פאָדערן: אזוינס טאָר זיך קיינמאָל, קיינמאָל ניט איבערכאַזערן.

די מיינונגען און ווונטשן פון דער קיִעווער געזעלשאַפטלעכקייַט זייַנען איבערגעגעבן געוואָרן דער זשורי פונעם קאָנקורס.

## דריטע אלפאַרבאַנדישע קאָנפערענץ וועגן געשיכטע און קולטור אינעם אוראַלטן מיזרעך

אין מאָסקווע אינעם אינסטיטוט פון די פעלקער פון אַזיע זייַנען אין מעשעך פון עטלעכע טעג פאָרגעקומען די זיצונגען פון דער דריטער אלפאַרבאַנדישער קאָנפערענץ איבער די פראַגן פון געשיכטע, קולטור און פילאָלאָגיע אינעם אוראַלטן מיזרעך.

די סעקציע פון אַסיראָלאָגיע און סעמיטאָלאָגיע האָט אויסגעהערט א ריי פאָרטראָגן, וואָס האָבן א שייַכעס צו דער געשיכטע און קולטור פון די ייִדן. א לעבהאַפטע דיסקוסיע האָט ארויסגערופן דער פאָרטראָג פונעם מינסקער פאָרשער הילעל ליוושיץ וועגן דער דיִאַספּאָרע אין די לענדער פון אוראַלטן מיזרעך.

דער באַוווּסטער לענינגראַדער געלערנטער יויסעף אַמוסין, וועלכער פאָרשט די מאַנוסקריפּטן פונעם יאַם־האַמעלאַך, האָט זייַן פאָרטראָג געווידמעט דער טעמע „צו די מאָשיכיסטישע אָנשויונגען פון דער קומראַנער געמיינדע“.

## פּרעמיעס פאַר בעסטע דערציילונגען

די רעדקאָלעגיע פונעם מאָסקווער רוסישן ליטעראַרישן זשורנאַל „דרוזשבא נאַראָדאָוו“ האָט צוגעמישפּעט א פּרעמיע דער ייִדישער שרייַבערין שירע גאָרשמאַן פאַר איִרע דערציילונגען וועגן דיוונאָגאָרסק, וועלכע זייַנען געווען פאַרעפנטלעכט אין אָט דעם זשורנאַל אין 1965 יאָר. איינע פון די דערציילונגען שירע גאָרשמאַנס, „א פאָרפאָלק פון דיוונאָגאָרסק“, איז פריִער געווען געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד“ (נומ. 2 פאַרן 1964).

## טעטיקייט פון ארגענטינער „איקוף"

בייס דער לעצטער קאנפערענץ פונעם צענטראל־ראט פונעם ארגענטינער „איקוף" זיינען באהאנדלט געווארן פראבלעמען, וואס האבן א שייכעס צו דער לאגע אינעם קולטור־געזעלשאפטלעכן לעבן פונעם דארטיקן יידישן יישוב.

די קאנפערענץ האט אנגענומען א ריי באשלוסן, צווישן אנדערס, אפצומערקן אין 1966 יאר דעם 100־טן געבורטסטאג פונעם פראלעטארישן יידישן דיכטער דאוויד עדעלשטאט, ווי אויך דעם 70־טן געבורטסטאג פון פערעץ מארקיש.

דער צענטראל־ראט פון „איקוף" האט באשלאסן צו ווענדן זיך צום פארבאנד פון די יידישע קהילעס אין ארגענטינע „דאיא" און צו אנדערע יידישע ארגאניזאציעס וועגן ארגאניזירן געמיינזאם די פייערונגען אין צוזאמענהאנג מיטן 23־טן יארטאג פונעם אופשטאנד אין ווארשעווער געטא און שאלעם־אליינכעמס 50־טן יארצייט.

# אויזער האלדעס

אין כארקאוו איז געשטארבן איינער פון די עלטסטע און אנגעזעענסטע יידישע סאוועטישע קריטיקער אויזער האלדעס. ער איז געבוירן געווארן אין 1900 אין קעשענעוו. אלס קריטיקער האט האלדעס אנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אין 1927. ער איז געווען אן אקטיווער בויער פון דער סאוועטישער ליטעראטור, א פארשער און ליטעראטור־היסטאריקער, וועלכער האט איבערגעלאזט א ריי אינטערעסאנטע ארבעטן וועגן די קלאסיקער, באזונדערס וועגן שאלעם־אליינכעמס ראמאנען.

אויזער האלדעס האט אויך אנגעשריבן די פיעסן „דער יידישער סאלדאט" (1938), „אנדערע מענטשן" (1948) און איינאקטערס, וועלכע זיינען אופגעפירט געווארן אף דער בינע פון די יידישע און אוקראינישע טעאטערס.

א ווערט פאר דער ליטעראטור האבן אויך הערשעלע אסטראפאליערס „מייסעלעך, וויצן און שפאסן", וואס דער פארשטארבענער האט צונויפגענומען און פובליקירט.

אויזער האלדעס האט אקטיוו זיך באטייליקט אין „סאוועטיש היימלאנד" מיט פראבלעם־ארטיקלען [illegible] די אקטועלע פראגן פון דער יידישער סאוועטישער ליטעראטור. בייס זיין לעצטן באזוך ק[illegible] מאסקווע האט אויזער האלדעס געבראכט אין רעדאקציע אן ארבעט וועגן שאלעם־אליינכעמען, וועלכע וועט זיין געדרוקט אין פינפטן נומער פון אונדזער זשורנאל.

אין טיפן טרויער פארנייגן מיר די קעפ פארן אנדענק פון אונדזער פריינט און טאלאנטפולן קריטיקער אויזער האלדעס.

# בינימין כאיטאוסקאס

עס איז געשטארבן דער טאלאנטפולער יידישער זינגער בינימין כאיטאוסקאס.

בינימין כאיטאוסקאס (כאיטאווסקי) איז געבוירן דעם 25 יון 1917 אין אסטראגא (ווייס־רוסלאנד). אין 1940 איז ער אנגענומען געווארן אפן וואקאלישן פאקולטעט פון דער קאוונער קאנסערוואטאריע.

אין דער צייט פון דער גרויסער פאטערלענדישער מילכאמע האט כאיטאוסקאס געדינט אין דער 16־טער ליטווישער דיוויזיע, ווו ער האט געהאלפן ארגאניזירן די קינסטלערישע זעלבסטעטיקייט פון די שלאכטלייט און איז אליין ארויסגעטראטן אף דער פראנט־ליניע מיט קאנצערט־פראגראמען. אין 1942 איז ער אנגענומען געווארן אין מעלוכישן קינסטלערישן אנסאמבל פון דער ליטווישער ססר.

אין 1946 איז כאיטאוסקאס אף א קאנקורס פון עסטראדע־ארטיסטן באלוינט געווארן מיט א דיפלאם. זייענדיק לאנגע יארן א סאליסט פון דער ליטווישער מעלוכישער פילהארמאניע, האט ער אויסגעפילט סיי יידישע פאלקסלידער, סיי לידער פון הייַנטצייטיקע סאוועטישע קאמפאזיטארן. ב. כאיטאוסקאס איז געווען זייער פאפולער ניט בלויז אין ליטע, נאר אין גאנצן סאוועטנפארבאנד. זיינע לידער, פארשריבענע אף פלאטן און מאגניטאפאן־טאשמעס, זיינען אפט טראנסלירט געווארן דורך דער אלפארבאנדישער ראדיא.

פאר פארדינסטן אין אנטוויקלען די סאוועטישע קונסט איז בינימין כאיטאוסקאס באלוינט געווארן מיטן טיטל פארדינסטפולער ארטיסט פון דער ליטווישער רעפובליק.

קאווֹעד זיין אנדענק!



פאָרטרעט פונעם ייִדישן שרײַבער יעכיִעל שרײַבמאַן

פאָרטרעט פונעם מאָלדאווישן
שרײַבער פעטרו זאדניפרו



דער קינסטלער מ. גרעקו איז ברייט באקאנט אין דער מאָלדאווישער רעפּובליק און אויסער אירע גרענעצן. מ. גרעקו איז געבוירן געוואָרן אין 1916. מאָלערײַ האָט ער שטודירט אין דער בוקארעשטער קונסט־אקאדעמיע.

צו די באדײַטנדיקסטע קונסט־ווערק גרעקוס געהערן זײַנע קאָמפּאָזיציעס „דער טאטארבונארער אופשטאנד“, „די פרוי אין געלן טיכל“, „די מיידלעך פון טשאדיר־לונגא“ אא.

אין זײַנע אָפּטימיסטישע און קאָלאָריטפולע בילדער שילדערט מ. גרעקו די שיינקײַט פון דער נאטור און פונעם מענטשן. ער שעפּט מיט דער פולער האנט פון די קוואלן פון דער פאָלקס־שאפונג.

אף דער אלפארבאנדישער אויסשטעלונג אין מאָסקווע אין דעקאבער 1965 איז מ. גרעקו באלוינט געוואָרן מיט א גאָלדענער מעדאל.

מיר דרוקן דאָ פיר ווערק (אייל־פארב) פון מ. גרעקו, וועלכע ער האָט געשאפן פאר די לעצטע עטלעכע יאָר.

## טאנכום קאפלאן



טעוויע דער מילכיקער



קאסרילעווקע

# נאָטיצן אפן קאַלענדאַר

# שרײַבער און ווערק

דעם 8 פעברואַל 1966 איז געוואָרן 80 יאָר, זינט ס'איז געבוירן דער היסטאָריקער און ליטעראַטור־פאָרשער אווראָם יודיצקי.



אווראָם יודיצקי איז געבוירן געוואָרן אין קאָרסון, קיִעווער גובערניע. נאָך גאָר א יונגער האָט ער אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג.

אווראָם יודיצקיס וויסנשאפטלעכע טעטיקײַט אלס היסטאָריקער און ליטעראַטור־פאָרשער האָט זיך באזונדערס אנטוויקלט נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אין די 20—40־ער יאָרן פארעפנטלעכט ער א ריי ארבעטן איבער דער געשיכטע פון ייִדן אין אלטערטום און אין דער נײַער צײַט. אין 1930 איז דערשינען א. יודיצקיס ארבעט „די ייִדישע בורזשואזיע און דער ייִדישער פראָלעטאריאט אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט". א. יודיצקי האָט אויך פארעפנטלעכט א ריי ארבעטן וועגן דער פאריזשער קאָמונע, וועגן די נאראָדאָוואָלצעס, וועגן דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אא.

אלס ליטעראַטור־ און טעאטער־פאָרשער האָט א. יודיצקי פארעפנטלעכט א ריי ארבעטן וועגן די היסטאָרישע ראָמאנען פון דאָוויד בערגעלסאָן, דעם ניסטער, וועגן די היסטאָרישע דראמעס פון אווראָם גאָלדפאדן, שמואל האלקין אא. יודיצקי האָט איבערזעצט אף ייִדיש און פארעפנטלעכט דעם העברעיִשן ווארִיאנט פון י.־ל. פערעצעס פיעסע „די גאָלדענע קייט".

צוזאמען מיט י. דאָברושינען האָט א. יודיצקי ארויסגעלאָזט א זאמלבוך פון ייִדישע פאָלקסלידער (1940). א. יודיצקי האָט אויך פארעפנטלעכט א ריי ארטיקלען אף אנטירעליגיִעזע טעמעס.

אווראָם יודיצקי איז געשטאָרבן דעם 5 יאנואר 1943.

דעם 5 מארט 1966 איז געוואָרן 80 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער פראָגרעסיווער שריפטשטעלער און געזעלשאפטלעכער טוער פון ייִסראָעל פראָפעסאָר שמואל אײַזענשטאט.



שמואל אײַזענשטאט איז געבוירן געוואָרן אין באָריסאָוו (ווײַסרוסלאנד). ער האָט געענדיקט דעם יורידישן פאקולטעט פונעם בערנער אוניווערסיטעט (שווייץ) און פון דאן אָן א סאך געשריבן אף העברעיִש און ייִדיש איבער פראגן פון ייִדישער געשיכטע און קולטור. אף דער טשערנאָוויצער שפראך־קאָנפערענץ (1908) איז ש. אײַזענשטאט ארויסגעטראָטן מיט א פאָרטראָג. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז ער פארוואלטער פון דער ייִדישער אָפטיילונג פון דער ביבליאָטעק באם רומיאנצעווער מוזיי (איצט אלפארב. ביבליאָטעק א. נ. פון וו. אי. לענין).

אין 1925 איז ש. אײַזענשטאט אריבערגעפאָרן קיין פאלעסטינע. ער האָט זיך דאָרט פארנומען מיט פראגן פון העברעיִשער טערמינאָלאָגיע. געשריבן אף יורידישע טעמעס.

ש. אײַזענשטאט האָט געלייענט א קורס פון דער סאָציאליסטישער געזעצגעבונג אין סאָוועטנפארבאנד און אנדערע סאָציאליסטישע לענדער און האָט איבערגעזעצט אין העברעיִש די קאָנסטיטוציע פון די דאָזיקע לענדער.

ש. אײַזענשטאט איז דער אווטאָר פונעם בוך „קאפיטלען געשיכטע פון דער ייִדישער ארבעטער־באוועגונג". ניט לאנג צוריק, אין 1964, האָט ער ארויסגעלאָזט זײַן גרויס ווערק „די נעוויִים, זייער צײַט און זייערע געזעלשאפטלעכע אידייען".

פראָפ. ש. אײַזענשטאט איז א מיטגליד פון וועלט־ראט פאר שאָלעם און פון פרעזידיום פון דער פרײַנטשאפט־באוועגונג ייִסראָעל—פססר.

ש. אײַזענשטאט באטייליקט זיך אקטיוו אין דער ייִדישער פראָגרעסיווער פרעסע פון פוילן, פראנקרײַך און אמעריקע.

עס איז געוואָרן 60 יאָר דעם באוווסטן דיכטער־קאָמוניסט אלעקסאנדער פען.



אלעקסאנדער פען איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאנד, ווו ער האָט געענדיקט אין די 20־ער יאָרן א מאָסקווער ארבעט־שול. אונטער דער ווירקונג פון די אָנגעזעענע רוסישע דיכטער פון יענער צײַט בריוסאָוו, בלאָק, יעסענין, מאיאקאָווסקי, פאסטערנאק

האָט פען אָנגעהויבן שרײַבן לידער אין רוסיש.

אין 1926 איז אלעקסאנדער פען אריבערגעפאָרן קיין פאלעסטינע, ווו ער איז געווען אן ארבעטער אף ציטרוס־פלאנטאציעס. שפעטער אָרגאניזירט ער די ערשטע אין פאלעסטינע קינאָ־סטודיע „היימלאנד“.

פון 1929 האָט אלעקסאנדער פען אָנגעהויבן דרוקן לידער אף איווריט. פון סאמע אָנהייב אָן טרעט ער ארויס אלס דיכטער פון די רעוואָלוציאָנערע מאסן, אלס פראָלעטארישער טריבון. פען נעמט אן אָנטייל אין קאָמיטעט פון הילף דער רעפובליקאנישער שפאניע. פון 1947 איז ער דער רעדאקטאָר פונעם ליטערארישן אָפטייל אין צענטראלן אָרגאן פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון ייִסראָעל „קאָל האאם“.

אלעקסאנדער פען איז א דיכטער א נאָוואטאָר. פאר זײַן שאפונג זײַנען אייגנטימלעך סײַ אינטאָנאציעס פון דער אייראָפעיִשער און באזונדערס פון דער רוסישער דיכטונג, סײַ ביבלישער פאטאָס, סײַ די רעוואָלוציאָנערע אגיטאציע־מאניר פון א סאָציאלן דיכטער. פען האָט איבערגעזעצט אין איווריט א ריי ווערק פון מאיאקאָווסקין.

אן איבערגעגעבענער פרײַנט פונעם ראטנפארבאנד און פון דער סאָוועטישער ליטעראטור און קולטור, האָט אלעקסאנדער פען ניט איין מאָל באזוכט אונדזער לאנד. ער האלט אונטער א סיסטעמאטישע פארבינדונג מיט די סאָוועטישע שרײַבער, מיטן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“. אין 1966 איז אין מאָסקווער פארלאג „קינסטלערישע ליטעראטור“ דערשינען אין רוסיש זײַן נײַער בוך לידער „דאָס הארץ אין וועג“.


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**Год издания шестой**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис.**





Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.



Художеств.-техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 16/II 1966 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки. Уч.-изд. л. 16,06. Цена 50 коп. Заказ 1145.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати. Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821



# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

№ 3

1 9 6 6

**В НОМЕРЕ:**